ראָמען ראָלאַן

# מוטער און זון

איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש:
ג. פערלמאַן



פארלאג „מאַקס יאַנקאָוויטש".
MAX JANKOVITZ
181 East Broadway New York, N. Y.

ראָמען ראָלאַן

# די פאַר'כשופ'טע נשמה

אַ טרילאָגיע אין 3 בענדער

1. אנעט און סילוויע
2. זומער
3. מוטער און זון



פאַרלאַג מאַקס יאַנקאָוויץ
179 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק

ווייל שלום איז ניט דאָס ניט־זיין פון מלחמה.
עס איז די טוגנד, געבוירן דורך דער שטאַרקייט פון דער נשמה.
שפּינאָזאַ, פּאָליטישער טראַקטאַט.

# ערשטער טייל.

די מלחמה האָט אַנעטען ניט געקאָנט אָפּשרעקן.
„אַלץ איז מלחמה״, — האָט זי געטראַכט.
מלחמה אונטער אַ מאַסקע...
„...און איך האָב גאָר קיין מורא ניט דיך צו טרעפן פּנים אל פּנים״...

ווי זי אַליין, אַזוי האָט אויך איר גאַנצע משפּחה געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס ביים טרעפן פון אַ סיבה ווייזן זיי קוים אַרויס אַ ווידערשטאַנד. די לעצטע איבערלעבענישן אירע האָט זי אָנגערעגט מיט אַ פאַטאַליסטישער אונטערטעניקייט.
„איך בין גרייט. זאָל טרעפן וואָס עס וויל זיך!״...
איר שוועסטער סילוויע האָט אין איר פאַרבאָרגענער האָפענונג קוים געקאָנט אונטערדריקן דעם אויסגעשריי פון אומגעדולד:
— ענדלעך!...
ענדלעך! דער מאָנאָטאָנער גאַנג פון די טעג ווערט אויסגעבריט. באַלד וועט אויך ברייטער ווערן דער קרייז פון ליבע און פון שנאה...

איר זון מארק איז געוועזן דורכגענומען מיט אַ שוואַרמוטיקער באַגייסטערונג, וואָס ער האָט זי ניט אויסגעדריקט מיט ווערטער, כאָטש די פיבערדיקייט פון די הענט און פון די אויגן האָבן אים אַרויסגעגעבן... עס איז, הייסט עס, מקוים געוואָרן דער טראַגישער אידעאַל, וואָס האָט, אָפּשרעקנדיק זיין שוואַכקייט, דאָך

געוועקט אין אים די שטים פון די טונקעלע אינסטינקטן, וועלכע די יוגנט נעמט ניט אָן, דעם רוף צו די געבונדענע כוחות, וועלכע רוען אונטער דער לאַנגווייל פון אַן עפּאָכע אָן אַ לעבנסציל פאַר זיך!... ער האָט געזען ווי די עלטערע פון אים זענען אוועק אין אַ שיכרות פון טעטיקייט און זעלבסטאָפּער, וואָס זייערע פּאַליעס וועלן אָט־באַלד אָנפּלייצן אַזוי פיל זומפּיקע וואַסערן. אין די ערשטע טעג אָבער איז זייער קוואַל פאַרבליבן אַ ריינער, אויף ווי ווייט דאָס איז געווען מעגלעך ביי דערוואַקסענע מענטשן, וואָס זייערע נשמות זענען שוין געווען פאַראומרייניקט דורך טריבע עלעמענטן. איבערגעבויגן איבערן שטראָם, האָט מאַרק טועם געווען אויפן שפּיץ צונג סיי די ברענענדיקע ריינקייט פון מסירת־נפש, סיי דעם שליים, וואָס איז געלעגן אויפן דעק. ער האָט אי אַרויסגעקוקט אויפן מאָרגן, וואָס האָט געהאַלטן אין אָנקומען, אי זיך געשראָקן פאַר אים... ווען ער האָט אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיין מוטערס בליק. זייערע בליקן האָבן זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט. זיי האָבן זיך געהאַט פאַרשטאַנען, גאַנץ גענוג ניט צו וועלן זיך נאָך מער פאַרשטיין. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אַז זיי שפּאַנען ביידע אונטער דעמזעלביקן שטורעם.

דער איינציקער, וואָס האָט זיך ניט באַטייליקט אין דער באַגייסטערונג, איז געווען סילוויעס מאַן, לעאָפּאָלד: ער איז געווען דער איינציקער פון דער גרופּע, וואָס האָט געזאָלט אוועקגיין. ער האָט געהאַט אויסגערעכנט, אַז זיין קלאַס, איינער פון די עלצטע פון די טעריטאָריעלע קלאַסן, וועט ניט גלייך גענומען ווערן, אַז די רעזערוון וועלן גערופן ווערן ביסלעכווייז, גראַד נאָך גראַד. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו איילן זיך. אַ פאָרגעפיל האָט אים דאָך אונטערגעזאָגט, אַז די מלחמה וועט זיין האַסטיקער פון אים און וועט אים ניט פאַרגעסן. זי האָט זיך אָן אים דערמאָנט נאָך שנעלער ווי ער האָט גערעכנט. ער האָט געשטאַמט פון קאַמברע. ער האָט זיך דערזען אויף די סאַמע ערשטע פּאָסטנס. פאַר איינעם אין זיינע יאָרן איז דאָס געווען אַ כבוד, וועלכן ער וואָלט גערן מוחל געווען. דאָך האָט ער ביים אוועקגיין זיך געהאַלטן ווי אַ מענטש. ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט: סילוויע איז גע־

ווען הערשאיש און ער האָט געהאַט צו ערוואַרטן ווייניק רחמנות אין די אויגן פון די אַנדערע פרויען. יעדערע פון זיי האָט גע־האַט איר מאַנספּאַרשוין, וואָס האָט געהאַלטן ביים אוועקגיין: אַ מאַן, אַ געליבטן, אַ זון, אַ ברודער. דאָס, וואָס זיי זענען געגאַנגען אַלע צוזאַמען, האָט צוגעגעבן דעם אומגאַרמאַלן אַ שיין פון רעגל־מעסיקייט. דאָס ערגסטע פאַר זיי וואָלט געווען, ווען איינער פון די מענער וואָלט זיך געשטעלט אַנקעגן. קיינער האָט דערויף ניט גע־וואַגט. לעאָפּאָלדן איז דאָס גאָר אויפן זינען ניט געווען געקומען. די נאָכגעביקייט פון זיין פאַמיליע איז געווען ניט ווייניקער קאַ־טעגאָריש, ווי דער רוף צו גיין אין מלחמה. און מאַרק, אָט־דער קליינער ביטרער פוקס, האָט פאַרדעכטיק און מיט געשפּאַנטער ניי־גיר נאָכגעשפּירט זיין שוואַכקייט!... ער האָט זיך געמאַכט האַרץ. ביים אָפּשייד־באַנקעט האָט ער געקלאַפּט גלעזער מיטן גאַנצן וואָר־שטאַט. זיין האַרץ איז אים דאָך געווען שווער פון דאָרט אוועק־צוגיין. וואָס איז שייך זיינע אינטערעסן, האָט ער געקאָנט זיין זיכער, אַז סילוויע וועט וויסן ווי זיי אָפּצוהיטן. און דאָס איבע־ריקע... אפשר איז געווען בעסער ניט צו טראַכטן גאָר דערפון... זי איז איצט געווען אַ לוקרעציאַ... צום טייוול מיט די פרויען!... ער האָט ביים שיידן זיך איר נאָס געמאַכט די באַק מיט זיינע טרערן.

— עס וועט זיין ניט מער ווי אַ לוסטרייזע, — האָט זי גע־זאָגט, — סאַראַ פּראַכטפולער זומער! זיי פּאַרזיכטיק, דו זאָלסט זיך ניט צוקילן!

אַנעט האָט זיך מיט אים צעקושט. (דאָס איז געווען אַזאַ גע־ווינס!) זי האָט אויף אים רחמנות געהאַט. זי האָט עס אָבער ניט ארויסגעוויזן, כדי אים ניט אָפּצושוואַכן... „ניט ריכטיק? עס מוז דאָך אַזוי זיין!"... און זיין נאָכפאַרשנדיקער בליק האָט גע־פונען אין דעם צאַרטן בליק פון דער עלטערער שוועסטער ניט מער ווי אָט־די האַרבע ווערטער:

— עס מוז אַזוי זיין!

אַ וואַנט. ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי נאָר פאָראויס.

ער איז אוועק.

דאָס הויז, פון אויבן ביז אַרונטער, איז אויפגערודערט געוואָרן אַזוי ווי בינשטאָק. עס איז ניט געווען קיין איין גאָרן, וואָס זאָל ניט געווען ברענגען זיין קרבן. יעדער הויזגעזינט האָט געהאַט זיינע זכרים אויף מקריב צו זיין.

אין דער הייך, אין אויבערשטיבל, זענען געווען די צוויי אַר־בעטער, ביידע מיט ווייב־און־קינדער. אויפן פינפטן גאָרן — דער זון פון דער אַלמנה, אַן עלטערער בחור פון פינף־און־דרייסיק יאָר. אויף אַנטעם גאָרן — דער יונגער באַנק־אָנגעשטעלטער, ערשט נאָך דער חתונה. אונטן — דעם מאַגיסטראַטס צוויי זין. אונטער זיי — דעם פּראָפעסאָרס בן־יחיד. גאָר אונטן — דער זון פון דעם קרעמער, וואָס האָט דאָרט געהאַלטן אַ ווייַן־און־האָלץ־געוועלבל. אין סך־הכל אַכט קריגסלייט, וואָס זענען דאָס אָבער ניט געווען מיט זייער אייגענעם ווילן. קיינער האָט זיך מכוח דעם ביי זיי ניט אָנגעפרעגט: דער מאָדערנער שטאַט שפּאָרט איין זיינע פרייע בירגער די טרחה צו האָבן אַן אייגענעם ווילן, און זיי, די בירגער, האַלטן, אַז אַזוי באַדאַרף עס צו זיין: ווייניקער מיט אַ זאָרג אויפן קאָפּ!

אין הויז, פון אויבן ביז אַרונטער, האָט געהערשט פולקומע איינשטימיקייט. מיט איין אויסנאַם אפשר, וואָס קיינער האָט זי אָבער ניט באַמערקט: די יונגע מאַדאַם שאַרדאָנע, דאָס אָקאָרשט פאַרהייראַטע ווייבל, וועלכע איז געווען צו שוואַך צו פּראָטעסטירן. פון די אַנדערע האָבן ניט פיל פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זייער גאַנ־צע פרייקייט, זייער רעכט צו לעבן דאַרף פון זיי אַוועקגענומען ווערן און איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ מיסטעריעזן הערשער, וואָס וועט זיי באַלד ברענגען פאַר אַ קרבן. אָבער חוץ איינעם אָדער צוויי האָט גאָר קיינער ניט געוואָלט פאַרשטיין: פאַר אונטערטעניקע איז דאָס אַן אומנוציקע זאַך, דערצו זענען זיי אַלע נאָך פון פריער אויפגעצויגן געוואָרן צו זיין געהאָרכיק. אַ טויזנט מענטשן, וואָס גיבן אַלע אינאיינעם נאָך, באַדאַרפן ניט האָבן קיין אייגענעם שכל. זיי באַדאַרפן ניט מער ווי נאָר קוקן איינער אויפן אַנדערן און נאָכטון וואָס יענער טוט. דער גאַנצער מעכאַניזם פון קערפּער און גייסט לאָזט נאָך פון זיך אַליין, אַן שום אָנשטרענג... מיין גאָט, ווי גרינג עס איז צו טרייבן אַ סטאַדע אויפן מאַרק־

פלאץ! עס איז גענוג צו האָבן ניט מער ווי אַ באַשרענקטן פּאַסטוך און עטלעכע הינט. וואָס גרעסער די צאָל חיות, אַלץ שטילער זענען זיי און אַלץ גרינגער לאָזן זיי זיך פירן, ווייל זיי פאַרמירן מיט זיך אַ מאַסע, וואו די יחידים ווערן בטל אין דער גאַנצקייט. אַ פאָלק איז אַ פאַרגליווערט שטיק בלוט... ביז דער פאַטאַלער שעה פון דער גרויסער איבערקערעניש, ווען פעלקער און צייטן ווערן פעריאָדיש באַנייט: דעמאָלט ברעכט דער פאַרפרוירענער טייך דורך זיין אייזיקן צאַם און מאַכט חרוב דאָס לאַנד, פאַרפלייצנדיק עס מיט זיין אייגענעם צעשמאָלצענעם לייב...

די שכנים פון הויז זענען גאָרנישט געווען געראָטן איינס אין אַנדערן. זייערע גלויבענישן, זייערע טראַדיציעס, זייערע טעמפּעראַמענטן, — אַלץ איז געווען פאַרשיידן. יעדערע פון אָט־די נשמה־צעלן, יעדערע פון אָט־די פאַמיליעס האָט געהאַט איר אייגענע בעמישע פאָרמעל. דאָך האָבן זיי אַלע אַלצאַיינס געגעבן זייער הסכמה.

זיי האָבן אַלע ליב געהאַט זייערע זין. ווי דאָס קומט פאָר מיט ניין צענטל פון די פראַנצויזישע פאַמיליעס, האָבן זיי אַלץ געבויט אויף די זין. קוים אַריינגעטראָטן אין לעבן, אין עלטער פון פינף־און־צוואַנציק אָדער פון דרייסיק יאָר, האָבן זיי מיטן פרייז פון שטילע, טאָגטעגלעכע קרבנות אַריבערגעטראָגן אויף זייערע קינדער די פריידן, וואָס זיי אַליין האָבן זיי ניט געהאַט, און די שטרעבונגען, וואָס זיי אַליין האָבן שוין פון זיי זיך געהאַט אָפּגעזאָגט. און ביים ערשטן רוף האָבן זיי גאָר אָן שום טענות אַוועקגעגעבן די דאָזיגע זין זייערע...

אויפן פינפטן גאָרן האָט געוואוינט די אַלמנה קאַיעי. זי איז געווען קרוב צו זעכציק יאָר. ווען זי איז אַלט געווען דריי־און־דרייסיק און איר זון אַן אכט־ניין יאָר, איז דער פאָטער געשטאָרבן. פון דעמאָלט אָן האָט די מוטער זיך ניט געשיידט פון איר זון. איך ווייס ניט, צי האָבן זיי אין לויף פון אַ צען יאָר צייט פאַרבראַכט אפילו נאָר איין גאַנצן טאָג אונטער באַזונדערע דעכער. זיי האָבן אויסגעזען צו זיין אַן אַלט פּאָר פאָלק, ווייל כאָטש לעקצאָר, דער זון, איז נאָך נישט אַלט געווען קיין פולע פערציק יאָר,

האָט ער שוין אָבער געהאַט דעם אויסזען פון אַ צוריקגעצויגענעם רעגירונגס־באַאַמטן און זיין לעבן איז שוין געווען פאַרביי איידער עס האָט זיך נאָך געהאַט אָנגעהויבן. דאָך האָט ער זיך ניט באַקלאָגט אויף זיין מזל. ער וואָלט זיך גאָר קיין אַנדער מזל ניט געוואונטשן.

דער פאָטער איז געווען אַ פּאָסט־אָנגעשטעלטער. דאָס אייגענע דער זון. ניט צו שטייגן פון דור צו דור, האָבן זיי זיך געפונען אויפן זעלביקן פּונקט. ווייסט איר אָבער, וויפיל מי עס פאָדערט זיך אָפטמאָל, כדי צו האַלטן זיך אויפן זעלביקן פּונקט און ניט צוריקצופאַלן? ווען איינער איז שוואַך און האָט ניט קיין מזל, געווינט ער נאָר דערמיט, וואָס ער פאַרלירט ניט. כדי אויפצוציען איר זון, האָט די מוטער, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין מיטלען, געמוזט גיין אַרבעטן אויפן טאָג. אַ פיינלעכע זאַך פאַר אַ פרוי, וועלכע האָט אַמאָל געהאַט געפירט איר אייגענע קליינע באַלעבאַטישקייט. דאָך האָט זי זיך ניט באַקלאָגט. זיי האָבן צוריקגעוואונען דעם באַשיידענעם גן־עדן, וואָס זיי האָבן אים געהאַט פאַרלוירן. די אַרבעט פאַר זיך און פאַר איר זון איז איצט געווען פאַר איר אַן אָפּרו. דעם זונס היים איז געווען איר היים. זי האָט געהאַט אַ מילד, קעלבערן געזיכט, פאַר וועלכן עס וואָלט זיך בעסער געפּאַסט אַ ווייס געפאַלדעטע הייבל, איידער דער דאַמען־הוט, וואָס זי פלעג אים יעדן זונטיק אַרויפזעצן אויף איר גרויען קאָפּ, איבער די דינע, שיטערע קרייזלעך; אַ ברייט מויל אָן ציין, וואָס האָט קיינמאָל ניט גערעדט הויך, נאָר געהאַט פאַר איר זון און פאַר אירע באַקענטע אַ ליבלעכן מידן שמייכל; און אַביסל אַן אויסגעוועלבטן רוקן. זי פלעג אין פרימאָרגן שטענדיק אויפשטיין די ערשטע און דערלאַנגען איר זון קאַווע אין בעט אַריין. ווען ער איז געווען אין קאַנטאָר, פלעג זי ראַמען דאָס הויז, ביז עס האָט געפינקלט אין יעדן ווינקעלע. זי פלעג אויך קאָכן. זי איז געווען אַ גוטע קעכין און ער, דער זון, האָט געהאַלטן פון אַ געשמאַקן ביסן. אין אָוונט פלעג ער איר איבערדערציילן, וואָס ער האָט געהאַט געהערט פאַרן טאָג. זי האָט ניט געהערט זייער גוט, זי איז אָבער געווען גליקלעך צו הערן אים ריידן. זונטיק פלעג זי גיין צום פרימאָרגן־געבעט. ער פלעג בלייבן אין דער

היים. אזוי איז עס געווען צווישן זיי אָפּגעמאַכט. ניט קיין אומ־גלויביקער, איז ער אָבער אויך ניט געווען קיין גלויביקער. די רעליגיע איז אַ זאַך פאַר פרויען. די אַלטע האָט שוין יוצא געווען פאַר זיי ביידן. נאָכמיטיק פלעגן זיי גיין אויף אַ קליינעם שפּאַציר, זעלטן אָבער אַוועק ווייטער פון זייער קוואַרטל. ער איז געווען אַלט פאַר דער צייט. זיי זענען געווען צופרידן מיט די קליינע פאַרגע־ניגנס, וואָס האָבן ניט געקאָסט קיין געלט און זיך איבערגעחזרט אין זייער געוויינטלעכן סדר. זייער צוגעבונדנקייט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט ניט חתונה געהאַט און גאָרנישט געטראַכט חתונה צו האָבן: ער האָט ניט געפילט קיין באַדערפעניש דערצו. אָן פריינט, אָן פרויען, כמעט גאָרנישט צו לייענען, האָט ער זיך דאָך קיינמאָל ניט געלאַנגווײלט. ער האָט געהאַלטן אין הויז די־זעלביקע צייטונג, וואָס זיין פאָטער פלעג זי שוין לייענען. די צייַ־טונג האָט עטלעכע מאָל געביטן איר מיינונג, ער אָבער האָט זיך ניט געביטן, ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן ביי דער מיינונג פון דער צייטונג. ווייניק נייגיריקייט. אָן אויטאָמאַטיש לעבן. דאָס בעסטע פאַר זיי ביידן פלעגן זיין זייערע מאָנאָטאָנע שמועסן, אָדער די קליינע טעגלעכע, פון־פריער־באַוואוסטע אויפטועו און פירונגען. זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַנדערע פאַרלאַנגען, אַ חוץ זייער אינטימ־קייט, וועלכע איז געווען פאַר זיי אַ האַרציקע געוואוינהייט. קיין זאַך זאָל זי נאָר ניט צעשטערן! וואָס ווינציקער ענדערונגען. וואָס ווייניקער טראַכטן. נאָר זיין צוזאַמען, נאָר פאַרבלייבן רואיק...

און אָט־דער שטילער וואונטש איז זיי ניט באַשערט געווען. די מלחמה, דער באַפעל אַוועקצוגיין, האָט זיי צעשיידט. זי האָט געזיפצט און זיך געאײַלט צוצוגרייטן זיינע זאַכן. זיי האָבן ניט פּראָטעסטירט. דער שטאַרקערער האָט רעכט. די גרויסע מאַכט האָט געזאָגט איר וואָרט.

די קאַיעים האָבן געוואוינט מיט אַ גאָרן איבער אַנטעטעס. אויף אַ גאָרן נידעריקער האָט געוואוינט די פאַמיליע בערנאַרדין: אַ פאָטער, אַ מוטער, צוויי זין און צוויי טעכטער. זיי זענען גע־וועזן קאַטאָליקער און ראַיאַליסטן, פון דרום־אקוויטאַן. דער פאָ־

טער איז געווען מאַגיסטראַט: אַ קליין, שוואַרץ־געבוירט, באַלייבט מענטשל, באַוואַקסן ווי אַ ווילדער שוויין מיט אַ קורצער און שטעכיקער באָרד, וואָס האָט אויפגעפרעסן זיין גאַנץ געזיכט. ער איז געווען אַ לעבעדיקער, אַ הייסבלוטיקער און פלעג זיך שרעקלעך קאָכן: געבוירן צו זיין אַ זאַרגלאָזער דאַרפסמאַן, האָט ער ניט פאַרטראָגן דאָס שטאָטישע לעבן און געפילט, אַז ער ווערט דאָ ממש דערשטיקט. ער פלעג ליב האָבן גוט אָפּצועסן און לאַכן מיטן הארציקן געלעכטער פון אַ גאַליער. אָבער ביים מינדסטן שטעלן־זיך אַנקעגן זיין ווילן פלעג דער אַלטער, שטויסנדיק זיך ווי אַ ווילדער שוויין, מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם שנוק, אויסברעכן אין אַ שרעקלעבן צאָרן. זיין צאָרן איז דאָך געווען פונקט אַזוי קורצאָטעמדיק ווי ער איז געווען ווילד. ער פלעג זיך מיטאַמאָל אָפּהאַקן, נעמענדיק טראַכטן וועגן זיינע פונקציעס אין געריכט און וועגן זיין קאָנפעסיע אין קירך. אין מיטן דער ברומעריי איז ער מיטאַמאָל פאַרשטילט געוואָרן און האָט צוריק אָנגענומען זיין מילדע האַלטונג.

דער אינגערער פון די צוויי זין, צוויי־און־צוואַנציק יאָר אַלט, איז נאָרוואָס אָנגעקומען אין יורידישן פאַקולטעט. ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ קליין שפּיציק בערדל, האָט אָנגענומען אַ דין, שטעכיק שמייכעלע און דעם מידן, צווייִדייטיקן בליק פון סוף 16טן יאָרהונדערט. אַזוי איז ער זיך געווען אַ וואוילער בחור, ער האָט אָבער געוואָלט קריגן דעם פאַרדאָרבענעם אויסזען פון איינעם פון מאָסיע ד'עפּערנאָנס חברה.

דער אַנדערער זון, אַכט־און־צוואַנציק יאָר אַלט, מיט אַ פולן און אָפּגעראַזירטן פּנים, מיט אַ קאָפּ האָר, אָפּגעוואָרפן מעשה־קינסטלער אויף צוריק, אָנגעהויפּט אין אַ געדיכטע מאַסע און מיט געפאַליעטע פּאַסמעס, מיט אַ קאָפּ האָר אַ לאַ בעריער, האָט אָנגעהויבן זיך אויסצייכענען ווי אַן אַדוואָקאַט אין דעם פּראָצעס פון די „קאַמלאָטן“. ווען דער קיניג וועט זיך צוריקקערן, וועט ער זיין היטער פון די זיגלען.

די דריי פרויען, די מוטער און די טעכטער, זיינען פאַררוקט געווען אין הינטערגרונד (אַנעט וועט זיך מיט זיי שפּעטער באַקענען). ניט־אָנזעעוודיקע, האָבן זיי ווייניק געלייענט, זענען כמעט ניט אַרויס פון הויז, קיינמאָל ניט געגאַנגען אין טעאַטער, נאָר אָפּט־

מאָל אין קירך, און האָבן אוועקגעגעבן זייער צייט אויף גאָטס־פּאַרכטיקע ענינים.

די דריי מענער האָבן באַקומען אַ סאָלידע און שטרענגע קלאַ־סישע דערציאונג... „רוים, דער איינציקער ציל"... עס וואָלט זיי געווען גרינגער זיך דורכצושמועסן אין לאַטיין, איידער זיך נאָכצו־פרעגן אויף יענער זייט גרעניץ אויפן וועג, אין ענגליש אָדער אין דייטש. אַזאַ זאַך וואָלט זיי אויך ניט אָנגעשטאַנען. די באַרבאַרן פון צפון מעגן פאַרשטיין אונזער לשון. זיי האָבן געלעבט אין דעם אידעאַל פון דעם עבר. גוטע קריסטן, האָבן זיי אַלע דריי באַוואונ־דערט אָן שום פניות מאַראַס היידנישקייט: ער איז געווען אַזאַ גוטער רוימער! זיי זענען געווען לוסטיקע חברהלייט, האָבן ליב גע־האַט אַ לעב צו טון, און אַליין צווישן מענער, האָבן זיי זיך אויך ניט אָפּגעקערט פון אויסצוהערן אַ פּיקאַנט מעשהלע.

ווען די גאַנצע פאַמיליע איז געווען פאַרזאַמלט, פלעגן זיי זאַלבעזעקס גיין אין קירך, און דאָס איז געווען אַ זייער באַלערנ־דיקער ספּעקטאַקל. זייער האַריזאָנט איז געווען אָפּגעשלאָסן, אָבער קלאָר געצייכנט, ווי יענע פראַנצויזישע לאַנדשאַפטן מיט די דייט־לעכע און רעגלמעסיקע ליניעס, וואו דער צירקל פון די בערג שליסט זינט יאָרהונדערטער איין דאָס אַלטע, קליינע, אומפאַרענדערלעכע שטעטל. די קירכן־געמיינדע פון פּאַריז איז אויך אַ מין פּראָווינץ־שטעטל. זיי האָבן דאָרט ניט קיין שלעכט האַרץ אויף דעם, וואָס איז אויסער די ווענט, אפשר נאָר, ניט צו קענען עס, אביסל איראָ־ניע. זיי איגנאָרירן עס. זיי לעבן אין דעם קליינעם, אָפּגעשלאָ־סענעם צירקל. און איבער דעם איז פאַראַן אַ גאָט און אַ הימל־געוועלב, וואו די גלעקער פון דער קירך סען־סולפּיס זינגען אויס זייער געזאַנג אין זייערע ווייסע טורעמס.

פונדעסטוועגן, ווען די רעגירונג פון דער רעפּובליק האָט פאַר־לאַנגט די צוויי זין אויף צו נערן מיט זייער לייב דעם שונאס קאַנאָ־נען, האָט קיינער פון זיי זיך ניט געשטעלט אַנקעגן: „די חצופה" איז געוואָרן אַ הייליקע. די זעקס נפשות האָבן געליטן. זיי האָבן עס אָבער ניט אַרויסגעוויזן. זיי האָבן געוואוסט, אַז מען דאַרף אוועקגעבן דעם קיסר דאָס, וואָס עס געהער דעם קיסר. גאָט פאַר־לאַנגט ניט קיין סך. ער שטעלט זיך צופרידן מיט דער נשמה.

דעם קערפּער לאָזט ער געמאַך. ער פאַדערט אפילו ניט קיין מעשים. עס איז געגוג פאַר אים די כוונה. און דער קיסר געווינט דערפון. ער נעמט אַלץ.

מאַסיע זשירער, פּראָפעסאָר פון יוריספּרודענץ, זינט עטלעכע יאָר אַן אַלמן, האָט געוואוינט מיט זיין זון אויפן צווייטן גאָרן. כאָטש אויך פון דרום, איז ער פונדעסטוועגן געווען אַן אַנדער סאָרט מענטש: אַ פּראָטעסטאַנט פון סעוועו. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פריידענקער (אַן אילוזיע, וואָס איז אייגן ניט איין קאָפּן־טרעגער פון אונזער אוניווערזיטעט). ער איז אָבער געווען אַ „פּראָטעס־טאַנט אין דער נשמה", ווי עס פלעגן אויף אים זאָגן די יונגע בערנאַרדינס, וועלכע פלעגן אָפּלאַכן פון זיין צעקנייטשטן אויסזען און פון זיין מינע, וואָס האָט דערמאָנט אָן איינעם פון קאַלינים פּרעדיקער. ער איז געווען אַ זייער ווערדיקער מענטש, זייער שטרענג אין דעם ענין פליכט און פול מיט מאָראַלישע פאָראורטיילן (דאָס איז דער ערגסטער מין מענטשן, ווייל זיי ווייסן ניט פון קיין רחמנות). מיטן גאַנצן רעספּעקט, וואָס ער האָט געהאַט געפילט צו זיינע שכנים איבער אים, און מיט זיין אביסל שטייפער, אָבער פולקומער העפלעכקייט, וואָס ער האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט פאַר־לאָזן, האָט ער זיי, ווי מען זאָגט, געצאָלט מיט זייער אייגענער מטבע. ניט געקוקט אויף זיין אויפריכטיקן פאַרלאַנג צו זיין אומ־פּאַרטייליך, האָט דער קאַטאָליציזם אים אויסגעזען צו זיין אַ פלעק, אַ פּגימה, וואָס אפילו די ערלעכסטע מענטשן, מעגן זיי דערנאָך טון אַלץ אין דער וועלט, קאָנען זיי זיך דערפון קיינמאָל ניט ריינ־וואַשן. גאָרנישט צו צווייפלען, האָט ער געזען אין דעם די סיבה פון דער ירידה פון די לאַטייניש פעלקער. און דאָך איז ער גע־ווען אַ היסטאָריקער אַ מקפּיד, וואָס האָט אין אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט געזאָגט און געשריבן, זיך אויסגעהיט פון יעדער ליידנ־שאַפטלעכקייט, ווען אפילו ער האָט דערמיט ריזיקירט אויסצוזען קאַלט און לאַנגווייליק, — און אַזוי איז ער טאַקע געווען אין זיינע לעקציעס, איבערגעפילטע און איבערגעשטאָפּטע מיט דאָקומענטן, אָנווייזונגען און אָנמערקונגען, וואָס ער פלעג זיי מיט אַ מאָנאָטאָנער שטים לייענען דורך דער נאָז. אָבער זיין היסטאָרישע קריטיק איז

קענען זיין ווילן געווען געפעלשט דורך פאַראויס־אָנגענומענע אידייען, וואָס זענען אים אויסגעקומען צו זיין אַזוי זעלבפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט זיי גאָר אַפילו ניט באַמערקט, און דורך דעם אַבסאָלוטן אויספעלן פון עלאַסטישקייט, וואָס האָט אים ניט דערלאָזט זיך צוצופּאַסן צו אַן אַנדער שטייגער דענקען. דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ סך געלייענט, וואָס האָט אַלץ געזען אין די ביכער, וואָס האָט פיל געזען אין לעבען, האָט אויפגעהיט אונטער זיינע גרויע האָר אַ קינדישקייט, וואָס איז געווען קאָמיש, רירנדיק און אויך שרעקלעך, ווייל זי באַרעכטיקט יעדן מין פאַנאַטיזם; אַ זייער טיפּן מאָראַלישן חוש און אַן אַטראָפירטן פּסיכאָלאָגישן חוש. די מענטשן, וואָס זענען געווען אַנדערש ווי ער, האָט ער ניט פאַרשטאַנען.

זיין זון איז געווען פּונקט ווי ער. אַ יונגער דאָקטאָר פון דער סאָרבאָן, וועלכער האָט צו דרייסיק יאָר געהאַלטן אַ מערקווערדיקן טעזיס, האָט דער דאָזיקער היסטאָריקער געזען די וועלט דורך די ברילן פון אידייען. פון זיינע אייגענע אידייען, פאַרשטייט זיך. די גלעזלעך וואָלטן נויטיק באַדאַרפט איבערגעקוקט ווערן פון אַן אָפּטיקער. ער האָט אָבער קיינמאָל דערפון ניט אַ טראַכט געטון. פאַר אים, פּונקט ווי פאַר זיין פאָטער, איז דער פאַקט קיינמאָל ניט געווען דער עיקר. „דער עיקר איז דער פּרינציפּ". די רעפּובליק איז געווען אַ פּרינציפּ. די נצחונות פון דער ערשטער רעוואָלוציע האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ טעאָרעמע, און די מלחמה, וואָס האָט געהאַלטן אין אויסברעכן, ווי איר נויטיקער אויספיר. די מלחמה האָט געזאָלט איינשטעלן אין דער וועלט דעמאָקראַטיע און שלום. זיי האָבן קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטון, אַז אפשר וואָלט געווען קליגער אָנצוהויבן מיט דער דערהאַלטונג פון שלום. זיי האָבן אויך ניט געצווייפלט, אַז די, וואָס האָבן געבראָכן דעם שלום, זענען געווען היגטערשטעליקע פעלקער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו זען און אָנצונעמען דעם אמת. מען האָט, דעריבער, פון דער וועלטס און פון זייער אייגענער טובה וועגן, זיי באַדאַרפט דערצו צווינגען.

די דאָזיקע צוויי מענער, דער פאָטער און דער זון, — זיי האָבן גיכער אויסגעזען ווי צוויי ברידער, אַן עלטערער און אַ אינגערער,

— וואָס זענען געווען גערעטן איינס אין אַנאַנדער און האָבן זיך ליב געהאַט, ביידע הויך און שלאַנק, ביידע דין און פּאַרריסן, זענען געווען איינגעוויקלט אין אַן אידעאָלאָגיע, וואָס האָט ניט צוגעלאָזט צו זיך דעם מינדסטן צווייפל. זייער וויסן האָט געדינט בתמימות זייער דעמאָקראַטישן גלויבן. זיי האָבן לחלוטין ניט געהאַט קיין געוויסן. זייער גלויבן איז געווען זייער געוויסן. זיי האָבן געגלויבט, געגלויבט, און זיי וואָלטן געגלויבט אפילו אויפן שייטערהויפן. (דער זון וועט טאַקע באַלד גיין אויפן שייטערהויפן, אין די שוצגראָבנס אַריין! און דער פֿאָטער, מיט אַ בלוטנדיק האַרץ, וועט דאָרט זיין אינאיינעם מיט אים)... זיי האָבן געגלויבט... און די דאָזיקע מענטשן האָבן עס פּרעטענדירט צו זיין פרײדענקער!...

דער יונגער זשירער איז געווען פאַרקנסט צו לידיאַ מיוריזיע, אַ צויבערדיק, בראַוו מיידל פון אַ רייכער זשענעווער פאַמיליע. ער האָט זי ליב געהאַט מיט אַ פאַרגייסטיקטער ליבע. לידיאַס ליבע איז אפשר ניט געווען אַזאַ, זי איז אפילו געווען גאַנץ פּראָפּאַניש, זי האָט זיך אָבער געמיט צו ווערן ענלעך צו זיינער, פּונקט ווי אירע בלויע לאַכנדיקע אויגן האָבן זיך געמיט צו באַקומען אַן ערנסטן אויסדרוק. און פּראָפּאַניש וואָלט זי, לידיאַ, פאַרבליבן אין דער סאַמע טיפעניש פון איר נאַטור, וועלכע האָט פאַרלאַנגט פון לעבן ניט מער ווי די נאַטירלעכע פריידן, ניט מער ווי ערד, לופט און וואַסער, די פיר ציַיטן פון יאָר, געזונט, זונשיין און די ליבע פון איר געליבטן, — ווען איר געליבטער וואָלט ניט געווען געזוכט דאָס גליק פון לעבן מחוץ דעם לעבן, אין די אידייען. האָט זי, דעריבער, זיך אויך געפליסט צו געפינען איר גליק אין די אידייען. און אַזוי אַרום האָט דאָס קליינע מיידל פון דער שווייץ, וועלכע וואָלט אַליין פאַר זיך ניט געהאַט קיין גרונט צו נעמען אַ שטעלונג אין דער קריגעריי פון די פעלקער, הכנהעדיק זיך אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק דעם פראַנצויזשן רעפּובליקאַנישן קאַטעכיזם, די רעוואָלוציע פון יאָר I און די רעכט פון דעם באַוואָפנטן מענטשן, — דעם גלויבן פון איר חתן... וואָלט זי זיך נאָר געווען צוגעהערט צו איר אינווייניקסטער שטים, ווי זי וואָלט עס אים דעמאָלט געווען אָוועקגעפירט אין אירע אָרעמס, וואָס ווייטער פון דעם מלחמה־געווירבל! ווי די מלחמה האָט עס דערשטיקט איר אייגענע שטים! ווי ווייט די

מלחמה איז עס געווען פון איר אייגענעם שטייגער דענקען!... דאָך האָט זי זיך דאָס אַלץ אַליין פירגעוואָרפן, מחמת דער געליבטער האָט אַנדערש געזען און אַנדערש געאורטיילט: זי איז געווען שוואַך, זי איז געווען אומגערעכט. כדי זי זאָל אים ווערט זיין, האָט זי געמוזט צושליסן אירע אויגן און קוקן מיט זיינע... געליבטער מיינער, איך וויל גלויבן... אזוי ווי דו גלויבסט, גלויב איך אויך...

די איינציקע פון גאַנצן הויז, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גלויבן, איז געווען קלאַרים שאַרדאָנע, אַנטעטעס שכנה פון דעמזעלביקן גאָרן. ניין, ניין, איר ליבע איז ניט געווען פון יענעם מין, וואָס איז זיך אַליין מקריב, וואָס איז מקריב דעם געליבטן צו זיין אייגענעם פאַלשן גלויבן!... דאָס איז, איבעריקס, ניט ריכטיק! ער האָט ניט געהאַט קיין גלויבן; ער האָט בלויז זיך גערעכנט מיט מענטשן און זיך געשראָקן פאַר דער עפנטלעכער מיינונג. ער איז געווען אַ פּשוטער באַנק־אָנגעשטעלטער, אַ ליבער, שיינער יונג, מיט דינע בלאָנדע וואָנצעם און בלאַסע, אויסגעלאָשענע אויגן. וועלט־אינטערעסן, די באַנק, פּאָליטיק, אפילו (לאָמיר אויסזאָגן דעם אמת!) דאָס פּאָטערלאַנד זענען אים לחלוטין ניט אָנגעגאַנגען. די איינציקע זאַך אין דער וועלט, וואָס איז אים יאָ געווען נוגע, איז געווען אָט־דאָס קליינע ווייבעלע, וואָס ער האָט זי געהאַט גענומען (אָדער האָט זי אים געהאַט גענומען?) מיט אַ דריי חדשים צוריק. וואָס פאַר חדשים דאָס זענען געווען!... זיי האָבן גאָר ניט געקאָנט גענוג זיך אָנזעטיקן איינס מיט אַנאַנדער. די הענט האָבן ביי זיי געציטערט, ווען זיי האָבן אין באַהעפטונג זיך דערמאָנט אָן די פאַרגאַנגענע נעכט. ווי זי האָט עס אים געהאַלטן אין אירע אָרעמס, אָט־דאָס ליידנשאַפטלעכע באַשעפעניש!... אַ קליין פאַריזער אַרבעטער־מיידל, האָט זי אים פאַרערט ווי אַ גאָט, אַ גאָט, וואָס האָט געהערט איר אַליין, — איר פאַרמעג, איר שפּילכל, איר קעצל, איר ליבלינג־חיהלע, איר נשמה, אויב זי האָט געהאַט אַ נשמה, איר אינגעווייד, איר אַלץ אין דער וועלט, איר אייגנטום!... זי איז געווען ברונעט, דאַר, בייגיק, הייסבלוטיק, די אויגן ווי סאַמעט, די ליפּן ווי אַ רויטער פאָדעם איבער איר אויסגעבלייכטן

געזיכט, וואָס זי האָט זיך געפּלייסט צו פאַרבן און וואָס די ליידנ־שאַפט האָט דערפון אויסגעזויגן ס'גאַנצע בלוט. און ער, אַ נאָכ־געביקער, האָט אָנגענומען איר פאַרערונג. ער האָט זיך דערויף ניט געוואונדערט; ער האָט זיך איבערגעגעבן אָט־דער רויב־חיה, וואָס איז, פון איר זייט, אויך געווען צום רויב פון איר געליבטן. קיינער פון זיי האָט גאָרנישט געחלומט, אַז עס וועט אַמאָל מוזן נעמען אַ סוף צום שפּיל. דאָס לעבן האָט ניט געהאַט פאַר זיי קיין אַנדער זין...

ווען די מלחמה איז אָבער געקומען נאָך אים, האָט ער זיך אויפגעהויבן אָן שום פּראָטעסט. עס איז ניט געווען קיין אַנגענע־מער ענין און ער האָט ניט פאַרמאָגט קיין העלדישקייט. ער וואָלט געקאָנט וויינען דערויף, וואָס ער האָט געזאָלט פאַרלאָזן און וואָס עס איז אים פאַרגעשטאַנען צו געפינען. ער האָט אָבער מורא געהאַט צו זיין לעכערלעך און צו באַיעגענען פאַראַכטונג, אויב ער וועט אַרויסווייזן זיין שוואַכקייט. עס פּאַסט ניט פאַר אַ מאַן צו זיין צופיל פאַרליבט. זי האָט עס פאַרשטאַנען און אויסגעשריגן צו אים:

— פייגלינג! פייגלינג!

ער האָט זיך פאַרשטייפט אַנקעגן איר און אָפּגעענטפערט מיט רוגזה:

— פייגלינג! אַ פיין וואָרט פאַר אַ מענטשן, וואָס וועט באַלד זיין אַ העלד! „שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד!"

זי האָט אים געבעטן, ער זאָל מער ניט ריידן. דאָס דערמאָנען דעם טויט האָט אָנגעוואָרפן אויף איר אַן אימה. זי האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיקט. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ זעלטענע געלעגנ־הייט אַרויסצופּראַלן זיין פּאַטריאָטיזם, — אַ מיטל צו מאַכן זיך האַרט. און זי האָט זיך מער ניט דערוועגט צו פּראָטעסטירן. זי איז צופיל געווען אַליין און האָט ניט געקאָנט אַרויסזאָגן דאָס, וואָס זי האָט געטראַכט: „די גאַנצע וועלט (וואָס איז געווען „גאָרנישט") און ער אַליין (וואָס איז געווען „אַלץ") וואָלטן דערויף געזאָגט, אַז עס איז אַ פאַרשוועכונג. זי אָבער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אין דער שטיל, אין דער טיפעניש פון הארצן, האָט ער, דער אומגליק־לעכער, געטראַכט פונקט ווי זי!.... „שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד!"...

ניין, ניין, פֿאַר דער גאַלעריע!... די מענער זענען פּייגלינגען! זיי האָבן ניט קיין מוט צו פאַרטיידיקן זייער גליק. אומגליקלעכע! אומגליקלעכע!... זי האָט זיך אָפּגעווישט די אויגן. זי איז גע־שטאַנען אויף דער בינע. זי האָט געמוזט שמייכלען, ווייל ער האָט אַזוי געוואָלט; שפּעטער, הינטער די קוליסן, וועט זי קאָנען זיך אויסוויינען... „יאָ, דו אויך!... דו קאָנסט מיך ניט נאַרן. פּונקט ווי איך, פּילסטו אויך דעם טויט ביי זיך אין האַרצן. אָ, פּייגלינג וואָס דו ביסט, פאַרוואָס גייסטו אַוועק?"

און ער, וואָס האָט געלייענט אירע געדאַנקען, האָט געטראַכט אויפן קול:

— וואָס קאָן מען טון?

זי אָבער איז געווען אַ פרוי, און אַ היציקע דערצו. זי האָט ניט פאַרשטאַנען. זי האָט ניט באַנומען דאָס, וואָס עס איז איר געשטאַנען אין וועג...

— וואָס מען דאַרף טון? מען דאַרף בלייבן!

אַנטמוטיקט פון אירע ווערטער, האָט ער אַ צי געטון מיט די אַקסל.

אַך! די גאַנצע וועלט איז געווען קעגן איר!... די וועלט איז אויך געווען קעגן אים. זי האָט אָבער אויסגעלאָזן צו אים איר האַרץ פאַר געבן דער וועלט גערעכט. ער האָט זיך אונטערגעגעבן. פאַרוואָס?...

די צוויי אַרבעטער פון אויבערשטיבל האָבן זיך אויך געהאַט אונטערגעגעבן: פּערע (זאַטלעריי און לעדער־אַרבעט) און פּעלטיע (עלעקטריקער). זיי זענען געווען גרייט צו גיין אַנקעגן דער מלחמה. אַזוי ווי אָבער קיינער איז ניט געגאַנגען אַנקעגן, האָבן זיי געמוזט מיטגיין. עס איז זיי ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה. זיי זענען ביידע געווען סאָציאַליסטן, אַרויסקומענדיק פון דרײַזעלביקער איבער־צייגונג. אָבער אַרויסגעקומען אינאיינעם, זענען זיי זיך באַלד פו־נאַנדערגעגאַנגען און האָבן זיך מער ניט געהאַלטן ביים זעלביקן שטאַנדפּונקט.

ערשט מיט אַ וואָך צוריק האָט פּערע געגלויבט אייזן־פעסט, אַז עס וועלן ניט זיין מער קיין מלחמות:

— דאָס איז אַלץ דאָס אויגנפאַרבלענדעניש פון די ציַיטונגען און די גענעראַלעריי פון אָט־די פּאָקער־שפּילער, די מיניסטאָרן און די דיפּלאָמאַטן, אַרום דעם קאָרטן־טיש. און זאָלן אָט־די הענדלער פון פעלקער אונז וועלן פאַרשאַכערן, וועלן מיר זיי וויַיזן, מיט וועמען זיי האָבן דאָ צו טון. מען מעג זיך אויף אונז פאַרלאָזן, אויף אונז פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל", — זשאָרעס, וואַיאַן און געסד, רענאָדעל, ווי־וויאַני און אַלע סינדיקאַטן. די אייַזערנע דיוויזיע. און אַלע חברים פון יענער זייט וואַנט, די חברים פון דייטשנלאַנד... הער מיך אויס, פעלטיע! ערשט אָט־די טעג האָבן מיר (אונזערע לייט) און זיי זיך צוזאַמענגעטראָפן: אַלץ איז אָרגאַניזירט, דער רוף איז גרייט! און וועלן אָט־די אויסוואורפן אַמאָל זיך איינשטעלן צו מאָביליזירן די אַרמיי, וועלן מיר דורכפירן אונזער מאָביליזאַציע מיט פאַרלייגטע הענט...

אָבער פעלטיע האָט ביטער געשמייכלט און געזאָגט צו פּערע:

— דו ביסט נאָך יונג, חבר!

פּערען האָט דאָס פאַרדראָסן. ער איז שוין געווען אַריבער דאָס זיבן־און־דרייסיקסטע יאָר; און זיבן־און־דרייסיק יאָר פון שווערער פּראַצע באַשטייען אַנקעגן פופציק יאָר פון אָט־די ליידיקגייער. אָבער פעלטיע האָט אים רואיק אָפּגעענטפערט:

— ריכטיק! האָסט צופיל געהאָרעוועט, האָסטו ניט געהאַט קיין צייט צו דענקען.

און אַזוי ווי פּערע האָט פּראָטעסטירט און אים אונטערגע־טראָגן, נאָך אַ וואָרעמען, דעם אַרטיקל, וואָס ער האָט נאָרוואָס גע־האַט איבערגעלייענט אין דעם לעצטן נומער פון זיַין ציַיטונג, — די איינציקע ציַיטונג, וואָס האָט געזאָגט ליגן, לויט זיַין השגה נאָך, — האָט פעטליע אַ צי געטון מיט די אַקסל און אַרויסגעזאָגט מיט אַ מידן טאָן:

— ווען עס האַנדלט זיך אין ריידן!... וועט זיך אָבער האַנד־לען אין טון, וועלן זיי אַלע גיין...

און זיי זענען אַלע געגאַנגען. ווען זשאָרעס איז געפאַלן, ווי עס פאַלט אַן אָקס, געטראָפן פון אַ מאָטאַדאָר אַ פּייגלינג, וואָס באַהאַלט זיך הינטער אַ ווענטל, איז אין דעם פאַראַבלטן פּאַריז

פארגעקומען די גרויסע פראצעסיע, דער טרויעריקער לויה־פאראד, — און אט־די הספדים, אט־דער מבול הספדים אויף דעם מענטשן, וואס האט שוין אליין ניט געקאנט ריידן! און אלע זענען זיי דארט געווען: אי די, וואס האבן באוויינט דעם נפטר, אי די, וואס האבן געטראכט:

— דארט איז פאר אים א בעסער פלאץ...

און דאס פאלק האט געווארט אויפן ווארט פון נקמה, אויף דעם רוף, וואס זאל פונאנדערוויינען דעם אנגסטלעכן צער, אויף דעם בליץ, וואס זאל דורכשניידן די פינצטערניש. און די אלע מיילער, וואס האבן געפלייצט מיט שיינרעדנעריי פון מספידים, האבן גארנישט ארויסגעבראכט ווי נאר טויט און שילטעריי:

— מיר שווערן צו נעמען נקמה פאר זשארעסן!

און איידער נאך די פראזע איז געווען אינגאנצן ארויסגעזאגט, האבן זיי אים שוין געהאט פארראטן: זיי זענען געווארן די אגענטן פון דערזועלביקער מלחמה, וואס האט אים געהאט אומגעבראכט. זיי האבן געזאגט צום פאלק:

— גייט און הרגעט! לאמיר מאכן דעם ה י י ל י ק ן ב ו נ ד אויף די קערפער פון אונזערע ברידער!

און זייערע חברים פון דייטשנלאנד האבן געזאגט דאסזעלביקע.

אינגאנצן צעטומלט, איז דאס פאלק שטיל געווארן. באלד אבער האט עס גענומען מיטמארשירן און שרייען פון באגייסטערונג. דענקען מיט שכל איז ניט קיין עסק פארן פאלק. אזוי ווי די, וועמען דאס פאלק האט איבערגעגעבן די עובדה צו דענקען פאר אים, — זיינע פירער, — האבן אים געפירט צו דער מלחמה, האט דאס פאלק ניט געהאט קיין אנדער ברירה און געמוזט גיין. און פערע איז איצט געווען איבערגעצייגט, אז ער גייט אין דער מלחמה אריין כדי צו דינען די אינטערעסן פון פאלק און פון דעם „אינטערנאציאנאל". נאך דער מלחמה וועט קומען די גאלדענע צייט!... די פיל האט געמוזט באגילט ווערן!

אבער פעלטיע, אן אויפגעקלערטער, האט געזאגט:

— מירן אומיסטנע זען, וואס עס וועט דא געשען! די אינטערעסן פון פאלק, — זיי ליגן מיר שוין אט־א־דא־א! איך

וועל זען דינען מיינע אייגענע אינטערעסן. די בעסטע זאַך איז צו טון אַזוי ווי זיי האָבן געטון — (ער האָט דאָ אינזינען געהאַט די לייבן־קעפּ פון סאָציאַליזם, וואָס האָבן נאָכגעגעבן): — זיך צו־צופּאַסן צו די אומשטענדן...

פּעלטיע וועט זיך צופּאַסן...

אין גאַנצן הויז, פון אויבן ביז אַרונטער, האָט געפעלט דאָס געפיל פון געוואַלטלעכקייט. זיי זענען געווען אויפגעבראַכט אויף די דייטשן פאַר זיין די אָנגרייפער (און יעדער איינער האָט דאָך קלאָר איינגעזען, אַזוי זיי זענען דאָס טאַקע געווען! קיינער האָט עס גאָר ניט געפּרואווט באַשטרייטן!) זיי האָבן ניט ליב געהאַט די מלחמה, זיי וועלן אָבער אהין גיין, פעסט באַשלאָסן אָנצולערנען די דייטשן. און בעת זיי האָבן מיט פאַרדריקטע ציין זיך געקאָר־טשעט אין דער שטיל פון טיפן ווייטיק, האָט דאָס באַוואוסטזיין פון זייער מסירת־נפש געוועקט אין זיי באַגייסטערונג. די שנאה איז אָבער נאָך ניט געווען געבוירן געוואָרן.

די איינציקע שפּורן אירע וואָלט מען נאָך אפשר געקאָנט גע־פינען ביי ראוואוסאַ (ניומאַ), ביים ענדלער פון האָלץ און וויין אויף דעם אונטערשטן גאָרן. דער דאָזיקער שווערער בעל־גוף, וואָס האָט געשלעפּט זיינע רומאַטישע פיס אין די פאַרבלאָטיקטע שיך, האָט פיל גערעדט וועגן די „באָשן" *), שפּייענדיק אויף זיי קלעק, און מקנא געווען זיין זון קלאָווי, וואָס ער איז געגאַנגען אויפרייסן די בייכער אָט־די דייטשישע וואורשטלעך. און דער בחור האָט זיך געפרייט: עס איז געווען פאַר אים אַ לוסטרייזע! ער וועט דאָרט פאַרזוכן דעם טעם פון ביר און פון גרעטכענס. מען האָט געלאַכט... מען האָט געליאַרעמט... מען האָט אָבער געקאָנט זען די אומרו וואָס דו, בעל־גוף, האָסט זי געוואָלט דערשטיקן מיט דיין ליאַרעמען, און דעם צאָרן איבער די סכנות, צו וועלכע דו ביסט געווען געצוואונגען אויסצושטעלן דיין זון, דיין איינציקן זון...

— טאָמער וועט ער... טאָמער וועלן זיי... גאָט אין הימל, טאָמער וועלן זיי אים אומברענגען!...

*) פראַנצויזישער זידל־נאָמען פאַר דייטשן. — איבערזעצער.

אָבער דאָס האָט גאָרנישט אויסגעמאַכט. אַרום און אַרום איז די אַטמאָספערע פון הויז געווען פול מיט ווערדע, אָן כעס, אָן שוואַכקייט, פול מיט געוויסנהאַפטיקער און מוטיקער הסכמה. דאָס הויז האָט אַרויסגעוויזן זיין צוטרוי, וואָס האָט ווי אַ בויגן זיך געשטרעקט צום אומבאַוואוסטן גאָט. די צרות, וואָס די מענטשן האָבן דאָרט געהאַט, האָבן זיי געהאַלטן פאַר זיך.

האָב איך דאָרט אַלעמען געהאַט באַזוכט? האָב איך אין מיין אַדורכגיין דאָס הויז קיינעם ניט געהאַט פאַרגעסן?

יאָ... אויפן פינפטן גאָרן, אין דער קליינער דירה ביי דער זייט פון די קאַיעיס, האָט געוואוינט דער יונגער שרייבער, זשאָזעפען קלאַפיע, ניין־און־צוואַנציק יאָר אַלט, מיט אַ שוואַך האַרץ, וואָס מען האָט אים געהאַט באַפרייט פון מיליטער. ער איז געלעגן באַגראָבן אין זיין נאָרע. זיין אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט, ער זאָל זיך ניט ווייזן צופיל פאַר די אויגן. דערווייל האָט מען נאָך אויף אים רחמנות געהאַט. אָבער רחמנות איז אַ גמילת־חסד, וואָס עס איז קליגער דאָס ניט צופיל אויסצונוצן. און קלאַפיע איז געווען אַ מענטש מיט שכל. זיין געוויסן איז ניט געווען רואיק... אונטן איז געווען אַ נאָכשפירנדיק אויג: דער הויזאויפפאַסערינס מאַן, בראָשאָן, וואָס איך האָב אים דאָ געהאַט אַדורכגעלאָזט... עס איז דאָך ניט געווען קיין גרינגע זאַך אַדורכצוגיין דאָס הויז און אים אויסמיידן. ער איז געווען אַ פּאָליציי־אַגענט. אים האָט מען ניט גערופן, ווייל מען האָט באַדאַרפט זיינע אויגן און זיינע פויסטן האָבן אין דער היים; צוליב זיין פליכט איז ער פאַרבליבן אויפן ברעג. דאָך איז ער געווען אַ קריגסמאַן; ער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף די פאַרדעכטיקע, אויפן שונא הינטער דער אַרמיי. איבער זיין אייגענעם הויז אָבער האָט ער געוואַכט מיט פאָטערלעכער איבערגעגעבנקייט: עס האָט דאָרט געהערשט אַ פיינע שטימונג; דאָס הויז האָט אים פאַרשאַפט כבוד. ער האָט געהאַט באַזונדער איינזעעניש פאַר זיינע לאָקאַטאָרן. אָבער די פליכט איז איבער אַלץ — און ער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף קלאַפיען. קלאַפיע איז געווען אַ פאַציפיסט.

דאָסמאָל וועל איך אויף אַ רעכטן אמת פאַרענדיקן מיין אַי־

בערבליק מיטן הונט פון הויז. איך בין געווען אריינגעדרונגען או־מעטום, אחוץ אין דעם ערשטן גאָרן. דער ערשטער גאָרן איז פאַר־שלאָסן. דער ערשטער גאָרן איז הייליק. דאָרט וואוינט דער אייגנ־טימער אליין. און מאָסיע און מאַדאַם פּאַניאָן, אלטע לייט, רייכע און געלאַנגווײלטע, זענען אַוועק אויף זייער וואַקאַציע. זיי האָבן באַקומען דאָס דירה־געלט אין יולי. זיי וועלן צוריקקומען אין אָקטאָ־בער... ווען נאָך אַ קווארטל וועט זיין פארגאַנגען —

און מיט אים אַ מיליאָן לעבנס.

---

די אכט קריגסלייט זענען אַוועק. און די, וואָס זענען פאַר־בליבן, האָבן איינגעהאַלטן זייער אָטעם צו הערן פון דערווייטנס זייערע טריט. די גאַסן האָבן גערוישט. אָבער אין הויז ביינאַכט האָט אַ טראַגישע שטילקייט געדריקט אויף די הערצער.

אַנעט איז געווען רואיק. עס איז איר דערפאַר ניט געקומען קיין דאַנק, ווייל זי האָט ניט געהאַט וואָס איינצושטעלן. זי האָט עס געוואוסט און זיך געפילט דורך דעם דערנידעריקט. וואָלט זי גע־ווען אַ מאַנסביל, איז גאָר קיין צווייפל ניט, אַז זי וואָלט געגאַנ־גען אָן שום וואַקלעניש. וואָלט זי אָבער געווען ביי זיך פּונקט אַזוי פעסט, ווען איר זון וואָלט איצט געווען עלטער אויף פינף יאָר?... ווער ווייס? זי וואָלט געזאָגט, אַז אַט־דער געדאַנק אליין טוט איר אומרעכט. זי איז געווען אַ פרוי, וואָס וועט ברענען פון צאָרן קעגן זיך און באַדויערן, וואָס זי קאָן ניט, אינאיינעם מיט זיך אליין, אריינוואַרפן אין שפּיל אריין אלץ, וואָס זי האָט ליב... באַ־דויערן? יאָ... אפשר... וואָלט זי אָבער טאַקע אריינגעוואָרפן אהין איר זון?... איז זי באמת זיכער אין דעם?... לאָמיר זיך מאַכן, אַז מיר גלויבן איר! ווייל זאָלן מיר איר ניט גלויבן, וועט זי זיך אָנכמורען אַזוי ווי אַ דערצערנטע יונאַ. ווען דאָס בחורל איז אָבער פארבייגעגאַנגען ניט ווייט פון איר, האָט זי זיך געמוזט צוריק־האַלטן ,זי זאָל אים ניט אריינכאַפּן אין אירע ציטערדיקע אָרעמס. ער איז געווען אירער. זי האָט אים געהאַלטן פאַר זיך.

וואָס די מעגלעכקייטן פון טעטיקייט, וואָס האָבן אין איר גע־שלומערט, זאָלן ניט געווען זיין, האָט זי לעת־עתה ניט געהאַט וואָס צו טון. דערווייל איז זי, אינאיינעם מיט איר זון, געווען געשיצט..

איר גורל האָט איר באַוויליקט אַ חיי־שעה אויף צו אָבסערווירן. האָט זי זיך דערמיט באַנוצט. איר בליק איז געווען אַ פרייער. קיין אידעאָלאָגיע האָט איר ניט געשטערט. די פּראָבלעמען פון מלחמה און שלום האָבן ביז איצט ניט געהאַט פאַרנומען איר גדאַנק. זינט אַן ערך פופצען יאָר איז זי געווען אינגאַנצן פאַרטון אין דעם נעענטסטען קאָנפליקט, אין דעם קאַמף פאַר ברויט, און אין דער ברע־נענדיקסטער שלאַכט, אין דעם קאַמף מיט זיך אַליין. דאָס איז גע־ווען פאַר איר אַן אמתע מלחמה, אָנגעהויבן אויפסניי יעדן טאָג, און דער וואַפנשטילשטאַנד, וואָס זי פלעג יעדן מאָל אונטערשרייבן, איז געווען ניט מער ווי אַ שטיקל פּאַפּיר. וואָס איז שייך די דרויסנ־דיקע מלחמות, איז די פּאָליטיק פון די מלוכות געווען פאַר איר אַ ווייטער ענין. די דריטע רעפּובליק (כאָטש דער דאָזיקער שוואַכער רעזשים, פונקט ווי זיין אימפּעראַטאָר דער פלוידערזאַק, האָט קיינ־מאָל ניט געזאָגט י אָ, ניט צו זאָגן אין דער אייגענער צייט נ יי ן, פריינדיק נאָכאַנאַנד דעם טרוקענעם פולווער און דאָס טרוקענע איילבירט־צווייגל), ניין, דאָס גוטע מזל פון אייראָפּע, וואָס אייראָפּע איז עס ניט ווערט געווען, האָט פערציק יאָר (אָנעטעם פערציק יאָר) דערהאַלטן אַ ניט־געשטערטן שלום, ווען אַ גאַנצער דור האָט גע־זען אין דער מלחמה ניט מער ווי עפּעס אַ ווייטע, פאַרשאָטנטע זאַך, אַ מין דעקאָראַציע, אָדער אידייע, אַ ראָמאַנטישן ספּעקטאַקל, אָדער אַ טעמע פאַר מאָראַלישער און מעטאַפיזישער דיסקוסיע.

דורכגענומען מיט די רואיקע אידייען פון דער אָפיציעל־וויסנ־שאַפטלעכער דערציאונג, אין אַ צייט, ווען די טעאָריע פון רעלאַ־טיוויטעט האָט נאָך ניט געהאַט אַלץ אויפגעטרייסלט, איז אַנעט געווען צוגעוויינט אָנצונעמען דאָס, וואָס עס איז, ווי אַ סדר פון דערשיינונגען, איינגעשטעלט איינמאָל פאַר אַלעמאָל און רעגולירט פון געזעצן. מלחמה איז געווען אַ טייל פון די נאַטור־געזעצן, און עס איז איר קיינמאָל ניט געווען איינגעפאַלן צו לייקענען אויף אַן ערנסט אין די נאַטור־געזעצן אָדער צו שטעלן זיך זיי אַנקעגן. זיי קומען ניט אַרויס פון הארצן, אַזוי אויך ניט פון גדאַנק אפילו, דאָך באַהערשן זיי יעדן בן־אָדם און מען מוז זיי אָננעמען. אַנעט האָט אָנגענומען די מלחמה, ווי זי האָט אָנגענומען דעם טויט, ווי זי האָט אָנגענומען דאָס לעבן. פון אַלע נויטיקייטן, וואָס דער מענטש

האָט מקבל געווען פון דער נאַטור, אינאיינעם מיט דער סודות־דיקער און ווילדער גאָב פון לעבן, איז מלחמה ניט די אומזיניקסטע, אפשר אויך ניט די גרויזאַמסטע.

און וואָס איז שייך איר געפיל צום פאָטערלאַנד, איז עס געווען גאַנץ געוויינטלעך. כאָטש ניט זייער ברענענדיק, האָט זי אָבער אין דעם אויך ניט געצווייפלט. זי האָט אין איר טאָגטעגלעכן לעבן קיינמאָל ניט געטראַכט צו פאַראַדירן דערמיט, אָדער עס צו אַנאַליזירן. אויך דאָס געפיל איז געווען אַ פאַקט.

אָבער גאָר אין אָנהויב, ווען די מלחמה האָט אָנגעקלאַפּט אָן דעם דאָזיקן געפיל, ווי עס קלאַפּט דער האַמער איבער דעם גלאָק פון אַ טורעם־זייגער, האָט אַנעטען גענומען אויסזען, אַז דאָס געפיל איז אַ טייל פון איר גופא, אַ שלומערדיק רייך, וואָס דערוואַכט פון שלאָף. און איר ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז זי אַליין ווערט דערפון אויסגעבריימט. ביז איצט איז זי געווען איינגעשלאָסן אין דער שטייג פון איר אינדיווידואַליזם. איצט האָט זי זיך פון דאָרט ארויסגעריסן און פונאַנדערגענומען אירע איינגעקראַמפּטע גלידער. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם שלאָף פון איר אָפּגעזונדערטקייט. זי איז געוואָרן אַ גאַנץ פאָלק...

און זי האָט דערפילט אין זיך אַלע באַוועגונגען פון אַ פאָלק. פון דעם ערשטען מאָמענט אָן האָט זי געהאַט אַ ניט־קלאָר געפיל, אַז אַ ברייטער טויער אין איר נשמה, וואָס בלייבט געוויינטלעך פאַרשלאָסען, — דער טעמפּל פון יאַנוס, — האָט זיך פונאַנדערגעעפנט... די נאַטור האָט אויפגעהויבן די שלייערן, אירע כוחות האָבן זיך באַוויזן אין זייער נאַקעטקייט... וואָס וועט זי באַלד דערזען? וואָס וועט דאָ באַלד אויפקומען?... וואָס עס זאָל ניט זיין, איז זי גרייט... זי האָט געוואַרט, זי האָט זיך דערפילט אין איר עלעמענט.

די מערסטע נפשות אַרום איר זענען גאָרנישט געווען באַשאַפן פאַר דעם דאָזיקן ברויזיקן לעבן. זיי האָבן טאָקע באַלד גענומען זיך היצן. די ערשטע וואָך אַווגוסט איז נאָך ניט געווען פאַריבער, ערשט זיי האָבן שוין געפיבערט. דער פיבער האָט אַרומגעכאַפּט זייערע אומבאַשיצטע אָרגאַניזמען. דורך דעם פּלוצלינגדיקן אָנפאַלייץ פון שערלעכע, אָנשטעקיקע מיקראָבן, וואָס האָבן פאַרסמט זייער

בלוט, האָט זייער הויט זיך באַדעקט מיט פלעקן. די קראַנקע זענען געוואָרן פאַרשטילט, פאַרטון אין זייערע געדאַנקען. זיי האָבן זיך פאַרשלאָסן אין זייערע צימערן. דער אויסשלאָג האָט זיך אויסגע־בריט.

אַנעט איז געווען רואיק. זי איז געווען די איינציקע אין איר סביבה, וואָס האָט ניט געהאַט פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט. די מלחמה האָט זי גיכער געבראַכט צו אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. אַ שרעק צו זאָגן, איר אָטעם איז געווען אַ רואיקער, אַ לייכטער. זי איז אוודאי געווען ווי יענע פרויען — אירע עלטער־באָבעס — אין דער צייט פון די גרויסע אינוואַזיעס. ווען די כוואַ־ליעס פון שונא האָבן גענומען פלייצן איבער די פאַליסאַדן פון זייער באַוועגלעכער שטאָט, האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט אויף זייערע רייטוואָגנס, קומענדיק דער שטאָט צו הילף. און זייערע נאַקעטע בריסט האָבן פרייער געאָטעמט אין דער רחבות פון די פליינען. זייערע הערצער האָבן געקלאַפּט לאַנגזאַם, אָבער שטאַרק, זיך ציענ־דיק צום קאַמף, צום שפּריי פון שונאס שפּאַרנדיקע פאַליעס; און איבער דעם האָבן זיי אַרומגענומען מיט די אויגן די פּאַרוויסטע פעלדער, דורכגעשניטענע דורך די רעדער פון זייערע רייטוואָגנס, דעם האָריזאָנט, דעם טונקעלן צירקל פון די וועלדער, די בייגיקע ליניעס פון די בערגלעך און דאָס פרייע געוועלב פון הימל, וואָס וואַרט אויף פרייע נשמות.

אַנעט, אויף איר רייטוואָגן, האָט זיך אַרומגעקוקט און דער־קענט:

— אָט אַזוי איז עס...

דער צירקל פון דער וועלט איז אויסגעפילט געוואָרן פון איר דורכדרינגלעכער נשמה. זי האָט זיך דערקענט אין אים... אָט־די אומרואיקע נשמות, דאָס בין איך... אָט־די פאַרבאָרגענע כוחות, אָט־די אַנטבלויזטע דעמאָנס, אָט־די קרבנות, אָט־די גרויזאַמקייטן, אָט־די באַגייסטערונג, אָט די געוואַלטלעכקייט, — דאָס בין איך... אָט־די פאַרשאָלטענע און לעסטערדיקע מאַכט, וואָס קומט אַרויס פון דער טיפעניש, — דאָס בין איך...

וואָס עס איז דאָ אין אַנדערע, איז דאָ אין מיר. איך בין גע־ווען אין אַ באַהעלטעניש. איצט בין איך פון דאָרט אַרויסגעקומען.

ביז איצט בין איך געווען ניט מער ווי אַ שאָטן דערפון, וואָס איך בין. ביז איצט האָב איך אויסגעלעבט אַ חלום אויף דער וואָר, בעת די וואָר האָט געלעבט אין מיינע אונטערגעדריקטע חלומות. אָט איז זי, די וואָר! די וועלט האַלט מלחמה... איך...

ווי זאָל מען אויסדריקן אין ווערטער דאָס ניט־אויסדריקלעכע, וואָס גייט אויף ווי שוים אין אַ פּאָס וויין, די שטילקייט און דאָס טראַכטן פון אָט־דער נשמה פון אַ באַקכאַנטין? אָט־דאָס געברויז, וואָס זי האָט עס אָבסערווירט און אַריינגענומען אין זיך — און אָט־דאָס רואיקע געווירבל?... אַ שרעקלעכע דראַמע האָט זיך אָפּגע־שפּילט און זי איז געווען איינע פון די שוישפּילער. אָבער דער מאָמענט פון איר אויפטרעטן אויף דער בינע איז נאָך ניט געווען געקומען. זי איז געשטאַנען אַ גרייטע, מען האָט זי אָבער נאָך ניט געהאַט אַרויסגערופן. זי האָט געקאָנט דערווייל זיך צוקוקן צום שטראָם פון האַנדלונג. זי האָט זיך געצויגן צו אָט־דעם זעלטענעם מאָמענט. זי איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבערן שטראָם, האָט אים אַדורכגענומען מיט איר בליק, זי איז אָבער נאָך אַלץ פאַרבליבן אויפן ברעג, וואַרטנדיק אויף דער רעפּליקע, וואָס וועט איר זאָגן:

— דיין ריי! וואַרף זיך אַריין!

---

דער שטראָם רוישט און ווערט אָנגעשוואָלן. די דאַמבן זענען צעבראָכן. אַ פאַרפּלייצעניש... אויסראָטונג, הריגות, שטעט אין פלאַמען. אין פּופצן טעג צייט איז די מענטשהייט פון מערב צוריקגעפאַלן אויף פופצן יאָרהונדערטער. און אָט איז, ווי אין די אַלטע צייטן, געקומען דאָס געווירבל פון פעלקער, וואָס זענען אויס־געיעט געוואָרן פון זייער באָדן און געלאָפן פון דעם דרינגענדיקן שונא...

דער אומענדלעכער צוג פון די אַנטרונענע פון צפון האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן פּאַריז, ווי אַ רעגן פון אַש, דער פאַרלויפער פון וואול־קאַנישער לאַווע. טאָג נאָך טאָג האָט „לאַ גאַר דיו נאָר"*) אַרויס־געגאָסן ווי אַ רינשטאָק זייער קלעגלעכן שטראָם. באַדעקטע מיט

*) „צפון וואָקזאַל", הויפּט־וואָקזאַל פון פּאַריז. — איבערזעצער.

בלאַטע, דערשלאָגענע, האָבן זיי זיך צוזאַמענגעדרענגט אין גרויסע, טריבע מאַסן אַרום דעם שטראַסבורג־פּלאַץ.

ניט צו האָבן וואָס צו טון און געטריבן פון אַ באַדערפעניש צו פאַרשווענדן איר ניט־אויסגענוצטע ענערגיע, פלעג אַנעט דורכגיין דורך אָט־די מענטשלעכע הערדן, דורך אָט־דער הורבע שווערע הערצער, וואָס איז יעדער ווײַלע אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך אויסברוכן פון אויסגעשרייען און העפטיקע זשעסטן. און איר האַרץ האָט געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון צאָרן און רחמנות. בלאָנדזענדיק צווישן אָט־דער מאַסע נאָמענלאָזע אומגליקלעכע מענטשן, האָט זי געוואָלט אויפכאַפּן אַ נפש, אויף וועלכן זי זאָל קאָנען אָפּשטעלן אירע קורצזיכטיקע אויגן און איר האַרציקע הילף.

קוים איז זי אַרײַנגעקומען אין וואָקזאַל, ערשט אין אַ פאַרטיפונג פון דער וואַנט, צווישן צוויי סלופּעס, האָט זי דערזען צוויי פיגורן (אינסטינקטיוו האָט זי אויסגעקליבן אַ גרופּע): אַ מאַן, אויסגעצויגן אויף דער ערד, און אַ פרוי, וואָס איז געזעסן לעבן אים און האָט געהאַלטן זײַן קאָפּ אויף אירע קני. פאַרמאַטערטע, האָבן זיי, ווי נאָר זיי זענען געווען אַראָפּגעשטיגן פון צוג, זיך אַרונטערגעלאָזן אויף דער ערד, באַלד לעבן אַרײַנגאַנג. דער שטראָם פאַרבײַגייער האָט זיך אָפּגעשלאָגן אָן דער זיצנדיקער פרוי, וועלכע האָט מיט איר קערפּער פאַרגעשטעלט אַ שוצמויער פאַר דעם ליגנדיקן. זי האָט זיך געלאָזט טראַמפּלען מיט די פיס. זי האָט ניט אַרונטערגענומען די אויגן פון אָט־דעם געזיכט מיט די צוגעשלאָסענע אויגנלעדלעך. אַנעט האָט זיך אָפּגעשטעלט. פאַרשטעלנדיק די פרוי מיט איר קערפּער, האָט זי זיך אָנגעבויגן, כדי זי צו באַטראַכטן. זי האָט געזען ניט מער ווי אַ נאַקן, אַ שטאַרקן, מילך־ווײַסן האַלז, אַ קאָפּ רויטע, געדיכטע האָר, דורכגענומען מיט שופּן און אויסגעווייקט אין שווייס, און הענט, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו דריקן די וועקסענע באַקן פון דעם ליגנדיקן מאַן. אַ מאַן? עס איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכטצען־צוואַנציק, וואָס האָט געהאַלטן אין אויסהויכן זײַן לעצטן אָטעם. צוערשט האָט אַנעט געמיינט, אַז ער איז טויט. זי האָט אָבער געהערט ווי די פרוי מיט איר שווערער און היציקער שטים האָט צעטומלט אַרויסגעזאָגט:

— שטאַרב ניט! איך וויל ניט, דו זאָלסט שטאַרבן!...

און די הענט אירע, צעראַצטע, פאַרבלאָטיקטע הענט, האָבן געבלאָנדזעט איבער די אויגן, איבער די באַקן און איבער דעם מויל פון דער אומבאַוועגלעכער מאַסקע. אַנעט האָט זי אָנגענומען פאַרן אַקסל. זי האָט זיך ניט אומגעדרייט. אַנעט האָט זיך אַרונטערגע־לאָזן לעבן איר אויף די קני, האָט אַוועקגעשאַרט אירע פינגער, כדי אָנצורירן דעם אינגלס פּנים. די פרוי האָט אויסגעזעזן גאָרנישט צו באַמערקן לעבן זיך אַ פרעמדן מענטשן.

— ער לעבט דאָך! — האָט אַנעט געזאָגט — מען דאַרף אים ראַטעווען!

דאַ האָט די פרוי זיך איינגעקלאַמערט אין איר און אויסגע־רופן:

— ראַטעוועט מיר אים!

פּנים־אל־פּנים מיט דער פרוי, האָט אַנעט דערזען פאַר זיך אַ קרעפּטיק־געשניצט געזיכט, באַדעקט מיט שפּרענקלען, פון וועלכן עס האָבן קודם־כל זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ פליישיק מויל און אַ קורצע נאָז, וואָס זייער ליניע האָט, אינאיינעם מיט דער בולטקייט פון די ליפּן, פאַרמירט אַ מין מויל־שלאָס. זי איז געווען מיאוס: אַ נידעריקער שטערן, אַרויסשטאַרצנדיקע באַקנביינער און קינבאַקן. אָבער דאָס מויל ביי איר איז געווען אַ מאָנענדיקס און די מאַסע רויטע האָר האָבן צוגעגעבן איר שאַרבן דעם אָנבליק פון אַ טורעם, וואָס האָט גערוט איבער דעם שמאָלן שטערן. ערשט דערנאָכדעם האָט מען באַמערקט די גרויסע, בלויע אויגן, — פלאַמאַנדישע אויגן, — און דאָס גאַנצע געזיכט.

אַנעט האָט זיך אָנגערופן:

— ער איז דאָך גאָרנישט פאַוואונדעט?

די פרוי האָט געענטפערט מיט אַ זיפץ:

— מיר זענען געגאַנגען אַ סך, אַ סך טעג, ביז ער איז אַוועק־געפאַלן.

— פון וואַנען קומט איר?

— פון ק... ווייט אין צפון. זיי זענען געקומען און האָבן אַלץ פאַרברענט. איך האָב געהרגעט... איך האָב אַרונטערגענומען די ביקס פון וואַנט און געשאָסן פון הינטער דעם פּלויט אויפן ערשטן... מיר האָבן זיך געראַטעוועט. ווי נאָר מיר האָבן אויפגעהערט לויפן,

כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, אַזוי האָבן מיר געהערט, ווי זייערע פּיס גאַלאָפּירן הינטער אונז. זיי זענען אָנגעקומען ווי אַ שטורעמווינט. דער גאַנצער הימל איז געווען שוואַרץ... אַן אויסברוך פון אַ האָגל־שטורעם... מיר זענען אַלץ געלאָפן און געלאָפן, ביז ער איז אַני־דערגעפאַלן... האָב איך אים געמוזט טראָגן.

— ווער איז ער?

— ער איז מיין ברודער.

— מען מוז אַרויסגיין פון אָט־דעם שטויב. מען טרעט אויף אונז. שטעלט זיך אויף! קענט איר אימיצן אין פּאַריז?

— איך קען קיינעם ניט, און איך האָב גאָרנישט. אַלץ איז פאַרניכטעט. מיר זענען אַנטלאָפן אָן געלט און אָן קליידער. מיר האָבן ניט מער ווי דאָס, וואָס מיר טראָגן אויפן לייב.

אַנעט האָט פּעסט אַרויסגעזאָגט:

— איך וועל אייך אַוועקפירן פון דאַנען.

— וואוהין?

— צו מיר אַהיים.

זיי האָבן אויפגעהויבן דעם ליגנדיקן מענטשן. די שוועסטער האָט אים אָנגענומען פאַר די אַקסל, אַנעט פאַר די פיס. זיי זענען ביידע געווען שטאַרק און דער אָפּגעצערטער קערפּער האָט קוים עפּעס געוואויגן. זיי האָבן געפונען אויף שטראַסבורג־פּלאַץ אַ טראָג־בעטל; אַן אַלטער אַרבעטער און אַ אינגל האָבן זיך אָנגעבאָטן אים צו טראָגן. די שוועסטער האָט זיך איינגעשפּאַרט צו האַלטן דעם ברודערס האַנט; זי האָט געשטערט די טרעגער און זיך אָנגעשלאָגן אָן די פאַרבייגייער. אַנעט האָט אַוועקגענומען איר אָרעם און אים אונטערגערוקט אונטער אירן. יעדן מאָל, ווען דאָס טראָג־בעטל האָט זיך אַ טרייסל געטון, האָט זי געפילט, ווי עס ציטערן ביי דער פרוי די פינגער, און ווען די טרעגער האָבן אויף אַ ווייַלע אַרונטער־געלאָזן זייער משא, האָט זי אין מיטן טראָטואַר זיך געשטעלט דער־נעבן אויף די קני. זי האָט געפירט די הענט איבער דעם ברודערס געזיכט, אַרויסלאָזנדיק אַ שטראָם האַרטע, צערטלעכע רייד, וואָס פראַנצויזישע ווערטער האָבן זיך אויסגעמישט מיט פלאַמאַנדישע.

זיי האָבן דערגרייכט דאָס הויז. אַנעט האָט זיי איינגעסטאַ־לירט אין עס־צימער. די פאַמיליע בערנאַרדינס האָט געגעבן אַ זונס

אַ בעט. נאָך אַ געלעגער האָט מען געמאַכט אויפן דיל, מיט אַנעטעס אַ מאַטראַץ. דער קראַנקער איז נאָך אַלץ געווען באַוואוסט־לאָז. מען האָט אים אויסגעטון און מען האָט געשיקט נאָך אַ דאָק־טאָר. איידער דער דאָקטאָר איז געווען אָנגעקומען, איז די שוועס־טער, וועלכע האָט זיך געהאַט אָפּגעזאָגט צו רוען, אַוועקגעפאַלן אָן כוחות און פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפן שלאָף אויף גאַנצע פופצען שעה.

אַנעט האָט געוואַכט.

אירע בליקן זענען אַריבער פון איין מאַסקע צו דער צווייטער: איינע אַ וועקסענע, אַן אויסגעדאַרטע, גלייך ווי פאַר אייערע אויגן וואָלט דאַס לעבן טראָפּ־נאָך־טראָפּ זיך אויסגעשעפּט פון איר; די אַנדערע אַ ווילדע, אַן אויפגעלאָפּענע, דאָס מויל ברייט פונאַנדער־גענומען, ציענדיק מיט דער קעל דעם אָטעם; ווי אַ ווינט־שטורם האָבן זיך פון דאָרט אַרויסגעריסן אומקלאָרע ווערטער. און אַנעט האָט איינגעדרעמלט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, היטנדיק אָט־דעם צווייערלייאיקן שלאָף: דעם שלאָף פון טויט און דעם שלאָף פון משוגעת. און זי האָט געציטערט, פרעגנדיק זיך אַליין, צו וואָס האָט זי עס באַדאַרפט אַריינברענגען אונטערן דאַך פון איר הויז אָט־דעם פאַקל פון משוגעת.

---

צווישן איין וואוינונג און דער צווייטער זענען ביז איצט ניט געווען קיין שום באַציאונגען. מען האָט העכסטנס געוואוסט די נעמען פון די נעענטסטע שכנים. די ערשטע וואָכן פון דער מלחמה האָבן צונויפגעפּירט די ווייטקייטן. די קליינע פּראָווינצן האָבן אויפגעהויבן זייערע שלאָגבוימען און זיך פאַרבונדן אין איין גאַנץ פאָלק. זייערע האָפענונגען און זייערע פּחדים האָבן אויפאַמאָל זיך אויסגעמישט אינאיינעם. זיך צוזאַמענשטויסנדיק אויף די טרעפּ, פלעגן די שכנים מער ניט פאַרבייגיין, ניט צו קוקן איינס אויף ס'אַנדערע. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אַריינצוקוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין און זיך אַזוי אַרום אויסגעפינען. זיי האָבן זיך געטוישט מיט עטלעכע ווערטער. זייער אומצוטרוילעכער אינדיווידואַליזם האָט מער ניט אַרויסגעשטעלט זיין רעזערוו פון זעלבסט־ליבע אַנקעגן די פראַגעס, וואָס זענען געווען פול מיט

זאָרג און אומרו; זיי האָבן זיך געטיילט מיט די נייס וועגן די, וואָס זענען געוועזן אוועק, און וועגן דעם פאָטערלאַנד, וואָס איז געשטאַנען אין סכנה. אין דער צייט, ווען מען האָט אַרויסגעקוקט אויפן בריוווטרעגער, פלעג אונטן, ביי די טרעפ, זיך פאָרמירן אַ קליינע גרופע, וואו דער איינזאַמער טרויער האָט אין דעם קעגנזייטיקן צוטרוי געפונען פאַר זיך אַביסל וואָרעמקייט. דער גייסט פון צופאַסונג, וואָס קען זיך, ווען נויטיק, פונקט אַזוי גוט באַשאַפן זיינע פאָראורטיילן ווי זיי פאַרגעסן, האָט איצט פאַר אַ צייט אויפגעגעבן יענע פאָראורטיילן זיינע, וואָס האָבן געדינט אויף אָוועקצושטעלן אַ מחיצה צווישן די שכנים. מאַסיע זשירער האָט זיך איצט קאָמפּאַנירט מיט מאַסיע בערנאַרדין. און מאַסיע בערנאַרדינס פרוי און טעכטער, גאָטספאָרכטיקע, ליבלעכע, אָבער שרעקעדיקע באַשעפענישן, האָבן אויף אַנטעמס צוקומען נעענטער צו זיי אָפּגעענטפערט מיט אַ געפעליקן שמייכל. זיי האָבן געהאַט באַשלאָסן ניט צו געדענקען — ביז דער נייער אָרדענונג — זייערע ספקות וועגן אָט־דער מיסטעריעזער שכנה און וועגן איר מוטערשאַפט, וועלכע איז אפשר געווען ניט ווי געהעריק איז... זיי זענען ניט געוואָרן מער צוגעלאָזן אָדער מער טאָלעראַנט, זיי האָבן היינט אַנגענומען ניט מער ווי נעכטן. אָבער דאָס, וואָס זיי האָבן ניט אָנגענומען, האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל צו איגנאָרירן.

די איינציקע, וואָס האָט זיך פאַרשלאָסן אין איר צער, איז געווען די קליינע מאַדאַם שאַרדאָנע. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַמערקן דעם צאַרטן בליק פון לידיאַ מיוריזיע, וועלכע האָט געהאַט זיך אָנגעשטויסן וועגן איר שווער האַרץ און געוואָלט טיילן מיט איר איר אייגענעם פּיין, אינאיינעם מיט איר האָפענונג.

זיי זענען אַלע, פון אויבן ביז אַרונטער, געווען פאַסאַזשירן פון איין שיף; און דער שטורעמווינט איז אָנגעקומען. די סכנה האָט זיי אַלעמען גלייך געמאַכט... איז ניט די גאַנצע וועלט געשטאַנען פאַר אַ סכנה?... אַלע פעלקער וועלן, ענדלעך, באַלד ווערן איין מענטשהייט אין קאַמף מיט דער נאַטור... דערצו וועלן אָבער זיין נויטיק צוויי באַדינגונגען: ערשטנס, אַז פאַר קיינעם זאָל ניט זיין אָפן די מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך אַליין, אָן די איבעריקע; און צווייטנס, אַז פאַר אַלעמען זאָל פאַרבלייבן אַ מעגלעכ־

קיײט זיך צו ראַטעװען פֿון דער געפֿאַר: אָן דעם װאָלט דער מענטש אָפּגעדאַנקט. די דאָזיקע באַדינגונגען גײען קײנמאָל ניט אַ לאַנגע צײט אײנאײנעם. דאַסמאָל װעט דאָס געשען.

דער גרױסער דײטשישער דראַנג האָט כמעט אָנגעשלאָגן אָן די טױערן פֿון פּאַריז. די רעגירונג האָט זיך אַריבערגעצױגן. יע־דער אײנער אין הױז האָט אױסגעדריקט זײַן צאָרן און פֿאַראַכטונג איבער אָט־דעם אַנטלױפֿן קײן באָרדאָ. סילװיע איז געװען פֿלאַמ־פֿײַער. זי האָט דערמאָנט מיט זיך אירע עלטער־באָבעס, בעת דער קיניג לואי האָט געמאַכט פּליטה. אונזערע העלדן פֿון שאַטאָ־מאַרגאָ װאָלטן ניט געװען גוט אָפּשנײַדן, װען זײ װאָלטן געװען קומען נאָענט פֿון איר שער! אָבער דאָס איז געװען אַ חוב, װאָס האָט געזאָלט שפּעטער אױסגערעכנט װערן. דערװײַל זענען געװען מער דרינגלעכע זאָרג. סילװיע און מאַרק האָבן געגראָבן ערד און געפֿירט שיבװעגעלעך בײַ דער פֿעסטונג־אַרבעט, װאָס גאַליעני האָט אײַנגעאָרדנט, כּדי אײַנצושטילן די אומרו פֿון פּאַריז. עס איז דאָך ניט געװען קײן פּאַניקע. מען האָט געװאַרט, האָפֿנדיק אױפֿן בעסטן, גרײט אױפֿן ערגסטן. מאַרק האָט געצערטלט אין זײַן קעשענע זײַן באַרימטן רעװאָלװער; ער איז געװען גאַנץ פֿײַאיק צו האָפֿן אױף דעם אַרײַנקומען פֿון די דײטשן קײן פּאַריז, אַבי נאָר ער זאָל אים קאָנען אױספּרואװן. אַנעט, מיט ברענענדיקע הענט, אָבער רואיק אין אױסזען, האָט נאָך קײנמאָל זיך ניט געפֿילט בעסער װי דע־מאָלט; זי האָט, ענדלעך, געװאַוּסט, װאָס זי און איר זון האָבן אײַנצושטעלן!... זי האָט דערפֿילט אַ דערלײַכטערונג.

די אַנדערע האָבן זיך אױך אַזױ געפֿילט. די אַנגסט פֿון די על־טערן איז פֿאַרלײַכטערט געװאָרן דורך דעם געדאַנק, אַז זײ האָבן כאָטש אױף װיפֿיל־עס־איז זיך באַהעפֿט מיט די געפֿאַרן פֿון זײערע זין.

לידיאַ מיוריזיע פֿלעג קומען צו אַנעטען פֿאַרצולײענען איר חתנס בריװ. די צװײ פֿרױען זענען צוגעצױגן געװאָרן אײנס צו אַנאַנדער נאָך אײדער זײ האָבן געהאַט אױסגערעדט צװישן זיך אַ װאָרט. אַנעט האָט דערשפּירט אין איר דאָס שטילע געזאַנג פֿון אַ קװאַל אין מיטן פֿעלד. און לידיאַ האָט געלײענט אין דעם צאַרטן שמײכל פֿון דער עלטערער שװעסטער, אַז זי האָט געהאַט דעם שליסל

צו אָט־דער מוזיק — זי, די איינציקע אין גאַנצן הויז. עס איז איר געווען אַנגענעם צו ווערן פאַרשטאַנען. אָבער וועגן דעם דאָזיקן געזאַנג פון האַרצן האָבן זיי צווישן זיך גאָרנישט ניט גערעדט. אין דעם דאָזיקן געהויש פון וואָפן איז געווען פאַרבאָטן זיך איינצוהערן צופיל אין דער מעלאָדיע פון די טעג פון שלום, אין דער פלייט, וואָס וויינט איבער דעם פאַרלוירענעם גליק. לידיאַ האָט געלייענט די בריוו פון איר געליבטן, וועלכער האָט גערעדט וועגן דער דערהויבענער פליכט פון די סאָלדאַטן פון דער ציוויליזאַציע. דער יונגער סטאָאיקער האָט זי אָנגעהעפט אָן זיין אייזיקער שטראָלעדיקייט און די פאַרליבטע לידיאַ האָט מיט אַ פריידיקן ציטער זיך אין איר געבאָדן. די וואַרעמקייט פון איר ברוסט האָט פונאַנדערגעשמאָלצן דעם שניי פון זיינע אידייען. זי איז נאָך אַלץ געווען אַ קינד; די כמורע אָפּערוויליקייט איז געווען באַגילט מיט אילוזיע; די העלדישקייט איז געווען פאַר איר האַלב שפּיל. זי האָט געוואוסט, אַז עס איז געווען געפערלעך, זי האָט אָבער געגלויבט, זי האָט געוואָלט גלויבן אין דעם שוץ פון אַ גאָט, פון איר גאָט, וואָס האָט געוואַכט איבער איר ליבע. (איר גאָט און איר ליבע,— האָבן זיי דען ניט גע־האַט איין־און־דאָסזעלביקע געזיכט?) זי האָט אויסגעזען צו זיין צוטרויעלעך, גליקלעך, און זי האָט געלאַכט מיט איר גוטן גאָרגלדיקן געלעכטער, ווי עס לאַכן קינדער. דערנאָך האָט זי אויפאַמאָל זיך פונאַנדערגעוויינט און ניט געוואָלט זאָגן פאַרוואָס. און אַנעט האָט אויף איר רחמנות געקראָגן. זי האָט געזען, ווי זי איז גע־וואָרן באַגייסטערט פון די געדאַנקען, וואָס זי האָט זיי געהאַט פאַר־געלייענט מיט ברען, אין איין אָטעם, ביז זי האָט זיך פאַרהאַקט און איז געבליבן שטיין... (האָט זי זיך ניט טועה געווען מיט אַ וואָרט? זי האָט זיך אַנטשולדיקט מיט אַ בליק, מיט אַ פאַרלוירענעם, צויבערדיקן שמייכל). און אַנעט האָט באַקומען אַ פאַר־לאַנג זי איינצושליסן אין אירע אָרעמס און איר זאָגן:

— מיין מיידל, דאָס, וואָס דו זאָגסט מיר, זענען ניט דיינע ווערטער. ליייג צו דיין שטערן צו מיין מויל! ווען דו שווייגסט, הער איך דיין האַרץ...

עס איז אָבער ניט גוט געווען, אַז זי זאָל עס הערן. לידיאַ איז געווען גערעכט. זאָל זי פאַרלייענען די אויסגעלערנטע ווערטער,

וואָס האָבן איר געבראַכט פאַרגעסנקייט! די אידייען האָבן איינגע־שלעפערט איר האַרץ.

דאָס גאַנצע הויז איז געווען דורך זיי פאַרשיכורט. די באַגייס־טערונג האָט דערגרייכט איר העכסטן פונקט אין לויף פון די טעג, פון די פינף טעג, וואָס עס האָט געהאַט אויסגעבראָכן די שלאַכט פון די פעלקער. די נאַטירלעכע אינסטינקטן פון זעלבסטשוץ, פון קעגנזייטיקער הילף, פון גלאָריע און פון אָפערוויליקייט האָבן זיך פריי פונאַנדערגעשפּילט... און דעמאָלט איז געקומען דער טאָג, ווען אויף נאָטר־דאַם־פּלאַץ האָט די מאַסע געבעטן צו דער יונגפרוי און דער קאַרדינאַל, פון דער גאַלעריע פון קאַטעדראַל, האָט אַרונ־טערגעשליידערט דאָס וואָרט:

— נצחון!

---

דערנאָך איז אַלץ געבליבן שטיין. די פליגל פון באַגייסטע־רונג זענען אונטערגעבראָכן געוואָרן. די נשמה איז צוריקגעפאַלן.

פון אָקטאָבער אָן איז די טעטיקייט געוואָרן שוואַכער. די העכסטע געפאַר איז געווען פאַרביי. דער דאָרן איז שוין פון לאַנג געווען אַריינגעשטאָכן אין דעם אייטערדיקן לייב. מען האָט באַ־דאַרפט זיך אָרגאַניזירן צו לעבן אַזוי יאָרנלאַנג. ווער אָבער האָט געקאָנט באַגעגענען אָט־די יאָרן מיט אַ פעסטן געמיט? מען האָט זיך אַליין גענאַרט, מען האָט גענאַרט איינס ס'אַנדערע. כדי אויפצוהאַלטן די באַגייסטערונג, האָט מען אָנגעווענדט קינסט־לעכע מיטלען: די פאַרפירונג און די גרויזאַמקייטן פון דער פרעסע. (די גרויזאַמקייטן האָבן באמת געהערט דער פרעסע: מיט אַ קאַ־ניבאַלישער פרייד האָט זי זיי אויפגענומען און אויסגעטראַכט). און דער עולם, ווי אַ שיכור, איז אין זיין באַטויבונג אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך די אָנפאַלן פון רויטער שנאה.

דאָס הויז האָט זיך געקאָכט אין זיין אייגענעם זאַפט פון לייד, אויפרעגונג, אומגעדולד און לאַנגווייל. דער ווינטער האָט זיך געשלעפּט. דאָס קרענקלעכע אויפיערן פון די נשמות האָט זיך באַוויזן אין טריבן ליכט.

די צוויי אַנטריניקע פון צפון, אַפּאָלינע און אַלעקסיס קוויערסי,

זענען פאַרבליבן ביי אַנעטען. זי האָט זיי געהאַט אַריינגענומען צו זיך אויף עטלעכע וואָכן, ביז וואַנען דער ברודער וועט זיך שטעלן אויף די פיס און זיי וועלן געפינען אַן אַנדער וואוינונג און באַשעפ־טיקונג. זיי האָבן עס אָבער ניט געזוכט. עס האָט זיי אויסגעזען נאַטירלעך, אַז אַנעט זאָל זיי האַלטן ביי זיך, און זיי האָבן מיט קיין זאַך זיך ניט געשטערט. זיי האָבן זיך גאָרנישט גערעכנט, צי איז זי געווען בכוח זיי צו האַלטן. זיי האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף קרבנות, וואָס גאַנץ פראַנקרייך איז זיי שולדיק געווען אַ חוב. עס איז געקומען דערצו, אַז אַפּאָלינע האָט זיך בעקלאָגט אויף דער וואוינונג: דאָס עס־צימער איז געווען צו ענג פאַר זיי. זי איז, אמת, ניט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי זאָל פאָדערן ביי אַנעטען איר צימער; ווען אָבער מען וואָלט עס איר געווען געגעבן, וואָלט זי ניט מער ווי געזאָגט: „אַ דאַנק!"

מאַרק איז געווען פאַרצווייפלט. ער האָט געפילט צו אָט־דער פרוי אַ מין עקל, וואָס האָט אים געהאַלטן פאַרצוויבערט.

זיי זענען געווען מאָדנע אורחים. אַלעקסיס האָט פאַרבראַכט אַ טייל פון זיינע טעג ליגנדיק. אַפּאָלינע איז ווייניק וואָס אַרויס־געגאַנגען, און עס איז ניט געווען קיין גרינגע זאַך צו פועלן ביי זיי, זיי זאָלן אויסלופטערן דאָס צימער. זיי זענען געזעסן פאַרשלאָסן און האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט. אַלעקסיס איז פון נאַטור אויס געווען אַ שווער מענטש און דאָס לויפעניש, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אין חודש אַווגוסט, האָט אים אינגאַנצן גע־ליימט געמאַכט. ער האָט געהאַט בלאָנדע, נידעריק־געוואַקסענע, געקרייזלטע האָר, אַ שמאָלן, בולטן שטערן, קליינע, וואַסערדיק־בלויע אויגן, דיקע ליפּן און אַ מויל, וואָס ער האָט עס שטענדיק גע־האַלטן אָפן אויף צו אָטעמען. ער איז געווען געראָטן אין זיין שוועסטער, זי אָבער האָט געטראָגן די הויזן. ער האָט גערעדט ווייניק, איז שטענדיק געווען פאַרזונקען אין אַ פאַרגלעזטן שלומער, אָדער געמאַכט מיט די ליפּן, טוענדיק תפילה. תפילות זענען אַ וויגבעטל, וואו עס ווערט פאַרוויגט דער שלומערדיקער גייסט. דער ברודער און די שוועסטער זענען געווען פרום אויף זייער אייגענעם שטייגער. גאָט איז געווען זייערער, זיי האָבן זיך באַזעצט ביי אים אַזוי ווי ביי אַנעטען: זאָלן אַנדערע זיי הייסן גיין פון

דאָרטן. שווערפיסיק, אָבער קלאָמערדיק, האָט אַלעקסים זיך פאַר־שטייפט מיט אַ הארטער קאָרע. ער האָט דאָס באַוועגן זיך אי־בערגעלאָזט פאַר אַפּאָלינען.

אַ ברוטאַלע ענערגיע האָט געדרעמלט אין אָט־דער מיידל. שעהן־לאַנג האָט זי זי געהאַלטן פאַרשטיקט אין זיך, זיצנדיק אַן איינגע־בויגענע איבער איר געניי און באַוועגנדיק רעגלמעסיק איבער דעם אירע אומגעדולדיקע פינגער. אָבער מיטאַמאָל האָט זי האַסטיק אַוועקגעשליידערט פון זיך די אַרבעט, האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען שטויסן מיט די פיס: זי האָט זיך געלאָזט גיין נאָכאַנאַנד אַרום דעם שמאָלן שטח צווישן דעם בעט און דעם פענצטער; איז געבליבן שטיין, כדי אויפצוהויבן דעם פויסט אויף אַן אָפּגעדוכטן שונא; האָט גערעדט וועגן אויסדראַפּן אים מיט די נעגל די אויגן; האָט אַלץ גערעדט און גערעדט מיט אַ שטים, וואָס האָט געקלאַנגט, געברומט, געדראָט און זיך מאַנאָטאָן איבערגעחזרט. צום סוף האָט זי זיך ראַפּטאָם אַ וואָרף געטון אויף איר ברודערס בעט און אים געדריקט צו זיך מיט אַ שטראָם הארציקע ווערטער. זיינע ווערטער, מאָנאָטאָן־קלאָגעדיקע, האָבן זיך אויסגעמישט מיט אירע, ביז זיי זענען, ענדלעך, אַנשווינן געוואָרן. און עס האָט אויסגעזעזן, ווי דער טויט וואָלט געווען אין צימער...

מיט אַזוינע שכנים האָט מען ניט געקאָנט לעבן במנוחה. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט זיך צופיל צו באַקלאָגן: מען האָט אויף זיי רחמנות געהאַט; מען האָט אויך געדאַרפט זען צו זיין געדולדיק מיטן צווייטן. יעדער איינער האָט געהאַט געליטן. זיי אָבער האָבן געקראָגן מער ווי עס האָט זיך געזאָלט אָננעמען אויף זייער חלק: איידער זיי זענען געווען אַנטלאָפן, האָבן זיי געהאַט געזען, ווי זייער הויז, אינאיינעם מיט זייער קראַנקער מוטער, זענען אַוועק מיטן פייער, ווי מען האָט דערשאָסן זייער אַלטן דינער. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט געהאַט אויפגעטרייסלט זייער גאַנץ וועזן. אַ צוגעוויינטע צו צרות, האָט אַנעט זיך געפילט גע־צוואונגען צו ליידן פון אָט־די שווערע געסט. פון אַלע מענטשן איז זי געווען די איינציקע, צו וועמען אַפּאָלינע איז געווען צוגע־לאָזן. זייערע באַציאונגען זענען ווייטער דערפון ניט געגאַנגען. די דאָזיקע צערודערטע נאַטור פלעג אָן שום איבערגאַנג אַ שפּרונג טון

פון גראָבער פיינטלעכקייט צו לייכטער סימפאַטיע, כדי באַלד צוריקצופאַלן צום זעלביקן פונקט. אין די זעלטענע מאָמענטן, ווען זי איז געווען צוגעלאָזן, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז זי האָט דערפילט אין אַנטעם נאַטור אייניקע שטריכן פון קרובהשאַפט. עס זענען ניט געווען קיין שטריכן, וואָס עס זאָל אַנטעמען געווען זיין אַנגענעם זיי צו דערקענען, זי האָט זיך דערפון געפילט זשענירט. ווען דער פאָרהאַנג איז צווישן זיי צוריקגעפאַלן, האָט זי דערפילט אַ דערלייכטערונג. אָט־די מאָמענטן פון דערנעענטערונג זענען אָבער געווען זעלטן; גיכער האָט זי, אַפּאָלינע, זיך באַגראָבן ענגאַ־איסטיש אין דער זומפיקייט פון איר צערודערטער, ווילדער נשמה. אַ גערוך פון פיבער האָט זיך פון דאָרט געטראָגן. מאַרק, ווי אַ יונגער הונט אויף אַ קייטל, האָט געצויגן אָט־דעם גערוך מיט עקל, מיט גערייצטקייט. ער האָט אים פיינט געהאַט און אים נאָכגעשפירט. און די דאָזיקע אַטמאָספערע פון פאַרפעסטיקטער ליידנשאַפט האָט שווער געדריקט אויף אַנעטען אין די נעכט אָן שלאָף.

עס איז געווען, ווי אַ זומפיקער דאַמף וואָלט זיך געזיפּט אונטער די טירן, איבער דער גאַנצער לענג פון די שטיגן. אויפן זעלביקן גאָרן, די צווייטע טיר פון אַנעטעס, איז קלאַריסע געלעגן פאַרשלאָסן און האָט געציטערט. זי האָט קיינעם ניט געוואָלט זען. זי איז געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט. זי האָט געפילט אין זיך נאַכט און קעלט. עס האָט אויסגעזען, ווי דאָס גאַנצע בלוט אירס וואָלט געבליבן שטיין. זי האָט זיך געפילט ווי די קאָרע פון אַ געפרוירענעם בוים, וואָס האָלט ביים פאַרשטיינערט ווערן. קוים האָט די וואַרעמקייט אָנגעהויבן צוריק ווייען אויף איר, ערשט עס זענען אָנגעקומען די נייעס פון דעם, וואָס איז געווען אַוועק. זי האָט זיי געלייענט מיט טרוקענע אויגן און מיט אַ פאַרגליווערט האַרץ: מיט זיין אַוועקגיין האָט ער געהאַט אַוועקגערויבט פון איר די זון פון אירע נעכט. איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט זי אים צוזאַמענגעדריקט און געהאַלטן אַ צעקנייטשטן אין פויסט. דאָך האָט זי אים געענטפערט מיט אַ קורצן, קאָלירלאָזן בריוול, אויסלאָזנדיק אַלץ, וואָס זי האָט אַליין געליטן אָדער געוואָלט אים מאַכן

צו לײדן. זי האָט ניט געמאַכט קײן אָנשטעל; זי איז געװען פון יענע מענטשן, װאָס דאָס שרײבן זעט זײ אױס צו זײן גע־מאַכט נאָר אױף צו רײדן װעגן דעם, װאָס עס קומט פאָר אַרום, ניט אָבער אין דער טיפעניש פון דער נשמה, װאָס מען טוט, ניט אָבער װאָס מען דענקט, װאָס מען איז. אפילו צו זיך אַלײן האָט זי קײנמאָל װעגן דעם ניט גערעדט. כדי זיך צוזאַמענצורײדן מיט איר האַרץ, װאָלט זי באַדאַרפט פילן װי דאָס האַרץ קלאַפּט. איר האַרץ אָבער איז געװען צונױפגענומען פון פראָסט. אפילו דאָס לײדן אירס איז געװען פאַרגליװערט. און די פאַרביטערטקײט אירע איז געװען װי אַן אײזערנע שטאַנג.

אין פרילינג אָבער איז דאָס אײז צעגאַנגען. אײנמאָל האָט מאַרק זי געהערט לאַכן. זי איז געגאַנגען הין און צוריק איבערן צימער און האָט געקוקט אױף זיך אין שפּיגל. מען האָט זי דער־נאָך באַגעגנט אױף די טרעפּ. זי פלעג שפּעט אַרױסגײן פון הױז. זי איז געװען אָנגעטון מיט געשמאַק: אַ פּאַריזער מײדל, האָט זי געהאַט אַ חוש פאַר קלײדן זיך; די ליניעס פון איר קערפּער זענען געװען גראַציעז און אירע באַװעגונגען זענען געװען בײגיק װי די באַװעגונגען פון אַ קאַץ; זי האָט אױך געהאַט אין זיך דאָס שלומערדיקע פײער פון אַ קאַץ און די קעלט אין די אױגן. זי האָט זיך דורכגעשלײכט אָן גערױש; זי האָט אױסגעמיטן זיך אָפּצושטעלן; זי האָט באַגריסט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ; האָט אימיצער זיך געװענדט צו איר, האָט זי געענטפערט מיט העפ־לעכער צוריקגעהאַלטנקײט און איז זיך געגאַנגען איר װעג װײטער; זי האָט ניט געהאַט קײן חשק צו מאַכן װאָסער־עס־איז אױסטױש פון מײנס און דײנס:

— איך גײ זיך מײן װעג, איר גײט זיך אײערן!...

זי איז געװען װי אַן אױסלענדערין. מענטשן װעלן אָבער אַלצדינג גיכער מוחל זײן, אײדער דאָס אָפּזאָגן זיך צו עסן מיט זײ פון אײן שיסל. דאָס יונגע װײבל איז געװען אײנגעהאַמעט אין בײזװיליקע געדאַנקען. זי האָט װעגן דעם זיך ניט געקימערט. די שכנים האָבן דאָך געהאַט צופיל צו טון, אַז זײ זאָלן היטן אירע טריט. נאָר אײנער האָט נאָכגעשפּירט איר קומען אַהײם אין דער נאַכט, און זײן פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט: דאָס איז געװען מאַרק.

שטענדיק ער... ער איז געווען גוט ארומגערינגלט! רעכטס און לינקס פון זיין בעט אט־די נארישע יונגפרויען. זייערע ברענענ־דיקע לייבער... א ווינט פון לוסט האט געבלאזן אויף פאריז, — לוסט, די שוועסטער פון שנאה.

די שנאה קאן אויך זיין צניעותדיק. אין דער פאמיליע בער־נארדין איז זי געווען פארבונדן מיטן מאן פון לייד. די „תפילה פאר שלום", וואס דער הייליקער פאטער האט זי געהאט ארויסגעשיקט צו דער קריסטלעכער וועלט, איז איבערגעכאפט גע־ווארן פון דעם שטאט און פון דער קירך. די צוויי חברים האבן געמאכט יד־אחת: עס איז געווען דרינגלעך נויטיק דורכצולופטערן די שטים פון דעם אלערהעכסטן. די גלויביקע האבן מורד געווען. דאס בלוט פון די גאליער האט געזאטן אין די אדערן. דער אלטער בערנארדין, א גאטספארכטיקער, אבער א מענטש מיט פייער, האט געשטורעמט קעגן דעם אויסלענדישן פויפסט. צום גליק האבן אין פראנקרייך ניט אויסגעפעלט קיין הייליקע מענער, וואס זאלן קאמו־פלאזשירן גאטס ווארט...

— הייליקער פאטער, דיין הייליקייט הייסט אונז בעטן נאט אויף שלום... זייער גוט! מיר וועלן דאס קלאר מאכן... דיין ווילן זאל געשען, אויב נאר דאס וועט אויך זיין אונזער ווילן!... שלום, שלום, מיינע ברידער...

— שלום, דאס איז נצחון, — האט דאס געוועלב פון דער נאטר־דאם־קירך נאכגעזאגט הכנעהדיק נאכן קארדינאל־ארציביסקופ.

און דער באגילטער סופיט פון דער מאגדעלען־קירך האט אויס־געזונגען:

— שלום, האר פון הימל, דער אמתדיקער שלום, דאס איז דיין שלום, — דאס הייסט, אונזער שלום, — ניט אבער דער אנדערער שלום, דעם שלום פון שונא, וואס מיר ווילן אים פארטיליקן!...

עס האט זיך געהאנדלט נאר אין „באשטימען"...

אזוי ארום האבן די קריסטלעכע געוויסנס זיך בארואיקט. די פאמיליע בערנארדין האט זיך דערקלערט גאנץ צופרידן מיטן פויפסט און מיט זיינע הירטן. ביים אלטן מאגיסטראט האט דער

געדאַנק ווענן מדריך־זיין דאָס פֿאָלק זיך אויסגעמישט אויף אַ קוריאָזן אופֿן מיט דער בייזוויליקער פֿרייד צו האָבן אויסגעטייטשט, להיפוך צום אמתדיקן זינען, אַ טעקסט פֿון געזעץ: דער קאָפּ גע־בויגן פֿאַרן אַלטאַר, די אויגן פֿרום, פֿאַרעקשנט, און אַ דינער שמייכל, דורכצוקנדיק איבער זיין האַרטער באָרד...

— דאָס איז געווען אַ פֿיין שטיקל אַרבעט... „דיין ווילן זאָל געשען!"... הייליקער פֿאָטער, מען האָט זיך מיט דיר אַ שפּיל געטון...

און פֿאָטער סערטילאַנזש האָט געמאַכט צו וויינען פֿון עקס־טאַז די אָרעמע פֿרויען, וועלכע האָבן געזען קריסטוסן ווי אַ פֿראַנ־צויזישן סאָלדאַט, אינאיינעם מיט זייערע זין, אין די שוצגראָבנס פֿון גת־שמן. דורך אַ שווינדערלעכער פֿאַרוואַנדלונג האָט דאָס שלאַכטפֿעלד זיך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר זייערע רויט־געוואָרענע אויגן און געריִרטע הערצער ווי אַן אַלטאַר, וואו אין אַ בעכער פֿון בלאַטע און פֿון גאָלד, פֿון פּיין און פֿון גלאָריע, איז געבראַכט געוואָרן דער קרבן פֿון געטלעכן בלוט.

די ערשטע צו טרינקען דערפֿון, ביז צו דער שיכּרות פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, איז געווען לידיאַ מיוריזיע מיט איר יונגן מויל, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן אויף צו קושן.

דער געליבטער איז געפֿאַלן אין די ערשטע טעג פֿון סעפּ־טעמבער. אַ לאַנגע צייט האָט מען דערפֿון ניט געוואוסט. אין דעם געמיש פֿון די צווייפֿגעשטויסענע טרופּן, וואָס האָבן אטאַ־קירט, די קעפּ אַרונטערגעלאָזן אַקעגן אַ וואַנט פֿון פֿלייש, טראַמפּ־לענדיק די טויטע קערפּער, האָט אויסגעפֿעלט צייט אויף צו מאַכן דעם חשבון. לידיאַ, אַ צוטרוילעכע, האָט נאָך געלייענט די בריוו פֿון דעם לעבעדיקן, ווען שוין זינט פֿופֿצען טעג איז ניט געווען פֿאַרבליבן קיין זכר פֿון זיין געביין. דאָס פֿאָטערלאַנד איז געווען געראַטעוועט און מען האָט זיך ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן, אַז די רע־טער זאָלן דאָס אויך ניט זיין. אין אָקטאָבער איז דער טויט־אורטייל געפֿאַלן אויפֿן הויז. זיין גרויזאַמקייט האָט ניט איבערגע־לאָזט קיין שום צווייפֿל. אַ חבר האָט אָנגעגעבן דעם טאָג, די שעה און דעם פּלאַץ. דער אורטייל איז געפֿאַלן. קיין זאַך אין הויז

האָט, דאַכט זיך, זיך ניט געביטן. מאָסיע זשירער האָט זיך פאַר־שלאָסן. אָן דעם הויזאויפזעער, וואָס קיין זאַך איז פון אים ניט געוועזן פאַרהוילן, וואָלט קיינער דערפון ניט געווען געוואוסט. לידיאַ האָט פאַרבייגעשלייכט ווי אַ שאָטן; זי איז געקומען צו איר שווער; זי האָט איצט נעוואוינט מיט אים. אָבער די וואוינונג האָט אויס־געזען צו זיין פאַרלאָזן. מען האָט קיין קלאַנג פון דאָרטן ניט געהערט. אַנעט איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דער טיר און איז אַרונטער פון די שטיגן. די שטילקייט האָט זי געשטיקט; זי האָט זיך ניט דערוועגט זי צו צעברעכן...

זי האָט אָנגעקלאַפּט. לידיאַ האָט אינגיכן געעפנט. אין דעם שאָטן פון קאָרידאָר האָט מען ניט אַרויסגעזען אירע געזיכט־שטריכן. די צוויי פרויען, ניט אויסצורעדן קיין וואָרט, האָבן זיך אַרומגע־נומען. לידיאַ האָט געוויינט אין דער שטיל. אַנעט האָט דערפילט אויף איר באַק די טרערן, רינענדיק אַרונטער פון אירע ברענענדיקע אויגנלעדלעך. לידיאַ האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט און זי אַריינגעפירט צו זיך אין צימער. עס איז געווען זעקס אַזייגער פאַרנאַכט און דאָס צימער איז געווען באַלויכטן ניט מער ווי דורכן ליכט פון דערבייאיקן צימער. מאָסיע זשירער האָט דאָרט געמוזט זיין, עס האָט אָבער פון דאָרט קיין שאָרך זיך ניט געהערט. אַנעט און לידיאַ האָבן זיך אַוועקגעזעצט. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט און גערעדט מיט אַ נידעריקער שטים. לידיאַ האָט גע־זאָגט:

— איך פאָר היינט אויפדערנאַכט אַוועק.

— וואוהין פאָרט איר?

— איך פאָר אים געפינען.

אַנעט האָט זיך ניט דערוועגט צו שטעלן איר פראַגעס.

— וואו?

— דאָרט, וואו עס שלאָפט מיין געליבטער.

— ווי אַזוי?

— יאָ, דאָס שלאַכטפעלד איז שוין איצט פריי.

— אָבער ווי אַזוי וועט איר קענען, צווישן אָט־די אַלע טויזנטער?...

— ער וועט מיר אָנווייזן. איך ווייס, אַז איך וועל אים גע־פינען.

אַנעט האָט געוואָלט אויסרופן:

— פאָרט ניט! פאָרט ניט!... ער לעבט אין אייך. פאָרט ניט אים זוכן אין דעם גערוך פון די שלאַכטהייזער!

זי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז לידיאַ איז מער ניט געווען פריי: אַנעט האָט אָנגערירט אירע הענט, אָבער דאָס האָט דער טויטער זיי איצט געהאַלטן. זי האָט געזאָגט:

— מיין אָרעם קינד, קאָן איך אייך אפשר באַלייטן?

לידיאַ האָט געענטפערט:

— אַ דאַנק!

און אָנווייזנדיק אויף דער באַלויכטענער טיר:

— מיין פאָטער פאָרט מיט.

זיי האָבן זיך געזעגנט.

און אָוונט האָט אַנעט געהערט זיך אַרונטערלאָזן פון די טרעפּ דעם לייכטן טראָט און דעם שווערן טראָט פון די צוויי אָפּפאָרנ־דיקע.

אין צען טעג אַרום זענען זיי געקומען צוריק פּונקט אַזוי שטיל, ווי זיי זענען געווען אַוועק. אַנעט האָט פון דעם ניט גע־וואוסט, ביז איינמאָל האָט זי דערהערט אַ קלונג: זי האָט גע־עפנט די טיר און דערזען אויף דער שוועל לידיאַן אין טרויער־קליידער און מיט איר האַרצברעכערישן שמייכל אויף די ליפּן. עס איז איר אויסגעקומען, ווי זי וואָלט געזען פאַר זיך איירידיס, וועלכע קומט צוריק אָן אָרפעיוסן. זי האָט זי אַרומגענומען און כמעט אַריינגעטראָגן צו זיך אין צימער. זי האָט צוגעשלאָסן די טיר. די קליינע כלה האָט זיך געאיילט צו דערציילן וועגן איר נסיעה צום לאַנד פון די טויטע. זי האָט ניט געוויינט. עס איז געווען אין אירע אויגן אַן עקסטאַטישע פרייד, אָבער דאָס האָט נאָך מער צעבראָכן דאָס האַרץ. זי האָט געמורמלט:

— איך האָב אים געפונען... ער האָט מיר געוויזן דעם וועג... מיר האָבן געבלאָנדזעט איבער וויסטע פעלדער, צווישן קברים. מיר זענען געווען מיד און אַנטמוטיקט... ווען מיר זענען צוגעקומען נאָענט צו אַ וואַלד, איז געווען גלייך ווי ער וואָלט מיר געזאָגט:

„קום!"... אַ קליין ווענדל פון יונגע דעמבן־ביימלעך... עס איז געווען פול מיט פאַרבלוטיקטע וועש, בריוו און טראַנטעס... אַ רעגי־מענט איז דאָרט איינגעהאַמעט געוואָרן... איך בין געגאַנגען. מען האָט מיך געפירט. דער פאָטער האָט געזאָגט: „צו וואָס? עס איז גענוג. לאָמיר זיך אומקערן!" צופוסנס פון אַ דעמב, אַן אַ זייט, האָב איך זיך אָנגעבויגן און אויפגעהויבן פון מאָך אַ שטיקל פאַ־פיר. איך האָב עס באַטראַכט... מײַן בריוו! דעם לעצטן, וואָס ער האָט געעפנט!... און זיין בלוט איז געווען דערויף... איך האָב געקושט דאָס גראָז. איך האָב זיך אוועקגעלייגט אויפן פלאַץ, וואו ער איז געווען געלעגן. עס איז געווען אונזער בעט. איך האָב זיך געפילט גליקלעך. איך האָב דאָרט געוואָלט שטענדיק שלאָפן. די לופט איז געווען פול מיט העלדישקייט...

אין איר שמייכל איז געווען די פרייד פון יאוש. אנעט האָט זיך ניט דערוועגט מער צו קוקן אויף איר...

מאַסיע זשירער האָט אויסגעזען צו זיין פאַרשטיינערט. אַ פאַרהאַרטעטער, האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיין ארבעט. ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט. אָבער אין זיין קורס, אין זיינע לעקציעס, אין פייערדיקע ארטיקלען האָט ער געפּרעדיקט אַן אומ־רחמנותדיקן קרייצצוג. ער האָט געפלאַמט מיט צאָרן, האָט גע־טויט דעם שונאס נשמה, האָט זי געבייטשט, האָט זי אָפּגעשניטן פון דער מענטשהייט. אין הויז האָט אים יעדער איינער באַגריסט, אָבער אויסגעמיטן: זיין בליק, ווען ער פלעגט פאַרבייגיין, האָט אויס־געזען צו זיין אַ פאַרוואורף פאַר די, וואָס האָבן נאָך געלעבט. זיי האָבן זיך געפילט שולדיק אנקעגן אים. און זייער אינסטינקט צו געפינען אַ שעיר־לעזאזל האָט צונויפגענומען אין איין הויפן אַלע חטאים, גרייט זיי צו שליידערן אויף דעם מענטשן פון אויבערשטן גאָרן, — אויף דעם, וואָס איז ניט געווען אַוועק.

קלאַפּיע (זשאָזעפען), דער יונגערמאַן מיטן שוואַכן האַרץ... דאָס האַרץ פון אַן אמתדיקן פראַנצויז איז שטענדיק גוט גענוג צו שטאַרבן אין קאַמף... ער אָבער איז געווען פון יענע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט געבראַכט אויף אונזערע קעפּ די מלחמה און די אינוואַזיע: — די פּאַציפיסטן!...

אַן אײדעלער און שטילער בחור, אַ גוטער שרײבער, װאָס האָט קײן זאַך ניט פֿאַרלאַנגט פֿאַר זיך װי נאָר צו לעבן זיך רואיק מיט זײן פּען און מיט זײנע ביכער. יעדן מאָל, װען ער האָט זיך געהאַט אַריבערגעבױגן איבער דעם געלענדער פֿון די שטיגן, האָט ער אַרײנגעאָטעמט דעם ריח פֿון חשד, װאָס איז געגאַנגען אַרױף צו אים. װען ער איז פֿאַרבײגעגאַנגען, האָבן די טירן זיך האַלב פֿונאַנדערגעעפֿנט, כּדי אים נאָכצוקוקן. די מענטשן האָבן אָבער זיך געמאַכט, אַז זײ זעען אים ניט, װען ער האָט זײ באַגריסט. אײנגעבױגן אין דרײען בײ זיך אין הױז, האָט בראָשאָן געקוקט אין אַן אַנדער זײט; אַרױסגײענדיק אָבער אײנמאָל אין גאַס אַרױס, האָט קלאַפּיע דערזען, װי בראָשאָן גײט אים נאָך פֿון דער־װײטנס. און אױף די טרעפּ פֿון זײן גאָרן האָט ער געלײענט שפּאָטישע באַלײדיקונג אין די אױגן פֿון די אַרבעטערס פֿרױען...

אַריבער אַ העלפֿט דערפֿון האָט ער אױסגעטראַכט. אױסטראַכטן איז געװען זײן פּראָפֿעסיע. ער האָט געהאַט אַ פֿאַנטאַזיע, װאָס האָט געשװימט װי אַ גלאָז שאַמפּאַניער. ער האָט געשװעבט אין די הימלען. ער האָט געלעבט אײנער אַלײן, אָבער דער עסטעטיזם איז ניט גענוג צו קאָנען לאַנג אױסהאַלטן די אײנזאַמקײט פֿון געדאַנק. דערצו דאַרף מען האָבן כאַראַקטער. דאָס דאָזיקע אַרטיקל געפֿינט זיך ניט אױפֿן דעק פֿון טינטער. שײנע װערטער פֿאָדערן פֿײנע אױפֿפֿירונג. װען אָבער מען פֿירט זיך אױף שלעכט, זענען די שײנע װערטער גורם צו זאָגן ליגן. עס איז זײ, דעריבער, ניט אָנגעקומען צו שװער צוצופּאַסן קלאַפּיען, אינאײנעם מיט זײן פּאַ־ציפֿיזם, צו דער שײנער אַרבעט, װאָס עס האָט געפֿאָדערט פֿון זײ דער בײזער אָטעם פֿון הױז. ער האָט זיך אָנגעגעבן אין דער צענ־זור. זײן אַרבעט איז געװען צו עפֿענען בריװ. ער איז ניט געװען קײן שלעכטער בחור. ער האָט קײנעם קײן שלעכטס ניט גע־װאונטשן. אַזױ װי אָבער די שװאַכע, װען זײ גײען אַרונטער פֿון גלײכן װעג, גײען זײ אַלעמאָל אַװעק װײטער פֿון די שטאַרקע, האָט ער איבערגעכאַפּט די מאָס מיט זײן געטרײשאַפֿט. ער האָט פֿאַרדאַמט די אינטריגעס פֿון דעם פּאַציפֿיזם. ער האָט ניט גע־רוט צו צװינגען זײנע אַמאָליקע חברים, זײ זאָלן, פּונקט װי ער, קומען קײן קאַנאָסאַ. אַ רענעגאַט חלשט צו האָבן צו זיך חברים.

ווי איז געווען ד'עם, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אנקעגן! דער וואוילער בחור מיט די ווייכע הענט האָט גענומען פילן, ווי די קרעלן פון שטאָט וואקסן אים אַרויס פון די שפּיץ פינגער. זיין קורצאָטעמדיק הארץ האָט גענומען שלאָגן ווי דאָס הארץ פון גרויסן קאָרנעיל. ער איז געוואָרן אַ רוימער. ער איז געווען גרייט מקריב צו זיין אַפילו זיינע אייגענע, ווען ער זאָל זיי נאָר געווען האָבן.

מיט אָט־דעם פּרייז האָט ער געוואונען בראָשאַנס סימפּאַטיע. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס גוטע פּאַט־ריאָטן האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים, ווי עס האָט פון דעמאָלט אָן געטאָן אַנעט, ווען זי האָט אים נאָר דערזען.

---

אַנעט איז געווען אומרואיק. זי האָט פאַרלוירן איר לכתחילה־דיקע זיכערקייט. טעג און חדשים זענען געווען פאַרביי און איר אומרו איז אַלץ געשטיגן. זי האָט געהאַט ווייניק אַרבעט און צופיל צייט צו טראַכטן. און זי האָט דערזען אַרום זיך דעם משונהדיקן גייסט, וואָס האָט געהאַט באַהערשט אָט־די אַלע ווערזנס, — די גרעבסטע און די איידעלסטע. אַלץ איז געווען אומנאָרמאַל, סיי דאָס שלעכטע, סיי דאָס גוטע. די דערהויבענע ליבע, די העל־דישקייט און די מורא, דער גלויבן און דער עגאָאיזם, דאָס גאַנצע מסירת־נפש, — אַלץ האָט געשמעקט מיט קראַנקהייט. און די קראַנקהייט האָט זיך געשטאַרקט, זי האָט קיינעם ניט אויסגע־לאָזן.

דער איינדרוק, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף אַנעטן, איז גע־ווען אַלץ שטאַרקער, ווייל זי האָט אין דעם ניט געזען קיין צו־פעליקייט. זי האָט גאָרנישט געטראַכט צו וואַרפן די שולד אויף אימיצנס ווילן, אינטריגע, אחריות. זי האָט ניט געקענט אָט־די מלחמה, זי האָט געקענט מלחמה בכלל. זי איז געשטאַנען אָן אַ זייט פון אירע שלאַכטן, פון אירע באַראַטונגען; זי האָט ניט געזען דאָס פּנים פון דער חיה; זי האָט נאָר געפילט אויפן געזיכט איר פאַרסמטן אָטעם. מער ווי אַלעמאָל האָט די מלחמה איר איצט אויסגעזען ווי אַ פאַקט פון דער נאַטור (דאָס פונאַנדער־פאַלן איז נאַטירלעך אין דעמזעלביקן גראַד ווי דאָס וואַקסן איז אָרגאַניש), כאָטש ווי אַ פּאַטאָלאָגישער פאַקט, אַ פּלאָג פון דער

נשמה. ניט מער, בעת אַנדערע קראַנקהייטן שטעלט מען געוויינט־לעך ניט אַרויס, האָט מען אָבער אָט־די קראַנקהייט אַרויסגעשטעלט ווי אַ מין הייליקייט, האָט מען זי אויסגעצירט אין אידעאַליזם און אין געטלעכקייט, ווי מען באַצירט מיט פּאַפּירענע קווייטען און גאָלד דאָס פלייש אין יאַטקע. קיין איינער פון אָט־די געדאַנקען, אַפילו ניט פון די אויפריכטיקסטע, איז ניט געווען ריין פון ליגן און קנעכטישקייט בנוגע דעם מאַנסטער, וואָס האָט זיי געהאַט אָנגעשטעקט מיט זיין צרעת. אַנעט האָט אין זיך אַליין דערקענט סימנים דערפון. אויך זי האָט געברענט מיט אָט־די ליידנשאַפטן פון מאָרד און אָפּערוויליקייט, מיט אַלץ, וואָס דאָס האַרץ און די חושים האָבן עס ניט אָנגענומען, נאָר דער ליגנערישער גייסט האָט עס אַרומגענומען מיט אַן אָרעאָל. אירע נעכט זענען געווען איבער־געגעבן דעם שווערן און פאַרברעכערישן לעבן פון אירע חלומות.

וואָלט זיך דאָ געהאַנדלט נאָר אין איר אַליין, וואָלט אַנעט אפשר גאָרנישט געווען רעאַגירט אַקעגן אָט־דער פאַרגיפטונג. זי האָט אָט־דעם צושטאַנד געטיילט מיט אַלעמען באַגלייך. זי האָט געהאַט אין דעם אַ חלק, פונקט ווי אין די געפאַרן. פאַרוואָס־זשע האָט זי זיך דערפון אָפּגעטרייסלט? אוודאי וואָלט זי זיך געווען אונטערגעוואָרפן, — מיט חוצפּה, מיט עקל, זיך אָפּזאָגנדיק בלויז פון צו זיין שטאָלץ דערויף, — ווען זי וואָלט ניט געווען צוזען די שרעקלעכע השפּעה, וואָס דאָס האָט געהאַט אויף דעם, וועלכער איז איר געווען טייערער ווי דאָס ליכט פון אירע אויגן.

מאַרק איז געווען אָנגעגריפן. פיל מער ווי די גרויסע, ווייל זיין הויט איז געווען צאַרטער. קיין זאַך דערפון, וואָס איז געווען פאָרגעקומען אין הויז און אויסערן הויז, איז פון אים ניט געווען פאַרהוילן. זיינע אויגן און אויערן, זיין חוש־הריח, זיין גאַנצער קערפּער, ענלעך צו אַ רעזאָנאַנס־ברעט, האָבן אויפגענומען די נער־ווענזע וועלן, וואָס האָבן אַרויסגעשטראַלט פון אָט־די נשמות, אָנ־געלאָדענע מיט עלעקטריציטעט. ער האָט פאַרמאָגט אַן אומ־רואיקן אינסטינקט, וואָס איז געווען פיל צייטיקער פון זיין שכל, און ער האָט דערשפּירט בחוש די פאַרווירטע דראַמען פון געוויסן.

אַ סך פריער פון אַנדערע האָט ער פון אונטער דעם רויכיקן

וואָלקן געלייענט דעם גורל פון זיינע צוויי שכנים, דעם ברודער און דער שוועסטער, — געלייענט ניט צו פאַרשטיין, נאָר געלייענט ביז צום סוף. א סך פריער פון זיין מוטער האָט ער באַנומען די ענדער־רונג, וואָס איז געשען אין קלאַריסע שאַרדאָנע. אַנעט האָט נאָך געזען אין איר די פאַרצווייפלונג פון אַן עלנדער פרוי, בעת ער האָט שוין דערזען דאָס ליניען און דאָס באַדעקן זיך מיט נייע פעדערן. ער האָט זי נאָכגעשפּירט דורך דעם אָפּצאַם, וואָס איז געווען צווישן זיי. ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען, איז ער געווען דאָרט, אויף די טרעפּ, כדי אַריינצואָטעמען דעם שפּור פון מאָסק, וואָס זי האָט געלאָזט נאָך זיך. די קלענסטע ענדערונגען אין איר האַלטונג און אין איר קליידונג זענען פון אים ניט אַדורכגעלאָזן געוואָרן. וואָלט ער געווען איר מאַן אָדער איר געליבטער, וואָלט ער ניט געקאָנט זיך מער אָפּגעבן מיט איר. עס איז אָבער ניט געווען קיין ליבע; עס איז געווען אַ פיבערהאַפטיקע נייגיר, כאָטש ניט קיין אומשולדיקע. אָט־די נשמות, אָט־די קערפּער פון פרויען... צו זען, וואָס עס קומט אין זיי פאָר!... ער האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן איר שול־דיק־זיין נאָך איידער זי איז עס געווען. דאָס האָט זי נאָך רייצנ־דיקער געמאַכט. ער וואָלט וועלן נאָכגיין נאָך איר, — ניין, זיין אין איר! — וואָס קומט פאָר אין אָט־דער ברוסט?... פאַרזוכן אירע פאַרלאַנגען, אירע געהיימע ציטערנישן, אירע פאַרבאָטענע געדאַנקען... זיינע געפילן זענען נאָך געווען ניט מער ווי האַלב־באַשטימט...

איינמאָל, שפּעט אין אָוונט, האָט ער זיך אומגעקערט מיט זיין מוטער אַהיים. ער האָט געזען, — ער האָט געמיינט, אַז ער האָט געזען, — אויף דער טונקל־באַלויכטענער גאַס די פינקלדיקע שוואַרצאַפּלען... קלאַריסע איז פאַרביי מיט אַ באַלייטער. ער האָט אַרויסגעלאָזן אַן אויסגעשריי פון איבעראַשונג און אַרונטערגע־לאָזן אין אַ מאָדנער שעמעוודיקייט די אויגן, כדי זי זאָל ניט וויסן, אַז ער האָט זי געהאַט געזען. אַנעט, וועלכע האָט געהערט זיין אויסגעשריי, האָט זיך פאַרוואונדערט. ער האָט זיך געאײַלט אָפּ־צואווענדן איר אויפמערקזאַמקייט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז זיין חוב צו באַשיצן קלאַריסען. דערנאָך אָבער האָט ער זיך אַליין אויסגערעדט, פאַרוואָס ער האָט זיך ניט געהאַט גוט איינ־

געקוקט. איז דאָס געווען זי? ער איז מער ניט געווען זיכער. ער האָט זי פאַרצוקט... זי? ניין. די אומבאַוואוסטע פרוי.

די דאָזיקע מאַניע האָט אָנגעפּילט זיינע נעכט. זי האָט געשטראָמט פון אָט־דעם הויז, פון דער אַטמאָספערע פון אָט־דער שטאָט אין קריג, ווי עס גייט אויף אַ דאַמף פון דער הייסער ערד, אונטער דער איבערדעק פון אַ שטורעמדיקן ווייס־אָנגעגליטן הימל. דאָס ווארטן, די אומרו, די לאַנגווייל, די אבלות און דער טויט האָבן פונאַנדערגעפלאַקערט די לוסט. קלאַריסע איז ניט געווען די איינציקע פון אָט־די געריירטע נשמות.

פערעס טאָכטער פלעג מער ניט קומען אַהיים. דער פאָטער איז דאַרט ניט געווען צו וואַכן איבער די ווילדפערעט־גנבים; און איז דאָס ווילדפערעט איינמאָל אַוועקגעגנבעט געוואָרן, אַזוי האָט די מוטער קיין בעסערס ניט געקאָנט טון ווי צו וויינען און אַרויסצוטרייבן דאָס מיידל פון הויז. מאַרק האָט דערביי גאָרנישט ניט אָנגעוואוירן. זי האָט זיך גערופן מאַרסעלינע. עס איז געווען כמעט ווי דאָס וואָלט געווען ער אַליין . . . אָט־די חוצפּהדיקע בחורטע מיט אירע לאַכעדיקע אויגן, וואָס האָבן געקוקט פון אונטער אירע פונאַנדערגעפירטע וויעס, מיט איר פאַרביסענעם נעזל, מיט איר קליינעם, רונדיקן קין, מיט אירע אַרויסשטייענדיקע ליפּן, פאַרשפּיצטע ווי דאָס מוילשטיק פון אַ האָבאָ!... ער וואָלט זייער וועלן זיך אַ שפּיל טון מיט זיי, אָבער שוין ביים געדאַנק אַליין פון באַרירן זיי מיט זיינע ליפּן האָט אַ שווידער אַדורכגעצוקט זיין לייב. ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף די טרעפּ, האָט זי אים אָנגערופן ביים נאָמען און אים אומיסטנע אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין, כדי אים צו צעמישן. ער אָבער האָט זיך פאַרשטייפט צו באַהאַלטן פון איר זיין אויפרעגונג און זי אָנגערופן פערעס. זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און זיי האָבן זיך געטוישט מיט פריינטלעכע בליקן.

פעלטיע האָט ניט געהאַט קיין טאָכטער. אָבער זיין ערע, — אויב נאָר אין דעם האָט געשטעקט זיין ערע, — האָט ניט געהאַט בעסער אָפּגעשניטן. זיין פרוי, אַ שיין, לוסטיק און ביטרע ווייבעלע, האָט געטראָגן זיידענע זאָקן און געשנירטע שיך. זי האָט אַליין פאַרדינט דערויף; זי האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק, —

אָבער „ווי געוואונען, אזוי צערונען"... א ווערטל, וואָס האָט זיך אזוי גוט געפּאסט פאר אָט־די מלחמה־צייטן! ער איז געווען א גוטער פּאטריאָט; מאדאם פּעלטיע אויך. זי האָט אַנדערש ניט געגלויבט איר מאן ווי נאָר מיט אַליאירטע. האָט דאָס דען גע־הייסן באַגיין קעגן אים אַן עוולה? זי האָט זיך געשלאָגן אינ־איינעם מיט אים! אזוי האָט זי אליין געזאָגט מיט געלעכטער. די דאָזיקע קרעפּטיקע פּראָנצויזין האָט זיך דערלויבט ניט מער ווי נאָר א העלפט. אָבער, מיין גאָט, איר אָרעמער מאַן האָט זיך דאָך ניט געפּילט ערגער דערפון, וואָס זי האָט זיך געפּילט בע־סער... אַלץ ערגער איז געווען פאר די, וואָס זענען ניט געווען אין דער היים! אַלץ ערגער פאר דעם, וואָס עס איז געווען, פאר דעם, וואָס עס האָט געזאָלט קומען! ד'ער „איצט" האָט געהאט א גרויסן „ווערלער". ער האָט אַלץ גענומען און אַלץ געוואָלט. ער אליין איז געווען אַלץ. עס איז גאָרנישט ניט געווען. עס איז געווען אַן אָפּגרונט.

מארק האָט זיך נעגליטשט ארונטער. נאריש איז דער, וואָס זאָרגט פאר דער צוקונפט! די צוקונפט, — אפשר וועט זי גאָר פאר דיר ניט קומען. פארלאָזסטו זיך אויף איר, וועסטו זיין דער פארלירער. נעם! באַדין זיך גלייך אויפן אָרט, וואַרט ניט, ביז וואנען מען וועט דיך באַדינען! האָסט ציין, הענט, אויגן, א וואונדערלעכן קערפּער, וואָס איז פול מיט אויגן ווי דער עק פון א פּאווע, וואָס שעפּט דאָס לעבן מיט אַלע זיינע פּאָרן. נעם און נעם!... האָב ליב און וויים, האָב הנאה און האָס!...

ער איז אָרומגעלאָפן איבער פּאריז, פאַרפעלנדיק קלאַסן, אַן אומרואיקער, א נייגיריקער, אַן ארויסגעשלאָגענער פון דער גלייַ־כער ליניע. די מלחמה, די פּרוי, דער שונא, די לוסט, — א פלאַמענדיקער פּראָטעיוס מיט א טויזנט צינגער. וויפיל באַרוישנ־דיקע געטראנקען אויף צו זופן ביז חלשות! וויפיל זאַכן אויף צו ווערן פון זיי באַגייסטערט, ביז צום מאָמענט, ווען מען פאַלט אַוועק א פארמאַטערטער, אַן אויסגעשעפּטער צוליבן לעבן!... עס איז געווען גאַנץ שווער צו וואַכן איבער דעם ארויסגעלאָזטן הענדל. יעדער איינער איז געווען א קרבן פון זיינע אייגענע געדאַנקען. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז אַנעט האָט גענומען חושד זיין. אין

אָט־דער שטימונג אירער, וואָס איז געוואָרן אַלץ געדריקטער, האָט זי ניט געקאָנט פאַרבלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. זי האָט מער ניט געהאַט קיין לעקציעס, וואָס זאָלן זי האַלטן באַשעפטיקט. די בורזשואַזע פאַמיליעס האָבן גענומען שפּאָרן פון זייער בודזשעט, אַוועקנעמענדיק די חיונה פון אָט־די אומנוציקע באַשעפענישן, די לערערינס. אַנעט האָט אויף עטלעכע וואָכן אָנגענומען אַ נאַכט־שטעלע פאַר אַן אַרויסהעלפערין אין אַ פאַריזער לאַזאַרעט.

מאַרק האָט זיך דערמיט באַנוצט. ער האָט זיך אַרויסגע־גנבעט און זיך אַרומגעשלעפּט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, שפּירנדיק די לופט, מער פאַרטון אין זען ווי אין פאַרזוכן, צו אומדערפאַרן צו וואַגן, צו שטאָלץ צו מאַכן זיך צום נאַר דורך אַרויסווייזן זיין אומוויסנקייט, — די פּיס מיד, דאָס מויל טרוקן, די הענט הייס ווי פייער, גייענדיק אָן אַן אָפּשטעל, קומענדיק ווידער און ווידער אויפן זעלביקן אָרט, דרייענדיק זיך אַרום און אַרום... ער וואָלט זיכער געווען באַלד אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין דער פּאַסטקע, ווען גלייך אויף דער צווייטער נאַכט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין אַ צווייפלהאַפטיקן שענק מיט אַ חברה, וועלכע איז ניט געווען פאַר אים, וואָלט אַ האַנט, אַ קליינע, פעסטע האַנט, ניט געווען, אויף זיין מזל, אים אָנגענומען פאַרן אַקסל, און אַ שטים, האַלב־בייז, האַלב־לאַכעדיק, וואָלט אים ניט געווען געזאָגט:

— ווי קומסטו אַהערצו?

סילוויע, זיין מומע... אָבער זי אַליין, וואָס האָט זי דאָרט געטון? אַזוי ווי קיין מוט האָט אים ניט אויסגעפעלט, האָט ער געפרעגט:

— און דו?

זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, האָט אים אָנגערופן „אינגל”, האָט אַרונטערגערוקט זיין אָרעם אונטער אירן און גע־זאָגט:

— צוליב דיר וועל איך היינט פאַרלירן אַן אָוונט. אָבער פריער פון אַלץ קומט די פליכט. איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן, וועסט גיין מיט מיר אַהיים.

אומזיסט האָט ער פּראָטעסטירט. דאָך האָט זי איינגעשטימט צו כאַפּן מיט אים אַ קליינעם שפּאַציר, איידער זיי גייען אַריין אין

הויז. די מומע מיטן פּלימעניק, אויג אויף אויג, האָבן איינס ס'אַנדערע מכבד געווען מיט שטעכווערטלעך. זי האָט, אמת, פאַר־שטאַנען, אַז דאָס יונגע היהלע האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אַרומצולויפן, זי האָט אָבער אויך געהאַט גענוג שכל איינצוזען די סכנה פון פרייקייט פאַר דער צייט...

— מיינסט, אַז דו ביסט שוין אַ באַלעבאָס איבער זיך אַליין, דו קענסט באַשליסן אַליין, און אַז דו קאָנסט טון, וואָס דו ווילסט? האָב צייט! ביסט אונזער אוצר. דו געהערסט דיין מוטער. אַ מוזיי־אַרטיקל. צו האַלטן עס אונטערן שלאָס.

אזוי וויצלענדיק זיך, האָט זי אים גוט אויסגעזידלט. און ער, אין פּראָטעסט, האָט געטופּעט מיט די פיס. ער איז ניט פריי און זי יאָ? פאַרוואָס?

— ווייל איך בין פאַרהייראַט, מיין ליבער פריינט!

דער דאָזיקער חוצפּהדיקער ענטפער האָט אים אונטערגעהאַקט די פליגל. זי האָט געקוקט אויף אים מיט איראָניע. ער האָט געוואָלט זיין בייז, נאָר ער האָט זיך צעלאַכט:

— גוט, איך בין געכאַפּט געוואָרן ביי דער האַנט. אָבער דיך האָב איך אויך געהאַט געכאַפּט.

זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. ביידע גלייך פאַרשולדיקטע, האָבן זיי איינס ס'אַנדערע געדראָט מיט אַ פינגער. זי האָט אים געבראַכט אַהיים. זי האָט אים אָבער ניט אַרויסגעגעבן פאַר אַנעטען. זי האָט ניט געטרויט דער שטרענגקייט פון איר על־טערער שוועסטער און איר ערנסט. ביי זיך אין האַרצן האָט זי געטראַכט:

— מען קאָן ניט אָפּשטעלן דעם לויף פון אַ קוועלנדיק וואַסער. לייגט פאַר דעם אַוועק אַ שטיין, וועט עס איבער אים אַריבער־שפּרינגען און נאָך שטאַרקער אַרויסקוועלן.

און מיטאַמאָל האָט אַנעט געעפנט די אויגן. זי האָט איינ־געזען, אַז עס איז ניט גוט געווען צו לאָזן דאָס עופהלע אַליין אין נעסט. זי האָט אויפגעגעבן איר שטעלע. אַן עקל האָט זי געהאַט אָנגעכאַפּט פון אָט־דעם דראַנג פון פרויען צום פאַרוואונדעטן מאַן,

— אַ ליבע, געמישט מיט רחמנות, אַ ליבע אין בלוט, אַ ליבע פון בלוט!...

— נעם זיך ניט איבער! האָסט אויך אַזוי געפילט...

פון יעדער צביעות איז דאָס די פאַלשסטע. די ציווילזירטע מענטשלעכע חיה טוט צואווירצן אירע ווילדע אינסטינקטן מיטן ריח פון ליגן. זי האָט אים אַריינגעהויכט אין איר קינד. דאָס קינד האָט אים געטראָגן אין זיינע קליידער, אין זיינע האָר, אין דעם צאַרטן פוך פון זיין הויט... דער ריח פון טויט זאָל נאָר קיין צייט ניט האָבן זיך איינצוזאַפּן אין אים ביזן סאַמע האַרץ!

ניט נאָר דאָס אומרואיקע דערוואַכן פון מאַן האָט זי איבערגע־שראָקן, דער אויסברוך פון די געפילן, די פאַרלוירנקייט פון דעם קליינעם פּאַוון, וואָס ער האָט זי ניט געקאָנט פאַרהוילן. אַ מוטער, וואָס קען דאָס לעבן, ערוואַרט אָט־די שעה. און זעט זי זי אָנ־קומען מיט גערודער, וואונדערט זי זיך ניט דערויף. זי וואַכט און וואַרט אין דער שטיל, — מיט טרויער, מיט שטאָלץ, מיט רחמנות, — זי וואַרט, אַז דער יונגער זכר זאָל איבערקומען אָט־דאָס קוועַ־לעניש, וואָס ברעכט דורך דאָס שיידל און פאַרענדיקט זיין אָפּ־טיילן זיך פון מוטערלעכן לייב. אָבער די דאָזיקע שעה, וואָס אין רואיקע צייטן קאָן זי שלאָגן ווי אַ שיין־קלינגענדיקער אַנגעלוס־גלאָק אין דאָרף, אין מיטן פון אַ ליבן אַפּריל־טאָג, האָט אָפּגע־קלאַפּט מיט אַ דומפּן, האַרטן קלאַנג אין דעם שטורעם פון די משוגע־געוואָרענע פעלקער.

איין אָוונט, אַ מידע פון דער אַרבעט און פון דעם לויפעניש פון טאָג, איז אַנעט געזעסן אין לוקסענבורגער גאָרטן. איר זון איז פאַרביי מיט עטלעכע חברים פון שול. זיי זענען געבליבן שטיין אין מיטן פון אַן אַלייע צו דיסקוטירן. אַ גרופּע ביימער האָט זיי פונאַנדערגעשיידט פון דער באַנק, וואו אַנעט, אַ ניט־געזעענע, איז געווען געזעסן. זי האָט געהערט איר זונס באַגייסטערטע און שפּאָטישע שטים, וואָס האָט גערימט די נאָענטע צוקונפט, ווען די „באָשן” וועלן צאָלן מיט צוויי אויגן פאַר איינעם און מיטן גאַנצן פּיסק ציין פאַר אַן איין־און־איינציקן צאָן. די דאָזיקע אינגלעך האָבן באַצייטנס זיך געקוויקט מיט דער סעודה, מיטן שווייס און בלוט פון דער צעטרייבערטער חיה; זיי האָבן זיך געשפּילט

אין שטאַרקע כּוּנגער צו אומנוציקער צווייפלעניש און אַן שוואַכקייט. מאַרק, פּראַלנדיק מיט זיין פאַרברעכערישקייט, האָט געזאָגט:

— די „באָשן" האָבן פאַרגוואַלטיקט, געקווילעט, געברענט. זיי האָבן עס געטון ווי עס באַדאַרף צו זיין! מירן עס נאָך בעסער טון. מלחמה איז מלחמה. עס וועט זיין אַ גרויסער יומטוב. נאַטירלעך, אין אונזערע צייטונגען וועלן מיר פאַר די אידיאָטן ריידן וועגן ציוויליזאַציע. עס וועט שוין זיין איינמאָל אַ ציוויליזאַציע!

די חברים האָבן געהאַלטן מיט אים. ער איז געווען שטאָלץ אויף זיין דערפאָלג. דערנאָך האָבן זיי גענומען זיך באַלעקן מיט זייער צוקונפטיקער העלדישקייט — „די פרויען און די מיידלעך וואָס זיי וועלן באַפרוכפּעדן — (אַזאַ שאָד!) — מיט דער נאָבעלער זרע פון פראַנצויזן!"... אָט־די יונגען האָבן ניט געוואוסט, וואָס זיי האָבן געזאָגט. זיי זענען געווען מענטשן. די מענטשן ווייסן ניט מער דאָס שלעכטס, וואָס זיי טוען, אָבער זיי טוען עס.

אַנעט האָט זיך דערפילט ווי אויסגעפּאַטשט. די ווילדקייט, וואָס האָט געהאַט אַרויסגעשטראָמט פון דעם לאַכעדיקן מויל פון איר זונדל, האָט איר געטראָפן אין סאַמע האַרץ, אין די גדערים... אָט־דאָס האָט זי עס געבראַכט אויף דער וועלט! אָט־דאָס קליינע וועלפל! „ער האָט ניט געוואוסט"... וואָלט עס אָבער ניט געווען נאָך ערגער, ווען ער וואָלט יאָ געוואוסט?... ווי רייסט מען אים אַוועק פון דעם שאַלקהאַפטיקן רוח פון וואַלד?

און אַן אַנדער טאָג האָט זי געהערט, — דאָס מאָל איז דאָס שוין געווען גלייך איר אין פּנים אַריין, — ווי ער האָט, אַן אומפאַרשעמטער, זיך לוסטיק געמאַכט איבער אָט־די פלוידערזעק פון שלום און מלחמה, איבער די מענטשן פון גאָט און פון רעכט. זיינע שאַרפע אויגן האָבן גאָרנישט ניט געהאַט אַדורכגעלאָזן פון דער העלדישער צביעות פון די זשירערס און די בערנאַרדינס, וואָס כּדי צו געווינען דאָס שפּיל, האָבן זיי גענאַרט דאָס פאָלק מיטן צלם און מיט דער אידייע. ער האָט אין זיי קיינמאָל ניט געהאַט געגלויבט; ער האָט אין קיין זאַך ניט געגלויבט (אויפן מאָמענט!) די דאָזיקע קינדער האָט געאיבלט פון די ווערטער, וואָס עס האָבן געמאַלעגיירעט די גרויסע מיילער, די קלעפּיקע צינ־

גער פון די עלטערע: גערעכטיקייט, די רעפּובליק, גאָט... ווערטער, ווערטער... קלעריקאַלן אָדער וועלטלעכע מענטשן, אַלע זענען זיי פון איין טויג געקנאָטן...

— אַך, דאָס גוטע קווייטל!... מיך קאָנען זיי אין שווינדל ניט פאַרנאַרן!...

אַנשטאָט צו ווערן אויפגעבראַכט, האָט מאַרק געלאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס נאַרעריי איז אַ גוטע זאַך, ער איז אַליין געווען אין דעם שפּיל. אידעאַליזם און רע־ליגיע זענען אויסגעצייכנט זאַמד אין די אויגן, שטיקעדיקער גאַז. דער גרעסטער שווינדלער איז דער שטאַרקסטער...

— אַ יישר־כוח אונז! עס פעלן אונז ניט אויס קיין פּרע־דיקער און קיין פּראָפעסאָרן, קיין שאַרלאַטאַנען פון דער קירך, פון דער פּרעסע, פון דעם פּאַרלאַמענט!... עס איז שיין צו זיין אַ ליג־נער „פאַר גאָט, פאַרן צאַר און פאַרן פאָטערלאַנד!" (מיכאַאיל סטראָגאָוו). די שענסטע פון אַלע מענטשלעכע אויסטראַכטע־נישן זענען די געטער!...

דער דאָזיקער שול־אינגלשער מאַקיאַוועלי האָט באַרימעריש אַרויסגעשטעלט זיין ציניזם, וועלכער האָט אים געווילט. אַנעט איז געווען אויפגעבראַכט. עס וואָלט געווען פיל בעסער, ווען זי וואָלט געווען פאַרבלייבן רואיק. עס האָט זי אָבער געהאַט אָנגע־רירט ביז דער טיפעניש פון דער נשמה. אַ שרעקלעך־אויפגעבראַכטע, האָט זי אויסגערופן:

— געניג!

מאַרק האָט זיך פאַרוואונדערט:

— פאַרוואָס?

— מען שפּילט זיך ניט מיט אַזוינע זאַכן!

— מען טוט גאָר מער ניט ווי נאָר זיך שפּילן מיט זיי, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט ביטערקייט.

— מען שטאַרבט פאַר זיי!

— אַך, כ'האָב פאַרגעסן, אַז דו געהערסט צו יענער צייט, ווען מען האָט אַרונטערגעשלונגען אָט־די אַלע נאַרישקייטן. אַנט־שולדיק מיך.

— איך אַנטשולדיק דיך ניט, — האָט אַנעט זיך אָנגערופֿן — (איך כעס איז אַלץ געשטיגן) — הער אויף מיט דיין איראָניע.

— דאָס איז מיין שטייגער צו זיין ערנסט, — האָט מאַרק געזאָגט.

ער האָט געהאַט אַ בייזן בליק אין די אויגן און אַ שפּאָטישן שמייכל אין די ווינקלען פֿון די ליפּן. ער האָט צוגעגעבן:

— און איך וועל דיר ווייזן, אַז איך האָב גרויס דרך־ארץ פֿאַר אָט־די זאַכן.

— אָט־דאָס בין איך דיר טאַקע ניט מוחל, — האָט אַנעט געזאָגט, — אָט־די זאַכן, זייער גאָט, זייער גלויבן, — איך גלויב ניט אין זיי. עס איז אַן אומגליק. איך רעספּעקטיר אָבער די, וואָס גלויבן יאָ אין זיי. און זע איך אַזוינע, וואָס נאַרן און שווינדלען מיט זייער גלויבן, מיט אָט־דעם גלויבן, וואָס איך האָב אים ניט, בין איך גרייט אים צו פֿאַרטיידיקן. איך לייד פֿאַר אים.

— פֿאַרלירסט אומזיסט דיין צייט, — האָט מאַרק געזאָגט, — עס איז פֿיל פּראַקטישער אויסצונוצן אָט־דעם גלויבן פֿאַר זיך. ער איז אַ קראַפֿט, ווי די מענטשלעכע נאַרישקייט. לאָמיר אים אויסנוצן! לאָמיר זיי אויסנוצן! אַלץ דאַרף אויסגענוצט ווערן פֿאַרן זיג. איך האָב דאָס רעכט אים אויסצונוצן, ווייל איך גלויב ניט אין אים!

אַנעט האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, האָט צוגענייגט צו אים דעם שטערן, האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און געזאָגט:

— צווינג מיך ניט דיך צו פֿאַראַכטן!

מאַרק האָט געמאַכט אַ טריט אויף צוריק.

זי איז געבליבן שטיין, די אויגן פֿול מיט פֿייער און דער שטערן אויסגעשטעלט אין פֿאָראויס: ווידעראַמאָל איז זי איצט געוועזן יונאָ, די יונגע קו, גרייט צו שטויסן, די אַנעט פֿון די פֿאַרגאַנגענע טעג. אירע נאָזפֿליגל האָבן אויפֿגעצוקט. זי האָט אַרויסגעזאָגט מיט שטרענגקייט:

— איך קאָן אַ סך אַריבערטראָגן: די זיבן טויטלעכע זינד, שלעכטע מידות און אַפֿילו גרויזאַמקייט. אָבער איין זאַך, איין זאַך קאָן איך ניט מוחל זיין: צביעות. מאַכן דעם אָנשטעל פֿון אַ גלויבן, וואָס מען האָט ניט, נאַרן זיך אַליין און די אייגענע

געדאַנקען, שפּילן דעם מאַרטיוּת*) פון גלויבן, — שוין גלייכער גאָר קיינמאָל ניט געבוירן צו ווערן! אין דעם טאָג, ווען איך וואָלט דיך געזען אַזוי נידעריק זינקען, וואָלט איך דיך אָפּגע־טרייסלט פון זיך, ווי איך טרייסל אָפּ דעם שטויב פון מיינע שיך. ווי געמיין און נידעריק דו זאָלסט ניט זיין, זיי וואָרהאַפּטיק! איך וויל גלייכער דיך פיינט האָבן איידער צו פאַראַכטן.

מאַרק האָט געשוויגן, זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות. ביידע האָבן געציטערט פון גרויס אויפרעגונג. די האַרבע ווערטער האָבן אים געפּאַטשט איבער ביידע באַקן. ער וואָלט וועלן ענטפערן, פּאַטשן אויף צוריק, עס האָט אים אָבער אויסגעפעלט אָטעם. אויף אַזאַ שטורעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט. די מוטער מיטן זון האָבן זיך אָנגעקוקט ווי שונאים. דער זון האָט, קעגן זיין ווילן, דאָך ניט אויסגעהאַלטן איר בליק: ער האָט אַרונטערגעלאָזן די אויגן צו באַהאַלטן די טרערן פון צאָרן, וואָס ער האָט זיי געשטיקט אין זיך. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער לאַכט, ער האָט אָנגע־שטרענגט אַלע כוחות, אַז זי זאָל ניט זען זיין שוואַכקייט. זי האָט אים מיטאַמאָל פאַרלאָזן. ער האָט געקריצט מיט די ציין. ער וואָלט זי דעמאָלט געקאָנט הרגענען!...

קוים אַרויסגעגאַנגען, האָט אַנעט שוין חרטה געהאַט אויף איר ווילדן אויסברוך. זי האָט גערעכנט, אַז זי האָט אים איצט באַ־לייטיקט. אָבער דער שטורעם האָט זיך געקליבן עטלעכע חדשים נאָכאַנאַנד און זי האָט געפילט, אַז אָט־דער אויסברוך איז ניט גע־ווען דער לעצטער. אירע ווערטער האָבן איר איצט אויסגעזען צו זיין מיאוס. זייער ברוטאַלישקייט איז געווען אַ בזיון סיי פאַר איר, סיי פאַר אים. זי האָט געפּרואווט נעווינען זיין פאַרגעבונג. ווען זיי האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן, האָט זי זיך באַנומען פאַמיליער און צאַרט, גלייך ווי אַלץ וואָלט געווען פאַרגעסן.

ער אָבער האָט ניט פאַרגעסן. ער האָט זיך געהאַלטן פון איר פון דער ווייטנס. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט. כדי צו נעמען פון איר נקמה, האָט ער, ווייסנדיק, אַז זי האָט ליב געהאַט

*) דער העלד פון מאָליערס קאָמעדיע, אַ שם־דבר פון צביעות און פאַלשקייט. — איבערזעצער.

אָפּנהאַרציקייט, אומיסטנע געזאָגט און געטון אַלץ, וואָס האָט איר געקאָנט ווי טון...

(„אָט האָסטו דיר, אויב עס געפעלט דיר בעסער מיין גרויזאַמקייט !...")

ער האָט בכיוון איבערגעלאָזט אויפן טיש בריוו אָדער נאָטיצן פאַר זיין „זשורנאַל", — אָפּשיילעכע זאַכן וועגן דער מלחמה און וועגן דעם שונא, אָדער סתם גראָבע רייד. ער האָט זיך איינגעקוקט צו זען, וואָס פאַר אַן עפעקט דאָס וועט האָבן אויף זיין מוטערס פּנים. אַנעט האָט געליטן, האָט פאַרשטאַנען זיין שפּיל און זיך איינגעהאַלטן. עס איז אָבער געקומען אַ מאָמענט, ווען זי האָט אַרויסגעפּלאַצט. ער האָט טריאומפירט. ער האָט געזאָגט:

— איך בין וואָרהאַפטיק !

איינמאָל, אין מיטן דער נאַכט, בעת זיין מוטער איז געשלאָפן, האָט ער פאַרלאָזן דאָס בעט. ער איז געקומען צוריק ערשט אויפן אַנדערן טאָג, צו מיטיק. אַנעט האָט פאַר דער צייט באַוויזן אַדורכצוגיין אַלע מדרגות פון אומרו, כעס און פּיין. ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט זי גאָרנישט ניט געזאָגט. זיי האָבן געגעסן מיטיק. מאַרק, אַן איבעראַשטער, מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג, האָט געטראַכט:

— זי איז באַזיגט !

אַנעט האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— ביסט אַנטלאָפן לעצטע נאַכט ווי אַ גנב. איך האָב צו דיר געהאַט צוטרוי. איצט האָב איך אים פאַרלוירן. עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס דו האָסט אים אויסגענוצט צום שלעכטן. איצט ווייס איך עס. איך וויל ניט דערנידעריקן אי זיך, אי דיך, און דיך טאָג און נאַכט היטן. דו וועסט מיך סיי־ווי נאַרן, און דאָס וועט דיך נאָר מאַכן פאַר אַ גרעסערן ליגנער. איך וועל דיך אַוועקפירן פון דאַנען. דאָ קאָן איך דיך ניט אויסהיטן. די לופט איז דאָ קראַנק און דו ביסט ניט שטאַרק גענוג צו קאָנען ווידערשטיין. אַלץ, וואָס דו זאָגסט און טוסט פאַר די לעצטע עטלעכע חדשים, ווייזט, אַז אַלע אָנשיקענישן קלעפּן זיך צו דיר. מירן אַוועקפאָרן פון דאַנען.

— וואוהין פאָרן ?

— אין דער פּראָווינץ. איך וועל אָננעמען אַ שטעלע אין אַ שול.

מאַרק האָט אויסגעשריגען:

— ניין!

ער האָט מער ניט געהאַט אין זיך די פיינע פעסטקייט. ער האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן פּאַריז, האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט צו בעטן זיך ביי דער מוטער. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף אירער, האָט געמאָנט און זיך געבעטן:

— נעם ניט אָן קיין שטעלע!

— איך האָב עס שוין געטון.

ער האָט אַוועקגענומען די האַנט, אַן אויפגעבראַכטער, וואָס ער האָט זיך אומזיסט און אומנישט געהאַט דערנידעריקט. אַנעט האָט שוין גענומען ווערן שוואַכער. דער מינדסטער צייכן פון צערטלעכקייט האָט זי גובר געווען.

זי האָט געזאָגט:

— ווען דו וואָלסט מיר צוגעזאָגט:

— איך וועל גאָרנישט ניט צוזאָגן. קודם־כל גלויבסטו מיר ניט. האָסט עס ערשט אַליין געזאָגט. מיינסט, אַז איך וועל דיך נאַרן... איך וויל דיך אַזוי ווייניק נאַרן, אַז אַט זאָג איך עס דיר אין פּנים אַריין: איך וועל עס ווידעראַמאָל טון. האָסט קיין רעכט ניט מיר צו שטערן.

— אמת! — האָט אַנעט געזאָגט — איך האָב ניט דאָס רעכט צו וואַכן איבער דיינע נעכט!

— ווייניקער פון אימיצן אַנדערש פּאַסט דו זיך דערצו!... מיינע נעכט, מיין לעבן געהערן מיר אַליין!

אַ שרעקלעך וואָרט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן. האָט ער עס פאַרשטאַנען? אַנעט איז געוואָרן בלאַס. מאַרק אויך. זייער ביידקייט איז געווען שטאַרקער פון זייער ווילן. עס קאָן אָבער זיין, אַז די בייזקייט האָט ניט איבערגעשטיגן די פינצטערע און ווילדע שלעכטיקייט פון אינסטינקט, וואָס ווייס די קלעפּ, וואָס ער דערלאַנגט, און ער דערלאַנגט זיי מיט אַ זיכערער האַנט. עס איז געווען ווי דאָס שרעקלעכע און שטומע שווערדן־געפעכט: די האַנט דערלאַנגט אַ קלאַפּ, נאָך איידער דער מוח האָט געהאַט אויסגערעכנט,

און קיינער, מחמת א שטילן אפמאך, זאגט ניט: „אנגעריררט!“ — אבער דער קלאפ איז דערלאנגט און די נשמה איז פארסמט.

פון דעם מאמענט אן האט יעדער ווארט זיי נאך מער דער־ווייטערט. אנעט האט צו שארף ארויסגעזען דעם איינגלס חסרונות און האט אים בייז געזידלט. ער, ווידער, האט גענומען מיט זיי שטאלצירן. ער האט ניט אנגענומען איר אויטאריטעט. איר באַ־פעלערישער טאן, איר הארבע שטרענגקייט האבן אים באוועגט צו זאגן אדער צו טון כלערליי משוגענע זאכן. ער האט ניט געוואלט זיך אונטערגעבן. אנעט האט אים געגעבן די ברירה: אדער ער זאל פארן מיט איר אין דער פראווינץ, אדער זי וועט אים אריינ־געבן אין א פארמאכטע פאריזער שול, ווי א פאנסיאנער. ער האט אויסגעשריגן פון צארן. אט־די אבסאלוטע מאכט, וואס מען האט באנוצט אנקעגן אים, האט אים אויסגעזען צו זיין שרעקלעך געמיין. און אין גרוים אויפרעגונג האט ער אויף צו להכעיס אויס־געקליבן צו זיין פארשלאסן אין דער שול.

— וואס ווילסטו בעסער?

— אלץ אין דער וועלט, אבי נאר ניט צו זיין מיט דיר!

א שווער שיידן־זיך. עס איז געווען צווישן זיי שנאה. די ליבע איז געווען אויפן גרונט. די ליבע, שיכור פון ביטערקייט. די פארוואונדעטע ליבע, וואס ליידט, וואס בלוטעט, וואס וויל נעמען נקמה...

## צווייטער טייל.

דער אוניווערזיטעט, אַ צעפאַלענער, איז אָנגעקומען צו דער הילף פון פרויען. באַזאָרגט מיט אירע צוויי דיפּלאָמען, איז אַנעט באַשטימט געוואָרן פאַר לערערין אין אַ הויך־שול פאַר אינגלעך, אין אַ שטאָט פון מיטל־פראַנקרייך.

זי איז אָפּגעפאָרן אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער, 1915.

ווי ליב עס איז געווען דער הארבסט! בעת די לאַנגע אָפּ־שטעלן, וואָס דער צוג האָט געמאַכט צווישן די פעלדער, האָט זיך געהערט דאָס פייפן פון די דראָסעלן אין די ווייַנשטאָקן, און די שטילע טייכן, וואָס האָבן געצויגן זייער וועג איבער די לאָנ־קעס, האָבן אויסגעזען צו האַלטן אין די הענט זייערע לאַנגע שלע־פעס, באַזוימטע מיט בלעטער פון גאָלד. אַנעט האָט געקענט דאָס לאַנד און די מענטשן, זייער גלייכגילטיקן שטייגער ריידן, דורכ־געשפּרענקלט מיט איראָניע. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט זיך באַפרייט פון דער פאַרפּעסטיקטער נשמה, פון וועלכער זי איז איצט געלאָפן. און זי האָט זיך אַליין אויסגערעדט, וואָס זי האָט אויך איר זון ניט געהאַט פון איר אַוועקגעריסן.

עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, ביז וואַנען זי האָט זי ווידעראַמאָל געטראָפן. איבער אָט־די פעטע, שלומערדיקע פּראָ־ווינצן האָט זיך געשפּרייט דער שאָטן פון דעם שטורעם־וואָלקן. אין יענער צייט זיינען אין אַרטוּאַ און אין שאַמפּאַן פאָרגעקומען שרעקלעכע שלאַכטן. קאָנוואָיען געפאַנגענע זענען צוריקגעפירט גע־וואָרן אַהינטער די שלאַכטפעלדער.

דורכגייענדיג איינעם פון די וואָקזאַלן, האָט אַנעט דערזען ניט ווייַן פון באַנהויף אַ מאַסע מענטשן, וואָס האָבן מיט גרויס טומל זיך געדרענגט אַרום דעם פּלויט פון אַ האַלץ־לאַגער: אַ הערדע דייטשן איז דאָרט געלעגן איינגעשפּאַרט אויף עטלעכע שעה אָדער אויף עטלעכע טעג. אַן ערך אַ וואָך צייט האָט מען

זיי געהאַט אַרומגעפּירט, ניט צו וויסן אינגאַנצן קלאָר, וואוהין, אַזוי אויך ניט ווען זיי וועלן אָנקומען: עס זענען געווען וויכטיקערע זאַכן צו האַלטן אויפן קאָפּ. די גאַנצע באַפעלקערונג פון קליינעם שטעטל, מענער, פרויען און קינדער, זענען זיך אָנגעלאָפן צו זען די חיות אין שטייג. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אַ וואַנדער־צירק איז אַהין אָנגעקומען. אָן אומזיסטער ספּעקטאַקל. די געפאַנגענע, מידע און צעבראָכענע, האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן אויף די זאַמד־שטיינדלעך; די מערסטע פון זיי שטומע, אָן געפיל, האָבן מיט אָבלדיקע בליקן באַטראַכט דעם קרייז שפּאָטישע אויגן, וואָס האָבן געשטאַרט אויף זיי דורך די שפּאַלטן פון פלויט; לוסטיק־לאַכעדיקע מיילער האָבן געשפּיגן אין זייער ריכטונג. אייניקע האָבן געפיבערט; זיי זענען געווען געשלאָגענע הינט, פאַרשעמטע, געריי̆צטע, דערשראָקענע, און זיי האָבן געציטערט. די נעכט פון קעלט און רעגנס האָבן געבראַכט אויף זיי דיזענטעריע. אין אַ ווינקל פון אָפּגעצאַמטן פּלאַץ, אויף אַ מיסט־בערגל, האָבן זיי פאַר אַלעמען אין די אויגן געטון זייערע באַדערפעניש. יעדן מאָל, ווען זיי האָבן דאָס געטון, האָבן די צוזעער אַרויסגעפּלאַצט אין אַ גרויס געלעכטער. עס האָבן זיך געהערט די ווילדע קולות פון די פרויען און די קוויטשיקע געשרייען פון די קינדער. זיך האַלטנדיק ביי די זייטן, זיך קאָרטשנדיק אין דרייען פון געלעכטער, האָבן זיי געשטשירעט אין ווילדער פרייד די ציין. דאָס איז ניט געווען קיין רשעות; עס איז געווען אַ פולשטענדיק פעלן פון מענטשלעכקייט. די חיה האָט זיך געוויילט... דאָס געלעכטער פון אַ מאַסע, וואָס מאַכט זיך לוסטיק, איז שטענדיק חיהיש; און דאָס דאָזיקע געלעכטער איז עס געווען ביז שרעקלעכקייט. אויף ביידע זייטן פלויט איז פאַרבליבן ניט מער ווי די גאָרילע. דער מענטש איז פאַרשוואונדן.

אַריינגעקומען צוריק אין וואַגאָן, האָט אַנעט מיט אַ געפיל פון געשפּענסטלעכן עקל אָנגעשטעלט איר בליק אויף די באַוואַקסענע צורות פון אירע שכנים און אויף דעם בלאָנדן פוך אויף אירע אייגענע אָרעמס.

דאָס דאָזיקע געשפּענסט האָט זי פאַרפאָלגט די ערשטע טעג אין דער אַלטער שול, וואו עס איז איר אויסגעקומען צו לערנען אין

אַ גראָבן פון אַ „פלאַנצן־גאָרטן"... „פלאַנצן־גאָרטן", — וואָס פאַר אַן איראָניע! דאָס מינדסטע ביסל גראָז איז דאָרט אויסגעיעט געוואָרן פון דער ערד, וועלכע איז געווען פונקט אַזוי געל און אַזוי האַרט ווי די וויסטעניש פון טאָלעדאָ. אין דעם לאַנגן הויף, וואָס מען איז אַהין אַריינגעקומען דורך אַ מין גילאָטינע־טירל און וואָס האָט זיך געשטיקט אין פיר ווענט מיט טריבע פענצטער־אויגן, האָט אַן איין־און־איינציקער בוים, אַן אַלטער פלאַטאַן, דאַר, קרענקלעך און צעקרימט, זיך איינגעשפאַרט צו וואַקסן; די נעגל פון די קליינע חיהלעך האָבן פון אים אַרונטערגעריסן די קאָרע; קיין בלעטל איז ניט פאַרבליבן וואו נאָר זייערע קרעלן האָבן געקאָנט גרייכן, און דער גאַנצער שטאַם איז געווען צעמזיקט פון זייער בריקן מיט די פיס. עס האָט אויסגעזען, ווי גרויס און קליין וואָלטן געמאַכט אַ פאַרשווערונג צו פאַרטיליקן דאָס לעבן. די מלוכה האָט אַוועקגענומען דאָס לעבן פון די קליינע מענטשעלעך, האָבן זיי גענומען נקמה פון דער נאַטור. פאַרניכטן! ... דער שלום האָט געזאָרגט פאַר דעם, פונקט ווי די מלחמה. עס איז געווען אַ העלפט פון דער דערציאונג.

אויף יענער זייט פון איינער פון די פיר ווענט איז געפלאָסן אַ קאַנאַל, וואָס איז געווען פאַרסמט פון גאַרבאַרניעס. דער פוילער עיפוש האָט זיך אַריינגעכאַפּט און די פייכטע קלאַסן, וואו דאָס קליינוואַרג, וואָס איז דאָרט געווען איינגעשפאַרט, האָט געאַווירט. זייערע נאָזלעכער זענען געווען פאַרשטאָפּט. זיי זענען דאָרט געווען אַ טוצן, — העכסטנס אַ צוואַנציק, — זיצנדיק צוזאַמענגעדרייטע אויף די האַרטע בענק, אין אַן אַטמאָספערע, געל פון סאַזשע, וועלכע האָט דורך די גרינלעכע שויבן זיך דורכגעזיפּט פון הויף, וואו עס האָבן געדרויכערט די נעפּלען פון שפעטן האַרבסט. אַן אייזערנער אויוון, אָנגעהייצט ביז צום פּלאַצן (האָלץ איז דאָרט געווען לרוב), האָט געהאַלטן אין קראַכן. ווען עס איז שוין געווען צום דערשטיקט ווערן, האָט מען ערשט געעפנט די טיר (דאָס פענצטער האָט זיך קיינמאָל ניט געעפנט); דער נעפּיל און דער ריח פון רויע פעלן האָבן אָנגעפילט די צימערן. נאָך די ריחות פון די לעבעדיקע פעלן האָט דאָס אויסגעזען צו זיין אַ דערפרישונג.

אָבער אַ פרוי, ווי אירע חושים זאָלן ניט זיין צוגעוויינט צו

פיינקייטן, צו די געזונטע ריחות פון ריינקייט, קען גרינגער פון א מאן זיך צופאסן צו די מיאוסטע באדערפעניש. דאס קאן מען ארויסזען אין א פאל פון קראנקהייט: אירע אויגן, אירע פינגער מיאוסן זיך ניט. אנעטעס חוש־הריח האט אלץ אנגענומען פאר גוט. פונקט ווי די אנדערע, האט זי ארייגעאטעמט אט־דעם ריח פון א חזיר־שטאל, ניט א קרים צו טון אפילו מיט דער נאז. פיל שווערער איז איר אויסגעקומען אנצונעמען דעם ריח פון די נשמות. איר גייסט איז געווען ווייניקער נאכגעביק ווי די חושים.

די נשמה אבער האט דא מער ניט געפיבערט מיט ליידנשאפטן, — קאמף, שנאה, כלערליי קוועלעניש. זי איז דערפון געווען אנט־לאפן... זי וואלט, דאכט זיך, באדארפט זיין צופרידן! זי האט דא געפונען גלייכגילטיקייט.

די ווייכע ערד האט ניט געליטן. פעט און קרובלע, האט זי געשלומערט אין טאל, אזוי ווי אין א פערענע, וואס דער קערפער האט זי איינגעקנייטשט, דער קאפ אוועקגעלייגט אויף דער קישן פון אירע בערג, כדי צו קאנען בעסער שנארכן און ניט צו חלומען פון דעם, וואס ליגט פון יענער זייט קישן. א פרידלעכער באדן, א צוריקגעהאלטענע ראסע פון א פראקטישן און רואיקן געמיט. גאט איז דארט ניט געשטארבן פאר אלע מענטשן. ניט פאר אט־דעם לאנד איז די מענטשהייט געקרייציקט געווארן.

אנעט האט געקענט דאס לאנד פון אירע קינדערשע יארן אן; איר פאטערס בלוט איז פון דארט ארויסגעקומען. אמאל האט זי הנאה געהאט פון דער איינשטילנדיקער אומבאוועגלעכקייט. אבער היינט?... אמאל האט זי מקנא געווען די געזונטקייט פון לאנד. אבער היינט?...

טאלסטאיס ווארט איז איר געקומען אויפן זכרון, — אבער ניט נאר בנוגע פרויען אליין איז עס אמתדיק: „די בריאה, וואס האט קיינמאל ניט געהאט געליטן, דער מענטש, וואס איז קיינ־מאל ניט געווען קראנק, דאס פאלק, וואס איז געזונט, צופיל גע־זונט, שטענדיק געזונט, — איז ניט אנדערש ווי א מאנסטער!“... לעבן הייסט יעדן טאג שטארבן, און יעדן טאג קעמפן. די דאזיקע פראווינץ איז געשטארבן, זי האט אבער ניט געקעמפט. זי איז

זיך געפּלאָסן אַ רואיקע ווי אירע טייכן, וואָס זענען אָן אַ קנייטשעלע, — אין דעם לויף פון טייכן און טעג, אין איר ענגאַאיםטישן און איראָנישן שׂכל־הישר.

דאָך איז געווען אַ צייט, ווען אָט־די ערד האָט געברענט. די דאָזיקע אַלטע בורגונדישע שטאָט מיט אירע דריי שטאָלצע קירכן, מיט אירע גאָטישע טורעמס און פיילן פון ווייסן שטיין, וואָס די צייט האָט אים שוואַרץ געמאַכט און אויסגעגעסן אַזוי ווי אַ פּאַרזשאַווערטען פּאַנצער, — די קירכן, וואָס הויבן אַרויס זייערע סילועטן פון יעזוסעם ריטער איבער דעם געשלענגלטן טייך, — זייערע רייען סטאַטועןן פון הייליקע אָן קעפּ, די פּלעקן שוואַרץ־געווארן בלוט פון זייערע צעבראָכענע שויבן, — זייערע אוצרות פון קאַטעדראַל, די קאָווריצעס פון הארון און דאָס מאַסיווע גאָלדווארג פון די אימפּעראַטאָרן די שאַרלס, — די חורבות פון זייערע שפּיציקע טורעמס און מויער־ווענט פון די צייטן פון די ענגלענדער, — אַלץ האָט עדות געזאָגט אויף דעם ברויזיקן לעבן פון אַמאָל, אויף דעם רויטן בלוט, אויף דעם גאָלדענעם קרייץ פון די גרויסע ביסקופן, אויף די עפּישע קאַמפן, אויף דעם דוכס, דעם מלך — אויף די מלכים (וועלכער איז געווען דער אַמתדיקער?) — און אויף דעם דורכגאַנג פון זשאַן ד'ארק...

איצט זענען די גאַסן געווען וויסט. צווישן די ווענט פון די קליינבירגערלעכע הייזער מיט די שמאָלע פּעסט־פאַרשלאָסענע טירן, אויפגעהויבן אויף איין טרעפּל, האָט מען געהערט פון דערווייטנס אָפּהילכן איבערן אַלטן ברוקיר אימיצנס גלייכגילטיקע טריט, בעת פון דער הייך האָט זיך דערטראָגן דאָס געשריי פון די קראָען, וואָס האָבן אין זייער שווערן פלי אַרומגערינגלט מיט אַ שוואַרצן אָרעאָל די גלאָקן־טורעמס פון קאַטעדראַל.

די ראַסע האָט געהאַלטן אין אויסשטאַרבן. זי איז אָבער געווען גליקלעך. פּלאַץ האָט זי געהאַט גענוג. די ערד איז געווען אַ געשמאַקע, דער אַפּעטיט צופרידענגעשטעלט, די השגות קליין. אַלע אוואַנטורען־זוכער זענען פון דור צו דור אַוועק איינצונעמען פּאַריז. די, וואָס זענען פאַרבליבן, האָבן געפונען פאַר זיך אַלץ מער פּלאַץ אויף זיך אויסצוציען. דאָס בעט איז ליידיק, איז דאָ וואו זיך אַ קער צו טון. די מלחמה וועט עס מאַכן נאָך פיל גע־

ראמער. זי נעמט מאקע אוועק די זין, אָבער ניט אַלע. און די פאנטאזיע איז ניט געגוג לעבעדיק, אז מען זאָל זיך נעמען באצייטנס צום הארצן. און דער פראקטישער חוש רעכנט דערווייל אויס דאָס געווינס. א גרינג לעבן, גוט עסן, קינא, קאפע־הייזער, דער סיגנאַל־האָרן פון דער קאזארמע פאר אן אידעאל און די ירידים פון בהמות פאר דער וואר. זיי זענען געווען פריילעך, האָבן זיך ניט געקימערט וועגן די נייס, וואָס האָבן געהאלטן אין איין אָנקומען, דאָס אוואנ־סירן, דאָס צוריקטרעטן: זיי זענען ניט געווען קיין נארן. וועגן די רוסן, וואָס האָבן אַלץ צוריקגעטראָטן פאר די דייטשן, האָבן זיי געזאָגט:

— נו, אויב אַט־די חברה־לייט וועלן אזוי ווייטער אַנגיין, וועלן זיי באַלד קאָנען נעמען די טראנס־סיבירישע אייזנבאן און צוריק־קומען צו אונז דורך אמעריקע!...

דאָס לעבן אין וואוילטאָג האָט פארשטומפיקט די ווינקלען, די הארטקייט, די גרויזאמקייט... (ווארט!... היט זיך, ברודער! מען באדארף ניט זיין ביי זיך אזוי גרויס!...)

עס איז געווען שטיל. שלעפעריק. אנעט, ביסטו נאָך אַלץ ניט רואיק? האָסטו דען ניט געזוכט אַט־די פרידלעכקייט?

— פרידליכקייט?... איך ווייס ניט. פרידלעכקייט?.... אפשר. אָבער דאָס איז ניט מיין פרידלעכקייט. ניט דאָ איז דער שלום...

„ווייל שלום איז ניט דאָס ניט־זיין פון מלחמה. עס איז די טוגנד, געבוירן דורך דער שטארקייט פון דער נשמה".

און דער שלום, איינגעשלעפערט אין דער אַלטער פראָווינץ, פארשטעקט אין דעם צירקל פון אירע בארגיקע וויינגערטנער און פעלדער, טיף־פארזונקען אין מיטל־פראנקרייך, וואו די מלחמה־קאַ־נאָנען האָבן ניט מער ווי אָפגעקלונגען מיט א פארטויבטן קלאַנג, וואָס דער שטראָם פון די ארמייען האָט זיך פון איר אָפגעקערט, ווי עס קערט א טייך אָפּ אָן א זייט פון אן אומבאוועגלעכער מאסע, וואָס ליגט אים אין וועג, — (ביז מיט צוויי יאָר שפעטער, ווען

די אַמעריקאַנער װעלן קומען דאָרט איינצוסטאַלירן זייער לאַגער, װאָס זיין גערודער װעט אויף אַ װײַלע פֿונאַנדערװייען און באַלד װידער איינװיגן די שלעפּערדיקע לאַנגװייל פֿון די איינװאױנער), — דער דאָזיקער שלום האָט געהאַט דעם ריח פֿון אָט־די שול־קלאַסן, װאו ביי פֿאַרשלאָסענע טיר און פֿענצטער און מיט אַ פֿלאַקערדיקן אויװן האָבן די קערפּער און די נשמות פֿון די קליינע מענטשן זיך געפּרעגלט אין דעם אייגענעם זאַפֿט.

דריי פֿערטל פֿון זיי זענען געװען זין פֿון קליינבירגער, אָדער פֿון רייכע פּויערים, פֿאַרמער פֿון דער געגנט; איייניקע (צװיי אָדער דריי אין אַ קלאַס) קינדער פֿון אָנגעזעענע פֿאַמיליעס, פֿון דער אַלטער בורזשואַזיע פֿון מאַגיסטראַטן, אָדער זין פֿון אַנדערע רעגירונג־באַאַמטע, די פּני פֿון שטעטל. מען האָט זיי געקאָנט שנעל דערקענען, כאָטש אויף זייערע אַלעמענס פּנימער איז געװען גלייך אויסגעגאָסן די ביטערקייט, װאָס עס גיט צו די שול־דערציאונג און דאָס איינהערן זיך שטילשװייגנדיק אין דעם לערערס רייד, כאָטש ביי זייער גאַנצער פֿאַרשיידנקייט האָבן אָט־די אַלע פּנימער געטראָגן אויף זיך דעם צייכן פֿון גראָבן פֿינגער פֿון סקולפּטאָר, װעלכער האָט מאָדעלירט די ראַסע מיטן ליים פֿון לאַנד. דאָס איז געװען דערזעלביקער סקולפּטאָר, װאָס האָט אויסגעהאַקט די געמעלדן אין דעם שטיין פֿון זייערע קירכן. מען האָט זיי דערקענט. זייערע װילדע קעפּ װאָלטן געקאָנט גאָר אָן שאָדן אַרויפֿגעזעצט װערן אין די נישן אויף די אַקסל פֿון די הייליקע אָן קעפּ (שוין איינמאָל הייליקע!) זיי זענען געװען די אמתדיקע אָפּשטאַמלער פֿון זייער קאַטעדראַל. און דאָס איז געװען אַ טרייסט. „דער חבֿרהמאַן לעבט נאָך!”... אָבער דאָס, װידער, איז שוין ניט געװען אַזוי פֿויגלדיק, װייל צװישן אונז גערעדט, זענען די הייליקע פֿון די קאַטעדראַלן אָפּטמאָל געװען גאַװהדיקע אויסװאורפֿן אָדער נשים־צדקניות. אַנעט האָט אין דעם אָפּצאַם פֿון דער שול געהאַט פֿוןביידע מינים, כאָטש אַביסל פֿאַרמילדערט. דער אַלטער װיין האָט זיך אויסגעװעפּט.

װאָס עס האָט זי אָבער קודם־כּל איבעראַשט אין אָט־די אינגלשע פּנימער פֿון צאַרטן עלטער, אין אָט־די ביינערדיקע, אָנגעבלאָזענע, אומרעגלמעסיקע, װי מיט אַ האַק אויסגעהאַקטע און צע־

קרימטע פּנימער, זענען געווען צוויי שטריכן: גראָבקייט און כיט־רעקייט. זיי האָבן געהערט צו דער ערד. די לאַנגע וואַלואַזער אויס־געבויגענע נאָז, די קליינע, גלאַנציקע, שעלמישע אויגן, די פּריציי־טיקע קנייטשען אויף די שלייפן בעתן לאַכן און דאָס פּוקסישע מויל מיט די געלע ציין, וואָס האָט זיך אויסגעקרימט אויף אַ זייט אויף צו מאַכן שפּאַס, אָדער אויף צו גריזשן גומי, די נעגל אָדער אַ קייקעלע פּאַפּיר... אנעט, אין איר שטול, האָט זיך געפילט ווי אַ יעגער אין אָנגעזיכט פון די געיעג־הינט. אַ יעגערין אָדער אַ גע־יגַ‏גטע? זי אָדער זיי, — ווער וועט זיין דאָס ווילדפּרעט? זיי האָבן איינס ס'אַנדערע נאָכגעשפּירט. מען האָט שטענדיק געמוזט האַלטן דעם פינגער אויפן דריקער פון ביקס. זאָל זיך היטן דער, וואָס וועט דער ערשטער אַרונטערלאָזן די אויגן!

זיי זענען געווען די ערשטע. נאָך דער ערשטער באַטראַכ־טונג, מיט אַריינקוקן אין פּנים אַריין, מיט פאַרשטיקטן געלעכטער, מיט געמורמל, מיט אַ שטויסן פון עלנבויגנס אין די זייטן אַריין, האָבן די אויגנלעדלעך זיך אַרונטערגעלאָזן. אָבער דאָס אויג האָט זיך נאָך אַלץ שאַרף איינגעקוקט. און דאָס איז נאָך ערגער! מען קאָן עס ניט גרייכן, כאָטש עס קלאַמערט זיך אָן אייך. עס לאָזט קיין זאַך ניט אדורך פון אייערע באַוועגונגען, ניט צו באַצייכענען זיי מיט אַ גרימאַסע, וואָס גיט זיך איבער פון איין עק קלאַס צום צווייטן אַזוי ווי דורך דראָטלאָזן טעלעגראַף. זיי זעען אויס צו זיין אומבאַוועגלעך, אומשולדיק (אין צווייפּאַכיקן זינען); אָבער די פיס זייערע פּלאָנטערן זיך אונטערן טיש, די שיך שאַרן זיך אי־בערן דיל, די הענט פּאָרן זיך אין דער טיפעניש פון די קעשענעס, אָדער אַרום די היפטן פון די חברים, דאָס אויג ווינקט און די צונג שפּיצט זיך און בערגלט די באַקן. זיי זעען קיין זאַך ניט און דאָך זעען זיי אַלץ. און ווערט דעם לערערס אויפמערקזאַמקייט אויף איין רגע נאָכגעלאָזן, אַזוי פילט מען ווי אַ ציטער לויפט אַדורך איבערן גאַנצן קלאַס.

דאָס אַלץ איז קיין נייס ניט פאַר לערער; און כאָטש אַנעט האָט ערשט געהאַט אָנגעהויבן (ווייל ביז איצט האָט זי נאָר געגעבן פּריוואַטע לעקציעס), דאָך האָט זי פון די ערשטע שריט אָן זיך גלייך דערפילט שטאַרק ביי זיך; דער אינסטינקט פון רעגירן איז

געוועזן אין איר בלוט. זי האָט זיך געמענט אַמאָל פאַרחושן, דאָך ביים מינדסטן אויפריר, וואָס האָט איר געלאָזט וויסן וועגן דער געפאַר, איז זי שוין געשטאַנען אַ באַוואָפנטע, און אָט־די קליינע וועלפלעך און פוקסלעך, וואָס האָבן געגרעכנט אויף איר פאַר־טראַכטקייט און זענען שוין געקראָכן צו איר מיט די אָפענע מייַ־לער, אויסגעקרימטע אויף אַ זייט, זענען מיטאַמאָל געבליבן שטיין פאַרן פייער, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין אירע באַפּעלערישע אויגן... און זיי האָבן זיך דאָך געהאַט געריכט צו מאַכן זיך אַזוי לוסטיק איבער אָט־דער פרוי, וועלכע איז זיי געגעבן געוואָרן פאַר אַ הירטין...

די פרוי האָט פאַר די דאָזיקע קליינע מאַנסבילן געהאַט איר באַשטימטן פּלאַץ אין הויז און אין קראָם. דאָ אָבער האָט זי רעג־גירט. מען האָט אַרויסגעזען איר קאָפּ (זי האָט געהאַט אַ שיינעם קאָפּ) און אַמאָל אויך די הענט (זי האָט געהאַט איידעלע הענט). האָט זי אָבער זיך באַוויזן אינגאַנצן, איז זייער אינטערעס געלעגן נאָר אין דעם אונטערשטן טייל קערפּער. ווי זיי האָבן זי עס גע־זופּט מיט די נעז!... די מערסטע פון זיי האָבן גאָרנישט ניט געוואוסט, אָדער כמעט גאָרנישט. גאָר ווייניקע האָבן שוין געהאַט זייערע ערשטע דערפאַרונגען. אָבער קיין איינער פון זיי וואָלט ניט וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר אַן אומוויסנדיקן. און ווי זיי האָבן עס דערפון גערעדט, אָט־די קליינע פּויערים! ווען די פרויען וואָלטן זיך נאָר פאָרגעשטעלט, וואָס עס פלעג וועגן זיי גערעדט ווערן צווישן אָט־די אינגלעך, — וועגן אָט־די אַלע, וואָס האָבן געקאָנט פאַרכאַפּן און אָנציען זייער אויפגערעגטע פאַנטאַזיע אין דעם ענגן צירקל פון זייערע טעג, — וועגן שוועסטער, סיי פאַרהייראַטע, סיי ניט־פאַרהייראַטע, וועגן באַלעבאָסטעס אָדער דינסטן, וועגן אַלץ, וואָס האָט געטראָגן אַ קליידל, האָט עס אפילו געמענט זיין גאָט אַליין! נאָר די מוטער פלעג דורך אַ שטילן אָפּמאַך כמעט, — ניט אַלעמאָל, — געשווינט ווערן. און האָט זיך פאַר זיי באַוויזן אַזאַ איינע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט קיינעם, וואָס קיין מאַנספאַרשוין האָט זי ניט געהאַט באַשיצט, קיין מאַן, קיין זון, קיין ברודער, — אַזאַ פרעמדע איז געוועזן אַ גוטער רויב פאַר זיי. מיט גרויס גיריקייט האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אָן איר און גערעדט, גערעדט!

יאָ, ווען אָבער דער רויב איז אַן אַנעט, איז עס אַ האַרטער ביסן צום צעקייען. ווער זאָל אָנהויבן? און פון וואַנען?

אַ מאָדנע פרוי!... בעת זיי האָבן געשטשירעט די ציין, פאַר־שטעלנדיק זיך דאָס פּנים מיט די הענט, און זי אַרומגעטאַפּט מיט די אויגן, האָט איר שאַרפער, האַרטער אָדער שפּאָטישער בליק צוגע־נאָגלט דעם גראָבן וויץ צו זייערע ליפּן; זיי זענען פאַרבליבן אַן אָן אָטעם, ווען זי האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט מיט אַ טייוולישער בליציקייט:

— איצט, פּילוּא, וויש זיך אָפּ ס׳מויל! דאָס שמעקט ניט גוט!

ער פרעגט זיך נאָך:

— וואָס?

— דאָס, וואָס דו האָסט נאָרוואָס געזאָגט.

ער פּראָטעסטירט, אַז ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, אַז ער האָט געערעדט צו שטיל, זי זאָל עס קאָנען הערן.

— איך האָב עס פּאָרט געהערט... אויב איר ווילט זיך גרינגער מאַכן, גייט אַרויס אין דרויסן. איך קאָן גאָרנישט ניט טון מיט אייערע געדאַנקען, ווייל איך, וויינקסטנס, אַז אייערע מייַ־לער זאָלן פאַרבלייבן ריין.

זיי זענען געזעסן ווי צוגעשמידטע. אויף איין מאָמענט. וואו האָט זי עס גענומען אָט־די דרייסטיקייט פון טאָן און פון בליק, אָט־די ענטפערס, וואָס זענען געפאַלן ווי אַ פּאַטש אין פּנים? אָן אומ־געדולד, מיט אַ גערעכטער האַנט, וואָס האָט איצט רואיק גע־צערט אירע בלאָנדע ברעמען... דער צירקל פון שטאַרנדיקע אויגן האָט זי ווידער אַרומגענומען. זי האָט געפילט, ווי זי ווערט אינ־גאַנצן אַדורכגענומען, פון די אויערן ביז צו די קנאָפּל; זי איז געשטאַנען אַנקעגן זיי און האָט אָן אַן אָפּשטעל, דורך פראַגעס, וואָס זענען, אומגעריכטע, געפאַלן רעכטס, לינקס, געהאַלטן באַשעפּ־טיקט זייערע געדאַנקען. זי האָט צו גוט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך געדרייט אונטער אָט־די קליינע, פּוסטע שאַרבנס, — אַ געווימל פּלינן, וואָס פליט אַפיר פון אַ וואַנט גליצין־פּלאַנצן אין פרילינג. זי האָט געוואוסט... און וואָלט זי עס ניט געוואוסט, וואָלטן זיי זיך שוין געשטעלט דעם ציל איר צו לאָזן עס וויסן.

דער דיקער שאַניואַ. דער זון פון אַ פערד־הענדלער, פופצען יאָר אַלט, כאָטש אויסגעזען האָט ער ווי פון זיבעצען; ברייטער ווי לענגער, מאַסיוו, דאָס פּנים פאַרזייט מיט שפּרענקלען, אַ פיר־עקיקער שאַרבן, אַ ליכטיק־בלאָנדער אָפּגעגאָלטער קאָפּ האָר ווי ביי אַ חזיר, ריזעדיקע הענט מיט נעגל, אָפּגעגריזשעטע ביז צו די „וואָרצלען", גראָב און כיטרע, שפּאָטיש און צאַנקעריש, — ווען ער האָט זיך געשושקעט, האָט מען געהערט זיין אינגעווייד, ווי דאָס זשומען פון אַ גרויסער פליג אויפן דעק פון אַ טאָפּ, — ער האָט געוואָרפן אויגן אויף אַנעטען, ער האָט אָפּגעשעצט אירע פאָרמען און איר צויבערדיקייט, ער האָט זיך באַלעקט, ווי אַ מבין, און זיך געוועט מיט די חברים, אַז ער וועט זיך איר דערקלערן אין ליבע. ווען זי האָט גערעדט צו אים, האָט ער געמאַכט צו איר אויגן פון אַ פיש. זי האָט אַרויסגערופן ביים קלאַס געלעכטער אויף זיין חשבון. דעמאָלט האָט ער, אַן אויפגעבראַכטער, זיך געשוואוירן אָפּצורע־כענען זיך מיט דער חצופה! ער האָט אומיסטנע געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל ווערן געכאַפּט ביי דער האַנט, בעת ער האָט געצייכנט שמוציקע בילדער. און איצט האָט ער געוואַרט אויפן עפעקט. ער איז געווען רואיק אין אויסזען, אָבער זיין קאַמזויל האָט געציטערט: ער האָט געלאַכט מיטן בויך. און די אַנדערע הינטלעך, וואָס האָבן שוין געהאַט פון פריער געוואוסט, וואָס עס קומט דאָ פאָר, האָבן באַצייטנס געקווייטשעט, אַנשטענלדיק די אויגן אויפן קרבן, אויף איר שטערן, אויף אירע אויגן און אויף אירע לאַנגע פינגער, וואָס האָבן געהאַלטן דאָס בלעטל פּאַפּיר. זי האָט ניט געמאַכט קיין טומל. זי האָט צוזאַמענגעלייגט דאָס פּאַפּירל. זי האָט פאַר־ענדיקט דעם אָנגעהויבענעם דיקטאַט. און שאַניואַ, זיך שטיקנ־דיק פון געלעכטער, האָט געשריבן פּונקט ווי אַלע אַנדערע.

דאָס געענדיקט, האָט זי געזאָגט:

— שאַניואַ, איר וועט אויף עטלעכע וואָכן צייט זיך אומקערן צוריק אויף אייער פאָטערס פאַרם. דאָ זענט איר קראַנק. אייער פּלאַץ איז אין די פעלדער, צווישן אייערע פערד.

שאַניואַ האָט מער ניט געלאַכט. זיין הינטן האָט גאָרנישט געהאַט קיין חשק זיך ווידער צו באַקענען מיט זיין פאָטערס פוס.

ער האָט פּראָטעסטירט, ער האָט זיך אויסגעטענהט. זי איז אָבער געווען הארט ווי אַ שטיין:

— ארויס, ארויס פון דאנען! אייער שטעלכל איז דאָ צו שמאָל פאר אייך. דאָרט וועט איר זיין אויף דער פריי און מען וועט אייך גוט אויסבערשטלען. אָט האָט איר אייער צעטעלע צום צענזאָר!

זי האָט אויפגעשריבן אויפן שטיקל פּאַפּיר:

„צוריקצושיקן אהיים. ארויסגעטריבן".

דערנאָך האָט זי זיך געווענדט צום קלאַס, וואָס איז געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער:

— קינדער, אייער מי איז אומזיסט. איר ווילט מיך אָנ־שרעקן, ווייל איך בין אַ פרוי. איר האָט פאַרשפּעטיקט אויף עט־לעכע יאָרהונדערטער. די פרויען טיילן איצט די אַרבעט מיט די מענער. זיי פאַרנעמען זייער פּלאַץ. דאָס לעבן פון די מענער איז זייער לעבן. זיי לאָזן ניט אַרונטער פאַר זיי די אויגן... איר ווילט שפּילן די ראָלע פון מענער? עס איז ניט נויטיק צו זיין אומגעדולדיק. די דאָזיקע אַמביציע קאָן דערגרייכן אַפילו דער באַשרענקטסטער פון צווישן אייך. די גאַנצע פראַגע איז צו וויסן, צי וועט איר זיין מענטשן מיט פאַרשטאַנד, פייאיק אין אייער פאַך. אונזער אַרבעט דאָ איז אייך צו העלפן אין דעם. אויב אָבער איר ווילט ניט, וועלן מיר אייך דערצו ניט צווינגען. עס איז אַן אָפן שפּיל! עס ווענדט זיך אינגאַנצן אָן אייך. יאָ אָדער ניין, וואָס זאָגט איר?...

נאָך עטלעכע פאַרזוכן האָבן זיי איינגעזען, אַז זיי זענען ניט געווען די שטאַרקערע. דעמאָלט איז, ניט אויסצורײדן קיין וואָרט, אונטערגעשריבן געוואָרן אַן אָפּמאַך. אוודאי האָט די גרעניץ גע־מוזט שטענדיק פאַרבלייבן באַוואַכט, אַניט וואָלט דער אָפּמאַך גע־ווען ניט מער ווי אַ שטיקל פּאַפּיר. איז זי טאַקע באַוואַכט גע־ווען און עס זענען אַזוי אַרום איינגעשטעלט געוואָרן נאָרמאַלע באַ־ציאונגען. זיי האָבן מער ניט דיסקוטירט די עטאַבלירטע מאַכט. און אַזוי ווי זייער קאַליציע האָט ניט געהאַט מער קיין געמיינשאַפט, האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פונאַנדערגעטיילט, ווי זיי זע־נען עס טאַקע געווען, לויט זייער טבע נאָך. אַנעט האָט גענומען

אונטערשיידן צווישן אָט־דעם שטאַם אינדיווידועלע נאַטורן. עס זענען געווען עטלעכע, ניט פיל, — א דריי אָדער פיר פון צווישן גאַנצע זעקס קלאַסן, — וואָס האָבן צוגעצויגן איר סימפּאַטיע; זי האָט עס אָבער ניט געטאָרט אַרויסווייזן. דאָס זענען געווען קליינע אינגלעך, געבוים פון אַ מער דעליקאַטן שטאָף, וואָס האָבן אַביסל געדענקט. מען האָט געקאָנט זען, ווי איידעלערע געדאַנקען רויטלען זיך אונטער זייער הויט; זיי זענען געווען פיינ־פילעריש אויף אַ וואָרט, וואָס מען האָט זיי געזאָגט, אויף אויפ־מערקזאַמקייט, וואָס מען האָט זיי געשענקט, אויף אַ בליק; און כמעט אַלעמאָל האָבן די אַנדערע זיי פאַרדעכטיקט, אָדער פאַר־פאָלגט. זייער רעלאַטיווע אַריסטאָקראַטישקייט האָט געוועקט די נאַטירלעכע שנאה פון שטאַם; און אַזוי ווי זיי זענען געווען פיינ־פילעריש, האָט מען זיי טאַקע דערפאַר אָנגעטון צרות. עס וואָלט ניט געווען פאַר זיי קיין טובה, ווען מען זאָל זיי געווען אַרויסווייזן, אַז מען האַלט פון זיי מער ווי פון די אַנדערע: זיי וואָלטן פאַר דעם געקראָגן זייער שטראָף. נאָך ערגער, זיי וואָלטן דאָס עקס־פּלואַטירט, אָט־די קליינע קאָמיקער: פאַראינטערעסירט זיך נאָר אימיצער אין זיי, אַזוי מיינען זיי, אַז זיי זענען טאַקע אינטערע־סאַנט, אָדער ווילן עס זיין, און זייער נאַטור ווערט אַזוי אַרום געפּעלשט. נאָך אַלעמען, האָבן זיי געהערט צו דעמזעלביקן מין ווי די אַנדערע, — נאַאיוור־ציניש און צעלאָזן. אַנעט האָט געמוזט אונטערדריקן איר פערזענלעכע באַציאונג, ווי שטאַרק עס איז ניט געווען איר פאַרלאַנג צו נעמען אַמאָל איינעם פון זיי אין אירע אָרעמס, אַנשטאָט דעם, וואָס האָט איר אויסגעפּעלט!... מאַרק איז דאָרט שטענדיק געווען. זי האָט אים געזוכט אין יעדן אינגל. זי האָט אים פאַרגליכן מיט זיי. און האָט זי, אָט־די מוטער, קיין איינעם ניט געפונען, וואָס זאָל אים ווערט זיין, האָט זי געפּרואווט זיך אַליין אָפּצונאַרן; זי האָט זיך אים פאַרגעשטעלט אויף זייער פּלאַץ, שטייענדיק פאַר איר, זי האָט אים געזען; זי האָט זיי שטו־דירט, כדי אים צו שטודירן. בלית־ברירה, זענען דאָס געווען שפּיג־לען, וואָס האָבן, ניט צו צעקרימען צופיל זיין געשטאַלט, אָפּגע־שפּיגלט דעם פאַרלוירענעם זון, דעם בן־סורר, וואָס וועט נאָך אַמאָל קומען צוריק. וואָס אַזוינס האָבן זיי אָפּגעשפּיגלט?...

צום באַדויערן, האָבן זיי אָפּגעשפּיגלט די דערוואַקסענע. זייער אידעאַל איז ניט געגאַנגען ווייטער פון דעם, ווי צו זיין דאָס, וואָס עס זענען געווען זייערע פאַרגייער מיט אַ דור פריער (דאָס רופט מען: „פּראָגרעס”, — אַט־דער כוח פון עבר, וואָס גייט אויף צוריק!...) און האָבן זיי אפילו פאַרן אָנקומען אין דער שול גע־האַט אייגענע איינגעבוירענע כאַראַקטער־שטריכן, האָט מען זיי אויך קוים געקאָנט אונטערשיידן: זיי זענען געווען געשטעמפּלט מיטן זיגל פון זייערע אייגנטימער, די פּאַטערס, וואָס זענען, ווי־דער, אַליין אויך געווען געשטעמפּלט מיטן זיגל פון זייער אָפּ־שטאַם און פון זייער געמיינדע. זיי האָבן מער ניט געהערט צו זיך אַליין. זיי האָבן געהערט צו יענער נאָמענלאָזער קראַפט, וואָס אין לויף פון יאָרהונדערטער האָט זי צוזאַמענגענומען אין די שטעט אַריין אָט־די פעלד־הינט, ווידערהווילנדיק נאָכאַנאַנד די באַוועג־גונגען און דאָס בילעריי, בויענדיק נאָכאַנאַנד איין־און־דיזעלביקע געדאַנקען־כאַלופּקעס. די שול איז דער וואַרשטאַט, וואָס לערנט אויס צו אָפּערירן דעם דענק־אַפּאַראַט. וואָס קאָן אָבער די איזאָ־לירטע איניציאַטיווע אויפטון פאַר זייער באַפרייאונג? מען וואָלט קודם־כל באַדאַרפט זיי לערנען ניט אַרויפצוציען אויף זיך די גע־דאַנקען פון די גרויסע: זיי זענען דאָך געווען אַזוי שטאָלץ ביי זיך צו פאַרשטעלן זיך פאַר גרויסע. וואָס ווייניקער זיי האָבן גע־דענקט פאַר זיך אַליין, אַלץ גליקלעכער און שטאָלצער האָבן זיי זיך געפילט. און זענען דען די גרויסע בעסער געווען? זיי האָבן גאָר אויפגעלעבט, ווען זיי האָבן זייער פּערזענלעכע מיי־נונג (אָט־די איבעריקע משא!) אויפגעלייזט אין דער מיינונג פון דער מאַסע, וואָס רופט זיך שול, אַקאַדעמיע, קירך, מלוכה, פאָטערלאַנד, — אָדער וואָס האָט גאָר קיין נאָמען ניט און איז ניט מער ווי דער מין, אָט־דער מאַנסטער מיט די אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס מען רעכנט אים צו געטלעכע חכמה און וואָס פויזעט אַרום דאָ און דאָרט, טוקנדיק זיין פרעסעריש לייב אין דעם שליי־מיקן זומפּ, פון וואַנען ער איז איינמאָל געווען אַרויסגעקומען און וואָס וועט אים אַמאָל אויפסניי פאַרשלינגען... (אַזוי פיל טויזנ־טער מינים זענען שוין דאָרט פאַרזונקען געוואָרן!... וואָס! וועלן מיר טאַקע ניט אויסלייזן אונזער אייגענעם מין?...)

די בלאַנדז־פּייערלעך לייכטן איבער דעם זומפּ. אַמאָל דוכט זיך אָפּ, אַז מען זעט זיי אויף אַ ווײַלע אַרויסשײַנען פון אייניקע אויגן פון אַמ־דעם קליינוואַרג... אַנעט האָט געזוכט זיי אויפצוכאַפּן... וואָס האָבן זיי געדענקט וועגן לעבן? וואָס האָבן זיי געדענקט וועגן טויט? אַמ־די מלחמה, אַמ־די שטורעמס, וואָס האָבן אָנגעקלאַפּט אין די בערג, אַמ־דאָרט, ביים האָריזאָנט, — ווי האָט דאָס אַלץ אָפּגעקלונגען הינטער אַמ־די קליינע פאַרשלאָסענע שטערנס?

עס האָט דאָרט גאָרנישט אָפּגעקלונגען ווי נאָר דער טראַ־טאַ־טאַ, דאָס שאַלן פון די טרומייטן, די אויסגעשרייען פון האָס קעגן שונא און די בילדער פון זשורנאַל „אילוסטראַציע", — אַ ווייטער ספּעקטאַקל, וואָס הויבט אָן לאַנגווײַלן, ווען ער ווערט פאַרלענגערט: זיי זענען שוין געווען איבערגעזעטיקטע!... זייערע שפּילן אין „צייכנס" און זייער ווערטן־זיך האָבן זיי מער אינטערעסירט. אָדער זייערע שפּיצלעך אין קלאַס. און וועלן זיי עלטער ווערן, וועלן זיי זיין פאַרטון אין געשעפט, אין די געווינסן און אין די פאַרלוסטן פון דער באַלעבאַטישקייט.

דאָך האָבן זיי דאָרט, אין די שוצגראָבנס, געהאַט קרובים. אַ סך פון זיי זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. האָבן זיי גאָר וועגן זיי ניט אַ טראַכט געטון?

אָן געפיל. גיכער נאָר אויף זיך צו באַרימען מיט זיי. זיי זענען געווען העלדן דורך אימיצן אַנדערש. די נייס, וואָס פלעגן אָנקומען פון פראָנט, זענען פריער גוט דורכגעזיפּט געוואָרן. זיי האָבן געזען די אַלע אומגליקן פון אַ קאָמישן ווינקל. בודען האָט געזאָגט, זיך קייקלענדיק פון געלעכטער:

— מיין ברודער דאָרט זאָגט, אַז זיי שטעקן ביזן סאַמע שנוק אין ד—ק.

קאָרוואָ האָט דערציילט, אַז מען שניידט דאָרט די דייטשוקעס מיט מעסערס. ער האָט געוויזן, ווי אַזוי מען טוט עס. ער האָט געהאַט געזען, ווי מען האָט געשאָכטן אַ חזיר.

זיי האָבן מיט שפּאָטישע אויגן זיך דערציילט וועגן דער צעשמעטערונג־אַרבעט פון די גראַנאַטן. גלאָקנטורעמס, ביימער, גערעדערים און קעפּ זענען געפלויגן אין זייער פאַנטאַזיע ווי אַ מין באַר־

באריש שפּילצייג. זיי זענען געבליבן שטיין ביי אָט־דער רעקאָ־ראַציע. יאָ, זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט דאָס בלוט־און־פלייש, זיי האָבן געפונען אין דעם דאָס אייגענע פאַרגעניגן, וואָס אינג־לעך געפינען און פליושקען זיך אין בלאָטע... דעם געשריי אָבער פון דער נשמה הינטער דעם אַלעם האָבן זיי ניט געהערט.

די, וואָס זענען געקומען צוריק פון דאָרט, האָבן אויך גאָר־נישט ניט געטון, כדי אים אויפצואוועקן. קאָרוואָס עלטערער ברודער איז געקומען אהיים. ער האָט דערציילט פאַר אָט־די אינגלעך:

— איך האָב דאָרט געהאַט אַ גוטן־ברודער, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ געשעפט, פאַרקויפנדיק די צינדער פון די ניט־גע־פּלאַצטע גראַנאַטן. ער איז געווען אַזוי געשייט מיט זיינע צען פינגער אויף זיי אָפּצושרויפן, פונקט ווי אַ מאַלפּע. און ער פלעג זיי צוזאַמענקלייבן נאָך איידער זיי האָבן זיך געהאַט אינ־גאַנצן אָפּגעקילט. איך האָב אים אַלעמאָל געוואָרנט: „זיי פאַר־זיכטיק!" האָט ער מיר דערויף געענטפערט: „זיי קענען מיך!" איינמאָל בין איך זיך אַזוי נאָכגעגאַנגען נאָך אים, זיך אויסבאַ־האַלטנדיק אויף צוואַנציג שריט ווייטער, הינטער אַ בוים. „ריר ניט אָן אָט־דעם גראַנאַט", — האָב איך צו אים געשריגן, — „ווּעסט שלעכט אָפּשניידן!"... „עט! ביסט אַ שרעקעדיקער האָז", — האָט ער געענטפערט. מיטאַמאָל — קראַך! דער גראַנאַט האָט אים אַ פּיק געטון גלייך אין נאָז אריין... דער חברהמאַן האָט עס געקראָגן ריכטיק!... עס איז פון אים גאָרנישט ניט גע־בליבן...

ער האָט געקייַכט פון געלעכטער. און די אינגלעך, אינ־איינעם מיט אים. אַנעט האָט דאָס אויסגעהערט, ניט צו גלויבן אירע אייגענע אויערן. וואָס איז געווען הינטער אָט־דעם געלעכ־טער? דאָס דערמאָנען זיך אָן אַ פיינעם שפּאַס? אַ נערוועזע אויפרעגונג?... אָדער עס איז הינטער דעם גאָרנישט ניט געווען?

זי האָט אוועקגענומען דעם שפּאַסטרייבער אָן אַ זייט.

— זאָגט נאָר, קאָרוואָ, איז דאָרט טאַקע אַזוי אַנגענעם?

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר און געפּרואווט זיך ווייטער צו וויצלען. זי האָט אָבער ניט געלאַכט. דעמאָלט האָט ער געזאָגט:

— זאָגן אייך דעם ריינעם אמת? עס איז דאָרט גאָרנישט אזוי פיין.

און אין א ווײַלע אַרום האָט ער איר פאַרטרויט זיינע ביטערע דערפאַרונגען.

— פאַרוואָס דערציילט איר דאָס קיינעם ניט? — האָט אים אַנעט געפרעגט.

ער האָט געמאַכט א יאושדיקן זשעסט:

— מען קאָן ניט. זיי וואָלטן עס ניט פאַרשטאַנען... א חוץ דעם, וואָלטן זיי דאָס ניט געוואָלט הערן... און צוריקגערעדט, צו וואָס נוצט עס? מען קען זיך סיי־ווי ניט העלפן.

— ווייל מען וויל זיך ניט העלפן.

— עס ווענדט זיך ניט אָן אונזער ווילן.

— אָן וועמען דען ווענדט זיך עס, לויט אייער מיינונג?

— אָן יענע, אָן די קעפּ.

עס איז געווען אומזיסט צו ריידן ווייטער, צו דערמאָנען אים, אז ער אליין האָט זיי דאָך געמאַכט פאַר קעפּ, אז ער אליין האָט זיי אויסגעקליבן...

און אין דעמזעלביקן אָוונט האָט אַנעט אים ווידער געהערט דערציילן זיינע וואויליונגישע מעשיות. ער האָט געהאַט דערצו א באַדערפעניש. ער האָט דערמיט געוואָלט אָפּנאַרן ניט יענעם, נאָר זיך אליין.

אויב אָט־די יונגעלייט זענען ניט געווען פייאיק צו זען און צו וועלן דעם אמת, איז ווי האָט מען דאָס געקאָנט דערוואַרטן פון די, וואָס זענען נאָך ניט געווען געפּרואווט געוואָרן, — פון אָט־די קינדער?

זיי האָבן די זאַכן ניט פאַרשטאַנען. זיי זענען געווען קרבנות פון ווערטער. אבי נאָר די ווערטער זענען געווען הויך־קלינגענ־דיקע, האָבן זיי שוין ניט געהאַט וואָס צו טראַכטן פון זייער זין. אַנעט האָט געהייסן אָנשרייבן, וואָס עס איז זייער אידעאַל אין לעבן. בראַן האָט געוואָלט זיין אַן אָפיציר; איינער פון זיינע פעטערס איז עס אויך געווען. ער האָט אויפגעשריבן מיט שטאָלץ:

„גייט דען ניט שטענדיק דער טייך צוריק צו זיין קוואַל?"

זיי האָבן געפּראַלט מיט זייער קריגערישקייט. די עלטערע,

וואָס האָבן, ווען די מלחמה וואָלט געדויערט נאָך אַ יאָר אָדער צוויי, נאָך געקאָנט גערופן ווערן, האָבן איבערגעחזרט די באַריי־מעריי, וואָס זיי האָבן געהערט פון אייניקע אַלטע קריגער:

— די קוילן, — זיי לעבערן אייך טאַקע דורך, עס טוט אָבער גאָרנישט וויי!... שטייט אויף, איר טויטע!...

די צוקונפטיקע העלדישקייט האָט זיי פּרייגעלאָזן פון דער איצטיקער אָנשטרענגונג. זיי האָבן „אַלץ געהאַט אין דר'ערד". זיי האָבן געזאָגט:

— נאָך דער מלחמה וועט מער ניט זיין קיין דאגה מיט מזומנים. די דייטשוקעס וועלן פאַר אַלץ באַצאָלן... גוטער ברו־דער, מירן זיי שטעלן אין געשפּאַן... אָהאָ!... מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך איינקויפן אַ האַלבן טוצן דייטשוקעס און זיי אָנשלאָגן פּאָדקאָוועס אויף די הוילע פיס... כאַ־כאַ!...

די מער געבילדעטע, די זין פון דעם פּרעזידענט און פון דעם אַדוואָקאַט, האָבן געמאַלעגאַירעט די הויכע מליצה פון די צייט־טונגען. לאַוועדאַן איז געווען אַ קאָרנעיל און קאַפּיו — אַ הוגאָ. די איבעריקע האָבן זיך באַנוגנט מיט די געפעלשטע בילדער פון די קליינע אילוסטרירטע בלעטלעך.

אַנעט האָט געמאַכט אַן עקספּערימענט. זי האָט זיי פאָר־געלייענט אַ קאַפּיטל פון „מלחמה און שלום", — דער טויט פון דעם קליינעם פּעטיאַ, — די שיינע בלעטער, דורכגעזאַפּטע מיט די נעפּלען פון הארבסט און מיט חלומות פון אַ יונגן בוים, וואָס וועט קיינמאָל ניט דערוואַקסן..

„ע ס א י ז ג ע ו ו ע ן א ַ ט א ָ ג א י ן ה א ַ ר ב ס ט, א ַ מ י ל ד ע ר א ו ן א ַ ר ע נ ג נ ד י ק ע ר ; ד ע ר ה י מ ל א ו ן ד ע ר ה א ָ ר י ז א ָ נ ט ה א ָ ב ן ז י ך צ ו נ ו י פ ג ע נ א ָ ס ן א י ן א ַ ב א ַ ז ו נ ד ע ר ן ט א ָ ן פ ו ן מ א ַ ט ן ג ר ו י. ע ט ל ע כ ע ש ו ו ע ר ע ט ר א ָ פ נ ס ז ע נ ע ן ג ע פ א ַ ל ן . . . "

אין אָנהויב האָבן זיי שלעכט געהערט. זיי האָבן געחוזקט פון די רוסישע נעמען. דער נאָמען פון דעם קליינעם העלד האָט געהאַט די פּיאַיקייט זיי אַריינצושליידערן אין אַן אָרגיע פון לוס־טיקייט. דערנאָך, ביסלעכווייז, האָט דאָס געווימעל פליגן זיך אויס־

געשטעלט אויפן ראַנד פון שיסל. זיי זיינען אַנשווינגן געוואָרן, האָבן געמאַכט צו שווייגן די באַריידעוודיקע; נאָר איינער, וואָס האָט געהאַט אָנגעבלאָזן די באַקן יעדן מאָל, ווען דער נאָמען איז געווען אַרויפגעקומען, איז ביזן סוף באַשטאַנען אויף דערזעלביקער חכמה. די איבעריקע זענען געזעסן שטיל... ווען דאָס לייענען האָט זיך געענדיקט, האָבן אייניקע גענומען געניצן. אַנדערע האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון זייער אומבאַוועגלעכקייט, אויפהויבנדיק אַ גרויס געפּילדער. נאָך אַנדערע, זשעניִרטע, אומצופרידענע, האָבן געשטשירעט די ציין, מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון מבינים:

— אָט־די רוסן זענען ווילדע ברואים!...

עס זענען געווען אַזוינע, וואָס ניט צו קאָנען זיך אויסדריקן, האָבן זיי געזאָגט:

— עס נעמט דורך אַ גרויל...

עס זענען אויך געווען אַזוינע, וואָס האָבן גאָרנישט ניט געזאָגט. דאָס זענען געווען די, וואָס זענען געווען גערירט. אָבער אויף וויפיל און ווי אַזוי? עס איז שווער געווען דאָס צו וויסן. מען וואָלט ניט געקאָנט אַרויסציען ביי זיי קיין איין האַרציק וואָרט.

אַנעט האָט זיך שאַרף איינגעקוקט אין אַ קליינעם צוהערער, אַ בלאָנד, דאַר אינגל; מיט אַ לאַנגער נאָז, מיט דינע געזיכט־שטריכן, פיין פאַרקעמט, מיט אַ שמאָלער ברוסט; ער האָט זיך פאַרהוסט און געקוקט אויף אַ זייט. ער איז געווען פאַרשטאַנ־דיק, שרעקעדיק, ניט זייער אָפנהאַרציק, ווי עס זענען געוויינט־לעך קינדער, וואָס ווייסן, אַז זיי זענען שוואַך און האָבן מורא זיך אַרויסצוגעבן. זי האָט חושד געווען אין אים דאָס אויפציטערן פון דער נשמה. בעתן לייענען, ווען זי האָט געהאַט אויפגעהויבן די אויגן פון בוך, האָט זי זיך געהאַט צוזאַמענגעטראָפן מיט די אויגן פון דעם געקוועלטן קינד; ער האָט האַסטיק אַריינגעשטעקט די נאָז צוריק אין זיינע פּאַפּירן. אָט־דאָס אינגל איז צייטנווייז געווען פייאַיק צו טראַכטן וועגן יענעמס לייד, ווייל ער אַליין איז געווען קרענקלעך און נערוועז. דער עגאָאיזם איז אָפט דאָס שליסל צו רחמנות. ווער עס ליידט אַליין, דער איז בכח אויפצוּוואַכן ביים ליידן פון אַנדערע.

אַנעט האָט אים פאַרהאַלטן נאָכן קלאַס. זי האָט אים געפרעגט, צי האָט ער ליב פּעטיאַן, אָט־דעם יונגן ברודער. ער האָט זיך פאַררויטלט און איז געוואָרן צעמישט. זי האָט אויפסנײַ אַרויסגע־רופן דעם חלום פון דעם פּאָעטישן קינד אין זײַן לעצטער נאַכט. ווי שיין עס איז געווען דאָס לעבן, דאָס מעכטיקע, דאָס שוואַכע לעבן! דאָס לעבן, וואָס וואָלט געווען, דאָס לעבן, וואָס וועט קיינמאָל ניט זײַן!... האָט ער עס פאַרשטאַנען?... ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אָפּגעקערט פון איר די אויגן. זי האָט זיי אָבער געזען: זיי האָבן געלויכטן...

— האָסטו ווען אַ טראַכט געטון, ווען דו וואָלסט, אַ שטייגער, געווען אויף פּעטיאַס פּלאַץ?

ער האָט פּראָטעסטירט:

— אָ, איך וועל ניט גיין אין דער מלחמה. איך בין ניט קיין געזונטער. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל פאַרבלײַבן אַהינ־טער דעם שלאַכטפעלד.

זײַן שוואַך געזונט איז געווען פאַר אים אַ טרייסט און אַ שטאָלץ.

— און וואָס איז מיט די אַנדערע, דײַנע חברים?

דאָס האָט אים ניט געאַרט! ער האָט זיך געאײַלט צו גע־פינען אין זײַן זכרון די פראַזן, וואָס מען באַדאַרף צו טראַכטן. „שטאַרבן פאַרן פּאָטערלאַנד“... די אַנדערע קאָנען זיך לאָזן הרגענען. ער האָט זיך ווידער אויסגעגלײַכט. דאָס ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן...

ווער ווייס?

---

אַנעט איז געווען אומגערעכט. זי האָט ניט געזען קיין שום גרונד פאַר האָפענונג. — זיי האָבן אָבער ניט אויסגעפעלט.

דאָס דאָזיקע פאָלק, וואָס איז באַשטאַנען פון גוטע לייט, עגאָ־איסטישע, פאַרחושטע, האָט געהאַט אַ רעכט צו דרעמלען. אַ לאַנגע צייט האָבן זיי געהאַלטן אין גיין. זיי האָבן געקעמפט אין די קרייצצוגן און אין דער הונדערט־יעריקער מלחמה. דאָס האָט זיי, אמת, ניט אינגער געמאַכט, עס האָט אָבער זיבער־געמאַכט די ראַסע.

זיי האָבן אַזוי פיל געזען, אַזוי פיל געטון, אַזוי פיל אַריבערגעטראָגן, אַזוי פיל אַדורכגעליטן!... און דאָך לאָבן זיי נאָך! עס איז ממש צום באַוואונדערן... ווער עס לאַכט, דער לעבט און האַלט ניט ביים אָפּזאָגן זיך פון לעבן...

אין אַט־דער וועלט פון אומצופרידענע מיט דעם, וואָס עס איז דאָ, האָט דאָס, וואָס עס איז דאָ, זיי צופרידנגעשטעלט. זיי האָבן ניט געפילט קיין קנאה־שנאה צום שכן, זענען געווען איבערגעצייגט, אַז קיין זאַך איז ניט בעסער פון דער היים, קיין זאַך ניט שענער ווי דאָרט צו פאַרבלייבן. זיי האָבן פיינט געהאַט די מלחמה, צור געוויינטע צו אַ שטיל לעבן, נאָך פינף־און־פערציק יאָר רו... און אין לויף פון איין טאָג צייט האָבן זיי, ניט אַ קרים צו טון זיך אַפילו, גענומען אויף זיך דעם עול פון שלאַכט!... ווי נאָכגעביק זיי זענען עס געווען, אַט־די דיסקוטאַנטן! זיי זענען געווען גרייט אַלץ מקריב צו זיין, — אָן שום אָנשטעל, — ווייל „אַזוי איז דאָס, אַזוי איז דאָס אַלעמאָל געווען"... זיי זענען געווען אָדער אומזי־ניק, אָדער רירנדיק, — לויט דעם ווינקל, פון וועלכן איר האָט געקוקט אויף זיי. זייער יסוד פון געמיטלעכן, גלייכגילטיקן אויפ־נעמען די מלחמה האָט געהאַט זיין שוואַכע זייט, אָבער אויך זיין גרויסקייט.

וואָס איז שייך די קינדער, איז וואָס ווייסן מיר פון זיי? דאָס, וואָס עס לאָזט זיך זען אויבנאויף, איז ניט מער ווי אַ שפּיל. די אַמתדיקע אַרבעט ווערט אָפּגעטון אין דער טיף. די אויגן פון די לערער און פון די עלטערן זעען ניט טיפער פון דער יונגער קאָרע. איר ווייסט ווענן דעם קינד ניט מער ווי דאָס, וואָס עס גיט אים דעם נאָמען ק י נ ד. איר זעט ניט דאָס אייביקע וועזן, וואָס האָט ניט קיין עלטער, וואָס זיין פייער טליעט אין די טיפן פון יעד־דער נשמה, גרויס, אָדער קליין. איר קאָנט קיינמאָל ניט ווּיסן, צי דאָס פייער וועט זיך ניט אַרויסרייסן... צוטרוי!... געדולד!...

אָבער אַנעטען האָט דאָס אויסגעפּעלט.

זי איז געווען ווי אַ קרעפּטיקער שווימער, וואָס וויל אַריבער־שווימען אַ טייך און גייט אַנקעגן דעם שטראָם. אָדער ווי יענע וואַנדער־פייגל, וואָס לאָזן זיך אַוועק אַנקעגן ווינט.

ווען זי האָט אין פּאַריז געהאַט דערפילט אַרום זיך דעם גערוך פון פיבער, האָט זי אויסגעלופטערט דאָס צימער; זי האָט דערצו אַקעגנגעשטעלט איר פאַרלאַנג נאָך רו. ווען זי האָט דאָ דערזען די דריקנדיקע גלייכגילטיקייט, האָט זי דערהערט אין זיך דעם אויפגייענדיקן רוף פון לייד.

זי איז געווען אומרואיק. אויב זי איז געווען אומצופרידן מיט אַנדערע, איז עס געווען דערפאַר, ווייל זי איז געווען אומצופרידן מיט זיך אַליין. אַנדערע זענען געווען דאָס, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט צו זיין, וואָס זיי זענען געווען, לויט זייער נאַטור נאָך. אָבער זי, — איז זי געווען, לויט איר נאַטור נאָך? וואָס אַזוינס האָט זי דען געטון? זינט אַ יאָר צייט האָט זי זיך געהאַט אונטערגעוואָרפן דעם גורל, וואָס איז געווען אויסגעפאַלן אויף איר פּאָלק. צוערשט האָט זי אין דעם געפונען אַ געוואַלטיקע הנאה; באַלד איז עס ביי איר געוואָרן אַ געוואוינהייט. איצט איז זי געווען מיד דערפון. אַן אינווייניקסטער כוח, אַ באַהאַלטענער, אַ ווייטער, האָט אין איר פּראָטעסטירט. זי האָט אים נאָך אַליין ניט דייטלעך געזען, זי האָט געליטן פון אים אויף אַ ניט־קלאָרן אופן; זי האָט זיך געפילט שולדיק אַנקעגן זיך אַליין. און אָט־די טונקעלע געוויסנביסן האָבן שווער געדריקט אויף אַלץ, וואָס זי האָט געזען, אויף אָט־דער קליינער וועלט, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָסן מיטן האָריזאָנט, — אויף אָט־דער מענטשהייט אין מיניאַטור. זי האָט געזען די חסרונות פון מענער אויף אָט־די קינדערשע געזיכטער. זי האָט געזען זייערע מזלות, זייער מיטלמעסיקע צוקונפט, די געצוימטקייט פון זייער לעבן. זי האָט געזען איר אייגענעם זון, אַ פאַרלוירענעם אין אָט־דער נאָמענלאָזער מאַסע, אין אָט־דעם געווימל פון מערעשקעס, וואָס פּליסט ווי אַ כוואַליע, ניט צו וויסן וואוהין עס גייט. זי האָט געקוקט אויף זיך אַליין ווי אויף אַ האַרעפּאַשנע מערעשקע, אָן קינדער, וואָס האָט אָן פרייד אויסגעפירט איר מעכאַנישע אַרבעט. עס האָט איר אויסגעזען, אַז אָט־די קינדער, — אפילו איר אייגנס, — זענען אַלע אַרויסגעקומען פון אַ משונהדיקער און נאַרישער קיניגין, — פון דער נאַטור, וועלכע האָט געהאַט אַ בייז מויל און אַן אויסגעטריקנטע נשמה.

אַלץ האָט איר געפעלט אין לעבן. ניט נאָר איר זון, וואָס זיין

אויספּעלן האָט זי אַזוי אַכזרותדיק געקוועלט. זי האָט זיך אַליין ניט געקאָנט געפינען.

---

און זי, ווידער, האָט איר זון אויך אויסגעפּעלט. ער וואָלט אָבער אין דעם זיך קיינמאָל ניט מודה געווען.

ער האָט זיך געהאַט געשיידט פון איר, ברענענדיק פון צאָרן, וואָס זי האָט אים איבערגעלאָזן אין געפענקעניש, אַ געשמידטן אין קייטן... אַ געשמידטן!... מירן עס באַלד זען!...

פיר וואָכן צייט האָט ער איר גאָרנישט ניט געשריבן. זי האָט אים געהאַט געשריבן איינמאָל, צווייטאָל, דריימאָל, צוערשט מוטערלעך־שטרענג, אים לאָזנדיק ווייסן, אַז אויב ער וויל ווערן בעסער, וועט זי אים מוחל זיין — (מוחל זיין! אים מוחל זיין, אים!... ער וויל דאָך גאָר איר ניט מוחל זיין!...) — דערנאָך האָט זי זיך געבייזערט, וואָס ער האָט איר ניט געשריבן; צולעצט איז זי געוואָרן אומרואיק און זיך דערפילט שטאַרק געקוועלט... ער האָט געקריצט מיט די ציין. ער האָט זיך ניט געקאָנט באַשליסן צו ענטפערן, ביז וואָנען סילוויע, ביי וועמען אַנעט האָט זיך אָנגעפרעגט אויף נייס וועגן קינד, איז געקומען אין אויפנאַם־זאַל פון דער שול אים איבערצורייד̣ן. דעמאָלט האָט ער זיך געפלייסט צו פאַבריצירן פאַר איר אַ מייסטערווערק פון טרוקנקייט. קיין וואָרט פון פאָרוואורף אָדער טענה. קיין ביטערקייט. (דאָס וואָלט געהייסן ארויסצוגעבן אַביסל זיינע געפילן!) אַ קאַלטע העפלעכקייט. אַן אָפּקומעניש, צו וועלכן ער האָט פון דעמאָלט אָן זיך בלומרשט געצוואונגען פינקטלעך אַלע צוויי וואָכן און וואָס האָט איר קיין זאַך ניט געלאָזט ווייסן וועגן אים און וועגן זיין לעבן ווי נאָר דרויסנדיקע זאַכן, — אויסגעטון פון יעדן פערזענלעכן טאָן, פון יעדן קאָליר און ריח. אומזיסט איז אַנעט באַשטאַנען אויף איינצלהייטן, אומזיסט האָט זי זיי געפאָדערט. זי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט איר געוואָלט לאָזן פילן זיין פאַרביטערטקייט. אָט האָט זי זיך געמיט אים צו אַנטוואָפענען, אָט האָט זי זיך געפלייסט צו ווערן פונקט אַזוי ניט־נאָכגעביק ווי ער. אָבער אַלעמאָל איז געקומען אַ מאָמענט, ווען די אונטערדריקטע ליבע האָט זיך דורכגעבראָכן אין אירע בריוו. דער בחור האָט ארויסגעקוקט אויף

אזוינע מאָמענטן און האָט זיך געפּילט ווי אַ זינער. שפּעטער האָט זי דערויף חרטה געקראָגן, ווייל ער האָט געשריבן צו איר אין נאָך מער אומדייטלעכע, נאָך מער אָפּגעהאַקטע פראַזן. איצט האָט זי אַנדערש ניט געעפנט זיינע בריוו ווי נאָר מיט אַ פיינלעכן געפיל איבער דעם, וואָס עס איז איר פאַרגעשטאַנען צו לייענען. און דאָך, ניט צו קוקן אויף דעם אַלעם, האָט זי נאָך אַלץ געהאָפט, און יעדן מאָל איז זי אַנטוישט געוואָרן. זי איז מיד געוואָרן צו ליידן און צו וואַרטן. ווען דער טאָג צו שרייבן איז געקומען (זי האָט אים נאָר געענטפערט, אַ בריוו פאַר אַ בריוו), פלעג זי עס אָפּלייגן אויף אַ טאָג, דערנאָך אויף צוויי, דערנאָך אויף דריי... נאָך דעם איז געקומען איינער פון יענע אויסברוכן פון טענות און ליבע, וואָס זי האָט אים ניט געקאָנט באַהערשן... דערנאָכדעם איז זי אַנשוויגן געוואָרן אויף אַ חודש... מחמת אים האָט דאָס ניט אָנגעהויבן צו אַרן!...

איר שטילשווייגן פאַר אַ חודש צייט האָט אים שיר ניט קראַנק געמאַכט. אומזיסט האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז אַ שטאַרקער מענטש, אַז ער פילט אַ פאַראַכטונג צו אירע בריוו. ווי ער האָט עס אויף זיי אַרויסגעקוקט! און ניט נאָר מחמת דעם געפיל פון שטאָלץ אַליין פלעג ער זיך באַרימען מיט פריידיקער נקמה:

— זי קאָן זיך אָן מיר ניט באַגיין!...

די דאָזיקע פלייץ־שטראָמען פון ליבע, וואָס דער ווינט האָט אים געבראַכט פון די ווייטע פעלדער, — ער האָט איצט מער ניט גע־קאָנט אָן זיי אויסקומען. זענען זיי צו אים געקומען רעגלמעסיק, אין דעם באַשטימטן טאָג, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז גלייכגילטיק, אַז ער נעמט זיי אָן ווי עפּעס, וואָס קומט אים. האָבן זיי אָבער אָנגעהויבן זיך פאַרזאַמען, אַזוי האָט ער דערפילט, אַז זיי פעלן אים; די אומגעדולד האָט זיך צעברענט אין אים, און מיט איר דער פאַרלאַנג. און זענען זיי, ענדלעך, אָנגעקומען, אינאיינעם מיט דעם בריוו, וואָס ער האָט ערוואַרט, איז ער ווילד געוועזן פון פרייד... עס פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט עס ניט גע־וואָלט צוגעבן... (אַן אָפּנאַרער!...) עס איז אים בעסער געווען

געפעלן צוצורעכענען זיין פאַרגעניגן צו דעם געפיל פון חוצפּהדיקען שטאָלץ, וואָס האָט זיך באַרימט:

— נאָך איין מאָל האָב איך זי „אַריינגענאַרט"!...

ווען אָבער זי האָט אויפגעהערט צו שרייבן, אַזוי האָט ער פאַר זיך אַליין געמוזט זיך מודה זיין אין דעם דערנידערנדיקן אמת, אַז ער האָט זיך אין איר גענויטיקט... זיך מודה זיין? ניין! ניין!... „איך ווייס גאָרנישט, איך האָב ניט אין וואָס זיך מודה צו זיין"...

ביינאַכט האָט ער געחלומט פון איר. עס זענען געווען חלומות, וואו זי האָט ניט אויפגעהערט צוריקצוקומען צו אים, — קיינמאָל ניט קיין צאַרטע, קיינמאָל ניט קיין ליבנדיקע, נאָר אַלעמאָל אַ פאַרי־סענע, אַ האַרטע, אַ סאַרקאַסטישע, פאַרוואונדענדיק זיין שטאָלץ, אים ברענגענדיק דערנידערונג... ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געפיל פון שנאה צו איר, אַ ברענענדיקער פון צאָרן... מיט אַ פאַר־לאַנג איר צו זאָגן גרויזאַמע זאַכן, צו האַלטן זי פעסט אין די הענט, צו פאַרשאַפן איר יסורים, צו נעמען נקמה... אָבער דער אָנריר פון זיינע הענט האָט אים געמאַכט אויפצוציטערן. ער האָט אָפּגע־טריבן פון זיך די זעאונג... זי איז צוריקגעקומען... אָט־דאָס שיינע, שפּאָטישע מויל... ער האָט עס געפּרואווט פאַרלעצן אין זיין זכרון. ער האָט געטראַכט וועגן דעם פרייען לעבן, וואָס זי האָט געקאָנט פירן און וואָס זי האָט עס אים פאַרווערט... ער האָט אויך געזען אין חלום אַנדערע פרויען, וואָס זענען געווען אַנדערש פון איר סיי מיט זייערע געזיכט־שטריכן, סיי מיט זייערע מאַנירן, סיי אין על־טער, — און דאָך האָט ער, גאָרנישט צו קווענקלען, זיי געזען ווי זיי וואָלטן געווען איינס מיט איר: דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן אויף איר, אין דעם פינצטערן אָפּגרונט, זיינע אונטערגעדריקטע געפילן, — די הידרע מיט הונדערט קעפּ...

וואָסערע חדשים!... ער איז געלעגן אין פיבערדיקער היץ, אַ פעסט־געבונדענער, אין אָט־דעם פּאַרק פאַר חיות!... הינטער אַ שלאָס!...

---

הינטער אַ שלאָס זענען געווען אָט־די געדאַנקען און אָט־די יונגע ברענענדיקע לייבער! דאָס געפענקעניש, — דער פּאַנסיאָן,

— איז פאַר זיי געווען געפּערלעכער ווי די גאַס. לאַנגוויל פאַר־דאַרבט דעם גייסט. אַנגסט, דערוואַרטונג, לוקסוס, מורא און גרוי־זאַמקייט האָבן געפּייניקט אַט־די קליינע חיות. דער וואָלקן פון שוועבל, וואָס איז שווער געהאַנגען איבער דער באַלאַגערטער שטאָט, האָט באַלעסטיקט זייערע מוחות, פאַרסמט זייערע גלידער. ער האָט געהויערט איבער די שווייסיקע שלאָפצימערן, וואו די וואַכזאַמקייט איז נאָכגעלאָזן געוואָרן. דער פּראָקטאָר האָט געגעבן מיט זיך אַ ביישפּיל. איינמאָל אין דריי נעכט פלעג ער אַרוים־גיין און דער שליסל־האַלטער האָט זיך געמאַכט בלאָ־ידע. דער הויפּט־אויפזעער האָט געבראָפּעט אין אַ זייטיקן צימער. אַבי נאָר אַלץ איז אָפּגעטון געוואָרן אין דער שטיל, איז די גאַלערע (שקלאַפן־שיף) פריינעלאָזן געוואָרן ביז באַגינען. מאַרק האָט זיך איינגע־הערט, זיך געשטיקט, און דערפילנדיק אַן איבלקייט, האָט ער זיך איינמאָל געראַטעוועט: ער איז אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצ־טער אין גאָרטן פון פּאַנסיאָן, — פון געפענקעניש...

אַ פינצטערע נאַכט. פיר וואַנט. אין דער הייך אַ שוואַרצער הימל. אַ שטראַל פון אַ פּראָזשעקטאָר נישטערט אין חושך... מאַרק איז אַריבער אין אַן אַנדער געפענקעניש... ער קומט צו נעענטער צו דער וואַנט, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַזע דער וויסטער גאַס. אויס־געלאָשענע הייזער. אַלץ איז געשלאָפן אין אָט־דעם קליינבירגער־לעכן קוואַרטאַל, וויים פון צענטער און פון טומל. אַ סך איינוואוי־נער זענען געווען אַנטלאָפן פון פּאַריז. מאַרק האָט זיך אַריבער־געבויגן... צו הויך! ער איז געווען אין געפאַר זיך צו צעברעכן די פיס. אַ געפיל פון ווילדן אימפּעט האָט אים דאָך געשטויסן צו אַנטלויפן. אָט זיצט ער שוין רייטנדיק אויף דער וואַנט! ער האָט זיך אָנגעהאַנגען מיט די הענט און געגומען זוכן מיט די פיס עפּעס אַ שפּאַלט פאַר אַן אָנהאַלט... ער האָט דערהערט אָנ־קומענדיקע טריט אויף דער גאַס און געוואָלט צוריק אַרויפקלע־טערן... צו שפּעט! מען האָט אים דערזען. פון אונטן, אין שאָטן, האָט אים אַ שטים געפרעגט:

— ווילסט אַרונטערשפּרינגען?

— ווער זענט איר? — האָט ער אַ פרעג געטון.

אָבער שוין האָבן צוויי הענט זיך אַ הויב געטון צו אים,

אים אַ כאַפּ געטאָן פאַר די פּיס, און די שטים האָט געזאָגט:

— לאָז זיך אַרונטער! איך האַלט דיך צו!...

ער האָט זיך געפונען אויף דער גאַס מיט די פּיס אויפן טראָ־טואַר. אַרום אים — די ווענט פון די כמורע הייזער. און איבער אים די נאַכט, — אַ דריט געפענקעניש. עס איז געווען אַזוי ווי אַ קאָשמאַר. אַ קאַסטן מיט אָפּטיילן. דאָ אַרויס, דאָ אַריין, מען גייט פון אָפּטייל צו אָפּטייל, אָבער די גרויסע דעק אויבן בלייבט פאַרשלאָסן...

אַן אומבאַקענטער איז געשטאַנען לעבן אים און האָט אים אָנ־געריררט. זיי זענען ביידע געווען כמעט פון דערזעלביקער הייך. אַ שוועבעלע איז אָנגעריבן געוואָרן און דאָס פלעמל האָט אויף אַ ווײַלע באַלויכטן די צוויי פּנימער. עס איז געווען אַ יונגער אַרבעטער, קוים עלטער פון מאַרקן, — אָן אַ באָרד, אַ מאַטע הויט, דינע גע־זיבט־שטריכן, אַ שאַרפער אויסדרוק, באַוועגלעכע שוואַרצאַפּלען אונטער אויסגעבייגענע ברעמען, אַ נייגיריקער בליק, וואָס איז אומרואיק אומגעלאָפן הין־און־הער, אַ צווייַדייטיקער שמייכל אין ווינקל פון די בלאַסע ליפּן... די נאַכט איז צוריקגעפאַלן צווישן זיי. זיי האָבן זיך אָבער גוט געזען. יענער האָט אַ נעם געטאָן מאַרקן פאַרן אָרעם און אים געפרעגט:

— וואוהין גייסטו?

מאַרק האָט געענטפערט:

— איך ווייס ניט.

— אויב אַזוי, קום מיט מיר.

מאַרק האָט געקווענקלט. זיין אינסטינקט האָט אים געוואָרנט. ער האָט געוואוסט די געפאַרן פון דער דזשאָנגל. ער האָט וועגן יענעם גאָרנישט ניט געוואוסט; ער האָט אָבער דערשפּירט, אַז יענער קומט פון דער דזשאָנגל. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. אָבער זיין נייגיר האָט בייגעקומען די מורא. און חוץ דעם, אויב ער איז נאָך ניט געווען בראַוו, איז ער אָבער געווען אַ הפקר־יונג. (דאָס בראַוו־זיין לערנט מען זיך אויס שפּעטער, ווען מען האָט די מעגלעכקייט אָפּצושעצן די אייגענע כוחות, אָדער די אייגענע שוואַכקייט: אָבער מאַרק איז נאָך ניט געווען געפּרואווט געוואָרן). ער איז געווען נייגיריק צו ריזיקירן. ער האָט פאַרגעמאַכט זיין

אָרעם פון דער האַנט, וואָס האָט אים פעסט צוגעהאַלטן, האָט, פון זיין זייט, אָנגענומען יענעם מיט ביידע הענט, באַטש האַלטנדיק זיך פון דער ווייטנס, און אַרויסגעזאָגט: „קום!" — ניט צו פרעגן נאָר וואוהין.

אַ גאַנצע נאַכט זענען זיי אַרומגעלאָפן. פונקט ווי פריער זייערע הענט, אַזוי האָבן זייערע נשמות איינס סאַנדערע באַרירט. אומגעשיקט, אַביסל גרעבלעך. זיי האָבן מורא געהאַט איינס פאַרן אַנדערן; קיינער פון זיי האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז דער אַנדערער האָט מורא. עס איז ניט געווען קיין פיזישע מורא. שוין די ערשטע באַרירונג האָט זי ביי מאַרקן כמעט אויפגעלייזט. זי איז אָבער צוריקגעקומען ווי אַ ווינט־שטויס, ווען זיי זענען, שוויי־געדיקע, געגאַנגען זייט־ביי־זייט. מאַרק האָט אָנגעטאַפּט זיין מע־סערל אין קעשענע, — אַן אומשעדלעך געווער, וואָס ער וואָלט גאָרנישט געוואוסט ווי אַזוי עס צו באַנוצן. זיי האָבן זיך געאיילט אָנצוהויבן ווידער ריידן. די ווערטער האָבן זיי באַרואיקט.

אין מיטן העלן טאָג וואָלטן זיי אַזוי שנעל ניט געווען זיך צונויפגעקומען. ביינאַכט אָבער, אויף אָט־די אָבלדיקע גאַסן, וואו די ליכטער זענען געווען פאַרשלייערט, גלייך ווי פאַר אַ טויטן־וואָגן, זענען די אונטערשיידן געווען פאַרווישט, האָבן זיי געהערט צו דערזעלביקער הערדע. דיזעלביקע פאַרלאַנגען האָבן זייביידן געטריבן. דיזעלביקע געפאַרן האָבן זיי ביידן געדראָט. מידע צו גיין, אָדער גיכער, ווייל זיי האָבן געוואָלט איינס סאַנדערע אויס־פאָרשן, איידער זיי גייען ווייטער, האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין אַ פינצטערן סקווער.

ער האָט זיך גערופן קאַזימיר. ער האָט פאַרדרייט אַ ציי־גאַרעטל און עס אָנגעבאָטן מאַרקן. מאַרק, וועלכער האָט ניט ליב געהאַט צו רויכערן און איז געווען איבערקלייבעריש, האָט עס גענו־מען און פאַררויכערט... אַזאַ שאַנד! ער האָט גאָרנישט ניט גע־האַט אין די קעשענעס, ניט קיין טאַבאַק, ניט קיין געלט: וואָס וועט ער איצט טון?... אָט־דער געדאַנק האָט אים געשטערט צו הערן. דאָך האָט ער זיך איינגעהערט און ווידער האָט אים באַ־

הערשט די נייגיר. צוטרוי פאַר צוטרוי! זיי האָבן איינס פאַרן אַנדערן דערציילט וועגן זיך...

יענער איז געווען אַן עלעקטריקער. ער האָט געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. די סומע, וואָס ער האָט פאַרדינט אַ טאָג, האָט געפּלעפט דעם קליינעם בורזשוא, וועלכער האָט גאָרנישט ניט פאַרמאָגט, גאָרנישט ניט פאַרדינט און איז אויף קיין זאַך ניט געווען פּייאיק ווי נאָר אויף צו שפּענדן. קאַזימיר האָט זיין העבערקייט ניט אויסגענוצט צום שלעכטן; ער האָט פון איר שוין לאַנג גע־וואוסט און וואָלט זי אפשר אויסגעביטן אויף אָט־דער בורזשואַזער נידעריקייט, וואָס פון געבוירן אָן האָט ער זי פאַראַכט און איז איר מקנא געווען. אָבער אין יענער נאַכט האָט ער ניט געטראַכט ניט פון דער פאַראַכטונג, ניט פון דער קנאה. די צוציאונג איז געווען שטאַרקער. אָט־דאָס געזיכט, וואָס ער האָט נאָר געהאַט גע־כאַפּט אַ בליק דערויף, אָט־די אומבאַקענטע מענטשלעכע וועלט... דאָס אייגענע איז ער געווען פאַר מאַרקן. זיי האָבן געזוכט אויסצור־פאָרשן איינס סאַנדערע. די צאַמען זענען אַוועקגענומען געוואָרן. איז דען מאַרק ניט געווען נאַרוואָס אַנטלאָפן פון זיין קלאַס? (צו וואָסער קלאַס האָט ער געהערט, אָט־דאָס קינד אָן אַ פאָטער?) צווישן זיי האָט געהערשט אַ גלייכקייט.

אָבער קאַזימיר איז געווען דער עלטערער. עס האָט זיך ניט געהאַנדלט אין די יאָרן. אין עטלעכע חדשים אַרום וועט וועגן דעם גאָרנישט כדאי זיין צו ריידן. ער איז געווען עלטער מיט זיין לעבנס־דערפאַרונג פון די ענגע הינטערגעסלעך.

מאַרק איז אַנשווייגן געוואָרן, אַ צעמישטער און אַ גיריקער צו הערן. זיין שווייגן האָט אים געדינט צום בעסטן. עס האָט אויס־געזען, ווי ער וואָלט געוואוסט עפּעס אַזוינס, וואָס יענער האָט עס ניט געוואוסט. און האָט ער זיך איינגעשטעלט צו ריידן, איז עס געווען אין קורצע, אָפּגעהאַקטע ווערטער, מיט אַ טאָן פון איראָניע, וואָס האָט געשאַפן אַן אילוזיע.

די אילוזיע האָט אָבער ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. זיין מיידלש גע־זיכט, געזען פון דער נאָענט אונטער דעם לאָמפּן־ליכט פון קאַפע־הויז, וואוהין קאַזימיר האָט אים געהאַט אַריינגעשלעפּט, האָט זי באַלד פונאַנדערגעווייט. זיין שעמעוודיקייט און זיין נאַאיווקייט

האָבן זיך ניט געלאָזט פארהוילן פון יענעמס בליק, פון אָט־דעם שאַרפן, גנבישן בליק, וואָס האָט ווי וויקלגראָז זיך געקלאַמערט אָן אים פון אַ זייט, וואָס האָט אים נאָכגעשפּירט, געפּאָרשט, וואָס האָט אים באַגלייך אומאַנגענעם געשטערט און צוגעצויגן... ער האָט געוואָלט אָדער אַנטלויפן פון אים, אָדער אויסהאַלטן ביזן סוף. און זיך וואַקלענדיק צווישן דעם און יענעם, האָט ער דער־ווייל קיין זאַך ניט געטון. ער האָט זיך אַרויסגעגעבן, ער האָט זיך אונטערגעגעבן.

---

ער האָט אינאיינעם מיט קאַזימירן זיך אַרומגעיאָגט איבער דער דזשאָנגל... ווען אַנעט וואָלט נאָר געוואוסט, וואָס די אויגן, די הענט און דאָס לייב פון איר קינד האָבן באַרירט!... עס איז אָבער פאַראַן אַ זכות פאַר אָט־די קליינע האַרטע נשמות, וואָס קיין שמוץ קאָן ניט צושטייַן צו זייער איינגעשלאָסענער יאָדרע. זיי ווערן געראַטעוועט דורך דעם, וואָס עס וואָלט זיי גאָר באַדאַרפט אומברענגען: דורך זייער נייגיריקייט. זיי ווילן זען און וויסן, זיי ווילן אָנרירן. יאָ, אָבער „נאָלי מע טאַנגערע!"... („ריר מיך ניט אָן!") — זיי לאָזן זיך ניט באַרירן...

„איך האָב אָנגערירט. און איך גיי פאַרביי. איך פאַרבלייב פרעמד צו דיר. אַזוי בין איך געווען פריער, איידער איך האָב דיך געקענט. איצט, ווען איך האָב דיך דערקענט, בין איך נאָך פרעמ־דער. עס עקלט מיך. פון דיר. פון זיך אַליין. פון זיך נאָך מער. איך האָב פאַראומריינט מיין קערפּער, מיינע הענט, מיינע אויגן. איך וואַש זיי מיט מיין צאָרן. אָבער מיין האַרץ איז גאַנץ. דער ברוד האָט עס ניט אָנגערירט"...

„...און וויפיל שטיקער טייערן מעטאַל האָב איך אויפגע־קליבן אין אָט־דעם זומפּ פון פּאַריז!"...

בײַ אָט־דעם אינגל פון גאַס און פון וואַרשטאַט, בײַ זיינע חברים, אין אָט־דער אָנגעהויפטקייט פון נשמות, וואָס שאַפן די באַפעלקערונג פון די שטעט, זענען גוטע און שלעכטע מידות צונויפגעמישט אין איין געמיש. צעפוילטקייט און געזאָלצענע לופט.

אַ געשלעכטלעכקייט, פאַרשלימערט דורך דער פיבער־היץ פון דער הערדע, — חושים, אויפגערייצטע, אויפגעפלאַמטע, איבערגעזעטיקטע פאַר דער צייט, — אַ ווילדע נייגיר, וואָס פאַרהאַסטיקט, רעגט אָן און לעשט אויס די פאַרלאַנגען, — אַ תאווה, וואָס זינקט איין איידער זי באַפרוכפּערט, — אַלץ אויסגעפּרואווט, אַלץ אויסגענוצט, — דאָס לייב, פאַרוועלקט אין זיין בליאונג, — די ערשטע באַפּעדערונג פון דער נשמה ברוטאַל צעטראָטן, — צעטראַמפּלט גראָז, — דאָס לייב באַדעקט מיט סימנים פון גראָבע פאַרגעניגנס אָן פרייד, אַזוי ווי די וועלדלעך הינטער דער שטאָט נאָך די זונטיק־טעג אין פרילינג... אָט־דאָס איז די וויסטע מראה פון דער שטאָט, דער מגושמדיקער דעמאָן, וואָס מעלקט ביז צום לעצטן טראָפּן דעם אייטער פון דער ראַסע, דעם ראַס, וואָס פרעסט זיך איין אין איר אינגעווייד, פאַראַליזירנדיק אירע לעבנס־כוחות און איר פרוכטבאַרקייט...

איבער דער פאַרוויסטער ערד טראָגן זיך אָבער ווינטן: נאָך דעם ווינט, וואָס פאַרטיליקט, קומט דער ווינט, וואָס באַנייט. עס איז גענוג נאָר איין שפּריי־רעגן, אַז דאָס גראָז זאָל אויפסניי אַרויסשפּראָצן און אויפגיין אין קלומפּן, אַז ווידער זאָל גרינען דער קאָרן און דאָס גראָז. די פרייהייט איז אַזוי ווי אַכילעסעס שפּיז: זי טוט באַגלייך אי טויטן, אי לעבעדיק מאַכן.

אָן איבערגעהיצטער פאַר דער צייט דורך דעם גליענדיקן אָטעם פון דער געזעלשאַפטלעכער שמידעריי, וואָס זיין געבוירן האָט אים אַהין אַריינגעשליידערט, — אין דער שטיקיקער לופט פון אָט־דער שמעלץ־פאַבריק פון פרייד און פון לייד, וואָס זענען באַגלייך ברוטאַל און טויטלעך, — אונטער אָט־דעם צעשטערנדיקן רעזשים פון ווילדער היגיעניע, פון פאַרפעסטעטע וואוינונגען, פון פיזישער און מאָראַלישער אומריינקייט, פון אומגעזונטער שפּייז, פון שיכרות, פון פראַצעניש און בלאָנדזעניש, וואָס פּאַסן זיך ניט פאַר זיין עלטער, — האָט קאַזימיר געברענט פוןביידע עקן.

די אויסלינקונג פון גייסט איז ניט געווען ווייניקער געפערלעך ווי די אויסלינקונג פון קערפּער. דער גייסט איז אָבער געווען פרוכטבאַרער, האָט ער אינאיינעם מיטן קערפּער געשאַפן אַ משונהדיק גלייכגעוויכט, וואָס האָט געצוימט דעם וועזן ביז צו

זיין צייטיק־ווערן, אים איבערגעלאָזט אַ געפּענטעטן ביז צו דער שעה, ווען ער וועט באַדאַרפן נויטיק האָבן אַלע זיינע לעבנס־כוחות אויף צו ווערן אַקטיוו. דאָס האָט אים, וויניקסטנס, אָפּגעהיט פון צו ווערן פאַרזונקען אין דעם זומפּ פון גשמיות. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט טאַקע אָט־די משוגענע אָנגעצויגנקייט פון אַלע פאַרלאַנגען, אָט־די היסטערישע פרייקייט אָן שום מאָראַלישער צוים, ווען אַפילו אויך אָן די פאָראורטיילן, וואָס זענען די גאַראַנטיע פון דער געוויינטלעכער מאָראַל, אים געבראַכט, דורך די פּלוצלינגדיקע שפּרונגען פון זיין אומרואיקן גייסט, צו דעם גרינעם זון־פאַרפלייצטן געצווייג, וואו עס האָבן זיך געריסן צום לעבן די שפּראָצן פון צוקונפטיקן געדאַנק. די צייג איז דאָרט לאַנג ניט פאַרבליבן; מיט איין שפּרונג האָט זי זיך צוריק אַרונטערגעלאָזן, פאַרהאַלטנדיק אָבער צווישן איהרע ציין די קרעפטיקנדיקע ביטערקייט פון דעם גע־זונטן ביסן.

קאַזימיר איז געווען אַן אַנאַרכיסט. דער שטאָלץ פון זעלבסט־אויסגעבילדעטע, וואָס זענען ביי זיך פאַררייסן פון שלעכט־צוגע־קליבענעם און נאָך ערגער פאַרדייטן וויסן, דער דאָגמאַטישער עגאָאיזם און די פּאַיאַצעריי, די ליבע צו פּוסטע רייד, די געשלעכט־לעכע פאַרדאָרבנקייט, דאָס ווילדע צעשטערן פון אַלע איינגעשטעלטע ווערטן, דאָס גרייסן־זיך מיט אוממאָראַלישקייט, די קענגזייטיקע געוואַלטלעכקייט פון קרייזן און יחידים, וואָס זענען איינס סאַנדערע מקנא, — האָבן שטענדיק אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דעם דערהויבענעם בנין, וואָס קאָן נאָר אויפגעבויט ווערן מיט די ריינע הענט און הערצער פון אַ רעקליו און אַ קראָפּאָטקין. אָט־דער בנין וועט קיינמאָל ניט באַוואוינט ווערן פון אַנדערע ווי נאָר פון סטאָאישע יחידי־הסגולה. די מאַסע, וואָס דרענגט זיך אַהין, פאַרשוועכט אים, פּונקט ווי זי האָט געהאַט פאַרשוועכט קריסטוסעס באַזיליקן, איבער־פילנדיק זיי מיט אירע מיאוסע קליינע אָפּגאָטן, גאָטס פאַרמיטלער.

אָבער שוין דאָס וואָרט פ ר י י ה י י ט אַליין האָט אַ מאַגישן כוח אַפילו אויף נשמות, פאַרזונקענע אין דער זומפּיקייט פון זייערע פאַרלאַנגען. עס טראָגט אין זיך אַ הויך פון העלדישקייט (אַן אילוזיע?... וואָס מאַכט עס אויס!) וואָס לייקנט אָפּ די שקלאַפעריי, יעדן מין שקלאַפעריי, וועלכע האַלט זיי געבונדן... קלעגלעכע

עפּיגאָנען פון דעם טיטאַן, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אַנטקעגן דעם ווילדן ווילן פון דעם טיראַן.. ביי אָט־די נאַסן־אינגלעך איז געווען צו געפינען אויפסנייַ דאָס הייליקע פייער פון פּראָמעטעאוס.

מאַרק האָט דערזען אַ פונק פון אָט־דעם פייער, אויפגעבליצלט אונטער זיינע פיס.

עס איז געווען אַן אויסנאַם־צייט, ווען ברידער־שונאים, — אַנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן, סינדיקאַליסטן, — די אַלע, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן דער מלחמה, האָבן פאַרגעסן זייערע מחלוקות, כדי זיך צו פאַראייניקן אויף אָט־דעם פעלד. זייער צאָל איז געווען אַזוי קליין! קוים אַ הייפל! אַלע אַנדערע האָבן דעזערטירט, — דורך אָפּהענטיקייט פאַר דער עפנטלעכער מיינונג, מחמת מורא פאַר דער שטראָף פון געזעץ, צוליב דעם אויפוואַכן פון די אַלטע אינסטינקטן פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ אָדער פון בלוטדאָרשטיקייט, דערעיקרשט אָבער דורך צעמישונג, — דורך דער שרעקלעכער צעמישונג פון אָראַטאָרישע אידייען, וואָס די דעמאָקראַטיעס זענען אויסגעשטאָפּט מיט זיי אַזוי ווי די ענדיקעס. אפילו די יעזואיטן, אין די בליענדיקע צייטן פון דער קאַזואיסטיקע, האָבן קיינמאָל ניט געמאַכט אַזאַ נאַרישן געברויך פון דעם לאָגישן זאַץ, וואָס אויב אַנגעווענדעט אויף אַלץ, איז ער מסוגל אַלץ אויסצומישן אין איין געמיש: מלחמה און שלום, רעכט און אומרעכט, פרייהייט און דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַלע פרייהייטן. דער זיכערסטער רעזולטאַט איז געווען, וואָס די מינאָריטעט מענטשן, וואָס האָבן ביז דעמאָלט געשטרעבט מיט גרויס עקשנות זיך צו באַפרייען, האָבן זיך צוריק־געקערט צו דער באַנק פון דער שקלאַפן־שיף און גענומען רודערן מיט געבייגענע רוקנס אונטער דעם שטעקן פון אַנטרייבער. צום סוף 1914 זענען אין פאַריז פאַרבליבן קוים אַ טוצן איינגעשפּאַרטע, וואָס האָבן געהאַט אויסגעמיטן די קייטן. זייער צאָל איז זינט דעמאָלט ביסלעכווייז געוואָרן גרעסער, פאַראייניקנדיק זיך אין צוויי אָדער דריי קליינע גרופּן, וואָס די שאַרפסטע פון זיי איז געווען די גרופּע פון „לאַ ווי אוואָוריער" („דאָס אַרבעטער־לעבן").

מאַרק האָט דערזען אַ פונק פון אָט־דעם פייער, אופגעבליצט זאַמלונגען. דאָס, וואָס ער האָט דאָרט געהאַט געהערט, האָט אים פונאַנדערגעטרייסלט.

ביז דעמאָלט האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט דיסקוטירט וועגן דער מלחמה. ער האָט, אמת, געהאַט אַ צו קלאָרן בליק, ער זאָל ניט באַנעמען די גרויזאַמקייט, די אומגערעכטיקייט און אפשר אויך די אומזיניקייט פון דער מלחמה. ער האָט אָבער גערעכנט, אַז עס איז מענלעכער זי אָנצונעמען ווי זי איז. ער איז גראָד געווען אין יענעם עלטער, ווען די העכסטע טוגנד ווערט צוזאַמענגענומען אין אָט־דעם איינעם וואָרט: מענלעכקייט. און דער אומגערעכטער כוח, נאָך מער ווי דער גערעכטער, האָט אַ פאַרבאָרגענעם רייץ, ווייל ער זעט אויס צו זיין מער כוח, אינגאַנצן ברוטאַל, אינגאַנצן ריין, און אויך געפערלעכער. עס איז געווען אַ שטאָלץ פאַר אים צו פרייזן דאָס אומרחמנותדיקע געזעץ פון קאַמף פאַרן לעבן, וואָס האָט די מענטשן צוזאַמענגעדרענגט אין דעם קראַבן־קערבל פון אייביקן געפלאָנטער. קיין שלוכצעדיק געוויין! זיי דער שטאַרקערער!... און טאַקע דערפאַר, ווייל ער אַליין איז געווען שוואַך, האָט ער אַרויסגעפּראַלט אָט־דעם שפּאָטישן ציניזם, וואָס האָט געהאַט אַזוי אויפגעבראַכט זיין מוטער:

— אַלץ ערגער איז עס פאַר מיר, פונקט ווי פאַר די אַנדערע! אַלץ ערגער איז עס פאַר דיר, וואָס פאַלן! עס ווענדט זיך אָן מיר אַליין, אַז איך זאָל אַרויפשטייגן צו דער הייך, — צי מיט כוח, צי מיט גנאַרעריי!...

עס איז אים געווען געפעלן אַרויסצואווייזן פאַראַכטונג צו זיין מוטערס כעס איבער אָט־דעם וואָוויליונגישן באַרימען־זיך מיט אוממענטשלעכקייט. ער האָט איר פּראָטעסטירן באַצייכנט פאַר־עכטלעך מיטן נאָמען „סענטימענטאַליזם“: דערמיט האָט ער אַלץ אַרויסגעזאָגט!...

— עס איז נודנע פּלוידעריי! אָן עסק פאַר ווייבער! ניט כדאַי זיך צו פּאַטשקען דאָס מויל! מיר וועלן דערפון נאָר אייליק די ציין...

עס איז אמת, אַז אַנעט איז דעמאָלט געווען אינגאַנצן מבולבל. זי האָט נאָך געהאַט אָנגענומען די מלחמה, זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אָנצונעמען איר שענדלעכקייט, וואָס איז דער אומריינער אָטעם פון דער רויב־חיה. זי האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג פון איר געדאַנק; זי האָט זיך ניט דערוועגט צו קוקן אין

דער ווייט. עס איז איר, דעריבער, אויסגעקומען שווער צו מאָטיווירן איר ווידערשפּעניקייט מיט לאָגישע טעמים. עס איז געווען געגוג פאַר איר צו לאָזן זיך פירן פון דער אינווייניקסטער שטים. פאַר מארקן אָבער איז דאָס געווען צו ווייניק. אַ מאַן נויטיקט זיך אין קלאָרע אידייען, — פאַלשע אָדער אמתדיקע — כדי צו באַשטימען זיינע ליידנשאַפטן.

מארק האָט זיי געפונען גאַנצע הויפנס ביי די לאָגיקער פון דעם ארבעטער־געדאַנק. זייער גאַנצע ווידערשפעניקייט איז געווען שטרענג אויסגעפירט און אויפגעבויט אויף די „רעשטעוואַניעס“ פון ציפערן און פאַקטן. דאָס ניט־אויסגעשטודירטע, פאַמעלעכדיקע, גריבלדיקע מאָנאָטאָנע ריידן פון מערהיים, וועלכער האָט געזוכט דאָס ריכטיקע וואָרט, וואָס זאָל ניט אַריבערשטייגן דעם געדאַנק, אָט־די גרויסאַרטיקע ערלעכקייט, וואָס איז, ווי ביי פּאָסיאָן, געווען די האַק פון שיין ריידן; די רואיקע פּשטות פון מאַנאַט, וועלכער האָט זיך פאַרגעסן סיי אָן זיך, סיי אָן אייך, כדי פּינקטלעך נאָכצופאָלגן די אויפוויקלונג פון די פעסטגעשטעלטע פאַקטן; די שטאָליקע געגויאיקייט, די איינגעהאַלטענע ליידנשאַפטלעכקייט פון ראָסמער, וועלכער האָט מורא געהאַט, ער זאָל נאָך, פריילאַזנדיק זיין געדאַנק, ניט פאַראַטן די אידייע, — אָט־די פּראַסטיקע היץ האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע ווירקונג אויף דעם סקעפּטיש, אימפּעטיקן, היציקן בחורל. די געצוואונגענע געהיימיקייט פון אָט־די פאַרזאַמלונגען, די אומאויפהערלעכע סכנה, וואָס איז געהאַנגען איבער אָט־די קליינע קאַטאַקאָמבן, די געדריקטקייט צו פילן די גרויסע מאַסע פעלקער, וואָס האָבן געהאַלטן אונטערן פויסט אָט־די „גנבים“ פון געזעלב־טיקייט, אָט־די זוכער פון אמת, און אויך זייער פאַרהילט ליכט, — דאָס אַלץ האָט די ווידערשפעניקייט, ניט צו קוקן אויף דער קאַלטקייט פון די פירער, באַהויכט מיט אַ רעליגיעזן גייסט. ווי די טונקעלע פייערלעך פון אַ לייכט־טורעם, אַזוי האָט אָט־דער גייסט באַלויכטן די מאַטע פּנימער, די מידע אויגן.

און דער שטאָלצער קליינער בורזשוא האָט זיך דערפילט דערנידעריקט פון אַזוי פיל ארבעטער, וואָס האָבן אים געהאַט אַריבערגעשטיגן מיט זייערע גרויסע געפילן.

פיטאַן, — דער אַלטער פיטאַן, ווי מען האָט אים גערופן, כאָטש ער איז נאָך ניט אַלט געווען קיין פערציק יאָר, — איז געווען אַ מאָגער, פלינק מענטשל, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז געווען צו גרויס פאַר זיין קערפּער. די ערשטע זאַך אין זיין אויסזען, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען די שוואַרצע באָרד, וואָס האָט באַדעקט דאָס גאַנצע פּנים, און די דיקע ליפּן, וואָס זענען געווען באַגראָבן אונטער די האָר. די הויט פון פּנים איז געווען געל, די נאָז צוגעפּלאַטשט, די אויגן ברוינער סאַמעט.

ווען מאַרק האָט ביי די פאַרזאַמלונגען געוואָרפן זיין בליק איבערן זאַל, האָט ער דערזען אָט־די אויגן מיט זייער ערנסטן שמייכל. פיטאַן איז געווען איינער פון די ווייניקע צווישן די חברים, וואָס האָט אויסגעזען צו האָבן אַן אינטערעס אין מענטשן ניט נאָר צוליב דער אידייע (אָדער צוליב זיין אייגענעם אינטערעס), נאָר ווייל זיי זענען געווען מענטשן, דורך דער ליבע צו מענטשן, — אַזוי ווי אַ הונט. דער יונגער בורזשואַ האָט אים צוגעצויגן; ער האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן זיין פאַרלוירנקייט. און מאַרקס אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט וועגן דעם „ניישונדלאַנדער הונט", וואָס איז אים געגאַנגען אַנטקעגן, שווימענדיק אַריבער דעם שטראָם. זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען.

פיטאַן איז געווען אַן אומגייענדיקער פאַרריכטער פון פאַיאַנס און פּאָרצעליי. ער האָט געהאַלטן הינטער דער שטאָט אַ געוועלבל, וואו ער פלעג טון די פיינערע אַרבעטן; און זיין פּראַקטישער חוש האָט אים אונטערגעזאָגט צוצוגעבן צו זיין מלאכה דאָס פאַרריכטן זאַכן פון אַלע אַנדערע מאַטעריאַלן, ווי האָלץ, שטיין, אָדער דעליקאַטע צאַצקעס. אַ פרייער אַרבעטער, האָט ער געקאָנט בעסער ווי זיינע חברים אין די פאַבריקן און די וואַרשטאַטן זיך שאַפן מיט זיין צייט; און ער האָט זי אַוועקגעגעבן פאַר דער „זאַך". ער האָט זיך אָנגעבאָטן צו טראָגן פון איין עק פּאַריז ביזן צווייטן אויפרופן צו פאַרזאַמלונגען און בראָשורן, אויפצוטרייסלען די, וואָס זענען געווען געניגט צו פאַרגעסן, אויפצואוועקן די איינגעשלאָפענע, צו רופן אין די רייען פון קאַמף. מאַרק האָט זיך געהאַט באַנוצט מיט עטלעכע נאָכמיטיקן, ווען ער איז געווען פריי פון שול, צו באַלייטן פיטאַנען. ער איז שנעל מיד געוואָרן. פיטאַן האָט זיך

ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שלעכטן וועטער, אָדער פאַר ווייטקייט. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען מיט זיין אונטערהינקענדיקן, שווערן און מונטערן גאַנג פון אַן אַלטן וועטעראַן. ער האָט זיך זעלטן אָפּגעשטעלט, איידער ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט; און ער האָט קיינמאָל ניט געטרונקען. מען פלעג זיך מאַכן לוסטיק איבער זיין איינגעהאַלטנקייט און צניעות, ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט, ער זאָל אַמאָל האָבן באַציאונגען מיט אַ פרוי, און ער איז ניט געווען פאַרהייראַט. ער האָט געלעבט אינאיינעם מיט זיין אַלטער מוטער, וועלכע ער האָט אייפערזיכטיק אויסבאַהאַלטן פון מענטשן און וואָס האָט אים טיראַניזירט. אַ זון פון אַן אַלקאָ־האָליקער, האָט ער אין די קינדערשע יאָרן געזען דעם חורבן, וואָס אָט־דאָס אומגליק האָט געבראַכט אויפן הויז, און ער האָט געטראָגן באַהאַלטענע סימנים דערפון אין זיין אונטערגעבראָכענעם אָרגאַניזם. אוודאי האָט ער באַדאַרפט לעבן אַ צוריקגעהאַלטן לעבן. און דאָס איז טאַקע געווען די אורזאַך, פאַרוואָס ער האָט זיך ניט דערלויבט חתונה צו האָבן. כאָטש דאָס דאָזיקע לעבן איז ניט געווען זייער פריילעך, האָט ער דאָך אויסגעזען צו זיין גליקלעך. אַמאָל אָבער האָט אַ שאָטן פון מעלאַנכאָליע פאַרצויגן זיין בליק. ער האָט געהאַט פעריאָדן פון שווערער מידיקייט, ווען ער פלעג ערגעץ אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן, אַ פאַרזונקענער אין אַ מין לעטאַרגיע, די צונג געבונדן, דער מאַרך גלייך ווי פאַראַליזירט. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט ער זיך ווידער באַוויזן מיט זיין שמייכל פון איבערגעגעבנקייט און פונקט אַזאַ אַקטיווער ווי שטענדיק. דעמאָלט האָבן די חברים, וועלכע האָבן זיך גאָרנישט געהאַט געקימערט וועגן אים, בעת ער איז געווען אַוועק, געהאַלטן פאַר נאַטירלעך אָרויפצולייגן אויף אים אַלע אַרבעטן פאַר דער זאַך, וואָס זיי אַליין האָבן זיי געוואָלט אויסמיידן. און פּיטאַן האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין און איז ניט צוריקגעקומען פריער ווי אין אָוונט, אָדער אַפילו אין מיטן דעם נאַכט, נאָכדעם ווי דאָס לעצטע בלעטל איז געווען פונאַנדערגעטיילט,—אַ הינקעדיקער, אַן אויסגעווייקטער, אַ צופרידענער.

מאַרק איז ניט געווען גענוג שטאַרק פאַר דעם. פּיטאַן האָט אויף אים רחמנות געהאַט, און ניט צו לאָזן אים דאָס וויסן, האָט

ער געפונען אן אויסרייד זיך אפצושטעלן אויף אפצוכאפן דעם אטעם.

ריידן האט פיטאן גערעדט לאנגזאם, רואיק, אן אן אפשטעל: די ווערטער זענען געפלאסן ווי דאס גלייכע וואסער פון א קאנאל צווישן די צוויי דאמבן פון זיינע פעריאדן פון שטומעניש; אומזיסט האט מארק, אן אומגעדולדיקער, אים געפרואווט איבער־שלאגן: פיטאן האט, שמייכלענדיק, איו געלאזט אויסריידן, דערנאך האט ער ווידער עקשנותדיק גענומען אויספירן זיין געדאנק. ער האט ניט געהאט קיין חוש פאר איראניע. ער האט זיך ניט געלאזט אפנארן מכוח דעם ווערט פון זיינע רייד. דאס ריידן איז פאר אים געווען א באדערפעניש קלאר צו מאכן זיין געדאנק. ער האט עס אנדערש ניט געקאנט טון, סיידן ער זאל אים, דעם געדאנק, ארויסשלעפן פון דער בלאטע פון שטילשווייגן, וואס האט זיך אנגעקלעפט אן זיין שכל. ער האט באדארפט אויסלופטערן אט־דאס האמעטנע, אינווייניקסטע לעבן, וואס בעת די האלב־יעריקע אנפאלן פון לעטארגיע פלעג זיך דארט אנזאמלען ניט ווייניק שליים. דענקען האט פאר אים געהייסן דענקען אויפן קול. דערצו האט ער באדארפט האבן נאך א מענטשן, כדי עס זאל זיך אים אפדאכטן, אז ער איז איינער אליין. דער דאזיקער יחידניק איז געבוירן געוואָרן מיט א ברידערלעכן אינסטינקט.

דאס ריידן האט אים אויך ניט געשטערט צו אבסערווירן און צו הערן. מארק האט איינגעזען, מיט א צייט שפעטער, אז אלץ, וואס ער האט געהאט געזאגט, האט פיטאן עס איינגעהאלטן אין זכרון, האט נאכגעטראכט איבער דעם, האט עס געדרייט און איבערגעדרייט אזוי ווי מיט א הראבליע.

ער האט געהאלטן פאר פאסיק זיך אויסצופיינען פאר אים, און אויך פאר די אנדערע, מיט זיינע אפקומעגישן פון א קליינעם בורזשוא, מיט זיין ווידערשפעניקייט פון א שול־אינגל, וואס האט זיך באפרייט פון די פאראורטיילן און די התחייבותן פון זיין קלאס. קאזימיר און זיינע חברים האבן דאס באטראכט פאר א מעלה, זיי האבן אבער זיך נאך אלץ געהאלטן אנקעגן אים מיט דער ווערדע פון העכערע. עס האט אויסגעזען, ווי זיי וואלטן אים באוויליקט א גוטן צייכן: דאס האט מארקן געשמייכלט, עס האט אים אבער

איך ווי געטון. פּיטאַן האָט ניט געהאַט פאַר אים ניט קיין ליבע, ניט קיין פאַראַכטונג. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, בעת מאַרק האָט פאַר אים אויסגערעדט דאָס האַרץ; דערנאָך האָט ער ווידער גענומען ריידן צו זיך אַליין... אָבער אין עטלעכע טעג אַרום, וואַרטנדיק לעבן אַ פאַבריק אויף דעם אַרויסקומען פון די אַרבעטער, שטייענדיק צווישן די שאַרף־געצייכנטע הויכע ווענט, פון וואַנען עס האָבן זיך אויסגעלענגערט די רויטע העלזער פון די גיגאַנטישע קוימענס און די שווערע רינגען פון זייערע רויכן, האָט פּיטאַן, אָן שום אַריינפיר, אַ זאָג געטון:

— עס וואָלט אַלץ איינס געווען בעסער פאַר אייך צו פאַר־בלייבן אין דער היים, מאָסיע ריוויער.

(ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אים ניט גערוצט).

מאַרק איז געבליבן שטיין אַ צעטומעלטער:

— אין דער היים? וואו?

— אין אייער שול.

ער האָט פּראָטעסטירט:

— אָבער, פּיטאַן, האַלט איר דען, אַז עס איז אַן עוולה פון מיר צו וועלן מיטגיין מיט אייך און זען ווי איר דענקט און ווי איר לעבט?

— ניין, געוויס ניט! עס איז קיין בייז ניט צו וויסן, וואָס פאַר אַ סאָרט מענטשן מיר, די אַנדערע, זענען... אָבער, מאָסיע ריוויער, איר וועט עס, זעט איר, קיינמאָל ניט וויסן.

— פאַרוואָס?

— ווייל איר זענט ניט פון אונזערע.

— איר, פּיטאַן, זאָלט עס אַזוי זאָגן? איך קום צו אייך און איר פאַרשטויסט מיך!

— ניין, ניין, מאָסיע ריוויער. איר קומט און איך בין צו־פרידן אייך אויפצונעמען. מיר דאַנקען אייך פאַר אייער סימפּאַטיע... אָבער דאָס שליסט ניט אויס, אַז איר זענט און וועט שטענדיק זיין פאַר אונז אַ פרעמדער.

— פאַר מיר זענט איר ניט קיין פרעמדער.

— לאָמיר אָקאָרשט זען!... הינטער אָט־די ווענט זענען דאָ אַרבעטער. וואָס ווייסט איר וועגן דעם לעבן פון אָט־די אַרבעטער?

מען קאָן אייך זאָגן, וואָס זיי טוען, מען קאָן אייך זאָגן, וואָס זיי ווילן, וואָס זיי טראַכטן, און אַפילו וואָס זיי ליידן. פילט איר עס אָבער? ווען מיר טוען ווי די ציין, האָט איר אויף מיר רחמנות. אויב אָבער איר אַליין האָט ניט קיין ווייטיק, קאָנט איר מיין ווייטיק ניט פילן.

— איך האָב אָבער אויך מיינע אייגענע ווייטיקן.

— אוודאי. איך לאָך ניט אָפּ דערפון, ווי עס טוען די מענטשן, וואָס זאָגן, אַז אין פאַרגלייך מיט די אמתדיקע לייד פון די, וואָס זענען פאַרמשפּט צו אַ לעבן פון אָרעמקייט, איז דאָס ליידן פון דער בורזשואַזיע אַ לוקסוס־זאַך, פאַבריצירט פאַר די ליידיקגייער. אפשר איז עס טאַקע אַ לוקסוס־זאַך, אחוץ, פאַרשטייט זיך, קראַנקהייט און טויט, — כאָטש צוריקגערעדט, זענען אַפילו קראַנקהייט און טויט ניט דאָסזעלביקע פאַר אַלעמען...

— ניט דאָסזעלביקע?

— ניין, מיין קינד. זיין קראַנק און שטאַרבן רואיק אין אייגענעם בעט, ניט צו דאַרפן טראַכטן, וואָס עס וועט זיין מיט די אייגענע, — דאָס איז אויך אַ מין לוקסוס. די, וואָס לעבן אין לוקסוס, קאָנען דאָס אָבער ניט זען. דאָך איז זייער ליידן, צי אמתדיק אָדער פאַבריצירט, קיינמאָל ניט קיין קלייניקייט. מיין האַרץ איז, דעריבער, מיט אַלעמען, סיי מיט אייערע, סיי מיט אונזערע. יעדער איינער האָט זיך זיינע אייגענע צרות, געמאַכט נאָך זיין אייגענער מאָס... ניט מער, זיי זענען ניט גלייך.

— אַלע זענען גלייך, פּיטאַן.

— אָבער דאָס לעבן איז ניט גלייך... אָט נעמט, למשל, אַרבעט: וואָס איז עס פאַר אייך? איר זאָגט — (איר, אייערע, די בעסטע ווי די ערגסטע, יאָ, אַפילו די בלוטזויגער, וואָס לעבן אויף יענעמס פּראַצע) — איר זאָגט, אַז אַרבעט איז שיין, אַז אַרבעט איז הייליק, און אַז דער, וואָס אַרבעט ניט, האָט ניט קיין רעכט צו לעבן... דאָס איז ריכטיק. האָט איר אָבער אַמאָל זיך אַפילו נאָר פאָרגע־שטעלט, וואָס עס הייסט אַרבעט דורך צוואַנג, אָן אויפהער, אָן געדאַנק, אָן האָפענונג אַמאָל לויז צו ווערן פון איר, אַרבעט, וואָס שטיקט אייך, מאַכט אייך בלינד, פאַרסמט אייך, אַרבעט, וואָס האַלט אייך צוגעבונדן צום מילשטיין, ווי אַ פערד, וואָס דרייט די ראָד,

— ביז עס קומט די שעה פון באַפרייאונג, דאָס הייסט, די שעה, ווען מען פאַלט אַוועק אַ טויטער? איז די דאָזיקע אַרבעט שיין? איז זי הייליק? און ווען דען אַט־די אַנדערע, וואָס לעבן אויף איר, נאָכדעם ווי זיי האָבן זי אַזוי פאַראומווערדיקט, וועלן זיי דען ניט שטענדיק זיין פאַר אונז פרעמדע מענטשן?

— אָבער איך לעב דאָך ניט אויף אַט־דער אַרבעט!

— איר לעבט אויך אויף איר. אייער יוגנט, וואָס איז אויסגעהיט פון זאָרג, פון הונגער, אייער שול, אייער פרייע צייט צו קאָנען רואיק זיך לערנען אין לויף פון יאָרן, ניט צו דאַרפן טראַכטן וועגן טעגלעכן ברויט...

מאַרק האָט מיטאַמאָל אַ טראַכט געטון וועגן דעם, וואָס עס איז אים פריער גאָר קיינמאָל ניט געוועזן געקומען אויפן געדאַנק:

— ניט אייער אַרבעט האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקען, נאָר דער אַרבעט פון מיין מוטער.

פיטאַן, אַ פאַראינטערעסירטער, האָט אים געהייסן דערציילן וועגן זיין מוטערס מוטיקן לעבן. אַפשילדערנדיק איר לעבן, האָט מאַרק עס באַגלייך אויך אַנטדעקט. צו זיין שטאָלץ איז צוגעקומען אַ מין צעמישונג, וואָס פיטאַן האָט עס אים מיט איין וואָרט קלאָר געמאַכט:

— זייער גוט, מיין פריינט, — האָט ער רואיק אַרויסגעזאָגט, נאָכדעם ווי מאַרק האָט געהאַט געענדיקט, — הייסט עס, אַז די עקספּלואַטירטע איז זי.

מאַרק האָט ניט ליב געהאַט, אַז מען זאָל אים אָנווייזן אויף זיין פליכט.

— דאָס איז שוין מיין עסק, פיטאַן. דאָס איז אייך ניט נוגע.

פיטאַן איז ניט געווען צודרינגלעך. ער האָט געשמייכלט.

די אַרבעטער זיינען אַרויסגעקומען פון דער פאַבריק. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז צו צו זיי. מיט אייניקע האָט ער זיך געקענט; ער האָט געטוישט מיט זיי עטלעכע ווערטער און זיי אויסגעטיילט זיין בלעטל. זיי האָבן געאיילט זיך אַרויפצוכאַפּן אויף זייערע וועלאָסיפּעדן און פאָרן אַהיים עסן. זיי האָבן קוים פונאַנדערגעעפנט דאָס בלעטל. אייניקע האָבן געזאָגט:

— פיין, זייער פיין!...

מיט די הענט אין די קעשענעס, האָבן אַנדערע עס גאָר אַפילו אין האַנט ניט גענומען. דריי אָדער פיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט צו פאַרפירן אַ שמועס. מאַרק איז געבליבן שטיין אָן אַ זייט. איצט האָט ער ערשט דערפילט, אַז ער איז אַ פרעמדער.

ווען פּיטאַן איז צוריקגעקומען צו אים, האָט מאַרק, שפּאַנענדיק ביי זיין זייט, אין אַ ווײַלע אַרום ווידער גענומען ריידן:

— איר האָט מיר קיין נײַס ניט דערציילט, פּיטאַן. איך האָב עס אַליין אויך געהאַט געזען. קאַזימיר און די אַנדערע זענען מיר קיינמאָל ניט געווען קיין חברים. אַמאָל שמייכלען זיי מיר, אַן אַנדערט מאָל דערנידעריקן זיי מיך. זיי זעען אויס צו זיין אי שטאָלץ מיט מיר, אי קעגן מיר. שטאָלץ מיך צו האָבן פּאַר אַ משכון פון דער בורזשואַזיע אויף קאָנען צו פאַראַכטן.

— כאַ, כאַ! — פּיטאַן האָט מילד געלאַכט — מען דאַרף ניט אַריבערכאַפּן די מאָס אין דער צווייטער זייט, אָבער אַביסל אמת איז דאָ פאַרט פאַראַן. און ווײַל איך האָב עס געפילט, האָב איך עס אייך געזאָגט.

מאַרק האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אַ קלאַפּ געטון מיטן פוס און אויסגערופן:

— עס איז ניט רעכט אַזוי!

ער האָט זיך אָפּגעקערט, כדי מען זאָל ניט אַרויסזען זיין שוואַכקייט: ער איז געווען גרייט אויסצוברעכן אין אַ געוויין. פּיטאַן האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און זיי זענען געגאַנגען ווייטער.

— יאָ, — האָט פּיטאַן, אַ פאַרטראַכטער, אַרויסגעזאָגט נאָך עטלעכע שריט, — עס זענען פאַראַן אַ סך אומגערעכטע זאַכן. כמעט אַלץ איז אומגערעכט אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט. און דעריבער דאַרף מען זי טאַקע ענדערן.

— קאָן איך דערצו ניט צולייגן קיין האַנט?

— איר קאָנט. איר דאַרפט... פּונקט ווי מיר. יעדער איינער מיט זיינע מיטלען, מיט זיין פּלאַן. אָבער אין דער נייער געזעל־שאַפט, אין דער פּראָלעטאַרישער אָרדענונג (איך באַדויער עס, מאָסיע ריווייער), וועט איר ניט אַריינקומען. איך פיל אייך מיט,

אָבער אַזוי איז עס שוין!... איך וועל, איבעריקס, אַהין אויך ניט אריינקומען, איך וועל שוין זיין טויט.

— אָבער אייערע, די פון אייער קלאַס?...

— די פון מיין קלאַס, יאָ. זיי וועלן אריינקומען.

מאַרק האָט ארויסגעמאַכט זיין אָרעם פון פיטאַנס און געזאָגט:

— פיטאַן, איר און אייערע מענטשן, איר זענט נאַציאָנאַליסטן. איר באַקעמפט דאָס פאָטערלאַנד, איר טוט עס אָבער צוליב אַן אַנדער פאָטערלאַנד. און דאָס נייע פאָטערלאַנד איז פונקט אַזוי אייפערזיכטיק ווי דאָס אַלטע.

פיטאַן האָט ארויסגעזאָגט גוטמוטיק:

— איך, מיין קינד, בין אויף קיין זאַך ניט אייפערזיכטיק. איינער קאָן זיין בלאָנד אָדער ברונעט, גרויס אָדער קליין, ווייס אָדער געל, — פאַר מיר איז עס אַלץ איינס: יעדער מענטש האָט גלייך ליב, פלאָגט זיך און שטאַרבט. איך בין פאַר יעדן פאָטערלאַנד. קיין פאָטערלאַנד שטערט מיר ניט... אָבער, זעט איר, אונזער פאָטערלאַנד, דעם פאָטערלאַנד פון דעם פראָלעטאַריאַט, גיט מען ניט דאָס רעכט צו לעבן, וועט עס אָט־דאָס רעכט מוזן מיט געוואַלט ארויסרייסן פון אייערע פאָטערלענדער.

— אינאייינעם מיט די לעבנס?

— מיר זענען אויף אייך ניט אויפגעבראַכט. אָבער אייער קלאַס נעמט ביי אונז אַוועק אונזער זון.

— קיין סך דערפון נעם איך ניט אַוועק, — האָט מאַרק געזאָגט טרויעריק.

— איר האָט די מיטלען זי צו געפינען. אין אייערע ביכער, אייערע שטודיעס, אין די פרייע און רואיקע ארבעטן פון אייער גייסט. גייט געפינט די זון און גיט זי אונז דערנאָך אַוועק, אונז, וואָס האָבן ניט די מיטלען צו באַצאָלן פאַר אָט־די טייערע עקס־קורסיעס! דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס איר קאָנט טון. גייט צוריק אַהיים און ארבעט דאָרט פאַר אונז!

— עס איז ניט זייער פריילעך, — האָט מאַרק געזאָגט, — צו לעבן אָן חברים!

— מען באַדאַרף צו זיין אַלעמענס אַ חבר, ניט נאָר אַ חבר פון איין מענטשן!

— אך, סאַראַ איינזאַמקייט! — האָט מאַרק געזאָגט.

פּיטאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט באַטראַכט מיט שמייכלדיקן מיטגעפיל דעם אינגלס פּנים, וואָס יענער האָט עס געוואָלט פון אים באַהאַלטן. ער האָט אויסגעגלייכט דעם רוקן, האָט טיף אַריינגעצויגן אין די לונגען די לופט, וואָס איז געווען פאַרדאָרבן פון די שלעכטע ריחות פון דער פאַבריק, און געזאָגט:

— יאָ, דאָס איז גוט. דאָס איז געזונט.

מאַרק האָט אַ קרים געטון מיט דער נאָז. פּיטאַן האָט אים אַ קלאַפּ געטון איבערן אַקסל:

— קוק!...

(צום ערשטן מאָל האָט ער אים געדוצט).

פון דעם צירקל פון די פאָרטיפיקאַציעס האָבן זיי געזען דעם רחבותדיקן, נאַקעטן פּליין, די לאַנגע רויכן פון די פאַבריקן, וואָס דער פּראָסטיקער ווינטער־ווינט האָט זיי מיט שווערקייט געדרייט, ווי אַ מין וועש אין דער באַליע פון ברודיקן הימל, און הינטער דעם — דאָס געווימל פון הייזער, די מיליאָנען לעבנס, די שטאָט, — די שווערע טראַגעדיע. אַ גליקלעכער און אַן ערנסטער, האָט פּיטאַן לייכט געאָטעמט. ער האָט געזאָגט:

— די איינזאַמקייט מיט אַלעמען הייסט, אַז אַלע זענען אַלעמענס ברידער.

— און אַלע עסן איינס ס'אַנדערע אויף, — האָט מאַרק אַרויסגעזאָגט מיט ביטערקייט.

— מען מוז עסן, — האָט פּיטאַן געענטפערט, — אַזוי איז דאָס געזעץ... לאָמיר זיי, דעריבער, טאַקע שפּייזן! צו נערן מיט זיך די אַנדערע, — דערויף־אַ איז דער מענטש געבוירן געוואָרן. און פון אַלע גוטע זאַכן איז דאָס די בעסטע!

מאַרק האָט באַטראַכט דאָס ערדענע געזיכט פון דעם קליינעם פאַרצעליי־פאַררעכטער, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַן אינווייניקסטן פייער, און ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון יענער שטילער פרייד, וואָס חלומט זיך מקריב צו זיין ווי אַ נאַרונג פאַר אַנדערע. ער האָט געטראַכט, אַז דער קריסטלעכער גאָט אַליין איז געקומען אויף דער וועלט צו לאָזן זיך אויפעסן... אָך, סאַראַ באַרבאַרישע

מענטשהייט דאָס איז!... ער האָט קלאָר געזען די גרויסקייט דערפון, ער איז אָבער נאָך געווען צו יונג דערצו צו שטרעבן...

— ניין! ניט צו ווערן אויפגעפרעסן, נאָר אַליין צו פרעסן!...

---

פונאַנדערגעטריסלט, אָבער אויך אָפּגענאַרט דורך אָט־די מענטשן פון צווייטן ברעג, אויף וועלכן ער האָט ניט געקאָנט אוועקשטעלן אַ פוס, איז ער איצט געווען ווי אַ פויגל, וואָס הענגט צווישן הימל און ערד און ווייס ניט, וואוהין זיך אַרונטערצולאָזן. ער איז געווען אַנטלאָפן פון נעסט, זיך אומקערן צוריק אַהין האָט ער ניט געוואָלט, אויף צו קאָנען זיך בויען אַן אייגענע נעסט איז ער נאָך געווען צו יונג, — איז וואוהין זאָל ער איצט גיין? וואַרטנדיק אויף דער צייט, ווען ער וועט קאָנען אויפשטעלן זיין אייגענע היים, וואו זאָל ער דערווייל געפינען אַ מקום־מקלט? אויף וואָסער צווייג זאָל ער זוכן אַן אָנהאַלט? אַ צווייפלעניש האָט דורכגעדרונגען זיינע פאָראורטיילן פון נעכטן; און כאָטש ער האָט זיך נאָך אַלץ פעסט געהאַלטן אָן זיי, ווייל ער האָט נאָך ניט געהאַט געפונען קיין אַנדער זאַך, וואָס זאָל זיי פאַרבייטען, האָט ער אָבער געוואוסט, אַז זיי זענען טויט. אין אָט־דער וועלט פון אידייען, וואָס איז אַזוי לעבנס־וויכטיק פאַר דעם איבערגעהיצטן מוח פון אַ שטאָטישן בחור, איז אָט־דאָס אינגל פון פופצן יאָר געווען איינזאַם און פאַרלוירן, ניט צו האָבן אָן וואָס זיך אָנצובינדן.

ער האָט ווידער געטראָפן פּערעט, וועלכע איז פונקט ווי ער געווען אַנטלאָפן פון דער היים, — מאַרסעלינע מיט אירע פאַרשפּיצטע ליפּן. דאָסמאָל האָט ער זיי שוין ניט אָפּגעלאָזן. איצט נעענטערע איינס צו אַנאַנדער, האָבן זיי איבערגעחזרט די שמועסן, וואָס זיי פלעגן האַלטן אויף די שטיגן. ער האָט געזוכט אירע אָרעמס אויף איינצוגורען זיך אין זיי. ווי אָפּגעריסן זי איז געווען פון דעם, וואָס זי האָט געהאַט פאַרלאָזן, איז ער דאָך געווען פאַר איר ווי אַ בשורה־ברענגער פון דער היים. זיי זענען ביידע געווען געקומען פון אונטער דעמזעלביקן דאַך. זיי האָבן זיך געהאַט געשפּילט צוזאַמען אויפן ראַנד פון דעמזעלביקן רינשטאָק. אין די אומענד־

לעבע ווייטקייטן פון דער שטאָט האָבן די אַנטריניקע זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן און זיך געוואָרמט די פעדערן. מאַרסעלינע האָט געפּיקט דאָס פאַרחלשטע מויל פון איר קליינעם געליבטן. דאָס דאָזיקע אינגל האָט געהאַט אין זיך אַ סך פייער! מיט ווילדן אימפּעט האָט ער זיך איבערגעגעבן אָט־דער וועלט פון פאַרגעניגן, אָט־דער וועלט פון לייד, וואָס ער האָט זי נאָרוואָס געהאַט אַנטדעקט. פאַר מאַרסעלינען איז דאָס געווען אַ פאַרווײַלונג; אָבער אין דער אייגענער צייט האָט דאָס מיידל, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין געוויסן, דאָך געפילט צו אָט־דעם זיך־רויטלענדיקן, אומפאַרשעמטן מלאכל, וואָס האָט פאַרצערט איר ליבּ, עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זי באַגלייך אי צעמישט, אי דערשטוינט, — עפּעס מוטערלעכס. זי, וואָס האָט ניט געמאַכט קיין גרויס וועזן פון משפּחה־געפילן, האָט באַקומען אַ געפיל פון אחריות פאַר אָט־דעם אינגל. זי האָט אים געהאַלטן אויף אירע בריסט, האָט זיך איינגעקוקט אין זיינע בלייכע באַקן, אין זיינע אומרואיקע אויגן. לכתחילה פלעג זי אָפּלאַכן פון זיין אַרומשלעפּן זיך דורך די נעכט; דערנאָך אָבער האָט זי זיך גענומען שטאַרק צום האַרצן, ווען ער פלעג אין די קאַלטע פאַרטאָגן קומען אַהיים, אַ נאַסער, אַן איבערגעפרוירענער. ער איז געווען לייכט אָנגעטון און האָט זיך ניט אָפּגעהיט. ער האָט געהאַט אַ טרוקענעם הוסט, איז געווען ווילד, האָט געברענט. אַ בלאָז פון ווינט וואָלט אים געקאָנט אַוועקטראָגן. מאַרסעלינע איז געווען אומרואיק און אין דער אייגענער צייט האָט זי פונאַנדערגעבלאָזן אין אים דאָס פייער. זי האָט זיך געשפּילט מיט אים. ער איז געווען אייפערזיכטיק און זי האָט אים געפייניקט. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז ער זאָל איר שטערן. זי איז געווען געוויסנ־האַפטיק, אָבער סוף־כל־סוף האָט זי זיך דערפון אינגאַנצן פריי־געמאַכט.

דאָ האָט זיך פּיטאַן אַריינגעמישט, פּונקט אין צייט. ער האָט געקענט אַלעמען, אַלע האָבן אים געקענט. זיין גרייטקייט יענעם צו העלפן און זיין תמימות, וואָס יעדערער פלעג איבער דעם זיך מאַכן לוסטיק, האָבן געגעבן דעם אַלטן עקסצענטריקער די פּריווי־לעגיע צו זאָגן מענטשן אמתן, וואָס מען האָט זיי ניט ליב צו הערן. אים האָט מען אויסגעהערט; און צי מען האָט זיי גענומען אין

אַכט אָדער ניט, איז אָבער קיינעם קיינמאָל ניט איינגעפאַלן זיך צו באַליידיקן. פּיטאַן האָט זיך געווענדט צו דעם מיידל:

— מאַמזעל מאַרסעלינע, אויב איר האַלט ביי זיך אייער ברודערל, וועט עס אָבער ניט זיין אויף לאַנג; ער גרייט זיך אוועקצוגיין.

מאַרסעלינע האָט געענטפערט:

— פּאָטער פּיטאַן, איך ווייס עס און עס פאַרדריסט מיר. איך זע גאַנץ גוט, ווי ער עסט זיך אויף אַ לעבעדיקער! וואָס קאָן איך אָבער דערצו העלפן? דאָס אינגל וויל גאָרנישט הערן, ער איז טויב און בלינד. ער האָט ניט מער ווי אַ הונגעריק מויל, אַזוי ווי אַ זויג־קינד. מ'קאָן אָבער זיין דאָרשט ניט שטילן. ער איז אומגליקלעך. ער איז צעטראָגן. עס טוט אים וויי און קיינער ווייס ניט ווי אים צו מאַכן גרינגער.

— מיט אייך איז ער ניט אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ. ער דאַרף זיין ביי זיך אין דער היים.

— ער וויל עס ניט.

— איך ווייס עס, איך ווייס עס. ער איז איצט אין דעם עלטער פון רעוואָלט!

— עס וועט ניט טויגן, אויב מען וועט אים אָנרירן קעגן זיין ווילן. ביים מינדסטן וואָרט, וואָס מען רעדט אים אויס, ווערט ער ווי אַ לאָשיקל, וואָס טוט אייך אַ בריק אין דער נאָז.

— איר קענט דאָך אים. האָט ער קיינעם ניט, וועמען מען זאָל אים קאָנען אָנטרויען?

— זיין מוטער געפינט זיך ווייט פון דאַנען.

— איך ווייס עס. די מוטיקע פרוי פאַרדינט איר ברויט פאַר זיך און פאַר אים. זי ווייס פון קיין זאַך ניט צו זאָגן. איך האָב גערעכנט איר צו שרייבן. אָבער אויף וויפיל איך האָב געקאָנט זען, קאָנען זיי ניט הויזן און זיי זענען איינס אויפן אַנדערן אָנגעשטויסן. איך פאַרשטיי, זיי זענען אַוודאי צו נאָענט צו קאָנען זיך פאַרשטיין. זי האָט איר שווערע ארבעט און אירע צרות, אַט־די פרוי. מען דאַרף, דעריבער, זי ניט באַאומרואיקן אומזיסט און אומנישט, אויב עס איז נאָר פאַראַן אַן אַנדער אויסוועג. האָט ניט אונזער חברהמאַן טאָקע דאָ, אויפן פּלאַץ, עפּעס אַן אַנדער

קרוב, וואָס זאָל קאָנען אים נעמען צו זיך און אויף אים אכטונג געבן?

— יאָ, ריכטיק!... וואַרט, פּיטאַן!... ער האָט דאָ אַ מומע, איך קען זי. זי איז ניט קיין צדקנית, זי וועט פאַרשטיין...

— זייער וואויל, — האָט פּיטאַן געזאָגט, — מ'דאַרף גיין זיך דורכריידן מיט איר.

מאַרסעלינע האָט זיך פאַרקרימט. זי האָט קיין חשק ניט געהאַט אָפּצולאָזן פון זיך איר טייבעלע. זי איז אָבער געווען אַ גוט מיידל און זי האָט זיך אָנגערופן:

— אַזוי ווי עס איז ניטאָ קיין אַנדערע, בין איך אים אַזוי ווי אַ מוטער. וואָס וואָלט איך געטון, ווען איך וואָלט געווען אויף יענערס פּלאַץ? איך קאָן אים פאָרט ניט האַלטן!... מיין קליינער וועוועריק!... כדי אים צו ראַטעווען, איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל, מען מוז אַהין גיין...

נאָך איין נאַכט האָט זי אים געהאַלטן אין אירע אָרעמס. דערנאָך איז זי אַוועק צו סילוויען און האָט אים איבערגעגעבען אויף אירע הענט.

---

סילוויע האָט אַדורכגעלעבט אַ קריזיס, — דעם שאַרפסטן אין איר גאַנצן לעבן זינט דעם טראַגישן טויט פון איר טעכטערל. די דאַזיקע פרוי, וועלכע האָט זיך געהאַט פאַרגעסן אין ווילדע פאַר־ווייִלונגען, וואָס די מלחמה האָט זי געהאַט אַריינגעוואָרפן אין אַ געווירבל פון אויפרעגונגען און פאַרגעניגנס, איז אָקאָרשט דורך אַ קלאַפּ צוריקגעבראַכט געוואָרן צו דעם רעאַלן לעבן. זי האָט, אמת, געקאָנט מיט אַ גרינגן געמיט פאָראויסזען דעם דאַזיקן קלאַפּ, זי האָט אָבער גאָרנישט געהאַט קיין השגה ווי אַזוי דאָס וועט זיך אין איר אָפּרופן. איר מאַן, לעאָפּאָלד, איז געשטאָרבן, אַ געפאַנ־גענער אין אַ דייטשישן שפּיטאָל. און אָט איז דער בריוו, אין וועלכן דער אָרעמער מענטש האָט איר באַצייטנס געלאָזט וויסן די נייס:

„מיין טייערע פרוי, אַנטשולדיק מיך, אויב איך וועל דיר פאַרשאַפן עגמת־נפש. איך בין ניט זייער געזונט. מען האָט מיך

אריינגעגעבן אין שפּיטאָל אריין. איך קאָן דיך אָבער פאַרזיכערן, אַז די דייטשן באַהאַנדלען מיך זייער גוט. איך האָב ניט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. די צימערן זענען געהייצט, ווייל אין דרויסן איז נאָך קאַלט. מען זאָגט, אַז אייך דאַרט קומט אָן מיט צרות צו האַלטן וואַרעם די וואוינונגען, אַז עס פעלן אייך אויס קוילן. ווי איך וואָלט אייך ווען העלפן! איך שטעל זיך אייך פאָר אין וואַרשטאַט: די שויבן פאַרפרוירן, סעלעסטינע, מיט שפּאַרעס אין די פינגער, רייבט זיי אָן דעם קעצלס פעל. דיר איז קיינמאָל ניט קאַלט. דו גייסט אַרום, קלאַפּנדיק מיט די פיס און שטויסנדיק די מענטשן אַרום דיר, כּדי זיי אָנצוּוואַרעמען. אָבער אין אונזער גרויסן בעט, ווען מען דאַרף זיך לייגן שלאָפן, זענען די ליילעכער האַרט ווי רעדנעס. בייטאָג, ווייניקסטנס, קאָנט איר שפּאַצירן, גיין, קומען; און ווען מען קאָן זיך נאָך באַוועגן, איז עס אַ גרויסע זאַך. ווען איך וואָלט זיך געקאָנט באַוועגן! איך בין געצוואונגען דיר צו זאָגן, אַז די דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען, אַז זיי מוזן מיר אָפּשניידן דעם פוס. נו, וואָס קאָן מען זיך העלפן? איך האָב קיין השגה ניט אין דעם און לאָז זיי טון מיט מיר, וואָס זיי ווילן. אַזוי ווי אָבער איך בין אַזוי אָפּגעשוואַכט און האָב מורא, איך זאָל ניט אויסגיין אונטער זייערע הענט, האָב איך דיר געוואָלט פריער שרייבן צו געזעגענען זיך מיט דיר. כאָטש מען דאַרף שטענדיק האָפן צו ווערן געזונט. אפשר וועל איך צוריקקומען, אפשר ניט. איך בעט דיך, מיין ליבע פרוי, נעם זיך ניט צום האַרצן. עס איז דאָך ניט מיין שולד, און זיי זיכער, אַז איך וועל טון אַלץ, וואָס איך קאָן נאָר, איך זאָל זיך דערפון אַרויסדרייען. אויב אָבער דאָס אומגליק מוז טרעפן, נו, מילא, ביסט נאָך יונג און קאָנסט ווידעראַמאָל חתונה האָבן; איך בין ניט אַזאַ אַנטיקל, עס איז צו געפינען נאָך אַזאַ איינעם ווי איך, וואָס זאָל מיך פאַרבייטן. דער עיקר, ער זאָל זיין ערלעך, אַ גוטער אַרבעטער און זאָל דיך רעספּעקטירן. איך קאָן ניט זאָגן, אַז עס פרייט מיך זייער זיך פאָרצושטעלן מיין סילוויע מיט אַן אַנדער מאַן. איך דאַרף אָבער אינזינען האָבן דיין גליק. און ווי די זאַך זאָל ניט זיין, זאָג איך דיר אין פאָראויס, אַז עס וועט זיין גוט. סילוויע מיינע, מיר האָבן צוזאַמען אַדורכגעמאַכט אַי גוטס, אַי שלעכטס, מיר האָבן

שווער געאַרבעט, מיר האָבן זיך צייטנווייז געקריגט, מיר זענען אָבער שטענדיק געווען גוטע חברים. איך האָב דיך אָפטמאָל גע־ערגערט, איך בין, ווייס איך, ניט געווען פאַר דיר דער, וואָס דו האָסט באַדאַרפט צו האָבן, אָבער אַ מענטש איז, וואָס ער איז, און איך האָב געטון דאָס בעסטע, וואָס איך האָב געקאָנט. זיי אויף מיר ניט ברוגז, אויב עס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן ווי איך האָב עס געוואָלט. קוש פאַר מיר אַנעטען און מאַרקן. ניט אַלעמאָל האָבן מיר זיך באַנומען צו זיי ווי מיר וואָלטן באַדאַרפט. איך וואָלט וועלן, אַז דו זאָלסט זיך אַביסל מער אָפּגעבן מיטן קינד. מיר האָבן ניט קיין קינדער. ווערסט דאַרפן זען אים אַריינצונעמען שפּעטער אין אונזער הויז... איך קאָן מער ניט שרייבן. איך האָב ניט קיין כוח. און אָט־דאָס פּאַפּיר, — וואָס קאָן מען דערויף זאָגן?... איך קוש דיך. אַך, סילוויע, איך וואָלט וועלן האַלטן דיין האַנט. אַדיע, אָדער צום ווידערזען זיך. דיין געטרייער מאַן, וואָס טראַכט פון דיר, פון אייך אַלעמען, און וואָס וועט טראַכטן פון אייך פון דער ווייט, פון יענער זייט לעבן. ווייט אָדער נאָענט, איך זאָג זיך אַליין, אַז עס איז דיזעלביקע ערד און אַז דיינע פּיס טרעטן איבער איר. אַדיע, מיין גוטע פרוי, מיין טייערער פריינט, מיין שיינקייט, מיין ליבע. איך דאַנק דיר פאַר אַלץ. זיי מוטיק. מיין האַרץ איז מיר שווער צו שיידן זיך פון דיר — אַך, גאָט!

ל ע אָ פּ אָ ל ד."

„עס איז דאָ אַ רעכענונג פאַר גריבעלען, 150 פראַנק, צו צאָלן דעם עלפטן יוני, 1914, וואָס איז קיינמאָל ניט געסילוקט געוואָרן".

די לעצטע שורות זענען געווען פאַרקלעקט. עפּעס אַ טראָפּן איז געפאַלן אויף זיי, וואָס דער גראָבער פינגער האָט אים געהאַט צעשמירט.

די נייס וועגן זיין טויט איז אָנגעקומען אין דערזעלביקער צייט.

דעמאָלט האָט סילוויע אַנטדעקט, אַז זי האָט ליב געהאַט דעם מענטשן, וואָס זי האָט צוועלף יאָר געטיילט מיט אים איר לעבן. זי האָט קוים געהאַט געשעצט אין אים מער ווי אַ פיינעם מענטשן

און א גוטן שותּף. דער טויט האָט פאַר איר אַנטפּלעקט, אַז דאָס שותּפות איז געגאַנגען פיל ווייטער פון זייערע געשעפטן. אויס־געמישט זייערע טעג צוזאַמען, האָבן זיי זיך אַזוי שטאַרק צוזאַמענ־געוועבט, אַז די פינגער פון דער געניטסטער נייטאָרין וואָלטן זיי ניט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן איינס פון אַנדערן; זי וואָלט מער ניט געקאָנט אונטערשיידן, צי דער פאָדעם, וואָס האָט זיך איבערגע־ריסן, איז געווען „מיינס" אָדער „דיינס". דאָס גאַנצע געוועב איז געווען צעריסן.

און איצט האָט זי זיך אומגעקוקט אויף דעם אומרעכט, וואָס זי איז געווען באַגאַנגען קעגן דעם מענטשן, וועלכער איז געווען אַ טייל פון איר... די קמצנותדיקע ליבע, וואָס זי האָט געהאַט אָפּגעמאָסטן פאַר אָט־דעם הארצן, פול מיט ליבע! די אומגעטריי־שאַפט, וואָס ער האָט מסתמא פון איר קיינמאָל ניט געוואוסט, אויב ער האָט זי אפילו חושד געווען... אָבער דאָס, וואָס ער האָט דערפון קיינמאָל ניט געוואוסט, האָט אויף קיין האָר ניט פאַרמינערט די געוויסנביסן: זי האָט דאָך דערפון יאָ געוואוסט; און זי איז איצט געווען ער. זי האָט געהאַט דאָס אָבערגלויביקע געפיל, אַז שטאַרבנדיק האָט ער אַ דריי געטון דאָס שליסל, וואָס האָט גע־עפנט פאַר אים איר האַרץ. און ווען זי האָט געהאַט צוזאַמענגע־בראַכט די דאַטעס און זיך דערמאָנט, וואָס זי האָט געהאַט געטון אין דער נאַכט, ווען ער, אַ גוססנדיקער, האָט געזוכט איר האַנט, האָט דאָס זי איינגאַנצן דערשלאָגן. אומזיסט האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין:

— ווי אַזוי האָב איך עס געזאָלט וויסן...

אומזיסט האָט זי געזאָגט:

— ער האָט דאָך דערפון ניט געליטן...

אומזיסט האָט זי געזאָגט:

— צו וואָס טויג איצט דאָס טראַכטן דערפון? מען קאָן דאָס פאַרגאַנגענע ניט אומבייטן...

אָט־דאָס איז עס! דאָס שלעכטס, וואָס מען טוט אַ לעבע־דיקן, קאָן מען עס נאָך אויסקויפן...

— מיין אָרעמער מאַן, וואָלסטו געקומען צוריק, וואָלט איך זיך גאָרנישט געמאַכט קיין פאָרוואורפן! עס איז ניט אַזוי דאָס,

וואָס איך האָב געטון! דאָס אַליין איז ניט אַזוי וויכטיק! וואָלסטו צוריקגעקומען, וואָלט איך דיר אָפּגעצאָלט פאַר דעם מיט ליבע. אָבער איצט, ווען דו ביסט טויט, פאַרבלייב איך מיט מיין חוב. איך קאָן דיר מער ניט אָפּצאָלן. וואָס איך זאָל איצט ניט טון, וועל איך שטענדיק פילן מיין שולדיקייט קעגן דיר. איך זע אויס ביי זיך אין די אויגן אַזוי ווי אַ גנבטע...

סילוויע, ווי דאָס רוב פאַריזער, האָט פאַרמאָגט אַ זייער שטאַרק געפיל פון אומרעכט. מער פון אַלץ, פאַרשטייט זיך, דאָס אומרעכט, וואָס מען באַגייט קעגן אייך. אָבער אויך, גאַנץ אויפ־ריכטיק, דאָס אומרעכט, וואָס איר באַגייט קעגן אַנדערע. עס איז איר געווען זייער שווער זיך מודה צו זיין פאַר זיך, אַז זי איז פאַר־בליבן אַ שולדיקע קעגן איר בעסטן חבר.

וואָלט זי געווען אינגער, וואָלט זי אַוודאי אַרויסגעוויזן מער עלאַסטישקייט. זי וואָלט אָנגענומען פאַר גוט, וואָס זי וואָלט ניט געקאָנט ענדערן. ווען איינער שטרויכלט, בעת דאָס לעבן ציט זיך נאָך לאַנג פאַר זיינע פיס, זאָגט ער צו זיך אַליין, אַז ער וועט זיך צוריקכאַפּן: דאָס אומרעכט, באַגאַנגען קעגן איינעם, וועט זיין אַ געווינס פאַר אַ צווייטן. ווען אָבער דער לענגסטער טייל פון וועג איז דער, וואָס ליגט הינטער אייך, פאַרבלייבן די באַגאַנגענע טעותן ביי אייך אַליין. איר האָט זיך פאַרנומען אויף אַ שלעכטן וועג, עס איז שוין צו שפּעט צו בייטן, איר וועט ניט דערגיין צום ציל...

זי איז מיט האַרץ אַדורכגעגאַנגען איר פריערדיק לעבן. עס איז געלעגן אינגאַנצן אויסגעצויגן פאַר איר, זינט די ערשטע טעג פון איר חתונה: דאָס געבוירן פון קינד, די קריגעריי מיט אַנעטען, מיט איוואָן, די קאַטאַסטראָפע, און דאָס לעבן, וואָס איז זיך ווייטער געגאַנגען, לעאָפּאָלדס גוטסקייט, וועלכע האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי נאַטירלעך, אַז זי האָט גאָר קיינמאָל ניט געהאַט אַ טראַכט געטון זי צו באַמערקן, די מלחמה, אירע געליבטע, און דער אָרעמער מענטש, וואָס שטאַרבט דאָרט, אין דער פרעמד, אַן עלנדער און אַן אָפּגענאַרטער... עס איז איר געווען שווער, האָט זי אינסטינקטיוו געזוכט זיך אָנצואוואַרעמען ביי די צוויי, וואָס זענען איר פאַרבליבן, — ביי אַנעטען און מאַרקן...

זי האָט געהאַט דערגרייכט אָט־דעם פּונקט פון אירע גע־דאַנקען, ווען מאַרסעלינע איז געקומען איר דערציילן אָן שום באַ־פּוצונגען די געשיכטע וועגן מאַרקן.

און אין אָוונט פון דעמזעלביקן טאָג, ווען סילוויע, אַ צערו־דערטע פון אָט־דער געשיכטע, האָט זיך געקליבן גיין נאָך אים אין פּאַנסיאָן אַריין, איז מאַרק אַריינגעקומען: מען האָט אים גע־שיקט אַ היים!

---

די געשעענישן זענען געקומען איינס נאָך איינס. איינמאָל, ביינאַכט, ווען ער האָט זיך שטילערהייט געהאַט אַריינגעגנבעט צוריק אין פּאַנסיאָן אַריין, האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסן פּנים־אל־פּנים מיטן שולדיקן אויפזעער, וועלכער האָט אויך דעמאָלט זיך געהאַט צוריקגעקערט. געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט מאַרק אָפּגעענטפערט מיט רואיקער חוצפּה, ווי יענער וואָלט געווען זיינס אַ גלייכן. דער לערער האָט זיך געפונען געפאַנגען צווישן דער פליכט צו ווייזן זיין שטרענגקייט און דער מורא, אַז דער חברהמאַן, וועלכער האָט אויסגעזען צו זיין גרייט אויף אַלץ און אים געדראָט מיט די אויגן, וועט אים אומברענגען, אינאיינעם מיט זיך אַליין, אויב ער וועט אים אַרויסגעבן. זיין געוויסן איז ניט געווען ריין, אָבער די פליכט, געשטיצט פון דער זעלבסט־ליבע, האָט געקראָגן די אויבערהאַנט. מאַרק איז אַרויסגערופן געוואָרן צום דירעקטאָר, וועלכער האָט אים געשיקט אַהיים. ער האָט ניט געעפנט דאָס מויל. עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען צו זאָגן אַ וואָרט אויף צו אַנטשולדיקן זיך אָדער אויף צו באַשולדיקן. טיף אין האַרצן האָט ער געפילט מער רעס־פּעקט צום לערער, וואָס יענער האָט זיך פאַר אים ניט געהאַט אָפּ־געשראָקן.

סילוויע איז פאַרציטערט געוואָרן, ווען זי האָט אים דערזען אַריינקומען. אויך דאָ איז איר פאַראַנטוואָרטלעכקייט געווען גאַנץ גרויס. אַנעט האָט אים אָנגעטרויט אויף אירע הענט. זי האָט זי געבעטן צו וואַכן איבערן קינד, צו לאָזן איר וויסן וועגן זיין גע־זונט, וועגן זיין אויפפירונג אין פּאַנסיאָן, אַכטונג צו געבן אויף אים אין די טעג, ווען ער איז פריי פון דער שול, און צו האַלטן אים פעסט אין צוים. סילוויע, וועלכע האָט ניט געהאַלטן פון

איר שוועסטערס פוריטאַנישער שטרענגקייט און האָט שטילערהייט זיך געשטעלט אויפן אינגלס צד, האָט אים נאָכגעלאָזן דאָס צוימל אויפן האלז. זי פלעג זאָגן, אַז די יוגנט באַדאַרף אדורכ־מאַכן אירע דערפאַרונגען, אַז קיין זאַך קאָן זי ניט אַזוי באַלערנען ווי אירע אייגענע באַגאַנגענע נאַרישקייטן, אַז עס איז געזונט פאַר איר איבערצולאָזן אַביסל פון איר וואָל אויף דעם געצווייג און אַז זי איז ניט אַזוי נאַריש, אַז זי זאָל נאָכן שפּרינגען און היפּערן ניט קאָנען זיך אַוועקשטעלן צוריק אויף די פיס. זי איז אַפילו געווען אומפּאַרזיכטיק צו זאָגן צו מאַרקן:

— איך האָב איינע אַליין זיך אַרויסגעשלעפּט פון יעדער נויט. דו האָסט אַ שנאָבל און נעגל, פּונקט ווי איך, און דו ביסט ניט קיין נאַר. דו קאָנסט זיך אַליין באַשיצן. האָסט אויגן צום זען, כאָטש דאָרט, אין דיין צירק־ביידל, האָבן זיי ניט אויף וואָס צו קוקן, סיידן נאָר אויף אָט־די מאַלפּעס דיינע, אויסגעזעצטע אויף בענק, מיט אויגן צוגעקלעפּט צום שווארצן טאָוול. האָסט פיס צום לויפן, כאָטש זעקס טעג פון זיבן זענען זיי צוגעבונדן צו דיין באַנק, וואו מען מאַטערט דיך מיט גריכיש און לאַטיין. פונדעסט־וועגן דאַרפסטו אויפן זיבעטן טאָג הנאה האָבן פון דיינע אויגן, פון דיינע פיס! לערן זיך! וועסטו זיך אַביסל אָפּבריען, וועסטו דאַרפן אָפּקומען מיט בלאָזן אויף די פינגער. דעמאָלט וועסטו, ווייניקסטנס, וויסן, וואָס אַזוינס עס הייסט פייער. נאָך דעם וועסטו זיין פאַרזיכערט קעגן שרפה.

זי האָט ניט באַמערקט, אַז עס איז אַ מאָדנע מעטאָדע זיך צו סטראַכירן נאָכדעם ווי דאָס הויז איז שוין אָפּגעברענט. זי האָט איבערגעחזרט דאָס, וואָס זי פלעג שטענדיק הערן אַרום זיך, צווישן דעם פאָלק: „זאָל זיך די נאַטור טון אירס!"

עס האָט איר אויך ניט אויסגעמאַכט צו לאָזן דעם פלימעניק אויף הפקר, כדי צו פאַרנעמען זיך מיט אירע אייגענע געשעפטן. זיי האָבן איר ניט אויסגעפעלט. און מאַרק האָט געוואוסט, וואָס פאַר אַ סאָרט געשעפטן דאָס זענען געווען. זי האָט וועגן זיי ניט גערעדט, זי האָט זיי אָבער אויך ניט געהאַלטן בסוד. עס האָט געקאָנט טרעפן, אַז מאַרק זאָל קומען אין אַ זונטיק אינדערפרי צו זיין מומע און אויסגעפינען, אַז זי איז נאָך ניט געווען געקומען

אהיים. טאָמער האָט זי אים ניט געזען, האָט זי זיך באַגיגנט מיט א בריוו. זי פלעג אים איבערלאָזן געלט אויף זיך צו פאַרווײַלן. אמאָל פלעגן זיי זיך ניט באַגעגענען דריי וואָכן נאָכאַנאַנד.

פונקט ווי זי איז ניט געווען קיין צדקנית, אזוי איז סילוויע בטבע אויך ניט געווען קיין פאַלשע: דאָס זענען געווען פון אירע קלענסטע חסרונות. טראַכטנדיק וועגן דעם, ווי אזוי זי האָט געהאַט אויסגעפירט איר שוועסטערס אינסטרוקציעס, האָט זי זיך ניט אָפגענאַרט מכוח די אויבנגעבראַכטע טעמים, וואָס זי האָט אָנגעגעבן איר פלימעניק. זי האָט זיך אַליין געזאָגט, אז זי האָט די לעצטע זעקס חדשים גאָר פאַרלוירן דעם קאָפּ, אז זי האָט פון קיין זאַך ניט געטראַכט ווי נאָר פון זיך אַליין, און אז אין איר ווילדן געיעג נאָך פאַרגעניגנס האָט זי אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם, וואָס איז איר געווען אָנגעטרויט געוואָרן.

ווען זי האָט דערזען זיין אויסגעבלייכט געזיכט, זיינע נערוועזע זשעסטן, ווען זי האָט אים געהערט דערציילן מיט א געצוואונגענעם געלעכטער וועגן דעם סוף פון זיינע אוואַנטורן, האָט זי זיך מודה געווען אין איר שולד. מאַרק האָט ערוואַרט א היסטעריקע, אָדער א פאָרוואורף, אָדערביידע זאַכן צוזאַמען. ער האָט זיך געוואונדערט אויף איר שטילשווייגן:

— נו, וואָס האָסטו דערויף צו זאָגן?

זי האָט געענטפערט:

— איך האָב דיר אין דעם מאָמענט גאָרנישט וואָס צו זאָגן. איך האָב צופיל צו זאָגן זיך אַליין.

מאַרק איז ניט געוויינט געווען צו זען סילוויע פאַרלירן צייט אויף טראַכטן:

— וואָס איז מיט דיר?

— עס איז מיט מיר, וואָס איך האָב א תל געמאַכט פון מיין לעבן. איך האָב א תל געמאַכט פון מיין מאַנס לעבן. און איצט האַלט איך ביי מאַכן א תל אויך פון דיין לעבן.

— וואָס האָט דאָס צו טון מיט דיר? מיין לעבן געהער מיר אַליין. איך וועל טון דערמיט, וואָס עס וועט מיר געפעלן... און ווידער, וואָס פאַר א ווערט האָט דאָס גאַנצע לעבן?

— עס איז ווערט אזוי פיל, וויפיל דער מענטש איז ווערט...

אָבער דאָס איז אויך ניט ריכטיק. פאַר דעם, וואָס אַליין איז ער קוים עפּעס ווערט, איז דאָס לעבן גאָרנישט אָפּצושאַצן.

— וואָס טוען זיי דאָרט דערמיט? גיי זע אין די טראַנשייען! דאָס לעבן איז דאָרט קיין סך ניט ווערט.

— איך ווייס עס. עס קאָסט זיי ניט פיל! זיי האָבן נאַרוואָס אַוועקגענומען פון מיר לעאָפּאָלדס לעבן.

— לעאָפּאָלד!...

מארק האָט עס נאָך ניט געהאַט געוואוסט. די נייס האָט אים שווער געטראָפן. ער האָט איצט פאַרשטאַנען סילוויעס ערנסט. ער האָט אָבער ניט געהאַט געטראַכט, אַז דער טויט זאָל אַמאָל פאַרנעמען ביי איר אין הארצן אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ. מיט פאַר־וואונדערונג האָט ער זי אויסגעהערט:

— אָט־דערפאַר זאָג איך עס, ווייל איך ווייס איצט דעם גאַנצן ווערט פון אָט־דעם לעבן, דעם מאָרד, וואָס זיי זענען באַגאַנגען, — און איך אויך.

— דו?

— יאָ. וואָס האָב איך דערמיט געטון, מיט אָט־דעם לעבן, מיט אָט־דער ליבע?... אַ שאַנד!... נאָר וואָס קומט איצט אַרויס צו ריידן פון דעם, וואָס מען קאָן שוין ניט ענדערן. דאָס אָבער, וואָס מען קאָן טון, טאָר מען ניט אָפּלאָזן. דו ביסט נאָך דאָ. און איך דאַרף עס פאַרגיטיקן.

— וואָס?

— דאָס שלעכטס, וואָס איך האָב דיר געטון, — וואָס איך האָב געלאָזט, אַז מען זאָל דיר טון. (עס איז אַלץ איינס. שלאָג מיך ניט איבער!...) ווייסט, מיין קינד, דו דאַרפסט זיך פאַר מיר ניט איבערנעמען. איך בין ניט דיין מוטער. די נאַרישקייטן, וואָס דו באַגייסט און וואָס דו ביסט אַזוי שטאָלץ דערויף, — איך ווייס זייער ווערט. עס איז ניטאָ מיט וואָס זיך צו גרייסן.

— אויך ניט צו שעמען זיך.

— אפשר. איך וויל דיך ניט באַליידיקן. איך האָב קיין רעכט ניט. איך האָב געטון נאָך ערגערס פון דיר. איך ווייס, אַז ניט אַלעמאָל קאָן מעןביישטיין. עס וואָלט געווען אוממענטשלעך. איך ווייס אָבער אויך די געפאַר. און איך האָב שטענדיק געוואוסט,

ווען זיך אָפּצושטעלן. דו אָבער וועסט עס קיינמאָל ניט וויסן. דו ביסט אַן אַנדער מין מענטש. דו ביסט ווי דיין מוטער. דו נעמסט אַלץ ערנסט.

— איך! איך גלויב אין קיין זאַך ניט, — האָט מאַרק אומזיכער אַרויסגעזאָגט.

— אָט־דאָס איז טאַקע דאָס סאַמע ערנסטע! איך זאָרג פאַר קיין זאַך ניט. איך לעב פאַר דעם איצטיקן מאָמענט, און דאָס איז פאַר מיר שוין גענוג: דערפאַר קוק איך שטענדיק אַרונטער אויף די פיס, און אויב עס וועט מיר אַמאָל אויסקומען צו פאַלן, וועט עס ניט זיין פון זייער הויך. דו אָבער ביסט ווי דו ביסט. דו טוסט קיינמאָל ניט קיין האַלבע אַרבעט, און אויב דו וועסט אומקומען, וועסטו אומקומען אינגאַנצן.

— אויב איך בין דאָס, וואָס איך בין, קאָן איך דערצו גאָרנישט ניט טון. און עס הויבט מיך אויך ניט אָן צו אַרן.

— אָבער מיך אַרט עס יאָ, און איך וויל עס ניט דערלאָזן.

— מיט וועלכן רעכט?

— מיטן רעכט, וואָס דו געהערסט מיר. יאָ, מיר, מיין קינד! דיין מוטער און מיר. זי וועט עס דיר קיינמאָל ניט זאָגן, זי, וועלכע איז זיך מקריב פאַר דיר, איך אָבער זאָג עס דיר: מיר האָבן דיך ניט אויפגעצויגן, מיר האָבן ניט אוועקגעגעבן אויף דיר זעכצן יאָר שווערע מי, כדי דו זאָלסט ווי אַ נאַר אין איין טאָג מאַכן אַ תל פון אַלץ, וואָס מיר האָבן געשאַפן. ווען דו וועסט זיין אַ מאַן, ווען דו וועסט האָבן אויסגעצאָלט אַלץ, וואָס דו ביסט אונז שולדיק, וועסטו קאָנען טון מיט זיך, וואָס דו וועסט נאָר אַליין וועלן. ביז דעמאָלט, מיין טייערער, האָסטו אַ חוב צו באַצאָלן.

מאַרק איז געוואָרן אָנגעצונדן און האָט אויסגעשריגן, אַז ער האָט ניט געבעטן, מען זאָל אים לייען, אַז ער האָט ניט פאַרלאַנגט צו לעבן...

— דו לעבסט אָבער פאָרט, מיין פריינט. מעגסט זיך בייזערן, אָבער גיי אין גלייכן וועג! איך בין דאָ צו וואַכן איבער דיר.

ניט צו לאָזן די דיסקוסיע זיך ווייטער פאַרציען: — „גענוג

שוין איבער דעם! געשלאָסן"... — האָט זי גאַנץ ערנסט זיך מיישב געווען מיטן אינגל, וועלכער האָט געהאַט געציטערט פון הילפלאָזן צאָרן, וואָס זי זאָל טון מיט אים:

— דאָס בעסטע וואָלט אוודאי געווען, אַז דו זאָלסט פאָרן צו דער מוטער.

מארק האָט אויסגעשריגן:

— ניין! קיינמאָל ניט! איך האָב זי פיינט!

סילוויע האָט אים נייגיריק אָנגעקוקט, האָט אַ צי געטון מיט די אַקסל און אַפילו ניט געענטפערט. זי האָט געטראַכט:

— אַזאַ נאַר!... אַ משפחה פון נאַראָנים!... וואָס אַזוינס האָט זי אים געטון, וואָס ער האָט זי אַזוי ליב?

זי האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַ קאַלטן טאָן:

— אויב אַזוי, איז פאַראַן נאָר איין מיטל: פאַרבלייבסט מיט מיר. וועסט זיך לערנען אין אַן אַנדער שול ווי אַן עקס־טערן... און מכוח דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט, רעכן איך, אַז דו באַשטייסט ניט דווקא דערויף, אַז איך זאָל וועגן דעם לאָזן וויסן דיין מוטער... נו, גוט, איך וועל עס שוין ווי־עס־איז אויסגלייכן... וואָס עס איז אָבער שייך דער צוקונפט, זאָלסטו געדענקען, אַז פון איצט אָן בין איך די רעגירונג, און איך ווייס אַלע שפּיצלעך. זאָלסט זיך גאָרנישט פּרוּוון צו פאַרשטעלן!... דו וועסט האָבן דיינע פרייע שטונדן, — דאָס הייסט, די שטונדן, וואָס איך וועל האַלטן פאַר פּאַסיק זיי דיר צו באַוויליקן. איך וועל דיך ניט אונטער־דריקן. איך ווייס דיינע באַדערפעניש, דיינע רעכט. איך וועל פון דיר ניט פאַרלאַנגען מער ווי דו קאָנסט געבן. אָבער דאָס, וואָס דו קאָנסט, אַלץ, וואָס דו קאָנסט, דאָס, מיין פריינט, וועסטו מוזן אַוועקגעבן: איך וועל דיר אַריינשיקן מיין רעכענונג! איך בין דיין קרעדיטאָר.

---

זי האָט געשריבן אַנעטען, אַז די פּאַנסיאָנערן זענען פריינגעלאָזן געוואָרן צוליב אַן עפּידעמיע, וואָס האָט דאָרט אויסגעבראָכן, און אַז זי האָט איר פּלימעניק גענומען צו זיך. אַנעט, וועלכע איז נאָר אויף העלפט געווען באַרואיקט פון דער ידיעה, אַז מאַרק געפינט זיך אונטער איר שוועסטערס דאַך, האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל פון

שבת ביז זונטיק, צו קומען דאָס זען מיט אירע אייגענע אויגן. סילוויע האָט זיך ניט אָפּגענאַרט אין דער סיבה פון איר וויזיט. זי איז געווען די ערשטע אָנצונעמען, אַז אַנעט האָט געהאַט גע־צווייפלט אין איר דערציעריש ווערט פון אַ פּירעריין פאַר אַ דער־וואַקסענעם אינגל. זי האָט אָבער אַזוי אויפריכטיק זיך מודה געווען אין אירע ביזאַהעריקע טעותן און אין דעם שאַרפן געפיל פון איר פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז אַנעט האָט זיך בארויִקט. זיי האָבן לאַנג גערעדט וועגן לעאָפּאָלדן; און די צוויי שוועסטער האָבן דורך די טרויעריקע זכרונות, וואָס זיי האָבן ביינאַנד אויפגערירט, זיך דערפילט נעענטער ווי ווען־עס־איז פריער פאַר יאָרן לאַנג.

אַנעט האָט ניט געפונען אין איר זון דיזעלביקע טעמים צו ווערן בארויִקט. זיין שלעכט אויסזען האָט זי איבערגעשראָקן. אָבער סילוויע האָט זיך אונטערגענומען אים צו שטעלן צוריק אויף די פיס אין אַן ערך פון דריי חדשים. וועגן אַרויסקריגן פון אינגל וויפיל־עס־איז צוגעלאָזנקייט האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. ער האָט אַרויסגעוויזן זיין מוטער דיזעלביקע מינע פון אָנגעשטויסנ־קייט. סילוויע האָט אוועקגענומען אַנעטן אין אַ זייט און זיך געבעטן ביי איר צו לאָזן אים צורו. עס האָט איר שוין געהאַט געקאָסט גענוג מי צו פועלן ביי מאַרקן, ער זאָל דעם זונטיק זיך ניט אַרויסשאַרן פון הויז, כדי ניט צו דאַרפן ריידן מיט דער מוטער: זי האָט קוים אַרויסגעצוואונגען פון אים אַ צוזאָג צו האַלטן, וויי‌ניקסטנס, שטאַט. דאָס איבעריקע וועט מען זען שפּע־טער! איר אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז קינדערשע עקשנות דאַרף באַהאַנדלט ווערן מיט גוטן. עס איז געווען אַ קראַנ־קער פּלאַץ. סילוויע האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט דאָס אויך אויס־צוהיילן; אָבער דער ערשטער תנאי איז געווען ניט צו ווייזן, אַז מען האָט עס אויפן זינען.

אַנעט איז געווען צו אומרואיק צו קאָנען אײַנזען סילוויעס קלוגע האַלטונג. סילוויע האָט עס איר גאָרנישט פאַרטרויט. זי האָט זי אויך באַטראַכט פאַר אַ פאַרוואונדעטע, וואָס מען האָט ניט וויי־ניקער באַדאַרפט צוזען; אָבער די דאָזיקע היילונג האָט זי ניט געקאָנט נעמען אויף זיך. אַנעט אַליין האָט באַדאַרפט צו זיין איר אייגענער דאָקטאָר. דאָס איינציקע, וואָס סילוויע האָט איצט,

אויפן מאָמענט, געקאָנט טון, איז צו זען, אַז דאָס בייזע, וואָס איז געווען צווישן דער מוטער און דעם זון, זאָל ניט ווערן שלימער.

אַנעט האָט זיך מייאש געווען צו וועלן אַרויסקריגן דעם סוד פון איר זונס שנאה. און אין דער נאַכט פון זונטיק האָט זי ווידער פאַרלאָזן פּאַריז. אין איר נידערגעשלאָגנקייט האָט זי, ווייניקסטנס, אָוועקגעפירט מיט זיך דאָס באַרואיקנדיקע געפיל, אַז זי האָט דאָס אינגל, וואָס האָט איר פאַרשאַפט אַזוי פיל צרות, איבערגעלאָזט אויף גוטע הענט.

---

סילוויע האָט געמוזט אָנווענדן איר גאַנצע דערפאַרנקייט, איר גאַנצע אינטואיציע און איר שאַרפע דיפּלאָמאַטיע, בייגעהאָלפן פון דער פעסטער האַנט פון אַן ענערגישער און דורכגעטריבענער פּאַריזערין, צו קאָנען אין לויף פון די ערשטע דריי חדשים איינ־האַלטן אין צוים די פּאַנטערע, וואָס זי האָט זיך גענעבן דאָס וואָרט צו דרעסירן.

זי האָט אים אָוועקגעגעבן אַ צימער, לעבן אירן, אין הינטער־גרונט פון איר דירה. אַ טיר איז אַרויסגעקומען אין פירהויז; אָבער סילוויע האָט געהאַלטן ביי זיך דאָס שליסל צו אָט־דער טיר, וועלכע זי האָט געעפנט נאָר אין די טעג און אין די שעהן, ווען זי האָט דערלויבט איר פּלימעניק אויפצונעמען ביי זיך זיינע פריינט. אַזוי אַרום איז מאַרק געווען זיכער, אַז קיין אומגעבעטן אויג וועט ניט קאָנטראָלירן זיינע וויזיטן: עס איז געווען אַ חיי־שעה פון גאָט, אָדער אפשר גאָר פון טייוול: סילוויע האָט דאָרט קיינמאָל ניט געהאַט אויסגעפּעלט. זי האָט אויך קיינמאָל ניט געזוכט צו וויסן, וואָס ער האָט געטון, געלייענט אָדער געשריבן ביי זיך אין צימער: דאָס איז געווען זיין אייגענע טעריטאָריע, זי האָט זי רעספּעקטירט. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אַרויסגיין פון דאָרטן, חוץ ווען זי האָט דאָס אים דערלויבט, ער זאָל ניט דאַרפן דורכגיין איר שלאָפצימער: יעדער אַנדער אַרויסגאַנג איז געווען פאַרשפּאַרט... עס איז אמת, אַז איינמאָל אַרויסגעגאַנגען, וואָלט ער שוין געקאָנט ניט צוריקקומען. ער האָט איר טאַקע דער־מיט געסטראַשעט, האַלב לאַכנדיק, האַלב ערנסט, כדי אַנצוטאַפּן דעם באָדן און אויסצופּרואוון זיין צערבער. זי האָט אים געענט־

פערט אויפֿן זעלביקן איראָנישן שטייגער, ארויסוויזנדיק דערביי אירע ציין:

— מיין ליבער פריינט, דאָס וואָלט דיר געקאָסט צו טייער.

— וואָס וואָלסטו דען מיר געקאָנט טון?

— איך וואָלט דיך געלאָזט אריינשטעלן צווישן די פארלוי־רענע הינט. און דו מעגסט זיך זיין רואיק: וואו דו זאָלסט ניט זיין, האָב איך מיינע מענטשן, — איך וועל דיך געפינען און דיך הייסן פארהאַלטן.

— האָסט, הייסט עס, פארבינדונגען מיט דער פאָליציי?

— אויב דאָס וועט אבסאָלוט זיין נויטיק. איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שום מיטלען... איך נויטיק זיך אָבער ניט אין דער פאָליציי. איך האָב מיין אייגענע פאָליציי. דיינע פריינט, מיין ליבער, וועלן מיר גאָרנישט ניט אָפּזאָגן.

מארק איז אויפגעשפרונגען פון צאָרן:

— ווער? ווער? עס איז ניט אמת!... הייסט עס, אז איך ווער פאראַטן? איך קאָן ניט האָבן קיין פריינט, וואָס זאָל מיך ניט אויסגעבן! איך האָב קיינעם ניט, קיינעם ניט, וועמען איך זאָל קאָנען עפּעס פארטרויען!...

— עס איז ניט ריכטיק, מיין ליבער! האָסט איין פריינט אזא גלייך אונטער דער האַנט.

— ווער איז דאָס?

— איך.

מארק האָט געמאַכט א צאָרנדיקן זשעסט, ווי ער וואָלט זי אוועקגעשטויסן פון זיך.

— דאָס איז דיר ניט גענוג?... איך פארשטיי דיך, דו קליי־נער פּאַשאַ!... אַלזאָ, דאָס איז דיין שטראָף... זע, איך שפּאָר זיך מיט דיר ניט וועגן דיין רעכט ליב צו האָבן און צו זיין געליבט. דאָס איז דאָס טעגלעכע ברויט פון יעדער לעבעדיקער נשמה. אָבער אָט־דאָס טעגלעכע ברויט מוז מען צוערשט פארדינען. ארבעט! זיי א מענטש!... וועסט דאָך ניט וועלן זיין דער איינציקער אומנוציקער מענטש פון די דריי ריוויערס, דער פּאַראַזיט?... טו א קוק אויף מיינע שפּיץ פינגער, זע אויף זיי די סימנים פון דער נאָדל! איך האָב ליב מיינע הענט, האָב אויך ליב, אז אַנדערע

זאָלן זיי ליב האָבן, דאָך האָב איך זיי ניט געשווינט... איך בין ניט קיין צדקנית. איך האָב הנאה געהאַט פון לעבען. מען האָט עס מיר אָבער ניט געגעבן. איך האָב עס געקויפט, טאָג נאָך טאָג. איך האָב שווער געאַרבעט. טו אויך אַזוי!... און גלעט אויס דיין פאַרקרימטן פּרצוף! עס דאַרף זיין אַ כבוד פאַר דיר, ווען איך זינג דיר אָט־דאָס לידל! איך באַהאַנדל דיך ווי אַ גלייכן. זאָג אַ דאַנק און מאַך צו סמויל, דו ווייסערחברניק!...

מאַרק האָט געבערענט פון רציחה, צוהערנדיק ווי לייכט מען באַנעמט זיך צו אים. ער וואָלט געקאָנט אַ ביס טון די האַנט, וואָס האָט אים אַזוי פרעך געצויגן אויפן שטריקל, אים דערמאָנענדיק, אַז ער איז געווען פאַרפליכטעט צו אָט־די צוויי פרויען, אַז ער האָט געגעסן זייער ברויט און אַז ער האָט קיין רעכט ניט זיך צו באַ־פרייען פון אָט־דער נידעריקער שקלאַפעריי, איידער ער וועט זיי ניט צוריקצאָלן. וואָס אָבער עס האָט אים מער פון אַלץ פאַר־דראָסן, איז וואָס אויך ער האָט געהאַט אַ געפיל פון גערעכטיקייט, — אָט־דאָס נאַרישע געפיל, וואָס איז געווען אַזוי טיף פאַר־וואָרצלט ביי די ריוויערס, — און וואָס ער אַליין האָט צוגעגעבן, אַז זי איז געווען גערעכט. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו ענט־פערן אויף סילוויעס גראָבקייטן. ער האָט געדאַרפט ראַטעווען זיין ערנגעפיל פון אַ מאַן...

און ווידער איז געווען נאָך אַ טעם, וואָס ער האָט שוין ניט אַזוי גערן צוגעגעבן: אָט־די האַנט, וואָס ער וואָלט זיך געקאָנט אין איר איינבייסן מיט די ציין, האָט אים גערייצט. סילוויע האָט געווירקט אויף אים מיט אַ מין צויבער, וואָס האָט אים גערעגט.

זי האָט עס געוואוסט. דאָס איז געווען איינס פון איר געווער. זי איז געווען אויסגעהיט דאָס ניט אָפּצולאָזן.

די פרויען פון פּאַריז האָבן צוויי אָדער דריי יוגענטן. זיי וואָלטן געקאָנט האָבן נאָך מער, ווען זיי וואָלטן ניט געווען קיין פּראָנצוויזינס, וואָס ווייסן ווי אַזוי זיך צו באַשרענקן. סילוויע איז געווען אין איר צווייטער יוגנט, וואָס איז אויף קיין פאַל ניט געווען זייער רייצנדיק. זי וואָלט געקאָנט פאַרדרייען דעם קאָפּ וועמען זי וואָלט נאָר געוואָלט. פאַר מאַרקן האָט זי דאָס געוואָלט טון נאָר אין דער מאָס, וואָס עס איז געווען נויטיק אויף פעסטצושטעלן איר

מאַכט. די מאָס איז געווען אָן ערלעבע. נאָך אַ האָר מער וואָלט געווען אַ געפאַר, אַז זי זאָל ווערן אויס ערלעך. מען האָט באַדאַרפט צו זיין אַ סילוויע, כדי ניט אריבערצוטרעטן די גרעניץ.

זי האָט געוואוסט, ווי עס שמאַכט און דאָרשט די נשמה פון אַ אינגל, וואָס איז פאַרטריקנט פון לוסט, פון שטאָלץ און פון דעם אינטעלעקטועלן מיסט, מיט וועלכן מען שטאָפּט אים אין דער שול, — ווי דאָרשטיק ער איז נאָך צערטלעכקייט, נאָך דעם שאָטן און דעם קוואַל, וואָס אי זיי באַאומרואיקן, אי זיי שטילן איין; זי האָט געוואוסט וועגן דער באַדערפעניש אַוועקצולייגן פאַרחלומט דעם שטערן אויף אַ צאַרטער און רונדער ברוסט, וואָס איז אי וואַרעם, אי קיל, וואָס אָטעמט מיט די ריחות פון אַ גאָרטן אין פרילינג און פון דעם שיינעם פרויען־קערפּער, דער קיניגין פון די בלומען! און זי האָט אויך געוואוסט וועגן דער אויסגעהונגערטער נייגיר, מיט וועלכער אָט־די יונגע וועלפּלעך רייסן זיך צום לעבן. הנאה־האָבן הייסט ביי זיי דריי פערטל וויסן. און דאָס וויסן רויבט אָפּטמאָל פון זיי די הנאה. וויסן!... אָט־דאָס געיעג נאָך וויסן!... און דאָס לעבן איז דאָס ווילדפּרעט...

— נו, גוט, מיין פריינט, לויף! איך וועל דיך נעמען אויף אַ שפּאַציר. דאָס ארומלויפן וועט דיך מאַכן פאַרגעסן אָן דעם ווילדפּרעט...

זיי זענען ביידע געזעסן ביים טיש, אין סילוויעס צימער. אָוונט. ער האָט געהאַט געענדיקט זיינע לעקציעס. זיי האָבן נאָך ניט געוואָלט גיין שלאָפן. אירע פינגער, שטענדיק אין באַוועגונג, האָבן מאָדעלירט די אויסבייגן און בולטקייטן פון אַ גאַלאַנטן, מיליטערישן העלם. זי האָט אויף אים ניט געקוקט, זי האָט אָבער געוואוסט, אַז ער קוקט אויף איר...

— זע! איך קען גוט זען... איך קען אָבער נאָך בעסער הערן...

דאָס אינגל וואָלט זי געקאָנט לייכט אויפעסן מיט די אויגן, — פון די שפּיץ פינגער ביז צו די שפּיץ אויערן (זי האָט געהאַט לענגלעכע, פאַרשפּיצטע אויערן אַזוי ווי ביי אַ ציג). זי האָט אָבער ניט באַוויליקט זיין געדאַנק די נויטיקע צייט און שטילקייט אויף צו צייטיק־מאַכן זיינע פאַרבאָטענע פרוכט. איר צונג

האָט ניט גערוט; זי האָט אים געהאַלטן און געפירט אויף אַ גילדערן קייטל. זי האָט זיך אויסגעהיט ניט צו שטעלן מאַרקן קיין פראַגעס, זי האָט ניט געזוכט עפּעס אויפצודעקן פון זיינע סודות; דאָס בעסטע מיטל, אַז ער זאָל אַליין דערציילן, איז געווען — אים ניט אויסצופרעגן. זי אָבער, פון איר זייט, האָט, ווען דאָס איז איר נאָר געווען איינגעפאַלן, יאָ אויסדערציילט פאַר אים אירע פאַרגאַנגענע אַוואַנטורן, די הומאָריסטישע געשיכטע פון אירע נאַרישע — און קלוגע — שפּאַסן, וואו זי האָט אַמאָל פאַרלוירן איר טוגנד, אָבער קיינמאָל ניט דעם קאָפּ. איר בייזע צונג, ווען אַפילו זי האָט פייכט געמאַכט דעם פּאָדעם, וועלכן זי האָט איבערגעריסן מיט די ציין, האָט אויפגעכאַפּט, פאַרבייגייענדיק, די סילועטן פון מענטשן, זייערע זשעסטן, זייערע קאָמישע שטריכן, ניט צו שוינען אַפילו אירע אייגענע. זי האָט זיך באַנומען צו מאַרקן ווי צו אַ מענטשן, וואָס מען קאָן זיך אים פאַרטרויען. זי האָט אים אַדורכגעפירט דורך דעליקאַטע סיטואַציעס. אָבער איר גוטער הומאָר האָט אַלץ געראַטעוועט, אַזוי אויך דער חוזק־בליק, וואָס האָט צונישט געמאַכט די נאַרישקייט און די פאַרווירונג פון די חושים. זי האָט פאַרמאָגט אַ פולקומע נאַטירלעכקייט: מען האָט גאָר ניט אַ טראַכט געטון, צי די דערציילונג איז געווען מאָראַליש אָדער ניט; עס איז געווען אַן איבעראַשנדיקער ספּעקטאַקל: דער שאַרפזין איז געווען שטאַרקער ווי דאָס האַרץ און די חושים. מאַרק, אַ פאַרכאַפּטער, אַן אויפגעבראַכטער, אַ לאַכנדיקער, אַ שאָקירטער, אַ גערייצטער און אַ באַהערשטער, האָט אויסגעהערט דעם קאָמישן ראָמאַן פון לעבן, דערציילט פון איינער, וואָס איר פייאיקייט צו אָבסערווירן איז געווען אומפאַרגלייכלעך. זי האָט אויסגעזען צו זיין גלייכגילטיק צו אירע געלונגענע און ניט־געלונגענע אַוואַנטורען, אַלץ איז פאַר איר געווען אַ מעשה... סאַראַ פיינע חברשאַפט!... אין אייניקע אָונטן האָט ער געהאַט אַ ברענענדיקן פאַרלאַנג איר אַ קוש צו טון אין פּנים. אָבער די דאָזיקע פאַנטאַזיע איז פאַרביי נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט זי קלאָר צו מאַכן פאַר זיך. זיין אימפּולס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דורך אַ פינטל מיט אַן אויג פון אָט־דעם שפּאָטישן גייסט, וואָס פלעג אים אַדורכשטעכן ביזן ביין. קיין אילוזיע! ער האָט געברענט פון צאָרן, וואָס ער איז אונטער איר

בליק ביי זיך אַרונטערגעפאַלן. און אַ צאַרנדיקער, האָט ער גע־לאַכט. לאַכן צוזאַמען און זיך פאַרשטיין, — דאָס איז גרויסאַר־טיק!... געלעבטער איז אַ מיטל סיי קעגן דער קרענקלעכער פאַר־רינסנקייט, סיי קעגן דער קרענקלעכער דערשלאָגנקייט פון אָט־די יונגע בחורימלעך, וואָס אָט גיבן זיי זייער איך צו אַלע רעכט און אָט פאַרלייקענען זיי אינגאַנצן זיין עקזיסטענץ... דאָס אויפ־יערן פון זיינע ליידנשאַפטן, וועלכע זענען צו שנעל געוועזן אויפ־געגאַנגען, פונקט ווי זיין קערפּער, וואו קינד און מאַן האָבן גע־ריטן איינס אויף סאַנדערע, — דאָס טראַגישע קנייטשעלע, וואָס ער האָט בטבע געהאַט אין זיך און וואָס ער האָט דאָס נאָך אויפ־געהאַלטן פאַרן שפּיגל, — זענען געוועזן ווי די אויסבייגן אויף אַ סאַמעטענעם הוט, אויסגעגליכן דורך די פינגער פון דער גוטער סקולפּטאָרין, וועלכע האָט געוואוסט פון דערפאַרונג וועגן דער הייל־קראַפט פון געזונטן געלעכטער... מיר רעקאָמענדירן אָבער קיי־נעם ניט די דאָזיקע מעטאָדע. דער ווערט פון יעדער מעטאָדע ווענדט זיך אָן דעם ווערט פון דעם, וואָס ווענדט זי אָן. ווער עס וועט זיך איינשטעלן נאָכצומאַכן סילוויעס שטייגער, ניט צו האָבן איר געניטשאַפט, וועט דאָס דערנאָך שטאַרק באַדויערן. עס איז אַ פּאַריזער אַרטיקל...

די מומע און דער פּלימעניק זענען ביידע געוועזן פּאַריזער. זיי האָבן זיך זייער גוט געפּאַסט איינס פאַרן צווייטן. די רואיקע פריי־קייט און די געזונטע איראָניע פון אָט־דער צוטרוילעכקייט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שאָטנס, האָבן מיט דער צייט אויך אויפגע־וועקט מאַרקס צוטרוילעכקייט. ער האָט נאָכגעגעבן צו דערציילן זיינע אייגענע דערפאַרונגען, זיי אַפילו פאַרצושטעלן אין אַ ליכט, וואָס איז ניט געווען גינציק פאַר אים; און דאָס שעמעוודיקע אינגל האָט זיך גאַרנישט געבייזערט, ווען זי האָט אים געמאַכט אויסצודרייען. באַלד האָט ער ניט נאָר זיך מודה געווען אין זיין פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך איבערגעגעבן זיינע איצטיקע איבער־לעבענישן און געבעטן אַן עצה, ווען ער האָט געהאַלטן ביים באַ־גיין עפּעס אַ נאַרישקייט. דאָס איז, אמת, ניט געווען גענוג אים אָפּצוהאַלטן דערפון; איז ער אָבער שוין געווען באַגאַנגען די נאַרישקייט, האָט ער, ווייניקסטנס, אין דעם מער ניט געקאָנט

צווייפלען. איינגעזען, אז קיין זאך קאן אים ניט אפּווענדן פון זיין באשלוס, פלעג זי אים זאגן:

— גיי דיר אהין! אבער היט זיך, דו פרא־אדם!

און נאכדעם ווי די זאך איז שוין געווען אפּגעטון, האט זי אים געפרעגט:

— נו, האסט זי געזען, דאס נארישע קעלבל?

ער האט געענטפערט:

— איך האב זי געזען. איך בין געווען א נאר. דו האסט געהאט רעכט.

זיי פלעגן גיין צוזאמען איבער פאריז. קיין זאך איז דארט סילוויען ניט געווען פרעמד און זי האט קיין זאך ניט געהאלטן פאר אים בסוד...

— איך רוף אן א קאץ א קאץ...

קיין פאלשע באשיידנקייט. איר דרייסט לשון, די ערנסטקייט פון איר ארבעט און איר שטרענגע ערלעכקייט האבן געשאפן א גלייכגעוויכט פון ארדענונג און פרייקייט, וואו דער ניט־געשטעלטער גייסט פון דעם יונגן בחורל האט צוריק געוואונען אן אנהאלט אין א קאנטראל איבער זיך. און אט אזוי איז פון אט־דער שטענדיקער אינטימקייט, וואס פאר שרעקעדיקע אויגן וואלט זי ניט אויסגעזען צו זיין אן געפאר, געשאפן געווארן אן אפּנהארציקע חברשאפט, אן שום צומיש פון צווייִדייטיקייט, צווישן א יונג בחורל און א מיטל־יעריקער פרוי.

די דאזיקע ליבע, כאטש ניט דער עיקר אין דעם אינגלס לעבן, האט אים דאך אפּגעווענדט פון אנדערע געדאנקען.

---

סילוויע האט קיינמאל ניט גערעדט מיט מארקן וועגן אנעטען. די צוויי שוועסטער פלעגן זיך דורכשרייבן, און מארק, א פאר־דעכטיקער, פלעג זיך פארשטעלן, אז סילוויע שטעלט צו דער מוטער א וועכנטלעכן באריכט וועגן איר זון. די קלוגע בחורטע האט אבער געקענט זיין לייכטזין, האט זי כלומרשט אומגערן איבער־געלאזט אויפן טיש איינעם פון אירע בריוו, גאנץ זיכער ביי זיך, אז ער וועט אים איבערלייענען. מארק האט איינגעזען, אז ער ווערט דארט ניט דערמאנט אפילו ניט מיט קיין ווארט. אנשטאט

צו זיין צופרידן, האָט ער זיך גאָר דערפילט געערגערט. צו ווערן איגנאָנצן אויסגעלאָזן פון די בריוו איז געווען מער ווי ער האָט פאַר־לאַנגט.

— וואָס אַזוינס האָט איר אַלעמאָל צו שרייבן איינס צום אַנדערן? — האָט ער געפרעגט מיט פאַרדראָס.

— מיר האָבן זיך ליב, — האָט סילוויע געענטפערט.

— אַ מאָדנער געשמאַק!

סילוויע האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער:

— וועמען מיינסטו דאָס?

— אייך ביידן?

סילוויע האָט אים אַ ציי געטון פאַרן אויער.

— ביסט איפּערזיכטיק?

ער האָט העפטיק פּראָטעסטירט.

— ניין? דאָס איז גוט, ווייל דו קאָנסט זיך סיי־ווי ניט העלפן.

ער האָט געצויגן מיט די אַקסל. ער האָט איר געגלויבט נאָר אויף העלפט; דאָך האָט ער זיך געוואונדערט, ווי אַזוי עס האָבן צוויי אַזוינע פאַרשיידענע פרויען גאָר געקאָנט זיין שוועסטער און זיך ליב האָבן?... דאָס רעטעניש פון זיין מוטער האָט אויפסניי אָנגעהויבן פאַרנעמען זיין געדאַנק.

אַנעט האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט ניט צו פייניקן מער איר זון מיט איר אומרואיקער ליבע. אָננעמענדיק סילוויעס עצה, האָט זי פאַרטרויט אירע געפילן נאָר איר אַליין. וויניקער געשטערט איצט פון זיין מוטער, האָט מאַרקן אָט־די שטערונג גענומען עפּעס אַזוי ווי אויספעלן. און ווען די זומער־וואַקאַציע איז אָנגעקומען, האָט ער גרויסמוטיק נאָכגעגעבן סילוויען צו פאָרן צו אַנעטען.

אָבער דער נסיון איז געקומען צו פרי פאַר זיי ביידן. פון דער וויטנס האָט אַנעט נאָך געקאָנט איינצוימען איר ליבע, ניט אָבער פון דער נאָענט. צו לאַנג איז זי געווען געטרויבט דערפון. אין לויף פון חדשים האָט זי געשמאַכט פון טריקעניש. זי האָט אין דער טיפעניש פון איר האַרץ געלעכצט נאָך אַ טראָפּן, — ניין, נאָך

שטראָמען ליבע. אומזיסט האָט זי איבערגעחזרט פאַר זיך סיל־וויעס קלוגן כלל:

„אויב דו ווילסט, אַז מען זאָל דיך ליב האָבן, ווייז ניט צופיל אַרויס דיין ליבע!"...

. . . קאָן מען דען דאָס פאַרהוילן? פאַר דעם וואָלט מען באַדאַרפט ליב צו האָבן נאָר אויף העלפט! פון קיין העלפט האָט אָבער דאָ קיין רייד ניט געקאָנט זיין! פאַר זיי ביידן, פאַר דער מוטער און דעם זון, האָט געקאָנט זיין אָדער אַלץ, אָדער גאָרנישט. און אַזוי ווי עס איז געווען אַ ל ץ פאַר אַנעטען, איז עס געווען ג אָ ר נ י ש ט פאַר מאַרקן.

און דאָך איז ער אָנגעקומען, פול מיט ווידערשפּרעכיקע געפילן, מיט פאַרביטערונג און צוגענייטקייט, וואָס האָבן באַגלייך געברענט אין אים און זיך נאָר געריסן אַרויס ווי אַ וואָלקן, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט עלעקטריציטעט. האָט ער זי אָבער נאָר באַגעגענט, אָט־די פרוי, וואָס איר נשמה האָט געברויזט ווי אַ שטורעמווינט, אַזוי האָט דאָס פייער זיך צוריק באַהאַלטן אונטער דעם וואָלקן און דער הימל איז געוואָרן ליידיק. ביים ערשטן צוזאַמענטרעף פון הענט, ווערטער און בליקן האָט אָט־די פאַרכאַפּנדיקע ליבע, וועלכע האָט געהאַט אַרויסגעלייגט אויף אים איר דרוק, אים געלאָזט זיך אָפּצוּוואַרפן אויף צוריק... האַלט זיך אָפּ!... און ווידעראַמאָל איז דאָס געווען דער עוואַנגעלישער „ריר מיך ניט אָן"...

— וואָס! אפילו בנוגע צו די, וואָס האָבן דיך ליב?

— טאַקע נאָר בנוגע צו זיי!...

ער וואָלט ניט געוואוסט ווי דאָס צו דערקלערן. די נאַטור אָבער האָט געוואוסט. ער האָט נאָך ניט באַדאַרפט זיך אונטערגעבן. די שעה איז נאָך ניט געווען געקומען.

זי האָט אים גיריק אַריינגעצויגן אין זיך...

„זוך! דאָס וואַסער איז אויסגערונען. מיט דיינע פינגער, מיט דיין מויל קאָנסטו פונאַנדערגראָבן דאָס זאַמד"...

זי האָט צופיל געקוקט אויף אים. ער האָט געפילט, ווי אָט־דער בליק פאָרשט נאָכאַנאַנד נאָך אַלע זיינע שטריכן. און ווי אַלע מוטערס, איז זי קודם־כל געווען באַאומרואיקט מכוח זיין געזונט.

די פּראַגעס, מיט וועלכע זי האָט אים באַוואָרפן, האָבן דאָס אינגל אַרויסגעבראַכט פון געדולד. ער האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון זיי מיט אַ פאַרעכטלעכן שמייכל. ניט צו קוקן אויף זיין אויסזען, איז ער אין דער אמתן געווען אין בעסטן געזונט. זיין קערפּער איז געוואָרן לענגער, זיין פיגור דינער; זיין געזיכט איז געווען בלייך, אָפּגעצויגן, מיט אַ פיינלעכן אויסדרוק; אַ דינער פּוך האָט אָנגעהויבן שפּראָצן איבער זיין ציטערנדיקער ליפּ. זיין קרענקלעך אויסזען האָט זיך גענומען פון דער צערודערטקייט פון גייסט. זיין מוטער, וועלכע האָט געהאַט פאַרלוירן די פאַרבינדונג, האָט אים מער ניט געקאָנט פאַרשטיין. זי האָט געזען אויף אָט־דעם מויל, אויף אָט־דעם שטערן פון אַן אונטערוואַקסנדיקן אינגל שפּורן פון פריציייטיקער אָפּגעטראָגנקייט, פון מידער דערפאַרנקייט, פון האַרטקייט און איראָניע; און זי האָט זיך געפרעגט מיט אַ פאַרדריקט האַרץ:

— וואָס אַזוינס האָט ער געטון? וואָס אַזוינס האָט ער געזען?

זי האָט געציטערט, טאָמער האָט אָט־דאָס יונגע הייליקע לייב דערקענט דאָס וועלקן. זי האָט זיך געפילט פאַראַנטוואָרטלעך. פאַרוואָס האָט זי אים געהאַט פאַרלאָזן? ער האָט זי אָבער ניט געוואָלט. וואָס קאָן מען טון צו באַשיצן איינעם, וואָס זיין נשמה איז פאַרשלאָסן? אַריינצודרינגען אַהין מיט געוואַלט? זי האָט זיך שוין געהאַט אָן איר צעקלאַפּט. אָט־דער ניט־נאָכגעביקער שלאָס! האַרטער מעטאַל, עס איז געווען איר אייגנס... און ווידער, וואָס אַזוינס וואָלט זי דערזען, ווען זי וואָלט אַהין געווען אַריינגעדרונגען? זי האָט גאָר מורא געהאַט וועגן דעם צו טראַכטן.

דערפילט, אַז ער ווערט נאָכגעשפּירט, האָט ער ווידער פאַרהאַקט די לאָדן פון זיין נשמה. יאָ, דאָס, וואָס דער מוטערס בליק האָט געהאַט אויפגעכאַפּט, איז געווען אָמתדיק. אָט־דאָס וועלקן. אָט־דער שאָטן אויף דער יונגער הויט פון דעם בוים פון וויסן. יאָ, ער האָט צו פרי געהאַט געזען און געוואוסט... זי האָט אָבער ניט איינגעזען די רעאַקציע פון אַ באַפרוכפּערטער נשמה, דאָס געזונטע געפיל פון עקל, די נאַטירלעכע ווייען, און אָט־די קרובשאַפט צווישן רעוואָלט און ליידנשאַפטלעכער מיטגעריסנקייט, וואָס באַהאַלטן זיך

אונטער דער צניעות פון הארצן, דעם מענלעכן אינסטינקט, וואָס וויל, אז דעם מענטשנס יוגנט זאָל קעמפן איינע אליין, אָן יעגעמס מיטהילף.

און אזוי ווי ער האָט ניט דערלאָזט, אז זי זאָל אריינדרינגען צו אים אין דער נשמה, האָט זי געמוזט פוילן ביי זיך צו לעבן זייט-ביי-זייט, א טיר לעבן א טיר, אָבער אָן אינטימקייט. און דאָס איז איר ניט געווען שטארק צום הארצן. אנעט האָט מער ניט באמערקט די שווערקייט פון דעם לעבן, וואָס זי האָט געהאט געפירט; אָבער מארק האָט זיך געפילט דערפון, ווי מען וואָלט אים געריבן מיט א הארטן האנטוך איבער דער הויט, און אָט-די ערנסטע טראַגעדיע, וואָס זי האָט זיך אויף איר גאָרנישט אומגעקוקט, האָט שווער געדריקט אויף זיין געמיט. ער האָט ניט א טראכט געטון, אז ער האָט איר געהאט אָפּגעזאָגט דעם איינציקן שטראָל, וואָס וואָלט זי געקאָנט דערפרייען, אז ער האָט די בלום פון מוטער-ליבע געלאָזט איינפרירן אין איר שפּראָץ. אריינגעוואָרפן אויפסניי אין דער אינוויינקסטער דראמע, וועלכע זי האָט געזוכט צו פאַר-מיידן, האָט זי ניט-ווילנדיק ארויסגעגעבן די אומרו פון איר גע-דאנק, וואָס זי האָט דעמאָלט געהאט אדורכגעלעבט. מארק האָט אפשר דערשפּירט אין דעם צופיל ענלעכקייט מיט זיין אייגענער אומרו, אז ער זאָל ניט פאַרבלייבן שטיין אָן א זייט.

ניט אין דער איינשלעפערנדיקער אטמאָספערע, ניט אין דער לאַנגווייליקער עקזיסטענץ פון דער קליינער שטאָט האָט ער גע-קאָנט געפינען מיטלען אויף צו פאַרטרייבן די שאָטנס פון הויז. די ערד, פעט און קוועלנדיק אין איר בלאָנדער צייטיקייט, האָט געדרעמלט אונטער דער אווגוסט-זון. ווי גוט עס איז זי ארומצור-נעמען מיט די אָרעמס פון אָן אונטערוואַקסנדיקן איינגל! אָבער דער קליינער פאַריזער האָט נאָך ניט געקאָנט שפּירן די נאַטור. צופיל אנדערע זאַכן האָבן פאַרנומען זיין שכל און זיינע חושים! די שעה האָט נאָך ניט געהאט געשלאָגן פאַר אים, ווען עס עפע-נען זיך די אויגן אויף צו לייענען די שטומע מוזיק, אויפגע-שריבן אויפן בוך פון די פעלדער. מען דאַרף זיין א מער ציי-טיקער מענטש אויף צו קאָנען אנטדעקן דעם ווערט פון לאַנד-שאַפטן און זייער וויאָלעטן-דופטיקייט. אויב אָט-די מוזיק קלעפּט

זיך צום קערפּער, קומט עס פּאָר פון זיך אַליין; דער צויבער ווירקט ערשט שפּעטער...

אַנעט האָט אים עטלעכע מאָל מיטגענומען אויף אַ שפּאַציר. דאָס בייזיין פון נאָך אַ מענטשן איז געווען געגנוג אויף איבערצורייסן דעם שמועס צווישן דער נשמה און דער נאַטור. אַנעט האָט גע־טראַכט אין דער הויך; זי האָט געוואַלטיק הנאה געהאַט פון דער ערד און פון דער לופט. זי האָט זיך אוועקגעשטעלט צווישן זיי און דעם אינגל:

— פאַרשטעל מיר ניט מיין זון!...

זי האָט ליב געהאַט צו גיין. ער האָט געזען איר קרעפטיקייט, איר יוגנט, וואָס דער שנעלער ריטם פון אירע טריט און פון איר בלוט האָט אויפגעוועקט אין איר. ער האָט זי געזען לויפן, שרייען, זיך באַגייסטערן איבער אַ בלימל, איבער אַ פליגעלע... שפּעטער, ווען ער וועט שוין זיין צוריק אין פּאַריז, וועלן אָט־די בילדער ווידער קומען צו אים: די פרייד, דער אָנפלייץ פון לעבן, דאָס מויל, די אויגן, דער פייכטלעכער האַלז (איינמאָל, אין איר לוסטיקייט, ווען זי האָט אים געהאַט צוגעדריקט צו זיך מיט אַ ווילדן אימ־פּעט, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ מענטשן, וואָס פילט זיך באַלעסטיקט פון אַזאַ פאַמיליערישקייט)... אַלץ איז אים אויפן מאָמענט געווען דערווידער. די דאָזיקע פרוי האָט אים מיד גע־מאַכט. ער האָט שנעל פאַרלוירן דעם אָטעם. האָט זיך דערפילט דערנידעריקט. און אַז זי זאָל פאַרלאַנגזאַמען די טריט, כדי ער זאָל ניט אָפּשטיין פון איר, — דאָס האָט ער שוין ניט געקאָנט אַריבערטראָגן... ער האָט זיך פעסט אָפּגעזאָגט צו גיין מיט איר ווייטער שפּאַצירן.

דעמאָלט איז אים מער גאָרנישט פאַרבליבן ווי נאָר זיך צו לאַנגווײלן. ער האָט ניט פאַרפעלט דאָס אַרויסצואווייזן. ער האָט זיך ניט באַקלאָגט. ניין! ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט זיך מקריב געווען...

פון יעדער האַלטונג זיינער איז דאָס געווען אַזוינס, וואָס אַנעט האָט עס וויניקער פון אַלץ געקאָנט פאַטראָגן...

— אַ קרבן, מיין פריינט? איך וויל עס ניט. שוין גלייכער צו זיין אָן דיר!...

זי האָט געמאַכט דעם לעצטן פּרואוו...

—ער בענקט נאָך פּאַריז? נו, לאָמיר פאָרן קיין פּאַריז!

זי האָט דאָרט פאַרבראַכט מיט אים די לעצטע דריי וואָכן פון איר וואַקאַציע, כאָטש ביי זיך אין האַרצן האָט זי געפילט אַן עקל אַהין צו פאָרן.

אין לויף פון כמעט אַ יאָר צייט איז איר איינציקע פאַרבינדונג מיט דער שטאָט, אַ חוץ סילוויע, אַנגעהאַלטן געוואָרן דורך דער קליינער פּאַראַבלטער מיידל־אַלמנה, וואָס אירע בריוו זענען אָבער געוואָרן אַלץ זעלטענער און אַלץ דערווייטערטער. די צוויי פרויען האָבן זיך ליב געהאַט, און דאָך איז עס געווען, גלייך ווי זיי, אין דעם אויסטויש פון זייערע געדאַנקען, וואָלטן געשטרויכלט אָן די ווערטער, — די צאַמען פון האַרץ, — אַ שטערונג, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אין איר זיך אַריינטראַכטן. מיט אַ געפיל פון צאַרטקייט פלעגן זיי זיך דערמאָנען איינס אָן צווייטן, עס וואָלט זיי געווען אַנגענעם זיך אַרומצונעמען, דאָך האָבן זיי ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג זיך ווידער צו טרעפן, כדי ניט צו זיין געצוואונגען צו מאַכן דערקלערונגען. ווען אַנעט, ביי איר אָנקומען, האָט זיך געהאַט דערוואוסט, אַז לידיאַ איז זינט אַ פּאָר וואָכן געווען אַוועק פון פּאַריז, האָט זי זיך דערפילט אי אַנטוישט, אי דערלייכטערט.

אָבער דאָס איז די קלענסטע צרה, וואָס איר צוריקקער אַהיים האָט איר פאַרשאַפט. עס זענען נאָך געווען אַנדערע! זי האָט בעסער געוואָלט גאָר ניט טראַכטן וועגן דעם... עס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין נאָך ערגער ווי זי האָט געהאַט מיט מורא ערוואַרט...

דאָס אַריינקומען צו זיך אין הויז!... ניט צו נוצן עס מער אַליין, האָט זי עס איבערגעגעבן אין רשות פון די צוויי אַנטרינניקע, אַלעקסיס און אַפּאָלינע, איבערלאָזנדיק פאַר זיך ניט מער ווי איר און איר זונס שלאָפצימערן. זיי אָבער האָבן אַלץ פאַרכאַפּט. זיי האָבן איצט געקוקט אויף זיך ווי אויף די אייגנטימער פון דער דירה; אַנעט האָט זיי אויסגעזען צו זיין אַן אָנגעוואָרפענע. עס איז אויסגעקומען, גלייך ווי זיי וואָלטן איר געטון אַ טובה, זי לאָזנדיק וואוינען אונטער זייער דאַך... דאָס וואָרט „טובה" האָט ניט געשטימט מיט אַפּאָלינעס גראָבע געזיכט־שטריכן: זיי זענען אַביסל

ווייבער געוואָרן ערשט נאָכדעם, ווי זי האָט געהאַט דערהערט, אַז אַנעט וועט דאָרט ניט פאַרבלייבן מער ווי דריי וואָכן. און אויך דאָ האָט זי אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט ניט בדעה איר אָפּצוטרעטן מער ווי איין צימער. זי האָט געהאַלטן, אַז דריי וואָכן צייט וועט דער זון מיט דער מוטער קאָנען גוט שלאָפן אין דעמזעלביקן צימער. מארק, אַן אויפגעבראַכטער, איז מיט פעסטקייט באַשטאַנען אויף זיינע רעכט, אַרויסוואַרפנדיק פון זיין צימער די פרעמדע מטלטלין. דאָס פיינלעכסטע איז געווען דער צושטאַנד, אין וועלכן אַנעט האָט צוריקגעפונען איר וואוינונג. אומאָרדענונג, שמוץ, צעבראָכן געשיר, קיך־כלים פאַרברענט און פאַרברודיקט, די ווענט פאַרשפּריצט מיט וואַסער, וואָס איז דאָ און דאָרט אַרונטערגערונען און האָט אַ תל געמאַכט פון דעם פאַרקעט, דאָס מעבל און די פאָרהאַנגען אָפּגענוצט, צעבראָכן, צעריסן... זיי האָבן קיין זאַך ניט געשוינט. די בעסטע צודעקן, דאָס בעסטע בעטגעוואַנט האָבן זיי גאָר אָן צערעמאָניעס אַרויסגענומען פון אַנעטעס צימער אויף צו נוצן עס פאַר זיך. די פאָרטרעטן, די גראַווירן, וואָס זי האָט מיט זיי געשאַפן די היימישע אַטמאָספערע, האָבן זיי אַוועקגענומען פון זייערע פּלעצער, איבערגעשטעלט, אייניקע אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד, מיטן פּנים צו דער וואַנט, אַנדערע אַרויסגעטראָגן און צוזאַמענגעהורבעט אין אַ קעמערל. אַפּאָלינע האָט זיי פאַרביטן אויף פאַמיליען־פאָטאָגראַפיעס, אויף משונהדיקע פּרצופים און גאָטספאָרכטיקע בילדלעך. אַפילו די ביכער, די פאַפּירן, אַחוץ די, וואָס זענען געווען אונטערן שלאָס אין די טעלעכע שופלאָדן, האָבן זיי אַרומגעטאַפּט, ניט אַזוי מחמת נייגיר (אַפּאָלינע האָט גאָרנישט געקענט לייענען) ווי מחמת זייער אַרומגייען לײדיק און מחמת דער בייסעניש אין זייערע פינגער. זייערע שפּורן זענען איבערגעלאָזן געוואָרן אויף די פאַרפלעקטע בלעטער און אויף די פאַרבייגענע זייטלעך. פון אַלע צימערן האָט זיך געטראָגן דער ריח פון אַ חיהשער נאָרע. מארק, אַן אויפגעבראַכטער און מיט אַ געפיל פון עקל, האָט גענומען ריידן וועגן אַרונטערוואַרפן די ווילדע ברואים פון די שטיגן. אַנעט האָט זיך געמיט אים צו באַרואיקן. זי האָט געמאַכט אַפּאָלינען טעלעכע שטרענגע באַמערקונגען, וואָס זענען פון יענער שלעכט אויפגענומען געוואָרן; און פון די ערשטע ווערטער אָן איז איר איבערגעגעבן געוואָרן דאָס

דריקנדיקע געפיל פון דער גייסטיקער צערודערטקייט, פון דעם טראַ־גישן קריזיס, אין וועלכע יענע איז געווען אַריינגעפאַלן.

דער ברודער און די שוועסטער האָבן זיך אויסגעמיטן. עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט צווישן זיי געהערשט פיינטשאַפט, אָפּ־שטויסיקייט, צאָרן אָדער מורא. אַנעטעס פּלוצלינגדיק צוריקקומען האָט זיי אויפסניי געצוואונגען צו פאַרנעמען צוזאַמען איין צימער. ביינאַכט האָט זיך געהערט פון דאָרט אַ העפטיקע קריגעריי מיט פאַרשטיקטע שטימען, אַ שטורעמדיקער רעטשיטאַטיוו, פון וועלכן עס האָבן זיך יעדער ווײַלע ראַפּטאָם אָפּגעריסן אַפּאָלינעס צאָרנדיקע אויסגעשרייען. דערנאָך איז געקומען אַ שווערע שטילקייט. אַ וואָך צייט איז דאָס אַזוי געווען... ביז איינמאָל, אין מיטן דער נאַכט, איז אַפּאָלינע אַרויס פון צימער מיט אַ געשריי. אַנעט האָט זיך אויפגעהויבן, כדי צו הייסן איר זיין שטיל. זי האָט זי געטראָפן אין קאָרידאָר, כמעט אַ נאַקעטע, דראַפּנדיק זיך אַליין מיט די נעגל און יאָמערנדיק אויפן קול; זי איז געווען אַרונטער פון זינען. אַנעט האָט זי אַריינגעפירט צו זיך אין צימער און זיך גענומען זי צו באַרואיקן. זי האָט זיך צוריק אַריינגעלייגט אין בעט. אַפּאָלינע, זיצנדיק, אַ דערשלאָגענע, ביים בעט, האָט אויסגעבראָכן אין אַ שטראָם ווילדע רייד. אַנעט האָט איר אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן מויל, כדי דער זון אין דעם זייטיקן צימער זאָל זיך ניט אויפ־כאַפּן. (ער האָט שוין אַ היבשע צייט זיך געהאַט איינגעהערט...) און אין דעם מבול ווילדע רייד האָט אַנעט, אַ פאַרגליווערטע פון שרעק, אַרויסגעלייענט דעם אמת...

די נאַכט איז אַריבער. איינגעגנורעט אויף דער קאָווריצע, לעבן אַנעטעס צוקאָפּנס, האָט אַפּאָלינע אָדער עפּעס געמורמלט פאַר זיך, אָדער זי איז געזעסן שטיל, אָדער זי האָט גאָר־געבעטן אין ווילדן עקסטאַז. צום סוף איז זי איינגעשלאָפן, דאָס מויל אָפן און שנאָר־כענדיק. אַנעט האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן. ביים ערשטן ליכט פון באַגינען, איבערגעבויגן איבערן ראַנד פון בעט, האָט זי אַרונ־טערגעקוקט אויף דער פרוי, וועלכע איז געווען געשלאָפן, זיך אָנ־שפּאַרענדיק אָן בעט, דעם קאָפּ אָפּגעוואָרפן אויף צוריק, מיט איר ווילדן, צעשראָקענעם פרצוף פון אַ געיאָגטער חיה. עס איז געווען ווי אַן אַנטיקע מאַסקע, מיט גראָבע געזיכט־שטריכען, אַ שרעקלעך,

אי גראָטעסק, די מאַסקע פון אַ גאַרגאָנע אָן אויגן, וואָס איר אָפן מויל האָט פאַרגעשטעלט דעם אויסדרוק פון שטומען פּראָטעסט. אונטער אַנעטעס בליק האָט די גאַרגאָנע זיך אויפגעכאַפּט. קוים האָט זי נאָר דערזען אָט־די אויגן, וואָס האָבן זי פאַרשנדיק באַטראַכט פון דער הייך, אַזוי איז זי ווילד אויפגעשפּרונגען און געוואָלט אַרויסלויפן. אַנעט האָט זי פאַרהאַלטן פאַר דער האַנט. זי האָט אַרויסגעקרעכצט:

— וואָס ווילט איר נאָך?... לאָזט מיך אָפּ!... איר האָט אַרויסגעריסן פון מיין מויל דאָס שטיקל ברויט, אויסגעוואַלגערט אין בלוט, — מיין שאַנד, מיין האָב־און־גוטס... וואָס נאָך ווילט איר? איר האָט מיך פיינט, איר פאַראַכט מיך. צאָל איך אייך צוריק. איך בין ניט מער ווי אַ הויפן מיסט. איך בין אָבער בעסער פון אייך!

— איך האָב אייך ניט פיינט און איך פאַראַכט אייך ניט, — האָט אַנעט געזאָגט, — איך פיל אייך מיט.

— שפּייט אויף מיר!

— איך האָב אייך ניט וואָס צו משפּטן. אייער גאָט וועט דאָס שוין טון. איר זענט ניט ביים זינען און איך האָב אויף אייך רחמנות. משוגעת הערשט איצט איבער דער גאַנצער וועלט. קיינער ווייס ניט, צי וועט עס אים מאָרגן אַליין ניט טרעפן... איר קאָנט אָבער מער אין מיין הויז ניט פאַרבלייבן.

— איר טרייבט מיך אַרויס?

— איך באַדאַרף באַשיצן מיין זון.

— וואוהין, ווילט איר, זאָל איך גיין?

— אַרבעט! זוכט פאַר זיך באַשעפטיקונג! ווי קאָנט איר ביידע גאַנצע צוויי יאָר ניט טון קיין שום נוציקע אַרבעט, בעת דאָס גאַנצע לאַנד איז אַזוי שווער געטראָפן?

— אונזער אומגליק איז פונקט אַזוי גרויס. זאָלן אַנדערע צאָלן!

— ווער זאָל אייך העלפן, אויב איר אַליין העלפט זיך ניט? אייערע צרות, דער ראָק, וואָס פרעסט אייך אויף, נעמט זיך פון אייער אַרומגיין ליידיק. אַרבעט אַליין קאָן אייך ראַטעווען.

— איך קאָן ניט אַרבעטן.

— וואָס, איר, אַזאַ שטאַרקע, איר, וואָס איר זענט צוגעוויינט צו דער שווערער אַרבעט אויפן לאַנד, איר, וואָס איר ליידט פון אייערע ניט־אויסגעבראַכטע כּוחות, איר פאַרשליסט זיך דאָס אין פּוילקייט, ווי אַ וואָלף אין אַ שטייג, און דורך די גראַטעס מאַכט איר געוואַלטן צו גאָט! גאָט, — דאָס איז אַרבעט.

— איך קאָן ניט. איך דאַרף צוריקקריגן מיין פאַרמעג. איך באַדאַרף צו האָבן מיין ערד. זיי האָבן ביי מיר אַלץ אוועקגענו־מען, אַלץ חרוב געמאַכט. מיין האָב און גוטס, מיין ערד, מיינע אייגענע. עס איז מיר גאָרנישט ניט געבליבן. עס איז מיר מער גאָרנישט געבליבן ווי נאָר ער (זי האָט אָנגעוויזן אויפן ברודערס צימער). און איך האָב אים פיינט! איך האָב זיך אַליין פיינט! און איך האָב פיינט גאָט, וואָס האָט עס אַזוי געוואָלט.

— און איך, וואָס איך גלויב ניט אין אים, האָב אויף אים רחמנות. איך האָב אויף אים רחמנות. איר פאַראַט אים. פיינט, פיינט, — דאָס איינציקע וואָרט, וואָס פעלט אָן אייערע מיילער. פון קיין אַנדערע ווערטער ווייסט איר גאָר ניט. אויב ס'איז דאָ אַ גאָט, האָט ער אייך געגעבן אַ ווילן. וואָס טוט איר מיט אים?

— איך וואָלגער אים אוים אין אָט־דער נאָרע, אין אָט־דעם גוף, וואָס ער האָט מיר געגעבן. איך בין זיך נוקם אין אים. ער איז אין מיר. איך פאַרניכט זיך אַליין.

— אייער גאָט איז ווי דער סקאָרפּיאָן. אויב ער קאָן ניט פאַרניכטן, פאַרניכט ער זיך אַליין.

— דאָס איז דער גאָט פון ווערדון, דער גאָט פון היינטיקן טאָג.

— איר טוט מיר וויי. לאָזט מיך אָפּ! ווילט איר מיך אויך פאַרניכטן?

— איך וועל אייך מער ניט באַלעסטיקן.

זי איז אַרויסגעלאָפן.

יענעם טאָג האָבן זיי זיך אַרויסגעצויגן פון הויז. דאָס גאַנצע הויז האָט פריי אָפּגעאָטעמט. די שכנים האָבן די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט זיך צו באַקלאָגן. אַנעט, וועלכע האָט געהאַט גע־וואָלט, זיי זאָלן זיך אַרויסציען, האָט זיך דאָך דערפילט אומרואיק, ווען זי האָט זיי געזען אוועקגיין. זי האָט געפּרוּווט אויסגעפינען

זייער נייעם אדרעס. אפּאָלינע האָט דאָס איר אָפּגעזאָגט, פּונקט ווי זי האָט מיט אַ גראָבן „ניין" אָפּגעזאָגט דעם אָנבאָט פון געלט, וואָס אַנעט האָט איר געמאַכט.

גראַד אין יענער וואָך איז זייער שכן פון דעמזעלביקן גאָרן, דער יונגער שאַרדאָנע, צוריקגעקומען אויף אַן אורלויב פון אַכט־און־פערציק שעה.

ער האָט די גאַנצע צייט פאַרבראַכט, אַ פאַרשלאָסענער ביי זיך אין הויז. קיינער האָט אים ניט געזען.

מאַרק האָט אָבער דורך דער וואַנט געהערט די טריט און מיט אַ שאַרפן בליק נאָכגעפאָלגט די שטומע דראַמע פון זיין צוריק־קער.

קלאַריסע איז שוין מער ניט געווען די קלאַריסע פון אַ יאָר צוריק. דער ווירבלווינט פון משוגעת, וואָס האָט זיך געהאַט אַדורכ־געטראָגן איבער איר, איז געווען פאַרביי... און אַ שווייגנדיקע האָט זי זיך איצט ווידער געפונען איינגעשלאָסן צווישן די פיר ווענט פון איר וואוינונג און צווישעןן די נאָך מער אומדורכדרינג־לעכע ווענט, וואו עס ליגט פאַרבאָרגן דער געדאַנק, ארומגייענדיק מיט שטילע טריט פון צימער צו צימער, ניט אַ סקריפּ צו טון מיטן מעבל אָדער מיטן דיל... די קאַץ... און קיינער וואָלט פון אירע סאַמעטענע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן פון דרויסן, אין אינווייניק־סטער ליכטיקייט, אַזוי אויך ניט פון אונטער דער פרישער פאַרב, וואָס האָט מאַסקירט אירע בלייכע באַקן, ניט געקאָנט ארויסלייענען אירע איבערלעבענישן און חלומות. אָבער דער פאַרהונגערטער מאַן, וועלכער איז געווען צוריקגעקומען זיך צו קוויקען מיט די פרוכט פון זיין גאָרטן, האָט מער ניט געפונען דעמזעלביקן טעם אין דער נשמה, וואָס ער האָט געהאַט איבערגעלאָזן; און כאָטש ער איז בכלל גע־ווען אַ שוואַכער זעער, האָט ער דאָך מיטן ערשטן בליק איינגעזען, אַז דאָס הויז האָט זיך געענדערט הינטערן פּאַסאַד. עפּעס האָט פּאַ־סירט. וואָס? ווי זאָל ער עס וויסן? דער שמייכלענדיקער פּאַסאַד האָט ניט ארויסגעגעבן זיין סוד. עס איז געווען אומזיסט זי אַרומצונעמען. דעם געדאַנק אירן האָט ער ניט געהאַלטן. ער האָט געהאַלטן ניט מער ווי דעם קערפּער. און וואָס האָט אָט־דער

קערפּער געטון? און דער עדות פון קערפּער, דער געדאַנק, וואָס האָט ער געהאַט געזען און געוואָלט? וואָס האָט ער געוואוסט? וואָס האָט ער באַהאַלטן?... דער געדאַנק וועט קיינמאָל גאָרנישט ניט זאָגן. ער וועט זיך קיינמאָל גאָרנישט ניט דערוויסן.

זיי האָבן גערעדט רואיק וועגן געוויינטלעכע זאַכן. און מיט־אַמאָל האָט דעם מאַנס שטים אָן שום קאָנטיקן מאָטיוו אָנגענומען אַ בייזן טאָן. ער האָט עס געפילט. די שטים איז ווידער גע־זונקען. זיי זענען אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך געשעמט זיך אַרויסצוגעבן און אויך געבּרענט פון צאָרן, וואָס ער האָט ניט גע־קאָנט אַרויסרייסן פון איר דעם סוד. זיי זענען געווען צוגעשמידט איינס צום צווייטן, איינגעמויערט איינס אין צווייטן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, ניט צו זאָגן קיין וואָרט, און איז אַרויס, אַ קלאַפּ טוענ־דיק מיט דער טיר פון דרויסן. קלאַריסע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט; אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט מאַרק געהערט ווי זי שנייצט די נאָז און געוואוסט, אַז זי וויינט.

ווען דער מאַן איז צוריק אָפּגעפאָרן, האָבן זיי ניט געהאַט וואָס צו זאָגן איינס צום אַנדערן; דאָס, וואָס זיי וואָלטן יאָ געהאַט צו זאָגן, וואָלט צעשמעטערט אָט־דעם פּאַסאַד פון לעבן, וואָס זיי האָבן געציטערט עס פונאַנדערצוטרייסלען: ווײַל ווי וואָלטן זיי גע־קאָנט לעבן, ווען אויף אָט־דעם פעלד פון רואינעס, אויף אָט־דעם באָמבאַרדירטן פּליין, וואָס זייער לעבן איז איצט געווען, וואָלטן זיי ניט געהאַט דעם פּאַסאַד פון דעם עבר, דאָס אילוזאָרישע בילד פון דעם, וואָס זיי זענען אַמאָל געווען, אויף זיך אָפּצושטעלן און דאָרט אויפהענגען זייער נעסט?... זיי האָבן זיך געזעגנט. זייערע ליפּן זענען געווען טרוקן. זיי האָבן זיך אַרומגענומען. זיי האָבן זיך געליבט. זיי זענען געווען פרעמד איינס צו אַנאַנדער.

אין דערזעלביקער וואָך, דער לעצטער, וואָס אַנעט האָט געהאַט צו פאַרברענגען אין פּאַריז, איז לידיאַ מיורייזיע צוריקגעקומען.

די צוויי פרויען זענען ביים באַגעגענען זיך אויפסניי דורכגע־נומען געוואָרן מיטן צאַרטן געפיל, וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט איינס פאַרן צווייטן, און זייערע ליפּן האָבן זיך פאַראייניקט נאָך איידער זיי האָבן געהאַט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. ווי אָבער זיי

האָבן נאָר גענומען ריידן, אַזוי האָבן זיי געוועלט ווי דורך אַ וואַנט. אוןביידע האָבן זיי געוואוסט, אַז וואָלטן זיי אפילו געהאט דעם שליסל צו דער איינציקער טיר אויף אַדורכצוגיין, וואָלטן זיי זי אויך ניט געעפנט. דאָס איז געווען דאָס פיינלעכסטע: אַ מחיצה צווישן זיי ביידן. זיי האָבן זיך געוואָלט אָנרירן, זיי האָבן אָבער גאָר־נישט ניט געוואָלט טון אויף צו באַזייטיקן אָט־די מחיצה.

לידיא האָט געהאט פאַרלוירן די בלום פון אָפנהאַרציקייט און אומגעצוואונגענקייט, וואָס איר פּאָעטישע גראַציע האָט באַחנט איר יעדער באַוועגונג. זי האָט זי גראָב צעטראָטן און איבערגעדעקט מיט איר שלייער פון טרויער. זי האָט געבראַכט דעם טויטן איר נאַטור פאַר אַ קרבן. דאָס שיכרות פון דעם פיינלעכן מיסטיציזם פון די ערשטע טעג האָט ניט לאַנג געדויערט. זיין האַרצברעכערישער און קרענקלעכער צויבער האָט זיך אָפּגעטון. אַזוינע צושטאַנדן קאָנען אַנדערש ניט פאַרלענגערט ווערן ווי נאָר דורך קינסטלעכע מיטלען. דאָס האַרץ פאָדערט דערלייזונג, דאָס האַרץ וויל פאַרגעסן. כדי עס צו צווינגען צו געדענקען, מוז מען עס צובינדן צו אַ קייט און פייניקן. דאָס האַרץ איז דער שקלאַף, אַנגעבונדן אָן דעם מיל־שטיין, אונטער דער בייטש פון ווילן. לידיא איז פאַרשטייפט גע־וואָרן אין דעם געדאַנק וועגן דעם טויטן:

„טראַכט וועגן אים! טראַכט וועגן אים!"...

און דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג:

„טראַכט אַזוי ווי ער!"...

זי האָט געהאַט אינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פון איר אייגענעם געדאַנק, כדי זיך צו באַהעפטן מיט דעם געדאַנק פון דעם וועזן, וואָס זי האָט אים געוואָלט אַרויסרייסן פון דער פאַרגעסנקייט, פון איר פאַרגעסנקייט... (דער טראַגישער קאַמף פון נשמות, אין דער שטיל־קייט פון די נעכט, אַנקעגן דעם טויט, וואָס וויל מיט געוואַלט אַוועק־נעמען דעם אוצר פון זייער ליבע!...) זי האָט זיך איינגעהילט אין דעם אידעאַליזם פון טרוקענע, ברענענדיקע אידייען, וואָס האָבן פאַר־מירט דאָס געוועב פון זשירערס נשמה: זיי האָבן גערעדט דורך איר מויל, דורך איר יונגן מויל פון קוועלנדיקער צאַרטקייט.

און עס איז געווען אַזוי מאָדנע און פיינלעך זי צו הערן ריידן... אַנעט האָט זי אויסגעהערט, אַ פאַרגליווערטע, און ניט געקאָנט

ענטפערן. זי האָט געפילט די בביוונדיקע אומאויפריכטיקייט, די העלדישע, ליגנערישע אָנשטרענגונג פון דער ליבער מיידל צו גלויבן אין דעם, וואָס זי האָט אין דעם נים געגלויבט, צו טראַכטן דאָס, וואָס זי האָט נים געטראַכט. און זי האָט איר נים געקאָנט ענט־פערן, ווייל זי האָט געוואוסט ווי אוממענטשלעך עס וואָלט געווען אַרונטערצונעמען פון איר די מאַסקע. עס איז געווען די איינציקע באוואָרעניש, אַז אָט־די איידעלע, איינגעבראָכענע פלאַנץ זאָל נים אומפאַלן!... אָבער כאָטש אַנעט האָט גאָרנישט נים געזאָגט, וואָס זאָל האָבן אַרויסגעגעבן אירע געדאַנקען, האָט לידיאַ זיי דאָך אַרונ־טערגעלייענט פון אירע פאַרשלאָסענע ליפּן; און זי האָט אַרונטער־געלאָזט דעם ריגל אויף דער שוין פאַרשלאָסענער טיר אין דער וואַנט, וועלכע האָט זיי פונאַנדערגעשיידט.

זי האָט געפּרייזט די מלחמה, וועלכע האָט געהאַט אַוועקגענומען פון איר איר גליק און איר לעבן; זי האָט געפלאַטערט פון התלהבות, לויבנדיק די פּראָבלעמאַטישע צוקונפט, וואָס אָט־די שלאַכטן האָבן צוגעגרייט, אָט־דעם נעפּילהאַפטיקן משיחיזם פון קומענדיקן יושר און שלום, אויפגעקומען דורך דער רשעות און דורך די שחיטות פון היינט און אויף אָט־די מיליאָנען מתים, — ניין, אויף איר אייגענעם מת, אויפן קערפּער פון איר געליבטן, אויפגעגע־דיק פון זיין בלוט (דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט גע־האַט אַ ווערט!) — דאָס חוזקדיקע אָנקומען פון דער הערשאַפט פון גאָט, פון דעם פאַרמלאָזן גאָט פון די, וואָס האָבן מער נים קיין גאָט, פון די מענטשן פון מערב, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער גאָט און ווילן אַ גאָט אום יעדן פּרייז, — די וועלט־דעמאָקראַטיע...

אָ, צאַרט, צעוויטיקט מויל, ווי פּאַלש עס קלינגען אָט־די ווערטער אויף דיינע ליפּן! דיין ציטערדיקער שמייכל איז אַזוי ווי אַ וואונד...

זי האָט אַרויסגעשטעלט איר גלויבן, האָט פּאַראַדירט מיט אים: זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז אַנעט האָט אים מער נים געהאַט. (האָט זי אים ווען־עס־איז געהאַט?) זי האָט זיך אָנגעשטויסן ווען איר נים־געענאַרט־זיין אין אָט־די אַלע אידייען, ווען איר האַלטן־זיך־ווייט פון די אַלע ליידנשאַפטן, וואָס האָבן אין יענע טעג פאַר־איינט די לענדער... און אַנעט, וועלכע האָט עס ביז דעמאָלט נים

געוואוסט, האָט דאָס איצט איינגעזען דורך דער אינסטינקטיווער פאַרשיידנקייט פון די מיינונגען, וואָס האָבן צעטיילט זייערע וועגן און געזאָגט צו די צוויי פרויען:

— וויי־וויי! אויף אָט־דער ערד וועלן מיר זיך מער קיינ־מאָל ניט צוזאַמענטרעפן!...

אָבער וואוהין קאָן מען אויף אָט־דער ערד אַנטלויפן? אָט־די ערד, — וואָס האָבן זיי געמאַכט פון איר?...

עס איז געווען ממש דערשטיקט צו ווערן אין דער אַטמאָספערע פון פּאַריז, אין דער אַטמאָספערע פון דער גאַנצער וועלט, אין אָט־די לעצטע טעג פון זומער, 1916. די ערד איז געווען אַן אָפענער פּיסק, וואָס האָט גערעוועט: „טויט!"... איר סאַפּענדיקער אָטעם האָט געאָווירט מיט דעם טויטן גוף פון דער מענטשהייט. די בערג פּלייש, צונויפגעשאַרטע פון סאָם און פון ווערדון, האָבן זי נאָר ניט געקאָנט אָנזעטיקן. זינט דער הייליקער אויסשלאַכטונג פון פעלקער דורך די אַצטעקן האָט דער הימל נאָך ניט געהאַט אַריינ־געאָטעמט אַזוינע העקאַטאָמבן. צוויי נייע שכנישע פעלקער האָבן נאָר וואָס זיך געהאַט אַריינגעדרייט מיט פרייד אין דעם קאַראַהאָד פון טויט. זינט צוויי יאָר איז דאָס געווען די צוויי־און־דרייסיקסטע מלחמה־דערקלערונג. די טענצער האָבן געהאַפּקעט. די פּרעסע, אַרונטערגעזעצט צו דער ערד אַרום דעם קאַראַהאָד, האָט צוגעקנאַקט מיט די פינגער, האָט צוגעקלאַפּט מיט די ביינדלעך איבער די קעסל־פּויקן און געמאַכט ווילדע קולות. זי האָט געזונגען אין דייטשלאַנד דאָס נייע ליד פון הייליקן פראַנצים, די הימנע צו אונזער שוועסטער, דער שנאה:

„...גלויבן, האָפענונג און שנאה זענען אונז געגעבן געוואָרן. אָבער די שנאה איז די גרעסטע פון די דריי"...

אין פראַנקרייך האָט די וויסנשאַפט, אייפערזיכטיק אויף די דריי־און־ניינציק אינטעלעקטועלן, געוואָלט האָבן אירע אייגענע און פּובליקירט אָט־דעם מאָנומענט פון שענדלעכער משוגעת: „די דייטשן און די וויסנשאַפט", וואו די גרעסטע קעפּ, אחוץ צוויי, האָבן ניט נאָר באַזייטיקט די דייטשן פון דער אייראָפּייאישער

משפחה, נאָר וויסנשאַפטלעך אַנאַליזירט זייער מאַרך, זייערע ביינער, זייער קויט, און זיי פאַרשניטן פון דעם מענטשלעכן מין. איין מאַגיסטער פון וויסנשאַפט האָט געוואָלט, אַז בערלין זאָל פאַרטיליקט ווערן פון דער ערד, „כדי איבערצולאָזן אין דעם צענטער פון אָט־דעם שטאָלצן לאַנד אַ נקמהדיקן אָאזיס פון חורבות". אַ מאַגיסטער פון רעכט האָט פעסטגעשטעלט די גזזעצלעכקייט פון אָנווענדן רעפּרעסיעס. איינער פון די וואָרטפירער פון ליבעראַלן קאַטאָליציזם אין פראַנקרייך, אַן ערלעכער, אָנגענומענער מענטש, האָט באַגריסט די פראַנצויזישע קאַטאָליקן „פאַר זייער פעסטקייט, אין קריסטוסעס נאָמען, ניט מוחל צו זיין די קאַטאָליקן פון דייטשלאַנד". אַן אַנדער כאָר־פירער האָט געמאָנט דעם קייזער ווי זיין חלק רויב, כדי אים אַריינצוואַרפן אין דער בערן־גרוב פון „זשאַרדען דע פלאַנט". דאָס משונהדיקע און דאָס שרעקלעכע האָבן זיך צונויפגעפּאָרט. טאַרטיוף און פּאָטער יוביו. די אומפאַרשעמטע צביעות פון די פידלער, די טאַנץ־מייסטער, איז געשטיגן ביז צו הימאַלייער הויכקייטן. אַ גייסטלעכער אַ פרומאַק האָט אויף אַ זיצונג פון פאַרלאַמענט געפּרייזט מיט טרערן אין דער שטים, אונטער די אַפּלאָדיסמענטן פון די באַגייסטערטע חברים, די גרויסאַרטיקע ערלעכקייט פון די צייטונגען, וואָס ער אַליין האָט זיי געהאַט געצאָלט. און דער וואַליזער פראַנזשיסער, לאָיד, אָט־דער קליינער, זייער קליינער קראָמוועל, האַלטנדיק אין איין האַנט אַ ביבל און אין דער צווייטער אַ שווערד (אימיצנס אַ שווערד), האָט געפּרעדיקט פאַר זיינע באַפּטיסטישע ברידער דעם נייעם „בראשית": פאַרגליכן דעם וועלט־באַשאַף פון ששת־ימי־בראשית מיט דעם באַשאַף פון דער מלחמה, וואָס ער איז געווען איר האַר, איז זיין דונער געפאַלן אויף די זין פון זינד, די פאַציפיסטן: „ווייל קיין אוממענטשלעכקייט, קיין אומרחמנות קאָן ניט פאַרגליכן ווערן מיט זייער גרויזאַמקייט פון וועלן אָפּשטעלן די מלחמה" — אין מיטן וועג. אין דער אייגענער צייט האָט אַמעריקע, אַ רואיקע, אויסאַרבעטנדיק איר נאָטע, דערווייל פאַרפלייצט די אַלטע וועלט מיט טויט־מכשירים. ווייל די רעכטע האַנט מוז ניט וויסן, וואָס עס טוט די לינקע. און אויב עס שטייט אַפילו געשריבן: „דו זאָלסט ניט מאָרדן", שטייט אָבער אין ערגעץ ניט געשריבן,

אַז דו טאָרסט ניט פאַבריצירן ערלעך קיין מאָרד־אינסטרומענטן, אויב נאָר זיי זענען גוט געמאַכט און ווערן גוט באַצאָלט.

זיך פאַרשטאַפּנדיק די אויערן, אַ פאַרעכטלעכע און מיט אַ באַשווערטן געמיט, האָט אַנעט געזוכט אַ מקום־מקלט ביי איר שוועסטער. אָבער אַנעט האָט זיך ניט געקימערט וועגן דעם גליק אָדער אומגליק פון אַנדערע מחוץ דעם ענגן צירקל פון די, וואָס האָבן געהערט צו איר, פון די, וואָס זי האָט ליב געהאַט, פון איר אייגנס. דאָס ליבע מיידל פלעג זאָגן:

— טייערע, מען דאַרף דערפון ניט מאַכן קיין ווען! מען באַדאַרף נאָר זיין געדולדיק! טו אַ קוק אויף מיר. איך וואַרט. עס וועט דאָך אַמאָל נעמען דערצו אַ סוף. לאָמיר אָבער זיך אַזוי ניט איילן! עס מוז נאָך אַביסל געדויערן... זעסטו, איי־נער פון מיינע גוטע פריינט, אַ שיינער בחור, מיט דריי בענדלעך און אַ מעדאַל, — ער איז ערשט ניט לאַנג געהרגעט געוואָרן, — האָט מיר געזאָגט: „מיר מוזן נאָך אויסהרגענען אַ מיליאָן דייטשן".

אַנעט האָט אַריינגעקוקט סילוויען אין די אויגן אַריין. האָט זי גערעדט ערנסט? יאָ, זי איז געווען ערנסט... אַך, ניט טיף! זי האָט ניט אַריינגעטון אין דעם קיין ליידנשאַפט. זי האָט ניט געפילט קיין בעס אויף די, וואָס זי האָט זיי אין פאָראויס אויס־געהרגעט... אָבער — אַז מען מוז, מוז מען...

— ווייסטו, — האָט אַנעט געזאָגט, — אַז אויף דיין מיליאָן דייטשן מוזן מיר, ווייניקסטנס, רעכענען אַ האַלבן מיליאָן אונ־זערע?...

— אַך, וואָס ווילסטו, מיין טייערע! מען מוז דאָך האָבן עפּעס אַ תירוץ...

אַ תירוץ! וואָס־וואָס, קיין תירוצים האָט זיי ניט אויסגע־פעלט! זיי האָבן זיי געהאַט גענוג...

דאָס לעבן פון דער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט האָט ווי־דער דערוואַכט. די קאַפע־הייזער זענען צוריק געוואָרן פול און די שיינע קליענטינס האָבן אויספּניי זיך געגעבן אַ לאָז צו סילוויען. עס האָט זיך מער ניט געפילט די געשפּאַנטקייט פון די פאַר־גאַנגענע יאָרן, ניט די מוטיקע האַלטונג פון די ערשטע טעג פון די

שווערע נסיונות, אַזוי אויך ניט די קראַנקהאַפּטיקע רעאַקציע פון שנאה און פון פאַרגעניגן, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די חושים אַזוי ווי אין אַן אָנפאַל פון קדחת. דאָס איז געווען נאָך שרעקלעכער. די מענטשלעכע נאַטור האָט זיך צוגעוויינט. זי האָט זיך געהאַט צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען מיט יענער געמיינער און וואונ־דערבאַרער בייגיקייט, וועלכע האָט געלאָזט דעם מענטשן זיך דורכ־שלייכן ווי אַ וואָרעם דורך די קלענסטע שפּאַלטן, וואוהין דאָס לעבן האָט זיך פאַררוקט אין לויף פון די יאָרטויזנטער, וואָס די ערד האָט זיך געהאַט געוואָרפן אין קאָנוואולסיעס, בעת די אַנדערע מינים, ווייניקער פּייאיקע זיך צו פאַרלייקענען און זיך איינצוקאָר־טשען, כדי צו קאָנען זיך דורכשפּאַרן, זענען אומגעקומען. אויב מען דאַרף באַוואונדערן די קונסט פון איינשטעלן אַ נאָרמאַלע עקזיסטענץ אין דער משונה־ווילדסטער אומנאָרמאַלישקייט פון צייטן, איז פאַריז דעמאָלט געווען וואונדערלעך.

אָבער אַנעט איז גאָרנישט געווען געניינט דאָס צו האַלטן דער שטאָט לשבח. זי האָט געזען די אָפּשפּיגלונג פון פאַריז אויף איר זונס פּנים און אָט־דער שפּיגל האָט זי איבערגעשראָקן. מאַרק האָט מער ניט אַרויסגעוויזן די פלאַטערדיקע אויפגערעגטקייט, די צעהיצטקייט, די ווילדע אויסברוכן און דעם סאַרקאַסטישן געלעכ־טער, וואָס האָבן פאַראַיאָרן זומער געהאַט אַזוי באַאומרואיקט זיין מוטער. ער האָט מער גאָרנישט ניט אַרויסגעוויזן. ער איז געווען גלייכגילטיק. זיין אויסגעבלייכט געזיכט, וואו דער צוריקגעקומענער פיבער האָט אויסגעזען אריינצודרינגען אין דער טיף, האָט גע־דרעמלט ווי טייכל. דאָס וואַסער איז געווען מוטנע, אָבער אָן אַ קניישטשעלע. די אויבערפלאַך אומבאַוועגלעך. קיין זאַך האָט זיך דורך איר ניט דורכגעזען. און קיין זאַך פון דער דרויסן־וועלט האָט זיך דאָרט ניט אָפּגעשפּיגלט. דאָס טייכל איז געשלאָפן...

עס האָט אויסגעזען צו שלאָפן. און עס האָט, דאַכט זיך, ניט געזען, ניט געפילט און ניט געהערט ניט דעם אוראַגאַן, וואָס האָט געדרייט אַרום אים דעם וואַלד, ניט די אומפאַלנדיקעביימער, ניט די גסיסה־כאָרכלעריי, ניט די פאַרסמטע לופט, ניט דעם גע־פּילדער, אַזוי אויך ניט די מוטער, וועלכע האָט מיט אַנגסט זיך איבערגעבויגן איבער זיין ברעג. אָבער ווער קאָן וויסן? אונטער

דעם אויליקן הייטל, וואָס האָט געהאַט פאַרצויגן דאָס טייכל, האָט זיך געוועבט אַ נייע לעבן... די צייט איז נאָך ניט געווען געקומען עס אַרויסצוּברענגען אויף דער ליכטיקער שיין. און וואָלט עס אפילו יאָ אַרויסגעבראַכט געוואָרן, וואָלט עס אויך ניט געווען פאַר דער מוטערס בעטנדיקע אויגן.

נאָר אין זיינע שמועסן מיט סילוויען האָט ער זיך געהאַט אַביסל אַרויסגעגעבן. מיט איר האָט ער זיך געפילט אומגעצוואונגען און גערעדט רואיק. מיט אַנעטען האָט ער געהאַלטן אַן אויג אי אויף זיך, אי אויף איר. אַזוי אָבער איז אין זייערע איצטיקע באַציאונגען מער ניט געווען די חוצפה און די גערייצטקייט פון אַמאָל. ער איז געווען העפלעך. ער האָט זי אויסגעהערט, ניט צו ענטפערן קיין וואָרט. ער האָט געוואָרט אַן אומגעדולד. ער האָט געוואָרט אַן אומגעדולד אויף איר אָפּפאָר.

---

זי איז אָפּגעפאָרן מיט אַ שווער געמיט. ער איז איר איצט געווען פרעמדער ווי דעמאָלט, ווען זיי האָבן זיך געהאַט צוזאַמענגעשטויסן. צו אַ קעגנער איז מען נאָך צוגעבונדן, ניט אָבער צו איינעם, וואָס איז גלייכגילטיק. זי איז געוואָרן פאַר אים אַן איבעריקע. די אַנדערע און סילוויע זענען פאַר אים געווען גענוג. ווער עס פאַרלאָזט זיין פּלאַץ, פאַרלירט אים. פאַר איר איז דאָרט מער קיין פּלאַץ ניט געווען.

ניט אין דעם האַרץ פון איר זון, ניט אין דער וועלט: זי האָט אומעטום געזען מענטשן, וואָס זי האָט זיך מיט זיי גאָרנישט אָנגעקערט, זי האָט אָבער קיינעם ניט געזען, מיט וועמען זי האָט זיך יאָ אָנגעקערט. אַלע זייערע השגות פון לעבן און פון ווילן צו לעבן, פון גלויבן און פון ווילן צו גלויבן, פון קעמפן און פון ווילן צו זיגן, זענען געווען אַרונטערגעפאַלן פון איר קערפּער, ווי אַן אָפּגעניצט קלייד, ווי עס פאַלן אַרונטער די בלעטער פון אַ בוים, ווען דער זומער איז פאַרביי. און דאָך האָט זי ג ע ־ ו ו אָ ל ט. זי האָט ניט געוואוסט פון יענע געוואַקסטענישע צושטאַנדן, ווען די ענערגיע לייזט זיך אויף און אַנטלויפט מיט שרעק. זי איז געווען באַלאָדן מיט ענערגיע. איר געדריקטע שטימונג איז צו איר געקומען דערפון, וואָס זי האָט מער ניט גע־

האָט אויף וואָס זי אָנצואווענדן. וואָס האָט זי געזאָלט טון מיט אָט־די כוחות, מיט אָט־דער באַדערפעניש צו זיין אַקטיוו, מיט אָט־דער באַדערפעניש צו קעמפן, מיט אָט־דער באַדערפעניש ליב צו האָבן, מיט אָט־דער באַדערפעניש („יאָ, איך אויך!”...) — פיינט צו האָבן? ליב האָבן דאָס, וואָס זיי האָבן ליב? ניין! פיינט האָבן דאָס, וואָס זיי האָבן פיינט? קיינמאָל ניט! קעמפן? אָבער פאַר וועלכער זאַך? צו וועמען, צו וואָס זאָל זי, איינע אַליין אין אָט־דעם פּלאָנטער, ריכטן איר וועג?

שוין אַ וואָך צייט זינט זי האָט צוריק איבערגענומען איר אַרבעט אין דער שול. איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן און קאַלטן אָוונט אין אָקטאָבער, איז זי, אַ מידע און אַן אויסגעשעפּטע, געגאַנגען אַהיים. זי האָט שוין געהאַלטן ביים עפענען די טיר פון איר וואוינונג, ערשט זי האָט באַמערקט אין די גאַסן אַן אויסערגעוויינטלעכע אויפ־לעבונג.

אַ נייער שפּיטאָל האָט זיך נאָרוואָס געהאַט געעפנט ניט ווייט פון איר הויז. די שלאַכטהייזער פון ווערדון האָבן אַהין אַריבער־געשיקט זייערע פאַרוואונדעטע. עס זענען דאָרט מער ניט געווען קיין שטאָלן אויף אויפצוהענגען דאָס פלייש פון די מאַרטירער. דאָס קליינע פאַרגעסענע שטעטל האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל געהאַט באַקומען איר טראַנספּאָרט. און די ערשטע, וואָס מען האָט אַהין געשיקט, זענען געווען דייטשן!

ביז דער מלחמה האָט דאָס שטעטל ניט געהאַט קיין ליי־טישן שפּיטאָל אפילו פאַר די אייגענע חולאים. אַלטע שערב־לעך פון שווערער פּראַצע אָדער פון פוילקייט, — אין לעצטן סך־הכל קומען זיי אַלע צום זעלביקן מיסטהויפן, — פלעגט מען זיי צוזאַמענהויפן אין ענגע, שמוציקע, האַלב־חרובע לאָקאַלן, וואו עס האָבן זינט יאָרהונדערטער זיך געקליבן מיקראָבן און ברוד. קיינער האָט זיך וועגן דעם ניט געקימערט, ניט די חולאים, אַזוי אויך ניט די דאָקטוירים. מען האָט זיך דערצו געהאַט צוגעוויינט... און אָט האָבן מיטן פּראָגרעס (דאָס הייסט, מיט דער מלחמה) זיך באַוויזן נייע געדאַנקען (אָדער גיכער, נייע ווערטער): היגיעניע, אַנטיסעפּטיקע... עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, אַז מען זאָל,

פאַרמערנדיק דעם טויט, אים אין דער אייגענער צייט אויך מאַכן גרינגער. מען האָט, בכן, אויסגעקאָלעכט פּאָר אַ נייעם שפּיטאָל די שמוציקע ווענט פון אַן אַלטן פּאַנסיאָן, מען האָט דעם ריח פון קאַרבאָל צונויפגעמישט מיטן ריח פון שימל, מען האָט איבער־געגעבן די קלאַס־צימערן אונטער דער השפּעה פון היילינן אַמ־בראַזיום און באַזאָרגט די אינסטיטוציע מיט אַ וואַנע־צימער — ממש אַן אַנטיק!...

און פון אָט־דעם גאַנצן לוקסוס האָבן די דייטשוקעס די ערשטע געזאָלט הנאה האָבן! דאָס קליינע שטעטל האָט אויפגע־הויבן אַ געוואַלט. עס איז אָקאָרשט שווער געטראָפן געוואָרן. די שלאַכטן פון די לעצטע חדשים האָבן געהאַט גענומען מעשר פון די קינדער פון לאַנד. כמעט יעדער הויזגעזינט איז געווען אין טרויער, אויפגעטרייסלט פון זייער געוויינטלעכער אַפּאַטיע ביז צו פאַר־צווייפלונג. דער פּערזאָנאַל גופא פון שפּיטאָל איז געווען צע־טיילט. איין צד האָט באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן צו געבן הילף די שונאים. אַ פּעטיציע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן און איבערגע־גאַנגען פון האַנט צו האַנט. די ערשטע פּאַרטיי פאַרוואונדעטע איז אָנגעקומען איידער דער ענין איז אויסגעגליכן געוואָרן. אין שטעטל האָט מען וועגן דעם זיך דערוואוסט ערשט דעמאָלט, ווען די פאַרוואונדעטע זענען שוין דאָרט געווען. די נייס האָט אַרויס־געבראַכט אַלעמען פון די הייזער...

די נעביכדיקע הערדע סאָלדאַטן איז שוין געווען אַרויסגע־טריבן געוואָרן פון דער סטאַנציע. די וואַקזאַל־גאַס איז אין עט־לעכע מינוט צייט אָנגעפילט געוואָרן אַזוי ווי אַ רינשטאָק נאָך אַ שטאַרקן רעגן. עס זענען געווען דאָס רוב אומשעדלעכע, געמיט־לעכע, גלייכגילטיקע, אַביסל גרעבלעכע, ניט בייזוויליקע מענטשן. אָבער זייערע ערגסטע אינסטינקטן האָבן זיך גלייך אויפן אָרט אָנגעצונדן.

דאָס אָנקומען פון דער פּראָצעסיע איז נאָך פון דער ווייטנס געמאָלדן געוואָרן דורך אַ גרויס געפּילדער. זיי האָבן זיך באַוויזן נעענטער: צוויי וועגענער לעבעדיקע חורבות; בינטלעך טראַג־טעם אויף טראָג־בעטלעך, די קעפּ אָפּגעוואָרפן אויף צוריק; ביי איינעם פון זיי איז דער אָרעם געווען אַרונטערגעהאַנגען און די

נעגל האָבן זיך געגראַבלט אין דעם שטויב פון וועג. אַ קליינע גרופּע, די ניט אַזוי שווער פאַרוואונדעטע, זענען געגאַנגען פאָראויס, דאָס פּנים אָדער דער אָרעם באַנדאַזשירט. אין דער ערשטער ריי האָט זיך אַרויסגעזען דער הויכער און דינער סילועט פון אַ דייטשישן אָפיציר. די וואָך איז געווען אַ שוואַכע. די מאַסע מענער מיט אויפגעהויבענע פויסטן, די פּרויען מיט די קרעלן, גרייט צו דראַפּן, האָבן זיך געגעבן אַ לאָז זיי צו באַגעגענען... אַ היילִיקע איינִיקייט! מען האָט דאָרט געזען, אויסגעמישט מיטן פּראָסטן פאָלק, קליינע הענדלער, מיטלקלאַס־מענטשן און אַפילו, אַביסל אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט, דאָמען פון דער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט. די אומגליקלעכע אָנגעקומענע זענען אַ ווײַלע גע־בליבן שטיין, אָבער די, וואָס זענען געקומען נאָך זיי, האָבן זיי גע־צוואונגען צו גיין ווייטער; אונטערגעשטופּט, זענען זיי געגאַנגען פאָראויס, מיט שרעק אויף די פּנימער: זיי האָבן גערעכנט, אַז מען וועט זיי באַלד דורס־זיין. מען האָט געוואָרפן אין זיי שטיינער. די מאַסע האָט זיך אָנגעבארשט מיט שטעקנס און רעגנשירמס. אויסרופן צו טויטן! אַ פּייפערײַ! דער, צו וועמען מען האָט זיך מער פון אַלץ געריסן, איז, נאַטירלעך, געווען דער אָפיציר. אַ פויסט האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אים, אַ האַנט האָט אַרונ־טערגעריסן פון אים דעם העלם און אים אַ שליידער געטון אויף דער ערד; אַ פּרוי אַ שרייערקע האָט אים אַ שפּיי געטון אין פּנים אַריין. דער געשלאָגענער האָט זיך געגעבן אַ וואַקל...

אַנעט האָט זיך אַ לאָז געטון פאָראויס...

זי איז דאָרט געשטאַנען, הינטער אַ דריי רייען מענטשן. זי האָט געקוקט פאַר זיך מיט דערשטוינונג. זי האָט גאָרנישט ניט געהאַט פאָראויסגעזען, גאָרנישט ניט געוואָלט. זי האָט אַפילו קיין צייט ניט געהאַט צו מאַכן זיך קלאָר, וואָס אַזוינס עס איז פאָרגעקומען אין איר אַליין... זי האָט זיך אַריינגעריסן אין דער מאַסע, דער קאָפּ אַרונטערגעלאָזן, אָפּשטופּנדיק פון זיך די צע־ווילדעטע מענטשן, וואָס האָבן איר געהאַט פאַרשטעלט די גאַס, און זיך דורכגעבראָכן אַ וועג. און די מענטשן האָבן דערפילט וואָס עס באַטייט אַ פויסט פון אַ ריוויער! היינט איר שרייען... זי איז צוגעקומען צום דייטשישן אָפיציר, און זיך

אויסדרייענדיק מיטן פּנים צו דער מאַסע, די אָרעמס אויסגעשטרעקט פאָראויס, האָט זי אויסגערופן:

— פייגלינגען! זענט איר פראַנצויזן?

און דער עפעקט פון אָט די צוויי אויסגעשרייען איז געווען ווי אַ צווייפאַכיקער קנאַל מיט אַ בייטש.

זי האָט אויסגעשריגן ווייטער, אין דעמזעלביקן אָטעם:

— זענט איר מענטשן? יעדער פאַרוואונדעטער איז הייליק. די אַלע, וואָס לײַדן, זענען ברידער.

זי האָט באַהערשט די מאַסע מיט איר שטים און מיט אירע אָרעמס. די ווילדקייט פון איר בליק האָט די מענטשן אַרום געשמיסן איבער די פּנימער. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן מיט אַן אומצופרידענער ברומעריי. אַנטע האָט זיך אָנגעבויגן, כדי אויפצוהייבן דעם אָפיצירס העלם. אָט־די איינע רגע איז געווען גענוג אויף צו פאַרניכטן איר מאַכט איבער די, וואָס האָבן זי געהאַט אַרומגערינגלט. דער צערייצטער המון, ניט באַשלאָסן ביי זיך, האָט זיך גענומען צוזאַמענקלייבן, כדי איר אַ שפּרונג צו טון אויפן האַלז, ערשט אַ יונגע דאַמע, אין אַ קאָסטיום פון רויטן קרייץ, איז צוגעקומען צו אַנעטן און האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַ שוואַכער און פעסטער שטים:

— די פרוי האָט גערעדט ערנהאַפטיק. די פאַרוואונדעטע שונאים זענען אונטערן שוץ פון פראַנקרייך. ווער עס פאַרברעכט קעגען זיי, פאַרברעכט קעגן פראַנקרייך.

יעדער איינער האָט זי געקענט. זי האָט געהערט צו איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַמיליעס פון לאַנד. איר מאַן, אַן אָפיציר, איז נאָרוואָס געווען געפאַלן פאַר ווערדון. איר זשעסט האָט געהאַט געווירקט. צוויי אַנדערע דאַמען, אויך קראַנקען־שוועסטער, זענען צו איר צוגעשטאַנען. עטלעכע בורזשואַ האָבן זיך צוגעאײַלט איינצושטילן די מענטשן אַרום זיך. די פרוי, וועלכע האָט נאָרוואָס געהאַט געשפּיגן די געפאַנגענע אין פּנים אַריין, האָט מיט גרויס טומל גענומען אַרויסווייזן איר רחמנות צו אַ קליינעם פאַרוואונדעטן סאָלדאַט. און די מאַסע, אָפּטרעטנדיק מיט געמורמל אַן אַ זייט, האָט פאַרבייגעלאָזט די סאָלדאַטן אונטער דער וואַך פון

דער יונגער אלמנה און פון אנעטען, וועלכע האָט אונטערגעהאַלטן דעם וואקלדיקן אָפּיציר אונטערן אָרעם.

מען איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל. קיינער האָט ניט גע־וואגט מער צו לאָזן הערן זיין פּראָטעסט. די פּראָפעסיאָנעלע פליכט און דאָס געפיל פון מענטשלעכקייט האָבן צוריקגעוואונען זייערע רעכט. אָבער אין דער בהלה פון די ערשטע שטונדן, פאַרערגערט דורך דעם אויספעלן פון דאָקטוירים (די קוועקלדיקע זענען אין לויף פון דער נאַכט איינציקווייז צוריקגעקומען), האָבן די איבעריקע פון פערזאָנאַל זיך געריסן פון דער הויט, און אַנעט האָט, דעריבער, דאָרט געקאָנט פאַרבלייבן ביז האַלבער נאַכט, ניט צו וואַרפן זיך קיינעם אין די אויגן. מיט דער הילף פון דער פרוי, וועלכע האָט נאָרוואָס געהאַט זיך אויפגעפירט ווי א מין מכשפה און וועלכע האָט איצט זיך גאָר אַרויסגעוויזן צו זיין א זייער וואוילע פרוי, ליידנדיק בושה פון איר ווילדן אויסברוך און זיך מיענדיק דאָס צו פאַרגלעטן, האָט אַנעט אויסגעטון און געוואַשן די פאַרוואונ־דעטע. און ווען איינער פון אָט־די אומגליקלעכע איז פון די דאָקטוירים אויפגעגעבן געוואָרן, ווייל קיין אָפּעראַציע וואָלט אים שוין מער ניט געקאָנט העלפן, האָט זי זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט די לעצטע שעהן פון אָט־דעם גוסס.

ער איז געווען א יונג בחורל, דאַר, אָדערדיק, ברוינהויטיק, פון יענעם האַלב־סעמיטישן, האַלב־לאַטיינישן טיפ פון די ברעגן פון רהיין. א שרעקלעכע וואונד. דער בויך אויפגעריסן... און שוין האָבן זיך דאָרט געריררט די ווערים. ער איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון קאָנוואולסיעס, האָט פאַרדריקט די ציין פון ווייטיק, אָדער אויסגעבראָכן אין א ריטשעריי. זיינע אויגן האָבן זיך פאַר־שלאָסן און זיך צוריקגעעפנט, זוכנדיק עפּעס א לעבעדיקן מענטשן, עפּעס א זאַך, וואָס עס זאָל ניט זיין, אבי עס זאָל נאָר האָבן אין זיך לעבן, עפּעס א פעסטן פונקט, וואָס ער זאָל אין זיין זינקען זיך אָן דעם אָנכאַפּן. זיינע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַנעטעס און זיך אָן זיי אָנגעקלאַמערט... אָט־די אויגן פון רחמנות... סאַרא אומגעריכט ליכט אין זיין עלנד! די פאַרזונקענע האָפע־נונג האָט זיך צוריק אויפגעהויבן פון דער טיפעניש פון די וואַ־סערן. ער האָט גערופן אין דייטש:

— הילפע !

זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער אים. זי האָט אַרונטערגע־לייגט איר האַנט אונטער זיין קאָפּ, וועלכער האָט זיך געהאַט אַביסל אויפגעהויבן. זי האָט אים איינגערוימט אויפן אויער דייטשישע ווערטער פון מיטלייד. עס איז געווען אַזוי ווי אַ רעגן אויף זיין טרוקענער, ברענענדיקער הויט. ער האָט אָנגעכאַפּט איר פרייע האַנט, האָט איינגעקלאַמערט אין איר זיינע פינגער. זי האָט דער־פילט אין דער טיפעניש פון איר אייגענעם לייב יעדן ציטער פון דעם גוססנדיקן מענטשן. זי האָט אין אים אַריינגעהויכט געדול־דיקייט. דאָס בראַווע אינגל האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, כדי צו דערשטיקן אין זיך זיין געשריי. ער האָט שטאַרקער גע־דריקט די האַנט, וועלכע האָט אים געהאַלטן איבער דעם אָפּגרונט. אַנטעמעס אויגן זענען געוואָרן אַלץ צאַרטער, וואָס מער זי האָט אים געזען אייַנגיין. זי האָט געזאָגט:

— זענכען ! קנאַבעליין ! מיין אַרמער, ליבער קליינער !...

ער איז אַריינגעפאַלן אין זיין לעצטער קאָנוואולסיע. ער האָט געעפנט דאָס מויל זי צו רופן. זי האָט אים אַ קוש געטון. זי האָט אַוועקגענומען איר האַנט פון זיינע אָפּשטאַרבנדיקע פינגער ערשט דעמאָלט, ווען דער טויט האָט אים שוין געהאַט אויסגע־לייזט.

זי איז אַוועק. עס איז געווען דריי אַזייגער בייַנאַכט. אַן אייזיקער נעפּיל. דער הימל אויסגעלאָשן. די גאַסן ליידיק. דאָס צימער ניט געהייצט. זי האָט זיך ניט געלייגט שלאָפן ביז אין טאָג אַריין. דער שרעק פון דער וועלט איז געווען אין איר. איר האַרץ איז געווען איבערגעפילט מיט פּיין... און דאָך איז עס געווען דערלייכטערט. עס האָט צוריקגעפונען זיין פּלאַץ אין דער טראַ־געדיע פון דער מענטשהייט.

---

אַלץ, וואָס עס האָט זי געדריקט, איז אַרונטערגעפאַלן. מיט איין ריר פון די אַקסל האָט זי עס פון זיך אָפּגעטרייסלט. און איצט, ווען זי האָט עס דערזען ליגן ביי אירע פיס, האָט זי ערשט גענומען פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ שוווער־דריקנדיקע משא עס איז געווען...

זי האָט געהאַט נעזאָגט ליגן. זי האָט זיך אַליין געהאַט גע־זאָגט ליגן. זי פלעג אַנטלויפן פון איר אייגענעם בליק. זי פלעג אויסמיידן זיך צו טרעפן פנים־אל־פנים מיט די משונהדיקע אי־דייען, וואָס האָבן זי געדריקט. זי האָט געהאַט פּאַסיוו אָנגענומען די פאַטאַלע מלחמה און דאָס פאָטערלאַנד. זי האָט, אַ שרעקע־דיקע, געהאַט אָנגענומען דעם תירוץ, אַז מלחמה איז אַ פאַקט אין דער נאַטור. און מיטאַמאָל האָט איר אייגענע פאַרלייקנטע און פאַרגעוואַלטיקטע נאַטור זיך געשטעלט אַנקעגן אָט־דער ווילדער נאַטור, — איר אָפּגענאַרטע, ניט־באַפרידיקטע נאַטור, וועלכע האָט גענומען נקמה און איז געוואָרן פריי. און איר ברוסט, אַ צוזאַ־מענגעדריקטע דורך אַ באַרבאַרישן צוואַנג, האָט זיך לויז געמאַכט פון דעם צוואַנג און לייכטער אָפּגעאָטעמט. זי האָט געפאָדערט איר רעכט, איר געזעץ, איר פרייד, — און אויך איר לייד, אָבער איר אייגענע, — די מוטערלעכקייט.

די גאַנצע מוטערלעכקייט. ניט נאָר די מוטערלעכקייט פון איר זון... איר זענט אַלע מיינע זין. זין גליקלעכע, זין אומגליק־לעכע, איר פאַרצוקט איינס סאַנדערע, אָבער איך דריק אייך אַלע־מען צו זיך. אייער ערשטער שלאָף, אייער לעצטער שלאָף, — איך פאַרוויג אים אין מיינע אָרעמס. שלאָפט! איך בין די וועלט־מוטער...

ווען דער טאָג איז אָנגעקומען, האָט זי געשריבן דער אַנ־דערער מוטער, דער מוטער פון דעם טויטן קינד, וואָס זי האָט אים געהאַט צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט איר איבערגעשיקט דעם לעצטן קוש.

דערנאָך האָט זי גענומען די ביכער פון קלאַס און אירע העפטן. און זי האָט ווידער אָנגעהויבן איר טאָג אַרבעט, ניט צו האָבן זיך גאָר אויסגערוט, — אָבער מיט נייע כוחות און מיט שלום אין הארצן.

# דריטער טייל.

אנעטעס האנדלונג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. מען האָט גערעדט וועגן דעם אין אַלע הייזער. וואָלט זי ניט געווען עפנטלעך געשטיצט געוואָרן פון מאַדאַם דע מאַרעיל, וואָלט מען זי געווען פאַרדאַמט אָן איבעריקע רייד. אויף אַזאַ גאַראַנטיע אָבער האָבן אייניקע נאָכגעגעבן. אַ סך האָבן זיך געפילט געטראָפן און אַלע זענען אין דער שטיל געווען אויף איר אָנגעשטויסן. צו־געבנדיק אַפילו, אַז זי איז געווען גערעכט, האָבן זיי פאָרט ניט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז אַ פרעמד־אָנגעפּאָרענע זאָל זיי קומען געבן לעקציעס אין ווערדיקער האַלטונג, — און נאָך אין וואָס פאַר אַ טאָן!

זיי האָבן אָבער געשוויגן, ווען זיי האָבן זיך געהאַט דער־וואוסט (אַלץ ווערט אין עטלעכע שעה צייט באַוואוסט אין דעם קליינעם שטעטל), אַז מאַדאַם דע מאַרעיל איז אויפן אַנדערן טאָג געקומען צו אַנעטען אויף באַזוך, אַז זי האָט זי ניט געטראָפן אין דער היים און איר איבערגעלאָזט אַן איינלאַדונג צו זיך. אַנעט איז געווען אונטער אַ שוץ, האָבן זיי אָפּגעלייגט זייער פאַר־ביטערונג ביז צו אַ צווייטער געלעגנהייט. דער פּרינציפּאַל פון דער שול האָט געשיקט רופן צו זיך מאַדאַם ריוויער און זיך באַ־ניגנט איר צו געבן אַן איינגעהאַלטענע וואָרנונג: קיינער האָט ניט געצווייפלט אין איר פּאַטריאָטיזם, זאָל זי זיך אָבער צוריקהאַלטן עס אויסצודריקן אין דער עפנטלעכקייט! זאָל זי טון איר פליכט, לויט איר שטאַנד נאָך, ווען און וואו מען פאַרלאַנגט עס פון איר!... ווען אַנעט האָט אים געוואָלט ענטפערן, האָט ער זי איבערגעשלאָגן מיט אַ פריינטלעכער האַנט־באַוועגונג:

— עס איז ניט קיין פאָרוואורף, עס איז אַן עצה!...

אָבער אַנעט האָט געוואוסט, אַז די עצה פון אַ באַלעבאָס איז אַן ערשטע באַשולדיקונג.

דערווייל איז איר מער גאָרנישט פאַרבליבן צו טון ווי זיך איינצושפּאַנען צוריק אין יאָך און זיך צוריקציען אין איר ווינקל. דאָס, וואָס זי האָט באַדאַרפט צו טון, האָט זי עס געטון. דער מאָרגן וועט איר דיקטירן די פליכט פון מאָרגן. דער היינט האָט איר איינגעשפּאַרט די מי אויסצוקלייבן צווישן די ביידע: ווען זי האָט זיך ווידער פאַרגעשטעלט ביי דער טיר פון שפּיטאָל, איז די טיר געווען פאַרשלאָסן. אַ שילדל האָט פאַרווערט אַריינצוקומען אין שפּיטאָל יעדער פּערזאָן, וואָס האָט ניט געהערט צו די צוויי לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון „רויטן קרייץ" און פון „די פרויען פון פראַנקרייך" (איבעריקס, אַזוינע פאַרביסענע קעגנער, פּונקט ווי דער הונט און דער וואָלף). שפּעטער האָט זי זיך דערוואוסט, אַז דער פאַרבאָט איז געצילט געווען ספּעציעל קעגן איר.

אויב אָבער אָט־די טיר האָט זיך פאַרשלאָסן פאַר איר באַדערפעניש צו דינען, האָט זיך פאַר איר געעפנט אַן אַנדער טיר, וואו איר מוטערלעבקייט האָט געזאָלט געפינען איר אָנווענדונג. און קיינער האָט ניט געקאָנט פאָראויסזען די סיבותפולע וועגן, איבער וועלכע עס האָבן זי געזאָלט פירן אָט־די פליכטן, וואָס איר באַנייט באַוואוסטזיין וועט זיי באַלד נעמען אויף זיך.

ביי איר ערשטן וויזיט ביי מאַדאַם דע מאַרעיל האָט די יונגע אַלמנה, ניט אָפּצוטרעטן פון איר אַביסל קאַלטער צוריקגעהאַלטנקייט, אַרויסגעוויזן אַנעטן איר טיפע אַכטונג און אויסגעדריקט דעם וואונטש פון איינעם פון אירע שוואָגערס, אַ שווער־פאַרוואונדעטן, וואָס זיין פאַמיליע האָט אים געהאַט צוגעזען, זיך צו באַקענען מיט מאַדאַם ריוויער. אַנעט האָט גלייך אָנגענומען די איינלאַדונג.

---

זשערמען שאַוואַן איז געווען אין קרובות מיט מאַדאַם דע מאַרעיל (מיידלשער נאָמען סעזשי) בלויז דורך זיין שוועסטערס התונה־האָבן מיט איינעם פון די ברידער סעזשי. אָבער די צוויי פאַמיליעס זענען שוין פון לאַנג אַן געווען אין ענגע באַציאונגען פון געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן און סימפּאַטיע. ביידע פאַמיליעס

האָבן זינט דורות לאַנג געשלאָגן וואָרצלען אין דעם לאַנד. זייערע לענדערייען האָבן זיך אָנגעווירט. די פאַרשיידנקייט פון זייערע מיינונגען איז שטענדיק מער געווען לפנים ווען ווי אויף א רעכטן אמת. דער רעפּובליקאַניזם פון די שוואַנס איז געווען אַ בלאַסער ; דאָס שטילע רויט פון די ערשטע טעג איז ביסלעכווייז פאַרוועלקט געוואָרן ; עס איז פאַרבליבן דערפון ניט מער ווי ראָז, וואָס אויב ס'איז אפילו ניט דערגאַנגען ביז צו ווייס, האָט זיך עס אָבער דערמיט גאַנץ גוט געפּאָרט. זייער סאָליד, בכבודיק עשירות האָט ניט ווייניק געהאָלפן אויסצופילן דעם גראָבן, וואָס האָט גיכער אָפּגעגרעניצט, איידער פונאַנדערגעטיילט זייערע מאַיאָנטעקס (אין אַלע צייטן, אין אַלע פלעצער, איז אייגנטום אין קרובהשאַפט מיט אייגנטום). דער גוסט צו דער ערד, וואָס זיי האָבן זי אַליין באַאַרבעט, — אַ צוואַנציק פאַרמס, ווי אַ כאָפּטע הינער, וואָס פלינדערן דאָס לאַנד, — די צוגעבונדנקייט צום באָדן און דער קולט פון אָרדענונג, וואָס אויב אפילו דאָס איז ניט געווען זייער גאַנצע רעליגיע, איז עס, ווייניקסטנס, געווען אַ העלפט דערפון, — מיר מיינען דאָ, פאַרשטייט זיך, די איינציקע רעליגיע, וועלכע איז אין מערב אַ מאַכט פון אָרדענונג: די רעליגיע פון רוים, — אָט־די הויפּט־שטריכן, וואָס זענען באַגלייך געווען אייגן סיי זיי, סיי די מאַרעילס, די טעזעיס און די סעזשים, אַזוי אויך דער קליינער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע פון דער פּראָווינץ, האָבן דאָך איבערגעלאָזט צווישן זיי עפּעס אַן אונטערשייד, כאָטש ניט מער ווי נאָר אויף צו קאָנען שמייכלען דער זעלבסטליבע פון יעדערן פון זיי מיט דער איינריידעניש, אַז דאָס איז אַ צייכן פון העכערקייט איבער זיין שכן. דאָס איז די שוואַכקייט פון יעדן מענטשן. די דע־סעזשים און די שוואַנס זענען געווען צו פיין דערצויגן, אַז זיי זאָלן עס אויף וויפיל־עס־איז אַרויסווייזן. מען האָט עס באַדאַרפט האַלטן בסוד, פאַר דעם אייגענעם ספּעציעלן פאַרגעניגן.

אַז אַנעט ריוויער זאָל פאַרבעטן ווערן צו קומען אין אָט־דער סביבה, איז אוודאי געווען אַן איבעראַשונג. ניט פאַר אַנעטן אַליין, וועלכער עס האָט אויסגעפעלט דאָס געפיל פון דיסטאַנצן, נאָר פאַר דער פּראָווינץ. אין דער אמתן אָבער איז זי

אהין פארבעטן געוואָרן ניט מער ווי נאָר דורך די צוויי מיטגלידער פון די פאמיליעס שאוואן און דע־סעזשי, וואָס די איצטיקע אומ־שטענדן האָבן זיי געגעבן אין זייערע הייזער אומבאַשטרייטלעכע רעכט: דורך מאדאם לואיז דע מארעיל און דורך זשערמען שאוואן. אָט־די צוויי האָבן שווער באצאָלט זייער חוב דעם נאָמען זייערן און דעם פאָטערלאַנד. און ביידע זענען זיי אין אָט־דער סביבה געווען אַן אויסנאַם. עס האָבן זיך געפּאָדערט עטלעכע טעג, אַז אַנעט זאָל דאָס איינזען.

דאָס הויז פון די שאוואנס איז געווען אַן אַלטע וואוינונג מיט גרויע ווענט, אויף אַ געדרייטער גאַס, צופוסנס פון דעם קאַטעד־ראַל. עס איז געווען ארומגערינגלט מיט שטילקייט, וואָס איז פון צייט צו צייט איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם אומעטיקן קלינגען פון די גלעקער און דורך דעם געשריי פון די קראָען. ווען מען איז געווען אַדורכגעגאַנגען דעם טויער פון פּאָלירטן דעמבן־האָלץ מיט זיין שטאַרק־אָפּגעריבענעם אייזנווערק, וואָס נאָר ער אַליין האָט קאַלט אָפּגעלויכטן פון דעם שטויביקן פאַסאַד, איז מען אריין אין אַ ברוקירטן הויף, איידער מען איז צוגעקומען צום הויפּט־קאָרפּוס פון הויז. די פענצטער זענען ארויסגעגאַנגען צו אָט־דעם הויף אָן אַ גאָרטן, אָן אַ בלעטל פון אַ בוים, אָן אַ גרעזעלע, איינגע־שלאָסן אין די פיר גרויע ווענט. עס האָט אויסגעזען, ווי אָט־די פּראָווינציעלע בורזשוא, נאָך די לאַנגע חדשים, וואָס זיי פלעגן פאַר־ברענגען אין זייערע מאַיאָנטקעס, אין זייערע לאַנד־הייזער, וואָלטן ביים צוריקקומען אין שטאָט אריין געוואָלט זיך דאָרט פארמויערן אזוי, אַז די נאַטור זאָל זיי ניט קאָנען געפינען. די שוואַנאָס פלעגן דאָרט מער ניט וואוינען ווי נאָר אין די עטלעכע ווינטער־חדשים; אָבער די געשעעניש, די מלחמה, די פליכט זיך צו באַ־טייליקן אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכע ענינים און די קראַנקהייט פון דעם זון האָבן זיי געצוואונגען זיך איינצוסטאַלירן אין שטאָט ביז די צוקונפט וועט זיך אויסלייטערן.

די פאַמיליע איז דעמאָלט געווען רעדוצירט כמעט נאָר צו פרויען. דער פאָטער איז געווען טויט. און אַלע געזונטע מענער, זין אָדער איידעמס, זענען געווען אוועק. פארבליבן איז נאָר אַ אינגל פון זיבן יאָר, דער זון פון דער יונגער מאַדאַם שאוואן דע־

סעזשי. מיט דער נאָז צעפּלעט אויף אַ פּענצטער־שויב, פּלעג ער אַרויסקוקן צום אַריינגאַנג־טויער, ער זאָל זיך אַמאָל פונאַנדערפּראַלן פאַר די זעלטענע געסט, דרעמלענדיק דערביי אונטערן קלאַנג פון די גלעקער, אונטערן געשריי פון די קראָען: ער האָט געחלומט וועגן פּאַנען, וועגן קוכנס, וועגן קברים... ער איז געווען דער ערשטער צו באַגעגענען אַנעטען ביי איר אַריינקומען אין הויז. און יעדן מאָל, ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי, פּאַרבייגייענדיק, דאָרט געטראָפן דאָס קינד מיט די גיריקע און מידע אויגן; ער פּלעג כאַפּן אַ קוק אויף איר און זיך גלייך אָפּטראָגן.

דאָס צימער פון ערשטן גאָרן מיטן הויכן סופיט און מיט דער טיפער נישע איז געווען איינגעטונקען אין שאָטן. אַ יונגערמאַן, וואָס איז אין יענעם כמורן פרימאָרגן אין נאָוועמבער דאָרט געזעסן ביים איינציקן פענצטער, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער געבעטער שטול צו באַגריסן מאַדאַם דע מאַרעיל און די באַזוכערין, וואָס זי האָט פאַר אים פאָרגעשטעלט. און כאָטש ביים ערשטן בליק האָט מען דערזען, אַז דער טויט האָט אין אָט־דעם צימער געוועבט זיינע תכריכים, האָבן אָבער די שאָטנס געהאַט געשווינט די מאַסקע פון דעם פאַרוואונדעטן. דאָס איז געווען איינס פון יענע פּנימער פון מיטל־פראַנקרייך, וואָס זעען אויס צו זיין אינגאַנצן באַלויכטן. אַ ליבלעך געזיכט, מיט רעגלמעסיקע שטריכן, מיט אַ נאָז פון אַן אָדלער, מיט אַ פיין געצייכנטן מויל, מיט זייער בלויע אויגן און מיט אַ בלאָנדער באָרד. ער האָט אַ שמייכל געטון צו אַנעטען און באַדאַנקט זיין שוועגערין מיט אַ צערטלעכן בליק.

דער העפלעכער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אומבאַשטימטע באַמערקונגען וועגן געזונט און וועגן וועטער. זיי זענען ניט געגאַנגען ווייטער פון איינגעהאַלטענע באַמערקונגען. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט מאַדאַם דע־מאַרעיל זיך טאַקטפול אַרויסגעשלייכט פון צימער.

דעמאָלט האָט זשערמען שאַוואַן, וואָס זיינע דורכדרינגלעכע אויגן האָבן מיט שנעלע בליקן געהאַט געפּאָרשט אַנעטעס געזיכט־שטריכן, איר אויסגעשטרעקט די האַנט און געזאָגט:

— די גוטע לואיזע האָט מיר דערציילט וועגן אייער העלדיש־קייט. איר זענט ניט פון די, וואָס ווען די שלאַכט איז שוין פאַ־

ריבער, שלאָגן זיי זיך נאָך אַלץ קעגן אַ געשלאָגענעם שונא. איר האָט די ווייכהאַרציקייט צו שוינען דעם באַזיגטן. איך וואָג, דעריי־בער, צו האָפן, אַז עס וועט אייך נאָך פאַרבלייבן אַביסל ווייכ־האַרציקייט אויך פאַר דעם באַזיגטן, וואָס איר זעט דאָ.

— איר? — האָט אַנעט געפרעגט.

— איך. שטאַרק פאַרוואונדעט. שטאַרק באַזיגט.

— איר וועט גענעזן ווערן.

— ניין. לאָזט אָט־די אילוזיע פאַר אַנדערע און פאַר מיר! מיר וועלן שוין דערמיט זיך אַליין אַן עצה געבן. די מפּלה, פאַר וועלכער איך בעט אייער מיטגעפיל, איז ניט די מפּלה פון קער־פּער, נאָר פון גייסט. עס וואָלט געווען אַ קלייניקייט צו זיין באַ־זיגט, ווען מען וואָלט געגלויבט אין דעם זיגער.

— וועלכער זיגער?

— דאָס מזל, וואָס ברענגט אונז פאַר אַ קרבן... ניין, דאָס איז ניט גענוג געזאָגט... דאָס מזל, וועלכן מיר ברענגען זיך פאַר אַ קרבן...

— איר מיינט: דאָס פאָטערלאַנד?

— דאָס איז ניט מער ווי איינע פון זיינע געשטאַלטן. די מאַסקע פון היינט.

— איך אַליין בין אויך באַזיגט און גלויב ניט אין דעם זיגער. איך גיב זיך אָבער ניט אונטער. דאָס לעצטע וואָרט איז נאָך ניט אַרויסגעזאָגט.

— איר זענט אַ פרוי. איר זענט אַן אַזאַרט־שפּילערין. אַ פרוי, ווען אַפילו זי פאַרלירט אין שפּיל, גלויבט זי אַלעמאָל, אַז זי וועט סוף־כל־סוף דאָך געווינען.

— ניין, איך גלויב ניט. אָבער צי געוואונען, צי פאַרלוירן, כל־זמן עס איז מיר אין לעבנסשפּיל נאָך פאַרבליבן אַ פונט פלייש, וועל איך אַלץ שפּילן.

זשערמען האָט באַטראַכט אַנעטען מיט אַ שמייכל:

— איר זענט ניט קיין היגע.

— פון וואַנען־זשע, אויב ניט פון פראַנקרייך?

— פון וועלכער פּראָווינץ?

— פון בורגונדיע.

— עס איז פאַראַן וויין אין אייער בלוט.

— עס איז פאַראַן בלוט אין אונזער וויין.

— יאָ, איך וואָלט גערן פון צייט־צו־צייט אויסגעזופּט אַ גלעזל פון אָט־דעם וויין. וועט איר מיר אמאָל, ווען איר וועט האָבן אַן איבערפלוס פון ענערגיע און אביסל געדולד, מיר באַוויליקן צו ריידן מיט מיר איין פערטל שעה?

אַנעט האָט צוגעזאָגט און איז צוריקגעקומען. די אינטימקייט צווישן זיי האָט זיך איינגעשטעלט.

זיי האָבן גערעדט וועגן אַלץ, אַ חוץ וועגן דער מלחמה. פון די ערשטע פראַגעס אָן האָט דער פאַרוואונדעטער מיט אַ זשעסט אָפּגע־שטעלט אַנעטען. אַ פאַרבאָטענער וועג. ניט דורכצוגיין!...

— ניין, לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן! איר קאָנט עס ניט פאַרשטיין... איך מיין דאָ ניט נאָר אייך אַליין... איר אַלע, וואָס איר זענט דאָ... דאָ... דאָרט... צוויי וועלטן... די וועלט, יענע וועלט... מיר ריידן ניט דאָסזעלביקע לשון.

— קאָן איך זיך דאָס ניט אויסלערנען? — האָט אַנעט גע־פרעגט.

— ניין. ניט אפילו איר, מיט אייער וואַרעמער סימפּאַטיע. די ליבע קאָן ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער דערפאַרונג. מען זעצט ניט איבער דאָס, וואָס עס איז אָנגעשריבן אין דעם בוך פון קערפּער.

— פאַרוואָס ניט פּרואוון? איך האָב אַזאַ פאַרלאַנג צו פאַר־שטיין, ניט מחמת נייגיר, נאָר כדי צו העלפן! איך וואָלט וועלן מיט הכנעה צוקומען נעענטער צו אייער פּיין.

— איך דאַנק אייך. אָבער דאָס בעסטע מיטל אונז צו העלפען איז צו מאַכן אונז פאַרגעסן אָן דעם. אפילו צווישן חברים פון „דאָרט" מיידן מיר אויך איינשטימיק אוים צו ריידן וועגן דעם „דאָרט". די מלחמה־דערציילונגען — ביכער און זשורנאַלן — זענען אונז ניט צום האַרצן. די מלחמה איז ניט קיין ליטעראַטור.

— דאָס לעבן אויך ניט. דאָס איז ריכטיק. אָבער דער מענטש האָט אַ באַדערפעניש צו זינגען. און דאָס לעבן איז אַ טעמע, וואָס לאָזט זיך וואַריאירן. לאָמיר זינגען.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך פונאַנדערגעהוסט. אַנגעט האָט אים צוגעהאַלטן דעם קאָפּ. ער האָט צוריקגעכאַפּט דעם אָטעם, זיך אַנטשולדיקט און זי באַדאַנקט. אַ שמייכל האָט זיך ווידער באַוויזן אויף זיין אָפּגעצויגענעם פּנים. אַ טראָפּן שווייס האָט זיך אַרויס־געהויבן אויף זיין שטערן. זיי האָבן געוואַרט, ניט אויסצוריידן צווישן זיך קיין וואָרט. זיי האָבן זיך פריינטלעך אָנגעקוקט...

זשערמען שאַוואַן איז געווען אַביסל פאַר דרייסיק. ער האָט זיך געהאַט אויפגעצויגן אין יענער סביבה פון דער פּראָווינציעלער בורזשואַזיע, וואָס כאָטש רעכט־דענקנדיק און ליבעראַל, איז זי אָבער דורכגענומען מיט פּאַראַורטיילן, — איבעריקס, סאָלידע און גע־זונטע, — וואָס אינאיינעם מיט דער אַרבעט און מיט דער ליבע צו דער ערד שאַפן זיי דאָס געביי פון אַט־די צענטראַלע געגנטן. (וואָלט זי ניט געהאַט אַט־די פּאַראַורטיילן, וואָלט דאָס לייכטע לעבן, די זאָרגלאָזיקייט געהאַט איבער איר די אויבערהאַנט). זשער־מען האָט דאָס אַלץ גוט געוואוסט. דאָס טייג פון זיין קערפּער איז געווען געמאַכט אי פון אַט־דעם וואַסער, אי פון אַט־דעם מעל. אָבער דער אומבאַוואוסטער בעקער האָט דאָ אַריינגעטאָן אַ מין הייוון, וואָס האָט ניט געהערט אַהער.

אַט־דער יונגער בורזשואַ, וואָס זיין צוקונפט איז, דאַכט זיך, פון געבוירן אָן באַשטימט געווען צו זיין גליקלעך און גרינג, זיך פיטערנדיק אויף דער פעטער ערד פון זיינע מאַיאָנטקעס, איז אַוועק שטודירן אין פּאַריז, אין די שולן פון אָריענטאַלישער און פון פּאָליטי־שער וויסנשאַפטן. די קאַריערע פון אַ קאָנסול האָט אים צוגעצויגן פיל ווייניקער ווי „דער רוף צו ווייטע לענדער". פונדעסטוועגן האָט ער ליב געהאַט דאָס לאַנד מעשה־נאַשער, — דעם הימל, די לופט, דאָס לשון, די שפּייז, די גוטע ערד, די גוטע מענטשן, — און נאָר געחלומט ווי אַזוי פון דעם אַלעם צו אַנטלויפן! וואַרטנדיק אויף אַ ווייטע באַשטימונג, האָט ער דערוויילע אַרומגערייזט איי־ראָפּע אין אַלע ריכטונגען. אַ מאָדנער גוסט, לויט דער מיינונג פון זיינע לאַנדסלייט די הייםזיצער. עס איז אָבער אומנוציק זיך צו שפּאַרן איבער גוסט און קאָליר, — בפרט נאָך פון אַ רייכן מענטשן... די מלחמה איז געקומען און האָט צעשטערט זיינע וואַנדער־פּלענער. און

איצט די קראַנקהייט. ער איז „נעגאַזט" געוואָרן; די אינוווייניק־סטע געוועבן זענען לאַנגזאַם פאַרצערט געוואָרן. איצט איז אים מער קיין זאַך ניט פאַרבליבן ווי „די נסיעה אַרום זיין צימער" (אפילו דאָס אויך ניט! שוין זינט עטלעכע טעג איז ער געלעגן צום בעט) — די נסיעה אין זיך אַליין. דאָס איז ניט ווייניקער ווייט און ניט ווייניקער מיסטעריעז... אומבאַוואוסטע ערד... ער האָט זי געפאָרשט אין זיין באַוואוסטזיין... אָבער פון וואַנען איז צו אים געקומען אָט־דער רוף, אָט־דער חשק צו לויפן?...

ער האָט דאָס דערקלערט אַנגעטען אין דעם לוסטיקן חוזק־טאָן, אין וועלכן ער האָט אָנגעקליידט זיינע געדאַנקען:

— איך האָב געלעבט אין די פעלדער. איך האָב ליב געהאַט געיעג, ניט אַזוי צוליב דעם געיעג, ווי צוליב קומען אין באַרירונג מיט דער ערד און מיט לעבעדיקע באַשעפעענישן, חיות און פלאַנצן. דאָס ליב־האָבן די חיות האָט מיר ניט געשטערט זיי צו טויטן. אָבער דאָס טויטן די חיות האָט מיר ניט געשטערט זיי ליב צו האָבן. ווען איך פלעג האַלטן אין דער האַנט אַ רעבהון, וועלכע איז נאָך געווען וואַרעם, אָדער ווען איך האָב געדריקט דאָס בייכל פון אַ קראָליקל מיט אַ ווייסן הינטן, כדי אַרויסצודריקן פון אים זיין אָנבייסן פון טוי, האָב איך זיך אפשר געפילט נעענטער צו זיי, ווי צו זיך אַליין, צום מענטשן. איך פלעג ניט ווערן גערירט. מען איז שטענדיק צופרידן מיט אַ גוטן שאָס פון ביקס. און איך טראַכט, אַז וואָלטן זיי געווען אויף מיין פּלאַץ און איך אויף זייערן, וואָלטן זיי ניט פאַרפעלט מיך צו דערשיסן. איך פלעג אָבער זוכן צו קענען זיי און מיך. דערנאָך פלעג איך זיי אויפּעסן... פאַרוואָס קרימט איר מיט דער נאָז? צו קאָנען בעסער פילן ווי דאָס שמעקט? אַ טעלער רעבהון מיט קרויט און גוט־צוגעברוינטן שפּעק איז אַ מאכל פאַר געטער. איר וואָלט עס ניט צוריקגעוויזן... אָבער די געטער, לאָמיר זאָגן דעם אמת, זענען מאָד־נע חיות.

— שרעקלעכע חיות.

— לאָמיר ניט משפּטן! לאָמיר עסן! זאָל מען אונז עסן! (אין דעם מאָמענט איז עס מיין ריי). און לאָמיר זיך מיען צו

קענען!... די געטער? דאָס איז צו ווייט. די אָבער, וואס איך האָב אונטער דער האַנט. די חיות און די מענטשן... מיין ערשטע אַנטדעקונג איז געווען, אַז זינט טויזנטער יאָרן האָבן מענטשן און חיות געלעבט אַזוי נאָענט און דאָך זיך גאָר ניט אָנגעטון קיין כוח צו קענען איינס סאַנדערע... יאָ, זייער פעל און זייער פלייש... אָבער וואָס זיי טראַכטן, וואָס זיי פילן, וואָס זיי זענען, — וועגן דעם האָבן די מענטשן זיך קיינמאָל ניט געקימערט. זיי זענען ניט נייגיריק. זיי האָבן ניט ליב צו ווערן געשטערט אין זייער רו. כדי צו שטעלן הויך זייער דענקען, האָבן זיי דאָס אָפּגעזאָגט די חיות... אָבער אָט האָב איך געעפנט די אויגן און דערזען, אַ דערשטוינטער, אַז די מענטשן צווישן זיך קענען זיך ניט בעסער. אומזיסט מישן זיי זיך אוים איינס מיט אַנאַנדער. יעדערער לעבט דורכאוים פאַר זיך און קימערט זיך ניט וועגן דיר. שכן מיינער, אויב דיין טאָן שטימט מיט מיינעם, איז אַלץ גוט, ביסטו מיין נאָענטער. אויב אָבער ער גייט זיך פונאַנדער, ביסטו אַ פרעמדער. און אויב ער שטויסט זיך צוזאַמען, ביסטו אַ שונא. דעם ערשטן באַשענק איך גרויסמוטיק מיט מיין אייגענעם געדאַנק. דער צווייטער איז באַרעכטיקט נאָר אויף געדאַנקען פון צווייטן גראַד. און וואָס איז שייך דעם דריטן, האָט ער אויף קיין זאַך קיין רעכט ניט: איך זאָג אים אָפּ די פייאיקייט צו דענקען, פונקט ווי די חיות. (זענען די דייטשוקעם מענטשן?)... איבעריקס, צי איז „דער אַנדערער“ פון ערשטן, פון צווייטן אָדער פון דריטן גראַד, — אין אַלע דריי פאַלן קען איך אים ניט און וויל גאָר אַפילו אים ניט קענען. איך זע זיך, איך הער זיך און איך רייד מיט זיך אַליין. איך בין דער פראָש. „קוואַ־אַ!“... ווען די ליידנשאַפט אָדער דאָס געפיל פון מיין וויכטיקייט בלאָזט מיך אָן, ווערט דער פראָש אָן אָקס און איך רוף זיך פּאָלק, פאָטערלאַנד, שכל אָדער גאָט. דאָס איז אַ געפערלעכער צושטאַנד. לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו אונזער טייכל!... ווײ־ווײ! איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָרט צו קוואַקן בשלום, פאַרשפּיליעט ביזן האַלז אין דער ניט־דורכדרינגלעכקייט פון מיין הויט. פון דעם טאָג אָן, ווען דער דעמאָן פון נייגיר (אָדער פון סימפּאַטיע?) האָט מיך אָנגערירט, האָב איך געוואָלט זיי קענען (איך זאָג ניט, זיי

פאַרשטיין: ווער קאָן זיך באַרימען דערמיט?), וויוניקסטנס, זיי אָנרירן, אָנטאַפּן די לעבעדיקע וואַרעמקייט פון זייער גייסט, פּונקט ווי מיינע פינגער האָבן געהאַט געפילט דאָס וואַרעמע, צאַרטע לייב פון דער רעבהון. איך האָב זי אָנגעטאַפּט. איך האָב פאַרזוכט איר טעם. האָבנדיק ליב. און טויטנדיק. ווייל אויך איך האָב געטויט.

— איר האָט געטויט? — האָט אַנעט, אָפּטרעטנדיק, אויסגע־רופן.

— איך האָב עס באַדאַרפט צו טון. האָט אויף מיר ניט קיין פאַריבל! זיי האָבן עס מיר צוריקגעצאָלט!...

---

אַזוי אַרום האָט ער אויסדערציילט זיין האַרץ, פאַרהילנדיק מיט דער איראָניע פון אַ גאַליער די טראַגישקייט פון זיין געדאַנק, וועלכער האָט אויסגעזען צו זיין אָן האָפענונג און אָן רחמנות. עס איז געווען דאָס לאַנד פון שאָטנס. אָבער אויף דער ערד האָט געלאַכט די זון פון די לעבעדיקע. דער קאָנטראַסט האָט נאָך מער פאַרפינצטערט זיין השגחה פון דער וועלט. ער האָט געזען דעם לכתחילהדיקן טעות פון דעם באַשאַף; ער האָט אָבער ניט גערעכנט, אַז ער וואָלט געקאָנט אויסגעקויפט ווערן. אַנעטעס ליידנשאַפטלע־כער אינסטינקט האָט רעוואָלטירט. זי האָט געגלויבט סיי אין דעם בייזן, סיי אין דעם גוטן, זי האָט זיי מיט ברען אַרויסגע־בראַכט פון איר אייגענעם האַרצן אויף דעם אויסשפּרייט פון חלל, וואָס איז באַשטערנט מיט לעבן. און זי האָט געהאַט אַ חלק אין דער גרויסער בהלה. אויב זי האָט ניט געחלומט אַרויס־צוקומען די זיגערין, אויב נצחון איז ניט געווען איר ציל, איז איר ציל געווען דער קאַמף. וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר שלעכט, איז געווען שלעכט; דאָס שלעכטס איז געווען דער שונא. און זי האָט ניט געפירט קיין שלום־פאַרהאַנדלונגען מיטן שונא.

עס איז אָבער זייער גרינג זיך צו שלאָגן, ווען מען שטעלט אַוועק דאָס גאַנצע בייז אויף דער אַנדערער זייט און דאָס גאַנצע גוטס אויף דער אייגענער זייט. זשערמענס בלויע אויגן, וועלכע האָבן פאַרליבט געצערטלט אָט־די גאַנצע און פייערדיקע נשמה, האָבן געזען פאַר זיך אַן אַנדער שלאַכטפעלד! קרישנאַ האָט געקעמפט קעגן קרישנאַ; און ער איז ניט געווען אינגאַנצן זיכער, צי דער

אויסגאַנג פון קאַמף וועט זיין לעבן, אָדער טויט, — פולשטענדיקער חורבן. זשערמען האָט געזען דאָס קעגנזייטיקע ניט־פאַרשטיין־זיך, עס האָט אים אויסגעזען צו זיין אוניווערסאַל, עס האָט אים אויסגעזען צו זיין אייביק. און ער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכ־קייט זיך צו באַטייליקן אין דעם. ער האָט געהאַט די אומגליקלעכע פייאיקייט צו זאָגן „יאָ״ זיין אייגענעם געדאַנק און ניט צו זאָגן „ניין״ דעם געדאַנק פון אַנדערע: ווייל ער האָט אים פאַרשטאַנען. און ער איז געווען מער פאַראינטערעסירט אים דורכצודרינגען ווי אים צו ענדערן.

ניט שטענדיק איז ער געווען אַזוי. ער איז געווען אריינגע־טראָטן אין לעבן מיט זיין גאַנצן א י ך, וואָס האָט זיך ניט גע־קימערט צו פאַרשטיין, נאָר געוואָלט בלויז נעמען. די אומגליקלעכע סיבות האָבן אים געעפנט די אויגן. וועגן איינער פון זיי האָט ער רואיק דערציילט אַנעטען. (מיט איר האָט ער זיך ניט גע־פילט געשטערט. זי האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ פאַרשטענדיקער חבר, וואָס האָט געקענט דאָס לעבן און וואָס אירע איבערלעבע־נישן זענען געווען ענלעך צו זיינע).

ער האָט ליב געהאַט אַ פרוי מיט אַ טיראַנישער ליבע. ער האָט געמיינט, אַז ער האָט זי ליב, לויט זיין אייגענעם הארצן, ניט לויט אירן. דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן גוט פאַר זיך, האָט ער אויך געהאַלטן גוט פאַר איר. אַזוי ווי זיי האָבן זיך ביידע ליב געהאַט, זענען זיי דען ביידע ניט געווען איין־און־דאָסזעלביקע? זי האָט אים ליב געהאַט, ביז וואַנען זי איז מיד געוואָרן. און איינמאָל, קומענדיק אַהיים, האָט ער געטראָפן אַ ליידיקע נעסט. זי איז אַוועק פון אים. עטלעכע שורות, וואָס זי האָט אים אי־בערגעלאָזן, האָבן אים קלאָר געמאַכט, פאַרוואָס זי האָט עס געטון. די דערפאַרונג איז געווען אַ שווערע, זי האָט אָבער געהאַט אַ פעולה. ער האָט געלערנט, אַז אַנדערע ווילן, אַז מען זאָל זיי ליב האָבן ניט פאַר דעם, וואָס מיר זענען, נאָר פאַר דעם, וואָס זיי זענען...

— סאַראַ פרעטענציע, האַ? מען דאַרף זי אָבער אָננעמען...
און דערנאָכדעם האָב איך זיך געמיט...

ער האָט דערציילט די אוואַנטורע, ווי זיין שטייגער איז, אין אַ שפּאַסיקן טאָן.

— אַלץ אָננעמען פון די, וואָס מען האָט ליב, — האָט אַנעט געזאָגט, — איז גאָרנישט שווער, ווען מען שטייט אַליין אויס די הוצאות. ווען אָבער זיי צאָלן, אָדער די שכנים, קאָן מען דען ווערן אַ שותּף דערצו?

— איר מיינט, די מלחמה?

— מלחמה, שלום, — וואָס איז דער חילוק! אָט־דער וואַלד פון באָנדי, וואו די שטאַרקע עסן די שוואַכע און געפינען נאָך שטאַרקערע, וואָס עסן זיי!

— עס זענען, הייסט עס, לויט אייער מיינונג, פאַראַן נאָר שוואַכע? אין לעצטן סך־הכּל וועלן זיי אַלע אויפגעפרעסן ווערן.

— איך בין מיט די, וואָס מען פרעסט!

— כאַ־כאַ! איר אַליין לעבט דאָך און האָט פיינע ציין!

— איך וואָלט וועלן האָבן ניט מער ווי ליפּן אויף צו קושן אַלץ, וואָס לעבט. אַזוי ווי אָבער דער נאָמענגלאָזער האָט מיר אַריינגעגעבן אין מויל אַריין אָט־די מעסערס, איז זאָל עס זיין ניט מער ווי אויף צו באַשיצן מיינע קינדער.

— איר פערזאָניפיצירט, הייסט עס, מיט זיך די מלחמה!

— ניין, דאָס באַשיץ איך זיי קעגן דער מלחמה.

— זיי זענען אַלע אַזוי ווי איר... לאָמיר זאָגן, ניין פון צען! און אָן די ניין אַנדערע וואָלט דער צענטער גאָרנישט ניט געקאָנט אויפטון.

— יאָ, מלחמה צוליב שלום... אָבער ניט דאָס וויל איך זאָגן... איר גלויבט דאָך ניט אין אָט־דעם וויסטן פּאַרם?

— איך גלויב ניט אין דעם. ניין. אָבער זיי גלויבן יאָ אין דעם. איך רעספּעקטיר זייער גלויבן.

— זייער גלויבן? עס איז אַ מאַסקע, וואָס זיי באַהאַלטן הינטער איר זייערע אינסטינקטן פון שלעכטיקייט, אייפערזוכט, שטאָלץ, גיריקייט, רויב און גלוסטונג.

— גענוג שוין דערפון!

— עס איז פאַראַן נאָך.

— וואָס ווייסט איר וועגן אָט־דער סחורה?

— איך קען אַלע אַרטיקלען. איך האָב זיי. איך האַלט זיי אין מיין קופערט.

זשערמען איז געבליבן שטיין צו באַטראַכטן מיט אַ בליק פון אַ מבין די פּרווי לעבן זיין בעט, וועלכע האָט געדרעדט פון שלום און געאָטעמט מיט פייער. דערנאָך האָט ער געזאָגט (ער האָט אָבער אַרויסגעזאָגט גענוי די ווערטער, וואָס ער האָט גע־טראַכט):

— איר זענט פון אַ פיינער ראַסע. עס פעלט אייך גאָר־נישט!... אָבער זאָגט מיר, מאַדאַם יהודית, אַזוי ווי איר לייט אויס דעם פּלשתי אַ טייל פון אייערע טוגענדן, בלייבט ניט שטיין אין מיטן און גיט אים אויך אַ מתנה די איבעריקע, די בעסטע!...

— וואָס מיינט איר?

— נו, אייער ליבע, אייער גלויבן, אייער אויפריכטיקייט... איר ווייזט צוריק אָט־די לייט, איר ווייזט זיי צוריק אַלע אויפ־אַמאָל, ווי ליגנער און רשעים. דאָס איז לייכט צו זאָגן! וואָלט דאָס געווען אַן אמת, וואָלט דאָס לעבן געווען צו גרינג; זיי וואָלטן ניט געווען אַזוי שטאַרק! קוקט זיך צו פון דער נאָענט!

— איך וויל זיי ניט זען!

— מחמת וואָס?...

— מחמת איך וויל ניט.

— מחמת איר האָט געזען.

— איך האָב געזען.

— איר האָט אָבער געזען, ווען איר זענט געווען פאַר־בלענדט פון געפיל... איך פאַרשטיי אייך: דאָס שטערט אייך צו האַנדלען... אָבער — יאָ האַנדלען, ניט האַנדלען, צוערשט דאַרף מען זען! איך וועל אייך אויסלייען מיינע ברילן. קוקט! שפּעטער וועט איר דאָס אַליין קאָנען...

---

זי האָט געזען, זי האָט געמוזט זען. זשערמען האָט פאַר איר ניט געהאַלטן קיין הויכע רעדעס וועגן דער מענטשהייט. דאָס איז ניט געווען זיין סטיל; און דער מענטש בכלל איז אין זיינע אויגן ניט ווערט געווען קיין ציבעלע. זיין אינטערעס איז געלעגן נאָר אין דעם, וואָס עס גייט פאַרביי: אַ לעבעדיקער

נפש, אַ שעה. דאָס, וואָס עס גייט ניט פאַרביי, דאָס, וואָס עס שטאַרבט ניט, לעבט ניט פאַר אים, איז עס טויט.

ער האָט גערעדט צו איר מיט פשוטע ווערטער וועגן דעם קליינעם שטעטל און וועגן דעם לאַנד. פון קינדוויז אָן האָט ער געהאַט אָנגעזאַמלט אין זיינע טאָוולען אַ גרויסע קאָלעקציע „צייכענונגען" אין דעם אַלטן פראַנצויזישן זינען: סקיצירטע, ווידער אויפגענומענע, אויסגעהוילטע פאָרטרעטן, וואו דער גייסט איז אויפגעכאַפּט אונטער דער הויט. מענטשן פון שטאָט, מענטשן פון דאָרף, זיינע מענטשן... אָ, ער האָט זיי געקענט, פון דרויסן און פון אינווייניק, דורך און דורך! ער האָט נאָר באַדאַרפט אָפּקלייבן. ער האָט איר געוויזן אייניקע פון זיין קאָלעקציע, וואָס אָנעט האָט געדעכנט, אַז זי קען זיי, — פון די, וואָס זייער ענג־האַרציקייט און זייער עגאָאיזם האָבן זי געשטיקט. אייניקע פון אָט־די מענער און פרויען האָבן אין דעם טאָג, ווען די מלחמה־געפאַנגענע זענען אָנגעקומען, זיך אַרויסגעוויזן פאַר צערייצטע וועלף. זיי האָבן דאָך געהאַט זייער גוטסקייט, זייערע היימישע מידות־טובות. אונטער דער אומדורכזיכטיקער הילע זענען די דאָזיקע טונקעלע לעבנס דאָך ניט געווען אומפּייאיק אויף אַקטן פון ליבע. און יעדער איינער פון אָט־די זעק ביינער, וואָס קיין גאָט האָט זיי ניט אויסגעזען צו זיין טויט, האָט געטראָגן זיין קרייץ. אָנעט האָט דאָס גוט געוואוסט! זי אָבער האָט אויך געטראָגן איר קרייץ, און פונקט ווי זיי, איז זי אויך געווען גענייגט צו גלויבן, אַז נאָר איר קרייץ אַליין איז געווען דער אמתער. פון איין זייט האָט זי געזען הענקער, פון דער אַנדערער קרבנות. זשערמען האָט זי געצוואונגען צו זען, אַז יעדער איינער איז באַ־גלייך אין אַ קרבן, אי אַ הענקער. דער דאָזיקער אומגלויביקער גאַליער האָט געלאָזט אויפגיין פאַר אירע אויגן אַן אומגעווויינט־לעכן „אויפשטייג אויף דער גלגתא": אַ פאָלק פון קרייץ־טרעגער, וואָס שליידערט זידלעריי און שטיינער אויף דעם געקרייציקטן!...

— אָבער דאָס איז שרעקלעך! — האָט זי געזאָגט — קאָן מען זיי ניט עפענען די אויגן? אַנשטאָט צו וואַרפן שטיינער איינס אויפן צווייטן, זאָלן זיי בעסער אָפּקערן זייערע פאַראייניקטע כוחות...

— קענן וועמען?

— קענן דעם גרויסן הענקער!

— רופט אָן זיין נאָמען!

— די נאַטור!

— כ'קען זי ניט...

זשערמען האָט לייכט אַ צי געטון מיטן אַקסל. ער האָט ווייטער גערעדט:

— די נאַטור?... עס וואָלט שוין געווען גרינגער צו האָבן צו טון מיט אַ גאָט! אַ גאָט וואָלט געווען פּייאיק צו באַדינען זיך מיט שכל... (וויניקסטנס, וואָלט אונז נעפּעלן געוואָרן אַזוי צו האָפן!...) אָבער די נאַטור? ווער איז זי? ווער האָט זי געזען? וואו איז איר קאָפּ? אָדער איר האַרץ? אָדער אירע אויגן?

— אָט־דאָ. מיינע אויגן. מיין קערפּער. מיין האַרץ. דאָס בין איך און מיין נאָענטער.

— אייער נאָענטער?... וואַרט, קוקט זיך גוט צו!... ניין, גייט ניט אַוועק! וואַרט אַ ווייַלע!...

אַ באַזוכער איז אַריינגעקומען. אַ הויך־געוואַקסענער, רויט־פּנימדיקער יונג. ער האָט געהאַט דאָס בליענדיקע, גוטמוטיקע געזיכט פון די באַלייבטע מלאכים אויף דעם טויער פון דעם קאַטעדראַל אין בורזש. ער האָט געטראָגן אַ בלויען מונדיר. זשערמענס אַ חבר, דער זון פון אַ רייכן ערדבאַזיצער אין צענטער פון דעם שכנישן באַצירק. ער איז געווען אויף אורלויב און איז געגאַנגען אַ פּופּצען מייל צו קומען זען זשערמענען. ער האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיטן חולה און זיך באַגריסט העפלעך מיט אַנעטען. דערנאָך האָט ער זיך פונאַנדערגערעדט. ער איז געווען איבערגעפילט מיט גוטן הומאָר און מיט געזונט. ער האָט געבראַכט נייעס פון דעם, פון יענעם, וואָס זייערע פּויערישע, קאָמישע נעמען זענען געווען ווי די נעמען פון הויזדינער אין אַ קאָמעדיע. חברים פון „דאָרט". איניקע זענען געווען טויט, אַנדערע לעבעדיק. דער זינגעוודיקער דאָרפישער אַקצענט און דאָס ריידן אונטער דער נאָז האָבן געמאַכט לעבעדיקער די מעשיות, וואָס ער האָט דערציילט. דער גאַסט האָט זיך געמיט צו פאַרמילדערן די שאַרפקייט

פון די אויסדריקען פאַר אַנעטעס אויערן. (רעספעקט פאַר דאַמען!) ער האָט זיך געהיט. ווען ער האָט זיך געווענדט צו איר, איז זיין טאָן געווען ליבנסווערדיק, בוימלדיק, אַלטפרענקיש. ער האָט גע־רעדט מיט אַ פולן מויל וועגן זיינע אייגענע, וועגן זיין מוטער און וועגן זיין קליין שוועסטערל, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט. ער איז געווען ווי אַ גרויס קינד, זייער שטיל און אינגאַנצן אָפנהאַרציק.

ווען ער איז געווען אַוועק, האָט זשערמען געפרעגט אַנעטען:

— וואָס זאָגט איר צו אים? איז ער ניט ווי אַ שטיק פוטער? מען וואָלט אים געקאָנט שמירן אויף ברויט.

— עס איז אין אים ניטאָ קיין פאַלשקייט, — האָט אַנעט גע־ענטפערט, — פון ריינער, ניט איינגעשטעלטער מילך. ער שמעקט מיט די פעטע גראָזן פון אייערע פעלדער.

— וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען איר וואָלט אים געזען, אָט־דאָס גרויסע, געזונטע קינד, אָט־דאָס גוטע אינגל, אָט־דעם גוטן זון, גוטן ברודער און גוטן חבר, — ער האָט קיינמאָל ניט געזאָגט קיין ליגן; ער איז אָפנהאַרציק ווי גאָלד, — ווען איר וואָלט אים געזען, ווי איך האָב אים געזען אין די שוצגראָבנס, אין אַ טאָג פון אַן אַטאַקע, צעלאַזנדיק זיך מיט זיין קצבישן מעסער!

אַנעט האָט געמאַכט אַ באַוועגונג פון אָפּשיילעכקייט.

— באַרואיקט זיך! איר וועט אים ניט זען! איך שוין אייך. איך מאַך צו די לאַדן. אַלץ איז צוגעשלאָסן. די נאַכט איז אין דרויסן. אין צימער פאַרבלייבן נאָר מיר אַליין.

אַנעט, נאָך אַלץ אין שרעק, האָט געזאָגט:

— און ער קאָן נאָך לאַכן! ער איז רואיק!

— ער געדענקט קיין זאַך ניט.

— דאָס איז אוממעגלעך.

— איך האָב געזען אַנדערע, וואָס נאָכדעם ווי זיי האָבן ביי־טאָג געהאַט אָפּגעטון זאַכן, וואָס האָבן גאָר קיין נאָמען ניט, זע־נען זיי בייננאַכט געשלאָפן אַזוי ווי קינדער. קיין געוויסנביסן, קיין שפור ניט דערפון. גיט נאָך צו דעם צו, אַז זיי וואָלטן אין אַ שעה אַרום געווען גרייט אַרומצונעמען דעם שונא, וועלכען זיי האָבן געהאַט דערשטאָכן, און אַז זיי פאַרגעסן דעם אימפּולס פון גוטסקייט פונקט אַזוי שנעל ווי דעם פריערדיקן. עס איז צו שווער

דאָס צו האַרמאָניזירן; זיי האָבן דערצו קיין צייט ניט. מען דאַרף אויפהיטן אַלע כוחות פאַר דעם איצטיקן מאָמענט, לעבן ווי ס'לאָזט זיך, אין אָפּגעהאַקטע שטיקלעך, צופעליק, אָן אַ צוזאַמענ־האַנג, ווי עפּעס אַ משונהדיק רעטעניש...

— אומגליקלעכע!

— האָט אויף זיי ניט קיין רחמנות! זיי פילן זיך גוט.

— דאָס האָב איך דורך זיי רחמנות אויף זיך אַליין!

— אַלץ דער אַלטער עגאָאיזם! האַלט זיך אייער א י ך פאַר זיך און לאָזט זיי האָבן זייערן!

— ניין, איך קאָן ניט גלויבן, אַז דאָס זאָל זיין זייער אמת־דיקע נאַטור...

— „דער מענטש איז אַ צוגאָב צו דער נאַטור"... די נאַטור איז אַן אויפלאַג, וואָס די געזעלשאַפט האָט אים רעווידירט און פאַרגרעסערט. עס זעט אויס ווי די מלחמה וואָלט געווען אַ נאָר־מאַלע איבונג פון אַ נאַטירלעכן אינסטינקט, פאַרהייליקט על־פּי־מנהג. און ווער ווייס? אפשר איז זי אויך אַן אָפּפלוס פאַר די צעשטערנדיקע כוחות, וואָס זענען געגעבן דעם מענטשן: האָבנ־דיק זיי צופרידנגעשטעלט, פילט ער זיך צוריק אַ געלייטערטער.

— איר?

— עס האַנדלט זיך ניט אין מיר. איך טרעט אַרויס פון דער ראַם.

— ניין! גראָד אייך וויל איך הערן ריידן.

— נאָך ניט! וואַרט! די ריי פון זשערמען שאַוואַן וועט ערשט קומען... כדי אָבער אים צו קענען, מוז מען קודם־כל זען מיט זיינע אויגן.

— איך וואָלט וועלן אַריינקוקן אין אים.

— געדולד! איך האָב שוין געהאַט גענוג דערפון!... שטעלט זיך פאָר, וויפיל עס האָט זיך געפאָדערט פון איינעם, וואָס האָט זיך אַליין געזען געפאַנגען אין אַ נעץ און איז ניט געווען גענאַרט מכח דעם, וואָס האָט אים געהאַלטן געפאַנגען.

— אויב דאָס איז אַזוי, איז ווי האָט איר געקאָנט זיך אַריינ־לאָזן אין קאַמף?

— איך וואָלט אייך דערויף געקאָנט ענטפערן: **די ברירה איז**

ניט געווען ביי מיר... ווען אָבער אפילו יאָ, וואָלט אויך געווען דאָס אייגענע: איך וואָלט געווען אויסקלייבן די נעץ. איך וויל זיך ניט באַרימען; איך האָב דעמאָלט ניט געטראַכט אַזוי ווי איך טראַכט איצט. אָט־די פּאַרדראָסיקע אייגנשאַפט מיינע צו זיין אַזוי זיפּנאַרטיק, אַז די נשמות פון אַרום זאָלן זיך דורכזיפּן דורך מיר, האָט מיר אָפּטמאָל געלאָזט פאַרגעסן מיין אייגענע נשמה. מען איז אַ פראַנצויז, מען לעבט צוזאַמען, מען איז נייגיריק צו וויסן איינס פון אַנדערן, מען הערט איינס סאַנדערע דענקען אין דער הויך, מען דענקט זאַלבענאַנד, צוואַנציק, טויזנט ביינאַנד; און מען איז ניט מער ווי אַ רעזאָנאַנץ־ברעט פאַר יעדן עכאָ. איר קאָנט ניט, קיינער וועט ניט קאָנען זיך פאָרשטעלן די וואונדערלעכע באַ־גייסטערונג, וואָס האָט אונז אונטערגעהויבן אין די ערשטע טעג... דאָס ליד פון אָפּשייד. עס איז ניט אַרויסגעקומען פון אונז. מיר זענען אַרויסגעקומען פון איר. עס האָט געשוועבט אַזוי ווי ריודס שרייאיקער מלאך אויף דער „אַרק דע ל'עטואַיי". אָבער אַ הונדערט מאָל שענער; און מען וואָלט אוועקגעגעבן די אייגענע הויט, כדי צו רייבן זיך אָן אים. ער האָט אונז איינגעהילט אין זיינע פליגל. מען איז ניט געגאַנגען, מען איז געטראָגן געוואָרן; מען איז גע־גאַנגען, שוועבנדיק, צו באַפרייען די וועלט. עס איז געווען אַזוי ווי די שיכרות אין ליבע פאַר דער באַהעפטונג... וואָס פאַר אַ באַהעפטונג! און וואָס פאַר אַ גנאַרעריי!... אַלץ איז אַ גע־נאַרעריי. די ליבע אויך. זי ברענגט אונז פאַר אַ קרבן. צו די, וואָס וועלן קומען, צו דער צוקונפט. אָבער זי, אָט־די שיכרות פון גלויבן אין דער מלחמה! וואָס איז איר ציל? צו וואָס, צו וועמען איז זי אונז מקריב? ווען מיר האָבן, אויסגעניכטערטע, גע־נומען זיך דאָס פרעגן, איז דער קרבן שוין געווען געבראַכט. דער קערפּער אַליין איז שוין געווען אַריינגעכאַפּט אין די רעדער. עס איז געבליבן ניט מער ווי די נשמה. אַ צעבראָכענע נשמה. וואָס קאָן מען טון מיט דער נשמה אָן דעם קערפּער, מיט דער נשמה קעגן דעם קערפּער? זיך מאַכן פאַר אַ מאַרטירער? עס זענען פאַראַן גענוג אַנדערע הענקער! עס איז ניט געווען מער צו טון ווי נאָר צו זען, צו וויסן און אָנצונעמען. מען האָט געמאַכט דעם שפּרונג. מען האָט זיך געמאַכט צום נאַר. איינס, צוויי... קומט! ביז צום

סוף! דאָס לעבן גיט אייך ניט קיין בילעטן אויף אהין־און־צוריק. איינמאָל אוועק, קומט מען מער ניט צוריק... און ווען איך וואָלט אפילו געקאָנט, וואָלט איך אויך ניט געוועז קומען צוריק אליין! מען איז צוזאַמען. מען שטאַרבט צוזאַמען... איך ווייס, אַז עס האָט קיין זין ניט, אַז אָט־דער טויט איז אומזיסט. אָבער זיך ראַטעווען אליין, — דאָס ניט! דאָס ווערט ניט געטון! איך בין איינער פון דער הערדע. איך בין די הערדע.

— און די העדע גייט אייך נאָך.

— די שעפּסן פון פּאַנורג.

— ווען וועט איינער פון אייך זיך אָפּזאָגן צו שפּרינגען?

— ער וועט ניט קומען פון אונזערע לאַנען.

— ווער ווייס?

— וועט עס זיין פון אייער לאַנע, אַנעט? אייער קליין לע־מעלע?

— מיין זון!... אַך, גאָט!... דערמאָנט מיר אים ניט!

— זעט איר! איר וואָלט אפילו ניט געוואַגט אים דאָס צו ראָטן.

— זאָל די מלחמה שווינען אי אים, אי מיך!

— אָ מ ן! אָבער ניט מיר ריכטן אָפּ די מעסע. אונז הייסט מען נאָר ענטפערן. דער בלוטיקער ריטואַל ווערט אויסגעפירט. און מיר ווערן אַריינגעצויגן.

— איך וויל גערן. אָבער ניט ער!

— איר וועט לערנען די אייביקע חכמה פון די גוטע מוטערס פון פראַנקרייך, פון דייטשנלאַנד, פון דער אייביקער מענטשהייט. זיי גיבן זיך אונטער ביי די פיס פון אַן אַנדער מוטער, די ד אָ ל אָ ־ ר אָ ז אַ ...

— קיינמאָל ניט! איך האָב מיין קינד. איך וועל אים אָפּ־היטן.

— קעגן אַלעמען?

— קעגן אַלעמען.

— און קעגן אים אַליין?

אנעט האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ; עס האָט איר פאַר־כאַפּט דער אָטעם. ער האָט געהאַט אָנגערירט אַ דעליקאַטן פּלאַץ. איר פאַרווירונג, איר מורא, אירע פאַרבאָרגענע צווייפלען, וואָס זי האָט פאַר זיך אַליין ניט געוואָלט אין דעם זיך מודה זיין. זי האָט קיין זאַך דערפון ניט אַנטפּלעקט פאַר קיינעם. זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט גערעדט וועגן איר זון; זשערמען האָט נאָר געוואוסט, אַז ער האָט עקזיסטירט. אָבער איר שטילשווייגן האָט גערעדט פאַר איר. זשערמען האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט ניט.

— איך קען זיי, אונזערע יונגע ברידער! די פון קלאַס 18... און וואָס וועלן שוין זיין די פון קלאַס 20?... זיי זענען ניט גע־שטערט ווי זייערע עלטערע, אָט־די טאָפּ־בלומען, דורך אַן אילו־זיע! עס איז ניטאָ קיין געפאַר, אַז זיי וועלן אַנטוישט ווערן. זיי נעמען אָן די מלחמה ווי אַ געשעפט. עס האַנדלט זיך מער ניט אין אַזוינע באָבע־מעשיות ווי רעכט, יושר, פרייהייט. עס האַנדלט זיך אין געווינס. יעדערער פאַר זיך. פאַר זיך אינגאַנצן. פאַר זיך, דעם פלייש־פרעסער. Struggle for Life. Life for Struggle. (קאַמף פאַר לעבן. לעבן פאַר קאַמף). דער גערוך פון פרוי, פון גלאָריע און פון בלוט. און פאַראַכטונג צו אַלץ. דער חלום פון דעם דערוואַכטן טיגער.

— איר זענט דער טייוול! — האָט אַנעט געזאָגט.

— אַן אָרעמער טייוול! — האָט זשערמען געזאָגט — איך גיי אוועק פון טיש, אַ ניט־געגעסענער.

— איר באַדויערט עס?

— ניין. איך געהער צו דעם מין, וואָס האָט געהאַט זיין צייט. איך האָב ניט קיין טענות. מען דאַרף פאַרשטיין. אַלץ פאַרשטיין.

— דאָס איז צופיל! אַלץ פאַרשטיין הייסט מער ניט צו האַנדלען. מיין האַרץ פּראָטעסטירט. איך בין אַ פרוי. וואָס בלייבט פאַר מיר?

— רחמנות!

— דאָס איז ניט גענוג! איך וויל העלפן. איך וויל ראַ־טעווען.

— אָבער וועמען? טאָמער ווילן זיי זיך ניט ראַטעווען?

— צי זיי ווילן אָדער ניט, — איך וויל עס. איך ווייס עס. איך ווייס גוט, אַז איך בין גאָרנישט, אַז איך קאָן גאָרנישט טון. אָבער איך וויל אַלץ. איך מוז. ווען אַלע געטער, און אַלע טײַוואָלים, און די ערגסטע פון די טײַוואָלים, די מענטשן, ווען די גאַנצע וועלט וועט זאָגן: „ניין!" — וועל איך זאָגן: „יאָ!"

— אַ מאַרטירער, וואָס וויל געשלאָגן ווערן!

— רעדט זיך דאָס ניט איין! איך קאָן אויך געבן קלעפּ.

— אַלע אײַערע באַמיאונגען וועלן ניט אַוועקנעמען קיין קערנדל שטויב פון דעם האַרטן שטיין פון מזל.

— אפשר... ניין... אָבער דאָס דערלײַכטערט...

— איך האָב אײַך געזאָגט: איר זענט בעלאָנאַ. אײַער נאָמען, אַנאַ, איז אַ פאַלשער נאָמען.

— דאָס איז דער נאָמען פון דער באָבען פון דער דעם, וואָס האָט באַזיגט דעם טויט.

— און אויך ער איז געשטאָרבן.

— אָבער אויפן דריטן טאָג איז ער צוריק לעבעדיק געוואָרן.

— איר גלויבט אין דעם?

אַנעט האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַן איבעראַשטע:

— איך האָב אין דעם פריער קיינמאָל ניט געגלויבט...

— און איצט?

— איך ווייס ניט... עס האָט מיך דורכגענומען דורך און דורך.

זשערמען האָט באַטראַכט אָט־די מאָדנע פרוי, וואָס איז אומגעריכט באַזוכט געוואָרן פון מאָדנע געסט. זיצנדיק לעבן בעט, אויף אַ נידעריק בענקל, האָט זי אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף די ליילעכער, גלייך ווי זי וואָלט געוועזן אַוועקגעפאַלן אין אָנמאַכט. ער האָט ווייך אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דעם בלאָנדן העלם פון אירע האָר. זי האָט אויפגעהויבן דעם שטערן. אירע אויגן זענען געווען פאַרוואונדערט, אָבער רואיק. זשערמען האָט געפרעגט מיט אַ נידעריקער שטים:

— איר גלויבט, הייסט עס?

— אין וואָס? — האָט זי צוריקגעפרעגט.

זי איז געווען אויפריכטיק. זי האָט מער ניט געוואוסט. זי האָט ווייטער גערעדט:

— איך גלויב, אַז איך דאַרף טון, העלפן, ליב האָבן.

— גוט, — האָט זשערמען געזאָגט, — אָט דערפאַר טאַקע האָב איך אייך גערופן. איך האָב עס אייך פריער ניט געוואָלט זאָגן. איך האָב אייך געוואָלט זען און זען אין אייך. איצט האָב איך געזען. איך האָב גענוג גערעדט וועגן דעם, וואָס געהער זיך ניט אָן מיט מיר! אַנטשולדיקט מיר אָט־די איראָניע, אין וועלכער איך קלייד זיך אָן! איך עפן די טיר. שוועסטער אַנאַ, קומט אַריין!

---

— ווען אַ פייער ברעכט אויס אין אַ קוואַרטל און מען פילט זיך צו שוואַך אַליין צו ראַטעווען, לאָזט מען דעם פייער נע־מען זיין חלק; מען לאָזט איבער דאָס, וואָס מוז פאַרברענט ווערן, מען שניידט אָפּ די בריקן און מען באַפעסטיקט זיך אין דעם טורעם, וואו עס ליגן פאַרשלאָסן די טייערסטע זאַכן. מען ראַטעוועט דאָס לעבן, דאָס טיפע לעבן, אָדער מען וואַרט, ביז וואַנען דאָס פייער וועט אומוואַרפן דאָס הויז אין אַש... איך האָב עס געראַטעוועט. אָבער דאָס פייער קומט. אַנאַ, ראַטעוועט זיך!

ער האָט ניט געקאָנט פאַרלאָזן דעם שפּאַסיקן שטייגער ריידן, אָבער דער טאָן זיינער האָט אַרויסגעגעבן זיין אַנגסטלעכן געמיט. זי האָט אים אָנגענומען פאַר די הענט:

— אָט זענען מיינע הענט! וואָס באַדאַרף מען צו ראַ־טעווען? זיי וועלן גיין זוכן אין פייער.

— מיין פרייד, מיין גלויבן, מיין איך. דעם, וואָס איך האָב ליב.

— די?

— דעם... מיין פריינט.

— וואו איז ער? פאַרוואָס קומט ער ניט?

— ער איז אַ געפאַנגענער.

— אין דייטשלאַנד?

— אין פראַנקרייך.

— איז ער אַ שונא?

— איר האָט געטראָפן. מיין ברודער, מיין פריינט, מיין בע־סערער איך. זיי האָבן אים אװעקגענומען פון מיר און מיר אַזוי געזאָגט: „פאַרגעס און הרגע! ער איז אַ שונא".

— און איר האָט זיך געשלאָגן?

— קיינמאָל ניט קענען אים. װען איך בין געשטאַנען מיטן פּנים צו דער גרעניץ, האָב איך געװאוסט, אַז ער איז ניט געװען אויף יענער זייט. איידער איך בין געװען אַװעק, האָב איך אים געהאַט אַרומגענומען, אין פראַנקרייך. ער איז דאָ געװען.

— מען האָט אים אַרעסטירט?

— ער איז אין מערב, פאַרשלאָסן אין אַ געפענקעניש־לאַגער. און זינט דריי יאָר — אַזוי נאָענט און אַזוי װייט! — האָב איך פון אים גאָרנישט ניט געקראָגן, װייס איך פון אים קיין זאַך ניט. לעבט ער נאָך? און איך — איך שטאַרב...

— קאָן מען ניט קריגן קיין נייס?

— איך קאָן זיך דאָ ניט אָנפרעגן װעגן דעם.

— אייערע אייגענע האָבן אייך ליב. װעלן זיי אייך אָפּ־זאָגן?

— ניין, איך קאָן צו זיי װעגן דעם ניט ריידן.

— איך פאַרשטיי ניט.

— איר װעט עס פאַרשטיין... איצט האָב איך אייך געטראָפן. עס איז מיר אָנגענעם צו ריידן צו אייך װעגן אים. ריידן װעגן אים מיט אַן אַנדערן, װאָס קאָן אים ליב האָבן, איז שוין כמעט אַזוי גוט װי ריידן צו אים. װעט איר אים ליב האָבן?

— איך האָב אים שוין ליב אין אייך. װייזט מיר אים! רעדט צו מיר װעגן אים!...

— זיין נאָמען איז פראַנץ און מיין נאָמען איז זשערמען... זשערמען, דער פראַנצויז, און פראַנץ, דער דייטש!... איך האָב אים געקענט צװיי יאָר פאַר דער מלחמה. ער האָט זינט עטלעכע יאָר געהאַט געװאוינט אין פּאַריז. ער האָט זיך פאַרנומען מיט מאָ־לעריי. מיר זענען ביידע געװען אין דעמזעלביקן קװאַרטל. אונ־

זערע צימערן זענען אַרויסגעגאַנגען אין דעמזעלביקן גאָרטן. חדשים־לאַנג האָבן מיר פאַרבראַכט איינס לעבן אַנאַנדער, ניט אויסצו־ריידן צווישן זיך קיין וואָרט. איינמאָל, אין אַן אָוונט, האָבן מיר, גייענדיק ביידע פאַרטראַכט, זיך צוזאַמענגעשטויסן אויפן ראָג פון אַ גאַס. אָבער ערשט שפּעטער האָב איך זיך אָן דעם דערמאָנט... אין דעם שווינדלדיקן געווירבל פון פּאַריז, וואָס טראָגט אַוועק מיט זיך מענער און פרויען אַזוי ווי בלעטער פון אַ בוים, באַגעגנט מען זיך, רירט מען זיך אָן אַ סך פריער איידער מען זעט זיך. עס איז אָבער געוווּנג איין צוזאַמענשטויס, אַז מען זאָל זיך אַרומזען, אַז מען האָט זיך אַמאָל געזעהן... איינמאָל האָט אונזערער אַ געמיינשאַפטלעכער פריינט מיך אַוועקגעפירט צו אים. און איך האָב אים דערקענט.

„ער איז אַלט געווען דריי־און־צוואַנציג יאָר, ער האָט אָבער אויסגעזען פיל אינגער. ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן אין זיך דעם חותם פון דער פרוי, פון דער מוטער, וואָס ער האָט זי געהאַט פאַרלוירן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. אַ צאַרט, רירעוודיק, אומרואיק געזיכט, אָפן פאַר אַלע ווינטן פון האָפענונג און חשד. ליכט און שאָטן האָבן זיך דאָרט אַדורכגעצויגן אָן שום איבערגאַנג. פון צוטרוילעכער הפקרות ביז צווייפלענדיקער אָפּהענטיקייט. אַמאָל האָט עס זיך איבערגעגעבן אינגאַנצן און אַמאָל האָט עס זיך צוריקגעצויגן, פיינטלעך, ניט־צוטרוילעך. איך בין אָבער גע־ווען דער איינציקער דאָס צו זען און צו זוכן די סיבה דערפון. קיינער פון די, וואָס ער איז געקומען מיט זיי אין באַרירונג, האָט זיך וועגן דעם ניט געקימערט. מענטשן האָבן ליב אָדער זיי האָבן ניט ליב. זיי האָבן ניט קיין צייט צו קענען די, וואָס זיי האָבן ליב. איך אַליין האָב אויך אַ לאַנגע צייט וועגן דעם זיך ניט געקימערט. דאָס לעבן אָבער האָט מיר נאָרוואָס געהאַט געמאַכט שווער צו באַצאָלן פאַר דעם (איך האָב עס שוין אייך דערציילט). איך האָב געלערנט אויף מיין חשבון, אַז מען דאַרף קיינמאָל ניט ליב האָבן דעם נאָענטן אַזוי ווי זיך אַליין, נאָר ווי דעם אַנדערן, וואָס ער איז, וואָס ער וויל זיין, און אַז מען דאַרף אים אַנט־דעקן...

„ניין, ער איז גאָרנישט געווען געראָטן אין מיר, אָט־דער קליי־

נער אויסלענדער... אָט דערפאַר איז עס טאַקע געשעןǃ... איך האָב זיך געגוויטיקט אין אים. ער האָט זיך געגוויטיקט אין מיר...

„ער איז געווען שרעקלעך אונטערגעדריקט אין דער סביבה פון זיינע קינדערשע יאָרן און פון זיין דערציאונג: אין דער שול פון מיליטערישע יונקערס און קלעריקאַלן מיט זייער שטרענגער דיס־ציפּלין און מיט זייער אומנאַרמאַלישקייט פון אַן אַנטיסאָציאַלער קאַסטע. זיין ווייבלעכע נאַטור איז דאָרט פאַרגרעבט געוואָרן. צו שוואַך און צו אַליין צו רעאַגירן, האָט ער געמוזט זיך בויגן אונטער דעם צוואַנג פון די זיטן און די געדאַנקען. אָבער זיין גאַנץ לעבן לאַנג האָט ער געפילט די וואונד, פּונקט ווי אַ מיידל, וואָס מען האָט געהאַט באַצוואונגען. ער איז פאַרבליבן שרעקעדיק, עמ־פינדלעך, אָן צוטרוי צו זיך, אָן ווילן, שלעכט צוגעפּאַסט צום לעבן, מענטשנפיינטלעך, מיט אַן אויסגעהונגערטער באַדערפעניש ליב צו האָבן, געליבט צו ווערן, זיך איבערצוגעבן — און מיט אַ שטענ־דיקן ווייטיק אין הארצן פון זיין אַ שפּילכל פאַר יענעם. ווייל די דאָזיקע נאַטורן זענען באַשאַפן געוואָרן, אַז מען זאָל זיי אויס־נוצן. זיי ווייזן צו נאַאיוו אַרויס די שוואַכקייט פון זייער פּאַנ־צער. די מענטשן קאָנען ניט ביישטיין דאָס פאַרגעניגן אים דורכ־צושטעכן מיט אַ שאַרפן שפּיז, כדי יענער זאָל שרייען. עס איז גלייכער זיך איינגאַנצן ניט צו באַוואָפענען, איידער זיך צו באַ־וואָפענען אויף העלפט...

„ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, איז פראַנץ אַנטלאָפן פון דער היים. ער איז אָנגעקומען קיין פּאַריז און זיך געמיט צו פאַרגעסן דעם בייזן חלום פון זיינע קינדער־יאָרן. אָבער די פאַר־גאַנגענהייט, פון וועלכער איינער ליידט, איז ווי אַ שאַגרין־פעל. די צייט שרימפּט זי איין. ניט מער דאָס פליישׁ ווערט דערפון נאָך מער צעוויייטיקט. פּאַריז האָט צוגעצויגן דאָס אינגל, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען אָפּגעשיידט פון דער פּלאַסטישער שיינ־קייט. אין פּאַריז איז עס דער נאַטירלעכער עלעמענט, וועלכן מען אָטעמט אַריין אין זיין גאַנצער ריינקייט; און אפילו די אומ־מאָראַלישקייט פון פּאַריז איז נאָך איין מעלה, וואָס דינט צום גוטן. אָבער פראַנץ איז צופיל געווען צוגעוויינט צו דעם אינ־ווייניקסטן לעבן, אַז ער זאָל נישט פילן, ווי דאָס פעלט אויס

אַרום אים; ער האָט געליטן פון דער אַרומיקער איראָניע און טרוקנקייט פון האַרצן. ער האָט פאַרמאָגט גלויבענישן; זיי האָבן אָבער זיך אַלע געשאָקלט. איינער אַליין איז ער ניט געווען בכוח זיך צו באַשיצן קעגן דעם סקעפּטיציזם און דעם הויך פון פאַר־געניגן. זיי זענען ניט געווען געפערלעך פאַר די פריינט. קיין זאַך איז ניט געפערלעך פאַר די, וואָס באַנעמען זיך צו קיין זאַך ניט ערנסט, ווייל קיין זאַך באַנעמט זיך צו זיי ניט ערנסט. פאַר אים אָבער וואָלט אומזיסט געווען די מי; ער האָט זיך צו יעדער זאַך באַצויגן ערנסט... ער איז געזונקען אַרונטער מיט אַ געפיל פון טויטלעכן עקל פאַר ניט זיין בכוח זיך אַנקעגנצושטעלן.

אָט דעמאָלט האָב איך עס אים באַגעגנט. די פריינט, וואָס האָבן מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים, וואוילע, כאָטש גאָרנישט קיין דעליקאַטע מענטשן, האָבן אים זייער ליב געהאַט, און דאָס איז ביי אָט־דעם סאָרט מענטשן געווען אַ גוטער גרונד אים צו באַ־האַנדלען אָן צערעמאָניעס. זיי האָבן זיך געוויילט איבער די אינ־טימקייטן, וואָס זיי האָבן פון אים געהאַט אַרויסגעצוואונגען, און — וואוילע יונגען! — ניט געהאַלטן זייער פאַרוויילונג פאַר זיך אַליין. זייער גאַנצער קרייז האָט דערפון הנאה געהאַט. פראַנץ איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין געזעלשאַפט ווי אַ סימפּאַ־טישער אָבער קאָמישער קוריאָז. נאַטירלעך האָבן זיינע „באַ־שיצער" (זיי אַליין האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַזוינע) עקספּלואַ־טירט זיין נאָכגעביקייט און אָפּהענטיקייט. די מאַדאַם האָט זיך מיט אים געשאַפן פאַר אירע שליחותן, אָדער גאָר מיטגענומען מיט זיך איבער די קראָמען, כדי זיך צו באַראָטן מיט אים און צו לאָזן אים טראָגן אירע פּעקלעך. דער באַלעבאָס פון הויז האָט אַרויפגעצוואונגען אויף אים דאָס לייענען זיינע שרייבעכצן און אים איבערגעבן די אומדאַנקבאַרע אַרבעט צו גיין איבער די רעדאַקציעס. ווער עס האָט נאָר געוואָלט, האָט זיך מיט אים געשאַפן. פאַר דעם האָבן זיי אים געלערנט ווי זיך צו האַלטן, האָבן אים דרעסירט, אים געשטאָפּט מיט עצות, וואָס ער האָט ביי זיי גאָרנישט געבעטן, זיך אַריינגעגנבעט אין זיינע געדאַנקען, מבייש געווען די צניעות פון זיינע באַהאַלטענע געפילן, זיי אַרויס־געשטעלט אין זייער לעכערלעכקייט און נאַקעטקייט, און אַלע

פון זיין אייגענער טובה וועגן. ער וואָלט באַדאַרפט צו זיין אַן אומז'אַנקבאַרער מענטש, ער זאָל זיך דערויף באַקלאָגן.

ער האָט זיך טאַקע אויף קיין זאַך ניט באַקלאָגט; ער איז אָבער, גאָט צו דאַנקען, פון זיין אייגענער טובה וועגן, געווען אַן אומדאַנקבאַרער מענטש... איך האָב עס גלייך דערזען. אונטער דעם געצוואונגענעם שמייכל, מיט וועלכן ער האָט געמוזט אויפנעמען די חניפהדיקע און אָפּשפּעטנדיקע ווערטער, מיט וועלכע מען האָט אים פאַרגעשטעלט, האָב איך דערשפּירט זיין באַשווערטע האַרץ און דעם שאָטן פון זיין דערשלאָגנקייט. איך האָב ניט באַדאַרפט האָבן קיין דערקלערונגען אויף צו פאַרשטיין. מיט איין בליק האָב איך געהאַט אָפּגעמאָסטן די דיסטאַנץ צווישן אים און זיין פּאַטראָן. און ווען יענער האָט גערעדט, האָב איך, ניט צו ענטפערן, זיך געוווּנדערט צו דעם, וואָס האָט געשוויגן, — מיט דעם גאַנצן רחמנות און אַכטונג, וואָס איך וואָלט געפילט צום יונגן אָרעמען, ווען ער איז געווען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די באַרבאַרן. איר וואָלט באַדאַרפט זען דאָס ליכט, וואָס האָט אויפגעשיינט אין זיינע אויגן ביי מיינע ערשטע ווערטער. ער האָט אין זיי דערקענט דאָס לשון פון זיין פאָטערלאַנד. דאָס פאָטערלאַנד, וואָס לעבט אַריבער אַלע איליומס: דאָס פאָטערלאַנד פון פ ר י י נ ט ש אַ פ ט... און אָט־דער רעספּעקט, וואָס די נשמה פון יעדן בן־אָדם איז שולדיק אירע חברטעם און וואָס זי איז אָבער אַזוי קאַרג זיי דאָס צו געבן, האָט אים גערירט ביז טרערן. איך האָב זיך געמאַכט, ווי איך וואָלט זיי גאָרנישט געזען, און גערעדט ווייטער, כדי צו געבן אים צייט צו באַהערשן זיין אויפרעגונג. ער האָט פאַרשטאַנען מיין כוונה; און ווען ער האָט זיך באַהערשט, האָט זיך אָנגעהויבן אונזער שמועס, ערנסט און פריינטלעך, אונטער די אויגן פון טאַאַס, וועלכער האָט דערפון גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. מיר האָבן גערעדט פון ניט וויכטיקע זאַכן. אָבער דער עיקר איז געווען די שטים. אויף זיין בליק, וואָס האָט געפרעגט:

— דאָס ביסטו?

האָט זי געענטפערט:

— דאָס בין איך, ברודער?

ווי נאָר ער איז געקומען צו זיך אהיים, אזוי האָט ער מיר אָנגעשריבן אַ באַגייסטערטן בריוו. אויפן אַנדערן טאָג האָב איך זיך מיט אים ווידער געטראָפן, אַליין...

איך האָב, באמת, זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, אויף ווי ווייט דער אימפּולס פון סימפּאַטיע, וואָס איך האָב אים געהאַט ארויסגעוויזן, וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג אין אָט־דעם פאַרחלשטן הארצן. נאָך ווייניקער האָב איך זיך פאָרגעשטעלט וואָס פאַר אַ פּלאַץ אָט־דער נייער מענטש וועט פאַרנעמען אין מיין לעבען. ווי יעדער מענטש, האָב איך געהאַט אַ צוויי אָדער דריי פריינט. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרלאַנגט פיל פון זיי אָדער זיי פיל געגעבן. עס איז געווען אַן אמתדיק פאַרגעניגן זיך צו טרעפן, אָדער צו טון עפּעס איינס פאַרן צווייטן, אָבער שטילערהייט האָט מען געוואוסט די גרעניצן, וואָס עס איז געווען קליגער זיי ניט אריבערצוטרעטן. דער עגאָאיזם פון יונגע מענטשן האַלט דאָס פאַר נאַטירלעך. מען ערוואַרט ניט פון אַנדערע דאָס, וואָס יענע ערוואַרטן ניט פון אייך. אַ פראַנצויז נעמט דאָס לעבן און די מענטשן, ווי זיי זענען. קיין זאַך ניט צופיל. מען באַדאַרף וויסן ווי צו זיין צופרידן...

„ער איז ניט געווען צופרידן, אָט־דער יונגער אָרעסט, וועלכן איך האָב געהאַט באַפרייט פון די קייטן! ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זיך צופרידנשטעלן. ער האָט גאָרנישט גענומען קיין מאָס פון זיינע געפילן בנוגע צום לעבן. ער האָט מיר געבראַכט אַ פריינטשאַפט, געמאַכט לויט דער מאָס פון אַ פאַרשוואונדענעם מין. כדי זי צוצופּאַסן צו מיינער, האָב איך געמוזט וואַקסן. צופיל איז דאָס מיר ניט געראָטן, איך האָב אָבער געטון אַלץ, וואָס איך בין געווען בכוח. ווייל ער האָט אַזוי געוואָלט. ער האָט מיר אַלץ געגעבן און האָט אַלץ געפאָדערט פון מיר... און, גאָט מיינער, איך גלויב, אַז ער האָט אַלץ, — צי פיל, צי ווייניק, — אַלץ פון מיר אוועקגענומען...

---

נאָך אָט־דער לאַנגער געשיכטע, וואָס ער האָט זי געהאַט איבערגעגעבן אָן איילעניש, מער פאַר זיך אַליין ווי פאַר אַנעטען, פאַרלאַנגזאַמענדיק אין אייניקע מאָמענטן דעם גאַנג, כדי זיי

בעסער פון דאָס נײַ איבערצולעבן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך פאַרדמיונט.

אָנגעבויגן אין זײַן זײַט, האָט אַנעט זיך צוריקגעהאַלטן פון צו מאַכן אַ באַוועגונג, וואָס וואָלט געקאָנט צעשטערן דעם צויבער. אירע אויגן, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם פאַרבייגייענדיקן מי־ראַזש, האָבן נאָך אַלץ געהערט, ווען ער האָט שוין אפילו געהאַט געענדיקט. זשערמען האָט זיי באַטראַכט. עטלעכע מינוט זענען אַזוי אָפּגעלאָפן אין אַ שטומען געשפּרעך. זי האָט אים זייער גוט געהערט. אַביסל זשענירט, האָט זשערמען ווידער גענומען ריידן, גלייך ווי ער וואָלט געענטפערט אויף אַנעטעס געדאַנק (עס האָט געהאַט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט):

— איז דאָס ניט מאָדנע? פון געבוירן אָן לעבט מען מיט זיך, קען מען זיך... אַזוי גלויבט מען... אַ מענטש זעט אויס צו זײַן אַ גאָר פּשוטער ענין. אינגאַנצן פון איין שטיק! אַלע זענען גלייך, אַלע זעען אויס ווי זיי וואָלטן אַרויסגעקומען אינ־גאַנצן פאַרטיקע, פאַרענדיקטע, פון קראָם אַרויס... פּרוּווט מען אָבער צו האָבן מיט זיי צוטון, אַזוי דערקענט מען ערשט, ווי פאַרשיידן זיי זענען, כאָטש געמאַכט פון דעמזעלביקן שטאָף! ווער וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז איך וועל געפינען אין זיך אָן אומבאַ־שעפּטיקטע נשמה פון אַ מוטער אָדער פון אַ פאַרליבטער שוועס־טער?... איר לאַכט...

— איך לאַך פון זיך אַליין, — האָט אַנעט געזאָגט, — מיר פעלן אויך ניט אויס קיין נשמות, וואָס זענען אומבאַשעפּטיקט.

— יאָ, עטלעכע פון זיי זע איך. איר זענט די הירטין פון אַ גאַנצער קליינער סטאַדע.

— אַ גליק נאָך, — האָט אַנעט געזאָגט, — וואָס איך ווער ניט געפירט פון מיינע שעפּסן?

— יעדער איינער באַדאַרף לעבן, — האָט זשערמען געזאָגט, — זאָלן זיי זיך פּיטערן!

— און דער וועכטער?

זיי האָבן געלאַכט.

— די פאַרשאָלטענע געזעלשאַפט! — האָט זשערמען געזאָגט — זי פאַרשטייט קיין זאַך ניט ווי נאָר דעם געזעצן־קאָדעקס.

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און דערנאָך גערעדט ווײַ־טער:

— אָט האָט איר אונזער אָרעמע פרײַנטשאַפט. איז דען דאָ אַ מער מענטשלעכע זאַך ווי ווען מען זעט אַ מענטשן טרינקען זיך און מען ציט אים אויס די האַנט, און ער כאַפּט זיך אָן איר אָן, און מען פירט אים דערנאָך אַוועק און מען וואַכט איבער אים? פון די קינדער־יאָרן אָן איז ער געווען אַוועקגעריסן פון יעדער אמתדיקער ליבע, בעת זײַן אייגענע ליבע האָט זיך אָנגעזאַמלט הינטער אַ דאַמבע פון לייד. ווען ער האָט מיך באַגעגנט, האָבן די שליוזן זיך געעפנט: עס איז געווען אַ שטראָם אַ גאַנ־צער. איך האָב געוואָלט זיך שטעלן אַנקעגן. קאָן מען דען אָבער צוריקווײַזן די מתנה פון אַן אײַדעלן און נאַאיוון האַרצן, וואָס גלייבט אין אונז? מען איז אים דאַנקבאַר פאַר אָט־דעם גלייבן, וואָס מען האָט אים קיינמאָל ניט געהאַט. מען שטרעבט אים ווערט צו זײַן. און אָט־די גרויסע ליבע האָט מיר געלאָזט פילן, אויף ווי ווײַט זי האָט מיר אַליין אויסגעפעלט!... ווען אַ מענטש האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט, געוויינט ער זיך צו צו לעבן בצמצום; די אָרעמקייט עפנט אים די אויגן און ער ערוואַרט מער קיין זאַך ניט פון לעבן. ווען אָבער אָט־די ליבע באַווײַזט זיך, שאַפנדיק אַ פולע האַרמאָניע צווישן צוויי נשמות, דעמאָלט זעט מען ערשט ווי מען האָט געהאַט מיט טרויער אַרויסגעקוקט אויף איר און מען קאָן זיך מער ניט פאָרשטעלן ווי אַזוי מען האָט גאָר געקאָנט אויסקומען צו לעבן אָן דער פרײַנטשאַפט... אָבער אַזאַ אַנט־דעקונג קאָן מען טיילן נאָר מיט די, וואָס האָבן זי אַליין געמאַכט. קיינער פון מײַנע אייגענע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין די טעמים פון אונזער אינטימקייט... די טעמים? עס זענען ניטאָ קיין טעמים! מען נויטיקט זיך איינס אין אַנדערן, כדי זיך אַליין צו דערפילן. נאָר צוזאַמען איז מען איין גאַנצקייט... און גראָד דאָס קאָנען די אַנדערע ניט מוחל זײַן! ווײַל אויב מען איז צוזאַמען איין גאַנצקייט, פילן זיך די אַנדערע באַליידיקט.

— איך ווייס ניט פון אָט־דעם געפיל, — האָט אַנעט געזאָגט, — צוליב דעם אויספעלן פון ליבע, וואָס איך האָב זי קיינמאָל

ניט געהאַט, האָב איך אַדאַפּטירט די ליבע פון אַנדערע. די אַלע, וואָס האָבן זיך ליב, האָבן מיך ליב.

— וואָס פאַר אַן אַפּעטיט! — האָט זשערמען געזאָגט.

אַנעט האָט געענטפערט:

— כ'האָב אָבער גאָרנישט צום עסן.

— אָט טאַקע דערפאַר איז עס! גליקלעך זענען די, וואָס האָבן גאָרנישט, ווייל אַלץ וועט זיי געגעבן ווערן!

אַנעט האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, מאַכנדיק דערביי אַ מינע פון אַנטוישונג:

— דאָס איז אַ וואָרט פון דעם רייכן. מען רעדט איין דעם אָרעמאַן, אַז ער איז מער פון אַלעמען באַשאָנקען מיט אַלדאָס גוטס.

זשערמען האָט איר אָנגערירט די האַנט:

— איר זענט ניט אַזוי אָרעם! אייער שייער איז פול מיט תבואה.

— מיט וואָס?

— מיט ליבע אויף אַוועקצושענקען.

— עס האָט פאַר קיינעם קיין שום ווערט ניט.

— גיט מיר איין גאַרב דערפון! איך וועל שוין וויסן ווי אים אויסצונוצן.

— נעמט עס. מיט וואָס קאָן איך אייך העלפן?

---

די פאַמיליע שאַוואַן האָט קיינמאָל ניט געקוקט גוט אויף אָט־דער אומנאָרמאַלער פריינטשאַפט, וועלכע האָט זיך ניט געהאַלטן אויף דער געמיינשאַפט פון עפּעס אַ סאָציאַלן אינטערעס, ווי פאָטערלאַנד, סביבה, קאַריערע, נאָר חוצפּהדיק געוויזן, אַז זי קאָן זיך באַגיין אָן דעם. שוין פאַר דער מלחמה האָט מען אין דעם פּראָווינציעלן קרייז באַטראַכט פאַר ניט שיין אָט־די אינטימקייט מיט אַ דייטש. מען האָט דאָס, אַזוי ווי זשערמענס אַנדערע גענג, צוגערעכנט צו זיין פּאַרלאַנג צו זיין אָריגינעל. אַנשטאָט צו נעמען זיך די מי צו פאַרשטיין, דערקלערט די דאָרפישע ציין־שטשירענדיקע פאַרשלאָפנקייט פאַר אַן אַנשטעל־מאַכער איינעם פון צווישן זיי, וועלכער טרעט אָפּ אָן אַ זייט פון זייערע מנהגים און גע־

וואוינהייטן. ביז דער מלחמה איז, ווייניקסטנס, געווען אַ מנהג און אַ געוואוינהייט, — אַבי נאָר די ציין־שטשירעריי האָט גע־קראָגן אירס, — צו טאָלערירן דאָס, וואָס מען האָט ניט פאַר־שטאַנען: קיינער האָט זיך אויף דעם ניט אומגעקוקט. זינט אָבער 1914 — אַדיע שיינע גלייכגילטיקייט, וועלכע מאַכט דאָס לעבן אין דער געזעלשאַפט צום פּאַרטראַגן! יעדער איינער האָט זיך חוצפּהדיק גענומען דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן דעם צווייטן, — אַזוי ווייט, אַז אַפילו געפילן זענען אונטערגעוואָרפן געוואָרן אונ־טער אַ וויזע. פּאַרבאָטן ליב צו האָבן אָן אַ פּאַספּאָרט! מען האָט מער ניט געטאָרט זיך מודה זיין אין פריינטשאַפט מיט אַ דייטש. אין די אויגן פון זשערמענס שוואָגער און שוועסטער וואָלט דאָס שלאָפן מיט אַ וואַלד־גזלן געווען ווייניקער אָפּשיילעך ווי דאָס. זיי זענען געווען פיינע לייט, סאָליד און שמאָלקעפּיק.

מאַדאַם דע־סעזשי (מיידלשער נאָמען שאַוואַן), מיט אַ זיבן־אַכט יאָר עלטער פון איר ברודער, האָט פאַרמאָגט די פעסטקייט פון געדאַנק, וועלכע האָט אויסגעפּעלט זשערמענען. זי האָט קיינ־מאָל ניט געהאַט קיין שוועריקייט אין אויסקלייבען: אויף יעדן ענין איז זי געווען פאַרזיכערט מיט איין — ניט מער ווי מיט איין־איינציקן — געדאַנק, אַ באַשטימטן און אָן אָפּגעשלאָסענעם. מען האָט עס ביים ערשטן בליק געקאָנט איבערלייענען אויף אירע פעסטע פיין־געצייכנטע געזיכט־שטריכן: די נאָז אַ לאַנגע און אַ דינע, גייענדיק אַראָפּ אין אַ גלייך־געצויגענער ליניע, וואָס אַז זי ענדיקט זיך, איז עס אויך באַשטימט, איינגעמענדיק פעסט די נאָז־פליגל. דער שטערן אַ בולטער, אָן אַ קנייטשעלע. די האָר אָפּגעצויגן אויף צוריק, ניט אָפּצוטרעטן פון זייער באַשטימטן פּלאַץ, לאָזנדיק פריי די אויערן און די שלייפן. די ברעמען דין און אויסגעבויגן, דאָס אויג שאַרף. דאָס מויל קליין, אַ שמאָל טירעלע, וואָס האָט אויסגעזעצן געשאַפן צו ווערן, כדי צו זיין פאַר־שלאָסן. דער קין פעט, אָבער דאָס געוועב נאָך פעסט, ניט געמי־נערט אויף קיין האָר. קיין קנייטשעלע איז ניט געווען צו זען אויף אָט־דעם געזיכט, נאָר גלייכע ליניעס, פול מיט ווילן. פון אויבן ביז אַרונטער איז געווען דערויף אָנגעשריבן: „אומזיסט זיך צו שפּאַרן!“... זי איז, איבעריקס, געווען העפלעך און צור־

ריקגעהאלטן. קיין האָפענונג גאָר זי אויפצורעגן! זי איז געווען זיכער. זי איז געווען ווי א וואַנט. קיינער שפּאַרט זיך ניט מיט קיין וואַנט, מען גייט אַרום איר; זי פאַרצאַמט און שליסט איין: דאָס איז איר ראַליע! און דאָס, וואָס זי שליסט איין, איז ניט פאַר אייך: פּריוואַט אייגנטום. יעדערער ביי זיך אין דער היים און איר פאַרבלייבט אין דרויסן!...

סעזשי־שאוואן איז קודם־כל געווען „ביי זיך אין דער היים“. דערנאָך איז געקומען די שטאָט, דערנאָכדעם די פּראָווינץ, און ערשט דערנאָך פראַנקרייך. פון דעם אַלעם האָט די מלחמה־גע־שאַפן א בלאָק: דאָס פאָטערלאַנד. אָבער סעזשי איז געווען אין צענטער. זי איז געווען פּרעזידענטין פון דער לאָקאַלער אָרגאַני־זאַציע פון די „פרויען פון פראַנקרייך“. זי האָט, דעריבער, גע־רעכנט, אַז זי איז באַרעכטיגט צו ריידן אין דעם נאָמען פון אַלע פרויען. און וואָס עס זאָגט די פרוי אין פראַנקרייך, דאָס זאָגט נאָך דאָס הויזגעזינט. מאַדאַם דע סעזשי־שאוואן איז, ווי דאָס רוב פראַנצויזינס, ניט געווען קיין פעמיניסטין: האָבנדיק, אין דער אמתן, די מאַכט, באַדאַרפן זיי ניט דאָס רעכט, וואָס זעט זיי אויס צו זיין א קוליע פאַר אַן אינוואַליד. מאַדאַם סעזשי־שאוואן האָט זיך געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע מאַנסבילן פון איר הויז. זי האָט זיך מיט זיי איבערגענומען. איינער איז דערהרגעט געוואָרן (מאָסיע דע־מאַרעיל), דער אַנדערער איז גע־ווען א שווער־פאַרוואונדעטער (איר ברודער); און וואָס איז שייך איר מאַן, אַן אַרטילעריע־קאָמאַנדיר, איז ער שוין זינט זעקס חדשים געווען אונטער דעם שטורעם פון ווערדון. זי איז ניט גע־ווען קיין קאָרנעליאַ. זי האָט ליב געהאַט אירע האָראַצן. זי איז ניט באַשטאַנען דערויף, אַז זיי זאָלן שטאַרבן. זי האָט מיט אי־בערגעגעבנקייט געזאָרגט פאַר זיי. וואָלט זי געהאַט די ברירה, וואָלט זי געטיילט זייער גורל. זי וואָלט זיי אָבער אויך ניט גע־שוינט קיין איינעם פון זייערע שווערע נסיונות. פראַנקרייך, די פּראָווינץ, די שטאָט, די סעזשיס האָבן געהאַט רעכט. מען האָט באַדאַרפט באַווייזן דאָס רעכט דורך האַנדלונג. דאָס רעכט איז גאָרנישט אָן האַנדלונג. און מ י י ן רעכט — גערעכט אָדער אומגערעכט — איז ד אָ ס רעכט. יעדער סעזשי — און

פראַנקרייך — וועלן גיכער שטאַרבן, איידער איך וועל זיך דער־פון אָפּזאָגן... זי האָט געהערט צו דער ליניע העלדישע לאָדער פון די אַלטע צייטן. די מלחמה, דאָס לעבן, דער טויט איז אַ געריכט־פּראָצעס. איך וועל פאַרלירן אַלץ, וואָס איך האָב, איך וועל אָבער ניט איינגיין אויף קיין פּשרה...

מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן, אַז צו אַזאַ מין פרוי קומט מען ניט ריידן וועגן די רעכט פון דעם צווייטן צד!... זי איז געווען שטאָלץ אויף איר ברודער: ער האָט פּאַרטיידיקט פראַנק־רייך און זי האָט מיט אַלע כּוחות אים פּאַרטיידיקט קעגן דעם טויט, וואָס האָט געהאַלטן אין קומען. זי וואָלט אים אָבער גיכער געלאָזט שטאַרבן, איידער נאָכצוגעבן אָט־דער שענדלעכער שוואַכקייט, — אַ פריינטשאַפט מיט אַ דייטש. זי וואָלט געווען דערפון געוואוסט, ווען עס וואָלט איר געווען צום הארצן. עס איז איר אָבער געווען צום הארצן דאָס צו איגנאָרירן. און זשערמען האָט דערצו געגעבען זיין הסכּמה. עס איז געווען צווישן זיי מכוח דעם אַ שטילער אָפּ־מאַך. ווער עס האָט ליב, דער מיידט אויס צו באַליידיקן — ניט נאָר אין ווערטער (מאַדאַם דע־סעזשי האָט געהאַט אַ קאָנ־טראָל איבער זיך), נאָר אַפילו ניט אין געדאַנק (וואָס דאָס איז נאָך ערגער!) דעם נאָמען פון דעם, וואָס איז אים טייער.

מאַדאַם דע־שאַוואַן, די מוטער, איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געוואוסט וועגן איר זונס עקשנותדיקער פריינטשאַפט. און אַזוי ווי זי האָט אים ליב געהאַט, האָט זי צוגעמאַכט די אויגן, ניט צו געבן אָבער דערויף איר הסכּמה. איר שטילשווייגן האָט געוויכט פון דעם סוד, וואָס זשערמען האָט גאָרנישט געהאַט קיין חשק איר צו פאַרטרויען. זי איז געווען אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט איר גאַנץ לעבן זיך געמאַכט אַ געזעץ פון אויסצוהיטן זיך צו שטרייטן קעגן די הערשנדיקע מיינונגען, מנהגים אָדער פאָראורטיילן. איר האַרץ איז אפשר געווען אָדער וואָלט געקאָנט זיין פריי, זי האָט עס אָבער שוין אַזוי לאַנג ניט געלאָזט ריידן! נאָך אַן אַקטיוון לעבן, וואו עס איז ווייניק פּלאַץ אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די געפילן, איז געקומען אַ מאָראַלישע מידיקייט, און מיט איר אַ נייגונג צו רו, וועלכע ווייכט פון יעדן איינעם, וואָס קאָן ברענגען מיט זיך אומרו.

דאָס האַרץ אירס האָט נאָך ניט געהאַט פאַרלוירן די טיפע צאַרט־קייט, זי איז אָבער געווען אײַנגאַנצן אַרײַנגעטון אין דער באַדער־פעניש צו רוען. זי האָט געדריקט די האַנט פון איר גרויסן קראַנקן זון ניט ווייניקער דערפאַר ווײַל זי האָט געוואוסט, וואָס ער האָט געהאַט אויפן זינען, ווי כדי אים דערמיט צו בעטן, אַז ער זאָל צו איר וועגן דעם ניט ריידן.

אַנעט איז געווען די ערשטע, פאַר וועמען זשערמען האָט גע־קאָנט פאַרטרויען זײַן צוגעבונדנקייט, זײַן אַנגסט, וועלכע האָבן מער באַשעפטיקט זײַן געדאַנק ווי דער אויסגאַנג פון די שלאַכטן. און ווען אַנעט האָט זיך פאַרוואונדערט:

— אָבער מאַדאַם דע מאַרעיל? —

(זי האָט זיך געפילט צוגעצויגן פון דער יונגער פרוי, וועלכע האָט זיך געהאַלטן אָן אַ זײַט, צוגעצויגן פון איר אומעטיקן שמייכל).

האָט זשערמען, אַ פאַרלוירענער, געמאַכט אַ שוואַכע באַוועגונג מיט די הענט:

— איר ווייניקער ווי אימיצן אַנדערש?

זי איז גוט. זי איז ריין. ער האָט זי ליב, די יונגע שוועגערין. זיי זענען צוגעלאָזן איינס צו אַנאַנדער דורך אַ צניעותדיקער ליבע, וואָס זיי באַדאַרפן זי גאָרנישט אויסדריקן מיט ווערטער. דאָך ליגט צווישן זיי אַ גאַנצע וועלט...

ער האָט געזאָגט:

— באַטראַכט זי גוט!

— איך האָב זי שוין באַטראַכט, — האָט אַנעט געענטפערט,

— זי איז געראָטן אין דער גוטער הייליקער מוטער פון מאַר־טורע.

זשערמען האָט אַ שמייכל געטון:

— אין אָט־דער צאַרטער זי־פויגל מיט דעם איינגעבויגענעם האַלז, וואָס מיט אירע אַביסל פינטלדיקע אויגן, מיט אירע מילדע, קורצזיכטיקע אויגן באַטראַכט זי דאָס קינד, צערטלענדיק דערבײַ זײַן קליין פיסל? זי האָט איר בולטן שטערן, דיזעלביקע דעלי־קאַטע נאָז און אויסגעצויגענע נאָמבע, דעמזעלביקן צאַרטן, קינדישן שמייכל, דיזעלביקע דינע ליפּן. אָבער דער טרויער האָט אויסגע־

שפּריִיט זיין שלייער איבער איר. וואו איז דאָס קינד? זי זוכט אים. זי וואַרט אויף אים. ער איז אויפן הימל. איר גאַנצע ליבע איז אַהין אַוועק. וואָס פאַרבלייבט פאַר אונז דאָ, אויף דער ערד? זי איז געדולדיק, זי באַקלאָגט זיך ניט, זי טוט דאָ איר פליכט. אָבער אָן חשק, — זי וואָלט אונז ניט וועלן פאַרשאַפן קיין צער, — זי ווייזט שוין צופיל ארויס, אַז דאָ, אויף דער ערד, איז עס פאַר איר ניט מער ווי נאָר אַ דורכגאַנג. און מיר זענען פאַר איר פאַרבייגייער.

— וואָס מאַכט עס אויס, אַבי זי שענקט די, וואָס גייען פאַר־ביי, די נדבה פון איר שמייכל?

— זי שענקט טאַקע די נדבה, איך ווייס אָבער, וואָס עס קאָסט איר אַליין. נאַרט זיך ניט אָפּ! אַנעט, אָט־דער שמייכל באַ־דייט: „נעמט עס!”

— דאָס איז חכמה.

— ניט אייערע.

— איך בין ניט קלוג.

— דער שמייכל זאָגט: „נעמט אַלץ: דאָס מזל, דעם טויט, דאָס אַוועקגיין פון די, וואָס האָבן אייך ליב!” זי האָט ניט קיין שנאה. זי גלייבט אָבער, אַז אַזוי ווי די מלחמה איז דאָ, איז זי פון גאָט; און זי פאַרערט זי. זי וואָלט ניט דערלויבט, — איר האָט עס אַליין געזען, — אַז מען זאָל זי שענדן דורך גרוייזאַמ־קייט, דורך פראַס, דורך אויסנוצן צום שלעכטן די מאַכט איבער דעם באַזיגטן. זי איז באמת נאָבל, אָבער אין דעם פאַרצייטיקן זינען. דאָס, וואָס עס איז געווען, דאַרף זיין, וועט שטענדיק זיין. ווייל דאָס, וואָס עס איז געווען — צי גוט, צי שלעכט, — האָט זיין יחוס. עס שטאַמט פון דער ראַסע. עס שטאַמט פון גאָט. זי וואָלט קיין זאַך ניט געטון דאָס צו ענדערן.

— איך נעם עס ניט אָן. איך שטאַם ניט פון דער ראַסע. איך ווייז צוריק, אָדער איך נעם.

— נעמט מיין קאַמף! ער איז פאַרלוירן.

— פאַרלוירענע קאַמפן זענען די, וואָס איך האָב ליב.

— איך שטרעבט צו פאַרלירן.

— ניין! צו געווינען דעם קאמף קעגן דעם מזל אליין איז א נחת־רוח!

— און טאמער פארלירט איר?

— וועל איך אנהויבן אויפסניי.

— אבער איך בין אין געאייל, אנעט, איך קאן ניט ווארטן, אז מען זאל אנהויבן אויפסניי. איך האב ניט, אזוי ווי איר, אן אומבאגרעניצט לעבן.

— ווער ווייס?

— ניין. איך נער זיך ניט מיט קיין אוטאפיעס. איך בין אויף דער ערד. איך וועל דא לאנג ניט פארבלייבן. פאר מיר מוז עס זיין היינט אדער קיינמאל ניט.

— נו, גוט, לאמיר אלץ איינשטעלן אין שפיל אויפן היינט. איך וועל זיך אליין איינשטעלן. ווייזט מיר דאס שפיל!

---

אנעט האט איינגאנצן, ניט צו טראכטן פון גארנישט, זיך אריינגעטון אין דעם פלאן. די דאזיקע פרוי, וועלכע האט געהאט א באדערפעניש צו זיין אקטיוו, וועלכע האט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיטן געדאנק אליין, מיט דער כוונה, און וועלכע האט זינט דעם אנהויב פון דער מלחמה נאך ניט געהאט געפונען דעם וועג פון איר טעטיקייט, האט אים דא פלוצלינג אנטדעקט אין איר אבסאלוטן אוועקגעבן־זיך דער הייליקער, דער ריינסטער ליבע, — דער פריינטשאפט פון די צוויי מאדנע יונגעליים. זי האט זיי אוועקגעגעבן די ברויזיקע כוחות, וואס זענען געווען אין איר, אינאיינעם מיט איר ליידנשאפט, וועלכע האט, צו זאגן דעם אמת, זיך כמעט געגרעניצט מיט משוגעת. זי אליין האט עס מודה געווען. איר שכל האט איר געזאגט:

— דו וועסט פאר דעם באצאלן!

— דאס וועט זיין שפעטער. איצט קויף איך...

— פאר מער ווי דו פארמאגסט.

— דאס וועלן מיר זען!...

משוגעת! אבער וואס מאכט עס אויס! זי האט זיך געמוזט אונטערגעבן; און זי האט פאר זיך גארנישט ניט פארלאנגט, זי האט ניט ערווארט קיין שכר. עס איז געווען גענוג פאר איר

גליק צו געבן גליק — און צו ריזיקירן... ריזיקירן!... זי איז גע־
ווען אַן אַזאַרט־שפּילערין... (זשערמען האָט עס גוט געזען).

און דעם אמת געזאָגט, פון דעם מאָמענט אָן, וואָס זשערמען האָט דאָס איינגעזען, האָט ער עס אויסגענוצט פאַר זיך. ער האָט זי מער ניט געשוינט. ער האָט פאַרגעסן די סכנות, צו וועלכע ער האָט זי אויסגעשטעלט. די קראַנקהייט ווייס ניט פון קיין רחמנות.

אַנעט האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין און עס האָט זיך איר איינגעגעבן צו קומען אויפן שפּור פון דעם יונגן מלחמה־געפאַנגענעם. ער איז געווען פאַרהאַלטן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, לעבן אַנ־זשער. דורך דער פאַרמיטלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַגענ־טור פון מלחמה־געפאַנגענע, אין זשענעווע, האָט זי אים איבערגע־שיקט אַ בריוו; און דער פאָדעם פון לעבן איז ווידער צוזאַמענגע־בונדן געוואָרן צווישן די צוויי פריינט. אַנעט האָט אונטער איר נאָמען געשיקט און באַקומען בריוו פון איינעם צום צווייטן. זי איז נעגאַנגען אין געהיים זיי צו קריגן און זיי איבערצוגעבן זשער־מענען.

ווען אירע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די ערשטע שורות פון פראַנצעס ערשטן בריוו, האָט זי זיי פון דאָרט ניט גע־קאָנט אַוועקרייסן: עס איז געווען אַזאַ אויסגעשריי פון ליבע, אַז זי האָט זיך דערפילט פון זיי איינגעקלאַמערט אַזוי ווי מיט צוויי אָרעמס. זי האָט זיך געפּרוּווט פרייצומאַכן, עס האָט איר אָבער אויסגעפעלט כוח. זי האָט איבערגעלייענט דעם בריוו ביז צום סוף. און ווען זי האָט געהאַט געענדיגט, מיטן בריוו אויף די קני, איז זי געבליבן אָן אַן אָטעם, גלייך ווי נאָך אַן אַטאַקע. זי האָט געהאַט פיל שוועריקייט צו באַהאַלטן פון די שאַוואַנס די שטראַלע־דיקע ליכטיקייט, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט. ווען אָבער זי איז געווען אַליין מיט זשערמענען, האָט געלויכטן פון איר מיט אַזאַ פרייד, אַז זשערמען האָט עס גלייך פאַרשטאַנען; די הענט אויס־געשטרעקט צו איר, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ באַפעלערישער שטים, וואָס האָט געציטערט פון אומגעדולד:

— גיט עס מיר!

זי איז אַפּגעטראָטן אַן אַ זייט, בעת ער האָט געלייענט. אַ שטילקייט איז געפאַלן אויפן צימער. אַנעט איז געשטאַנען און האָט אַרויסגעקוקט, גאָרנישט צו זען, דורכן פענצטער, אין דעם הויף אַן זון. זי האָט געהערט דאָס שאָרכן פון די בלעטלעך, דאָס פאַר־שטיקטע אָטעמען. דערנאָך איז אַלץ שטיל געוואָרן. אין גאַס, פון יענער זייט וואַנט, האָט לאַנגזאַם דורכגעצויגן אַ וואָגן, געשפּאַנט מיט אָקסן. עס האָט זיך געדאַכט, ווי דער וואָגן וואָלט געקלאַפּט מיט די רעדער, ניט צו רירן זיך פון אָרט. עס האָט דערמאָנט אַן דער אומבאַוועגלעכקייט פון די פליינען פון מיטל־פראַנקרייך, אַן דער צייט, וואָס שטייט דאָרט אויף איין אָרט. דער געשריי פון דעם אָנטרייבער, אַ געשריי פון אַ דורכשוועבנדיקן פויגל. דאָס קלאַפּן פון וואָגן איז לאַנגזאַם פאַרגאַנגען. די אַלטע אויפגע־טרייסלטע ווענט האָבן צוריק אָנגענומען זייער אומבאַוועגלעכקייט. און ווידער האָט די צייט גענומען פליסן אין די צוויי נשמות. זשערמענס שטים האָט גערופן:

— אַנעט!

זי האָט זיך אומגעדרייט און איז צו צו אים. ער איז גע־לעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט. דער בריוו איז געלעגן אַן אָפענער אויפן בעט. ער האָט געזאָגט:

— לייענט!

זי האָט זיך מודה געווען:

— אַנטשולדיקט! איך האָב אים שוין איבערגעלייענט.

ניט צו קוקן אויף איר, האָט ער איר אויסגעצויגן די האַנט.

— דאָס איז אייער רעכט. עס געהער אייך. איך האָב עס אייך צו פאַרדאַנקען.

און ניט צו זאָגן קיין וואָרט, וואָס זאָל האָבן אַרויסגעגעבן זיין גערירטקייט, האָט ער אָנגענומען דעם זוים פון אַנעטעס קלייד און אַ קוש געטון.

פון דעמאָלט אָן פלעג זי, אויף זיין פאַרלאַנג, לייענען די בריוו פון די צוויי פריינט. דער שטראָם פון צאַרטקייט איז אַדורך דורך איר. זי האָט דערצו צוגעמישט איר אייגענע באַ־פאַרבונג און איר אייגענעם פייער. יעדערער פון די צוויי האָט

ליב געהאַט נאָר פאַר זיך. זי האָט ליב געהאַט אי פאַר זייביידן, אי פאַר זיך. זי איז געווען דער בוים, אויף וועלכן די צוויי פייגל האָבן זיך פאַראייניגט. זי האָט געהערט אין איר בלעטער־קרוין דאָס געזאַנג פון האַרציקער פריינטשאַפט. אַ נייע לופט, אַ אינגערער הימל האָבן איינגעהילט אירע אויפגעלעבטע צווייגן. די צייט און די מלחמה זענען אַפּגעווישט געוואָרן...

אַ מאָדנער, וואונדערלעכער דועט! ווען אַנעט האָט צוגעמאַכט די אויגן, כדי צו קאָנען אים בעסער הערן, האָט זיך איר אָפּגע־דאַכט, אַז איינע פון די שטימען איז געווען די שטים פון אַ יונגער מיידל, די אַנדערע — די שטים פון אַ מוטערלעכער פרוי. די צווייטע האָט געהאַלטן אירע אָרעמס אויסגעשטרעקט פאָראויס. די ערשטע האָט זיך אין זיי אַריינגעוואָרפן.

פראַנצעס ערשט געזאַנג איז געווען וועגן זיין פאַרצווייפלטן שטרעבן צו פרייקייט. ענדלעך, האָט ער געפונען אַ מקום־מקלט! דריי יאָר צייט האָט ער זיך געהאַט געשטיקט אין דעם חלשות־דיקן געמיש פון אָנגעהורבעטע נשמות און קערפּער. קיינער איז דאָרט ניט געווען דורכגענומען, אַזוי ווי ער, מיט דעם עקל־געפיל פון אַן אַריסטאָקראַט. קיינמאָל ניט צו זיין אַליין! דער ערגסטער מין איינזאַמקייט!... מען פאַרלירט זיך אַליין!... ער האָט ניט פאַרמאָגט די איבערפליצנדיקע מענטשלעכקייט פון יענע שטיין־רייכע הערצער, וועלכע גיסן עס פונאַנדער אַרום זיך, ווייל זיי האָבן שוין צופיל דערפון... צי גייט עס לאיבוד אָדער ניט... „טרינקט, הערדן, אָדער פליושקעט זיך אין דעם! אויב ניט איר, וועט די ערד טרינקען"... ער האָט מורא געהאַט צו טיילן זיין זעאונג מיט אויגן, וואָס זענען ניט פייאיק זי אָפּצושפּיגלען... און פון דער אַנדערער זייט האָט אים אויסגעפעלט די פּראַקטיקע שפּע פון די גרויסע איינזאַמע קינסטלער, וואָס זיי אַליין זענען זיך געננוג: אַ וועלט אין זיך. ער איז געווען אַ צאַרט אינגל פון זיבן־און־צוואַנציק יאָר, וואָס איז פאַרבליבן יונגטלעך און איז פאַר־צוקט געוואָרן פון אַ באַדערפעניש אַריינצוגיסן דעם שטראָם פון זיין פאַרדריקט האַרצן אין אַן אַנדער האַרץ, אַ שטאַרקערס, וואָס זאָל זיין גרייט אים אויפצונעמען. דער שטראָם איז געווען צו שוואַך צו גיין צו זיין אייגענעם ציל, סיידן ער זאָל געפינען דעם

טייך פון ליבע, וואָס זאָל אים מיטשלעפּן אין זיין לויף. ער האָט זיך איבערגעגעבן מחמת עגאָאיזם. ווייל צו ווערן גענומען הייסט נעמען. עס הייסט, אַנפילן מיטן אייגענעם שטראָם אַ נשמה, וואָס שניידט פאַר אייך דורך דעם טאָל... ער האָט זי צוריקגעפונען און זיין פרייד איז געווען אָן אַ גרעניץ.

אויף אַ קורצער ווײַלע... אין עטלעכע טעג אַרום איז די ערש־טע פרייד געוואָרן אויסגעשעפּט און דאָס אומגעדולדיקע האַרץ האָט בלויז געפילט דעם ווייטן מהלך, וואָס איז געווען צווישן זיי. עס האָט אויסגעשריגן זיין פאַרלאַנג און זיין צער. זיינע בריוו, אָן קלאָרקייט, האָבן וויייניק באַשריבן. זיי האָבן גערופן. עס איז קיין צווייפל ניט, אַז די צענזור וואָלט ניט געווען אַדורכ־געלאָזן וואָסערע־עס־איז באַשטימטע דעטאַלן וועגן דעם לעבן אין לאַגער. אָבער פון אַלע באַשרענקטקייטן האָט אָט־די ווייניקער פון אַלץ געדריקט אויף דעם יונגן מלחמה־געפאַנגענעם. פאַרטון אײַנגאַנצן אין זיך, האָט זיין אַ י ך געהאַט ווייניק צייט צו טראַכטן פון אַנדערע. ער האָט אויסגערעדט זיין האַרץ מיט אַ נאַאיווער, רירנדיקער, איבערגעטריבענער פאַרטרויִלעכקייט. ער האָט פאַר־מאָגט די אומרואיקע, האַסטיקע און פאַרצוקטע סענטימענטאַליש־קייט פון אייניקע עסטרייכישע נפשות, אַביסל צו דעליקאַט, אַביסל קלאָנגעווודיק, וואָס נאָר די גראַציע און די יוגנטלעכקייט קאָנען זי ראַטעווען. זיין געזאַנג איז געווען אַ ליד אין דער פאָרם פון אַן אומאויפהערלעכער ר אָ נ ד אָ פון עלעגישער צאַרטקייט. די נאַכ־טיגאַל האָט זיך דאָרט אויסגעשעפּט. ער האָט אָבער זיך איינגע־הערט אין זיין אייגענעם געזאַנג. זיין האַרץ האָט געבלוטעט. ער האָט געוויינט איבער זיין האַרץ. אפילו אין דעם, וואָס ער האָט אים ליב געהאַט מער פון זיך אַליין, האָט ער ליב געהאַט זיך אַליין, — דעם לעבעדיקן עכאָ, וואָס ער האָט אים אויפגעכאַפּט און פאַרלענגערט, זיין שטיל געזאַנג.

זשערמענס געזאַנג איז געווען פעסטער. זיין מעלאָדיע האָט זיך געצויגן אין איין אָטעם, ניט צו ווערן איבערגעבראָכן. די קלאָרע ליניע האָט זיך ניט געצירט מיט „ציקלען" און טרעלן. ער האָט זיך באַהערשט. ער האָט גערעדט ווייניק וועגן זיך אַליין. ער האָט גאָרנישט, כמעט גאָרנישט ניט דערציילט וועגן זיין צו־

שטאַנד; ווייל ער האָט געטראַכט פון דעם אַנדערן און מורא גע־
האַט אים איבערצושרעקן. זיינע בריוו זענען אָבער געווען פול
מיט פראַגעס וועגן דעם פריינטס געזונט, וועגן די היגיענישע באַ־
דינגונגען, וועגן זיין פאַרהאַלטן זיך מיט זיינע אויבערס און מיט
זיינע חברים. ער האָט געטרייסט, געעצהט, איינגעשטילט. ער איז
קיינמאָל ניט מיד געוואָרן איבערצוחזרן זיינע צאַרטע, געדולדיקע
און דרינגלעכע עצות פאַר דעם גרויסן קינד, וואָס האָט זיי אויס־
געהערט נאָר אויף העלפט. די דאָזיקע קליינלעכע צודרינגלעכ־
קייט איז געווען אַביסל לעכערלעך. אָבער דעם דאָזיקן שפּאַסטריי־
בער האָט ניט אויסגעמאַכט, אַז מען זאָל פון אים לאַכן. און אויב
אַנעט האָט ביים לייענען געשמייכלט, איז עס געווען דערפאַר,
ווייל זי האָט אין אָט־דעם מענטשן געפונען אירע אייגענע
„משוגעתן”, אָט־די מוטערלעכקייט פון הארץ, וואָס ווייס ניט פון
קיין גרעניץ און איר אומרואיקער באַדערפעניש צו באַשיצן. זי האָט
אַנטדעקט אין אָט־די צוויי אינגלעך די אייביקע מוטער, וועלכע
איז אין יעדן לעבעדיקן נפש, כאָטש די דערציאונג פון דעם מאַן
דערשטיקט זי און ער וואָלט זיך אפילו געשעמט דאָס מודה צו
זיין. זי איז געווען גערירט, ווייל זי האָט געהאַט דערקענט אָט־די
מוטערלעכקייט אין איר גאַנצער ריינקייט.

עס איז אין דעם ניט געווען קיין צווייִדייטיקייט. די קלאָר־
קייט פון אַ קרישטאָל. אַ ליידנשאַפט, וואָס איז געווען אַזוי נאַטיר־
לעך און אַזוי פּאַטאַל ווי דאָס געזעץ פון שווערקראַפט. צוויי
נשמות, צוויי וועלטן, וואָס זייערע קרייזלויפן אַרום דער זון זענען
אַזוי צוזאַמענגעפלאָכטן ווי אַ פאָדעם אין די הענט פון אַ שטריק־
לער. צוויי איינזאַמקייטן, וואָס האָבן זיך באַהעפט, כדי צו שאַפן
אַ ריטם און צו קאָנען אָטעמען. די איינזאַמקייט פון דעם, וואָס
פאַרשטייט קיין זאַך ניט אין דער מענטשלעכער סטאַדע, וואָס איז
פאַרלוירן אין דעם וואַלד פון מאַלפּעס און טיגערס, וואָס רופט נאָך
הילף. די איינזאַמקייט פון דעם, וואָס פאַרשטייט אַלץ, וואָס פאַר־
שטייט צופיל: ער האָט זיך וועגן קיינעם ניט געקימערט און קיי־
נער האָט זיך וועגן אים ניט געקימערט; און ווען אַ לעבעדיקער
נפש, אַן איין־און־איינציקער, האָט זיך גענויטיקט אין אים, כדי צו
קאָנען עקזיסטירן, האָט דאָס צוגעגעבן זיין לעבן אַ דערלייזנדיקן

ווערט. דער דערלייזער ווערט אליין דערלייזט דורך דעם דער־לייזטן.

האבען זיי אבער ביידע נים געזאָלט זוכן אָט־דעם מקום־מקלט אין די אָרעמס פון דער, וואָס די נאטור האָט זי אונז גע־געבן אויף אריינצוגיסן אין איר דעם ברענענדיקן שטראָם פון אונ־זערע פארלאנגען און פון אונזערע מאטערנישן, אָדער זיי אויסצו־מישן מיט אירע אייגענע? די פרוי... דאָס איז געווען זייער סוד. אנעט האָט קוים געקאָנט אריינבליקן אין אים. פאר פראנצן איז דאָס געווען א ווייטקייט, א מורא. פאר זשערמענען — א פרי־צייטיקע אנטוישונג, א פארביטערטקייט. (צווישן די חברים אין די שוצגראָבנס איז ער נים געווען דער איינציקער צו וויסן פון אָט־דעם געפיל!) פאר ביידן — אַן אמתער אָדער פאַלשער, אָבער מעכטיקער אינסטינקט, אַז די פרוי איז אַ באַזונדערע וועלט. זשער־מען האָט געהאַט פאַר אַנעטען אַ געפיל פון צערטלעכקייט און אַכטונג, ער האָט זיך איר איננאַנצן פאַרטרויט. אָבער אַנעט האָט זיך אין דעם נים גענאַרט: ער האָט זיך איר פאַרטרויט, ווייל זי איז געווען דער איינציקער לעבעדיקער מענטש, וואָס ער האָט געקענט זיך ווענדן צו איר נאָך הילף; ער איז געווען זיכער אין איר געטריישאַפט און גרייטקייט אים צו דינען, כאָטש ער איז נים געווען זיכער, צי זי פאַרשטייט אים. נים איין מאָל האָט אַנעט זיך אָנגעשטויסן, אַז די ווערטער, מיט וועלכע ער האָט זיך צו איר געווענדט, זענען נים געווען פאַר איר, נאָר זענען איבער איר קאָפּ געגאַנגען צו דעם נים־אָנזיכטיקן פריינט. און ווען זי האָט געלייענט זייערע בריוו, האָט זי איינגעזען דעם חילוק אין דער האַרמאָניע צווישן אירע שמועסן מים זשערמענען, וואָס האָבן פאַר־געשטעלט אַ קאָנטראַפּונקט פון פאַרשיידענע מאָטיוון, האַרציק צו־זאַמענגעוועבט, און דעם דועט פון דער מעלאָדישער פריינטשאַפט, וואו יעדער טאָן האָט מיט זיין האַרמאָנישקייט געוועקט אַ ברו־דערלעכן אַקאָרד. זי איז דערויף נים געווען אייפערזיכטיק. עס האָט איר אפילו הנאה געטון. עס זענען פאַראַן צייטן, ווען מען האָט מער הנאה צו הערן אַ שיינעם קאָנצערט ווי אַליין זיך צו באַטייליקן אין אים.

זי האָט דאָך געהאַט אין דעם אַ חלק, — גאָר אַליין נים צו

וויסן וועגן דעם, — ווייל אין איר האָבן זיך עם די צוויי שטימען פאַראייניקט. זי איז געווען די נשמה פון דער פידל.

---

די פאַמיליע שאַוואַן האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן וועגן אָט־דעם מיסטעריעזן אויסטויש פון געדאַנקען.

זיי זענען אַדורכגעגאַנגען אונטער די שלייערן פון דער משולחטע, וועלכע איז אָט אַריינגעקומען, אָט אַרויסגעגאַנגען.

די פאַרשנדיקע אויגן פון דעם געלאַנגוויילטן זיבן־יעריקן אינגל, וואָס האָט שטענדיק נאָכגעשפּירט און געחלומט, האָבן זיך אָנגעשטויסן וועגן דעם אויסטויש פון די בריוו. ער האָט וועגן דעם גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט געפירט אַ פאַרבאָרגן לעבן, ניט צוצולאָזן אַהין די דערוואַקסענע. ער האָט אַהין אַריינגעטראָגן, ניט צו פאַרשטיין, אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט צוגעזען, בויענדיק דערויף מאָדנע פאַנטאַזיעס. ער האָט געגלויבט, אַז אַנעט און זשערמען פירן צווישן זיך אַ שטילע ליבע; און אַזוי ווי ער פלעג צוגעצויגן ווערן פון אָט דער פרוי מיט די בלאָנדע האָר, וועלכע האָט געבראַכט מיט זיך אַ ליכטיקייט אין הויז אַריין, האָט ער דערפילט אין האַרצן אַ מאָדנעם ווייטיק: ער האָט זי אי פיינט געהאַט, אי משוגע ליב געהאַט.

מאַדאַם דע סעזשי־שאַוואַן, אַ בעל־גאַווהניצע, האָט אָפּגעקערט די אויגן. זי האָט גאָרנישט ניט געוואָלט וויסן.

מאַדאַם דע־מאַרעיל האָט אויף אַן אמתן גאָרנישט ניט געוואוסט. איר לאַיאַלע נשמה וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט חושד זיין עפּעס אַזוינס, וואָס איר שטרענגע השגחה פון פליכט וואָלט עס געהאַט פאַרדאַמט. זי אָט צופיל געהאַלטן פון זשערמענען ניט צו גלויבן, אַז ער זאָל ניט פּונקט ווי זי אויך ברענגען זיין האַרץ פאַר אַ קרבן צו די אויסשליסלעכע פאָדערונגען פון פאָטערלאַנד. און דאָך איז זי פון אַלעמען געווען די נעענטסטע צו פאַרשטיין די באַצווינגענדיקע אָנגענעמלעכקייט פון אָט־דעם בונד פון פריינטשאַפט. ווי אָבער וואָלט זשערמען געוואַגט דאָס רעכטצופאַרטיקן פאַר איר, — פאַר איר, וועלכע האָט פאַרלוירן דעם, וואָס זי האָט ליב געהאַט, און וועלכע האָט סטאָאיש, ניט צו באַקלאָגן זיך, פאַרגעבראַכט פאַר איר גאָט איר פּיין און איר יאוש?

מאַדאַם דע־שאַוואַן, די מוטער, איז געווען די איינציקע צו וויסן פון זשערמענס סוד. מען האָט אים ניט געקאָנט פון איר אויסבאַהאַלטן. זי האָט אים געזען שרייבן און לייענען די בריוו; זי איז געווען דער שטילער שותף פון סוד. זי האָט ניט געקאָנט ניט האַלטן מיט דעם, ניט זיין קעגן. זי האָט געזען אָט־דעם גרויסן זון אירן, וואָס די קראַנקהייט האָט אים געהאַלטן אין איין פאַר־צערן. זי האָט אים מער ניט געקאָנט משפטן. זי האָט געוואָלט, ער זאָל, וויינ־יקסטנס, האָבן אָט־די איינציקע פרייד. זי האָט געצי־טערט, טאָמער וועט דער סוד אויפגעדעקט ווערן און צווישן דעם קראַנקן און דער משפחה וועט פאָרקומען אַ צוזאַמענשטויס, אין וועלכן איר האַרץ וואָלט באַגלייך געטראַמפּלט געוואָרן דורךביידע צדדים: פון איין זייט האָט זי געהאַלטן, אַז די משפחה האָט געהאַט רעכט אַנקעגן איר זון; פון דער אַנדערער זייט אָבער איז איר זון געווען איר זון. עס איז פאַראַן אַ געזעץ. און עס איז פאַראַן אַזוינס, וואָס איז איבער דעם געזעץ.

ווי ניט־נאָכגעביג מאַדאַם דע סעזשי־שאַוואַן איז געווען, האָט זי אויך געוואוסט, ניט אַרויסצואווייזן עס אָפן, פון אָט־דעם פּריי־ווילעגירטן רעכט, וואָס גייט אַנקעגן דעם רעכט. זי איז געווען אַ שוועסטער. זי האָט געזען דעם טויט אויף זשערמענס געזיכט. און זי האָט געשוויגן אין אָנגעזיכט פון דעם, וואָס האָט געהאַלטן אין אָנקומען. עס איז געווען אוממעגלעך פאַר איר ניט צו וויסן, אַז עפּעס ווערט פון איר אויסבאַהאַלטן. זי האָט אָבער זיך געהאַלטן אַזוי, אַז דאָס זאָל אויך ווייטער פאַרבלייבן פאַר איר אַ סוד. ווען זי האָט געוואָלט אַריינקומען אין דעם קראַנקנס צימער, האָט זי געזען צו לאָזן וויסן וועגן איר אָנקומען דורך ריידן הויך, כדי ער זאָל האָבן צייט ניט צו לאָזן איר זען דאָס, וואָס האָט ניט באַדאַרפט געזען ווערן.

זי האָט אויסגעלאָזט איר כעס צו אַנעטען, וואָס אירע וויזיטן זענען געוואָרן אַלץ אָפטער און אָפטער. זי האָט עס אַרויסגעוויזן ניט מער ווי דורך אַן אַן אייזיקער קאַלטקייט, ניט אָפּצוטרעטן די גאַנצע צייט פון דער שטרענגער העפלעכקייט. דאָס איז געווען געצויג צווישן די צוויי פרויען, וועלכע האָבן געוואוסט, וואָס אָט־דאָס ניט־ריידן האָט באַטייט. מען האָט געהאַלטן אַנעטען פאַראַנטוואָרטלעך

פאַר דער אַוואַנטורע, וואָס אין דער אמתן איז זי געווען אין איר ניט מער ווי אַ געצייג. זי האָט דאָס אָנגענומען, ניט אַ פּינטל צו טון אפילו מיט קיין אויג. זי איז געקומען אין הויז אַריין צוליב זשערמענען אַליין. דאָס איבעריקע איז איר ניט אָנגעגאַנגען.

עס איז איר אָבער יאָ אָנגעגאַנגען דאָס מוזן זיך מודה זיין אין ניט זיין בכוח צו העלפן די צוויי פריינט.

די בריוו פון דעם מלחמה־געפאַנגענעם האָבן מיטאַמאָל אויפגעהערט אָנצוקומען. צוליב אַן עפּידעמיע, וואָס האָט געהאַט אויסגעבראָכן אין לאַגער, איז די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף עטלעכע וואָכן צייט. דאָס דאָזיקע באַאומרואיקנדיקע שטילשווייגן האָט דעם חולה שטאַרק צערודערט. צו האָבן פאַרלוירן דעם קוואַל נאָכדעם ווי ער האָט אים שוין געהאַט צוריקגעפונען, האָט נאָך מער צערייצט דעם דאָרשט. ער איז געווען אויסגעטריקנט, ברענענדיק ווי אַ וויסטעניי. יעדן טאָג האָט ער באַגעגנט אָנעטען מיט אַ מאָנענדיקן, צאָרנדיקן בליק. ער האָט זיך געבייזערט אויף איר פאַר אָפּנאַרן זיין דערוואַרטונג. זיין גייסטיקע אויפרעגונג האָט ווידער פונאַנדערגעפלאַמט די קראַנקהייט, וועלכע האָט, פון איר זייט, פאַרצווייפאַכט די אויפרעגונג. נאָך אַ פּעריאָד פון אָפּגעדוכטער אומבאַוועגלעכקייט, ווען די פאַרגיפטונג האָט אויסגעזען צו ווערן שוואַכער, האָט זי איצט געגומען ווירקן נאָך מיט מער קראַפט, אָנגרייפנדיק די אינווייניקסטע אָרגאַנען. נאָך עטלעכע טעג פון בלומרשטדיקער נאָכגעלאָזנקייט זענען געקומען טעג פון ברוטאַלער ווידעראויפלעבונג; און מען האָט קיינמאָל ניט געקאָנט וויסן, פון וועלכער זייט די צעשטערונג וועט באַלד אָנקומען, ווייל זי האָט געהאַט אָנגעגריפן דעם גאַנצן אָרגאַניזם. ווען מען האָט גערעכנט, אַז מען האָט זי געהאַט צוריקגעטריבן צו איין פּונקט, איז זי אַרויסגעקומען אין אַ צווייטן. די שרפה פאַרצערט דאָס האַרץ פון הויז. מען לעשט אויס די פלאַמען, וואָס רייסן זיך אין דרויסן אַרויס. אָבער צום קאַמין אינווייניק איז ניט צוצוקומען פריער ווי דאָס הויז איז שוין אינגאַנצן אָפּגעברענט.

עס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז עס איז אַ מעשה אָן אַ סוף. זשערמען האָט עס געוואוסט בעסער פון יעדן איינעם. ער איז געבליבן אָן כוחות, קעמפנדיק אין דער שטיל קעגן דעם באַהאַל־

טענעם שונא, און ער האָט זיך דערפילט באַזיגט. אין דעם אומ־נוציקן קאַמף האָט זיך געביטן זיין כאַראַקטער. צוריקגעוואָרפן אויף זיך אַליין, אין זיין שטענדיקער פּאָזיציע פון פאַרטיידיקונג, האָט דער חולה מער ניט געהאַט קיין איינזען מיט אַנדערע; זיין עגאָאיזם איז געוועז זיין שויז. ער האָט מער פון קיין זאַך ניט גע־טראַכט ווי נאָר פון זיך, פון זיין קראַנקהייט, פון זיינע פאַר־לאַנגען. אין די נעכט, ווען זשערמען, אויף זיין שייטערהויפן, האָט צוגעזען, אַ הילפלאָזער, דאָס אויפגיין פון דעם פייער, איז ער פאַר־כאַפּט געוואָרן פון אַ ווילדן פאַרלאַנג ווידער צו זען זיין פריינט, איידער די פלאַמען האָבן אים אינגאַנצן פאַרצערט.

קעגן איר ווילן האָט זיין מוטער געלאָזט אַנעטען אַריינקומען אין צימער אַריין, ווייל דער חולה האָט עס געפאָדערט; זיי האָבן אָבער כמעט ניט גערעדט איינס צו אַנאַנדער; די וויזיטן זענען איצט אַדורכגעגאַנגען אין שטילשווייגעניש. ווען אַנעט איז אַריינ־געקומען, האָבן זשערמענס אויגן זי לכתחילה אַדורכגענומען און דערנאָך, אַנטוישטע, זיך אויסגעלאָשן. זיין גאַנצע קראַפט האָט זיך ווידער קאָנצענטרירט אויף זיין ליידן. אומזיסט האָט אַנעט גע־פּרואווט אים צו צעשטרייען. קיין זאַך האָט אים ניט אינטערע־סירט. זי האָט זיך אַליין אָפּגעהאַקט אין מיטן ריידן. ווען אָבער זי האָט זיך דערפילט פאַר אַן איבעריקע און זיך אויפגעהויבן אויף אַוועקצוגיין, האָט ער זי פאַרהאַלטן מיט אַ האַנט־באַוועגונג און מיט אַ גראָבן פאָרוואורף. און דעם דאָזיקן פאָרוואורף האָט זי אים ניט געקאָנט צוריקשליידערן. זי האָט זיך אַליין באַשולדיקט פאַר האָבן אָנגעצונדן אין אים אַ האָפענונג, וואָס זי איז גאָרנישט געוועזן בכוח זי צו רעאַליזירן.

איינמאָל, ווען זיי זענען געוועזן אַליין, — די מוטער האָט גע־האַט אַרויסבאַגלייט דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט ווידעראַמאָל גע־פּרואווט אים אָפּצונאַרן, — האָט ער אָנגענומען אַנעטען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— איך בין פאַרלוירן.

זי האָט געפּרואווט פּראָטעסטירן. ער האָט איבערגעחזרט:

— איך בין פאַרלוירן. איך ווייס עס. איך וויל, איך וויל אים ווידעראַמאָל זען.

זי האָט געמאַכט אַ יאָושדיקן זשעסט. ער האָט איר ניט גע־געבן קיין צייט צו ריידן.

— איך וויל! — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ האַרטן טאָן.

— ווער זענען מיר דאָס צו וועלן? — האָט זי געפרעגט.

— איר זאָלט עס אַזוי ריידן? איר?

זי האָט, אַ צעמישטע, אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ. ער האָט ווייטער גערעדט מיט שאַרפער פאַרביטערטקייט:

— אַלע אייערע פּראָטעסטן! ווייבערישע באַרימעריי! איר האָט געזאָגט ליגן!

זי האָט זיך ניט באַשיצט.

— מיין אָרעמער פריינט, איך וועל טון אַלץ, וואָס איר וועט מיר הייסן. אָבער ווי אַזוי? מיט וועלכע מיטלען?

— געפינט די מיטלען! איר וועט דאָך מיך ניט לאָזן שטאַרבן איידער איך וועל זיך מיט אים ווידער זען.

— איר וועט ניט שטאַרבן.

— איך שטאַרב. קענן טויט רעוואָלטיר איך ניט. מען קאָן זיך גאָרנישט ניט העלפן. עס איז אַ געזעץ... אָבער די בעס־טיאַלישקייט פון די מענטשן, — איך נעם זי ניט אָן!... ער איז דאָרט, לעבן מיר, ער, מיין איינציקער פריינט. און איך זאָל אים ניט קאָנען זען, אָנרירן זיין האַנט, אים אַרומנעמען צום לעצטן מאָל!... עס וואָלט געווען משונה־ווילד!

אַנעט האָט געשוויגן. זי האָט געטראַכט וועגן די טויזנטער אומגליקלעכע, וואָס פון דער יאַטקע־קלאַץ פון די שוצגראָבנס, וואו טראָפּ נאָך טראָפּ האָבן אויסגערונען זייערע לעבנס, האָבן זיי גע־שטרעקט די הענט צו זייערע ווייטע היימען, וואו זייערע נאָענטע און ליבע האָבן אין אַנגסטן פון שלאָפלאָזיקייט זיך געדרייט אויף זייערע איינזאַמע געלעגערס... זשערמען האָט דאָס אַלץ אַרויסגע־לייענט פון איר. ער האָט געזאָגט:

— זאָלן אַנדערע זיך אונטערגעבן, אָבער ניט איך! איך האָב ניט מער ווי איין לעבן און עס וועט זיך שוין לאַנג ניט ציען. איך קאָן ניט וואַרטן. איך פאַרלאַנג, וואָס עס קומט מיר, לויט רעכט.

מיט אַ פאַרדריקט האַרץ האָט אַנעט אַלץ געשוויגן; אירע מיטפילנדיקע הענט האָבן זיך געמיט אים צו באַרואיקן. ער האָט

זי מיט בעם אוועקגעשטויסן פון זיך און זיך אויסגעדרייט צו איר מיט דער פּלייצע. זי האָט פאַרלאָזן דאָס צימער.

ווען אָבער זי איז אויף מאָרגן, נאָך אַ נאַכט פון היציקן קאַמף מיט זיך, צוריקגעקומען, האָט דער חולה, וועלכן זי האָט גע־טראָפן ליגן אומבאַוועגלעך, איר געזאָגט מיט אַ טרויעריקער און רואיקער שטים (אַ רואיקייט, וואָס האָט געהאַט געדריקט נאָך מער ווי דער נעכטיקער אויסברוך פון צאָרן):

— איך בעט ביי אייך אַנטשולדיקונג. איך בין ניט געווען ביים זינען. איך האָב גערעדט וועגן יושר, וועגן מיין רעכט. עס איז ניטאָ קיין יושר און איך האָב ניט קיין שום רעכט. ווי צו די, וואָס פאַלן! עס בלייבט זיי מער ניט איבער ווי איינגראָבן דעם פּנים אין דער ערד און זיך פאַרשטאָפּן מיט איר דאָס מויל, כדי צו דערשטיקן זייערע געשרייען. דער וואָרים קאָרטשעט זיך אונ־טער דעם פוס פון דעם, וואָס צעדריקט אים. נאַרישקייט! איך האַלט ס׳מויל און שטעל זיך מער ניט אַנקעגן.

אַנעט האָט אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן פאַרשוויצטן שטערן און געזאָגט:

— ניין! מען דאַרף זיך שטעלן אַנקעגן. קיין זאַך איז נאָך ניט פאַרלוירן. איך האָב נאָרוואָס באַגעגנט אייער דאָקטאָר. ער הייסט אייער מוטער, אַז מען זאָל אייך אַוועקפירן אין אַ סאַנאַ־טאָריום אין דער שווייץ. די לופט איז דאָ צו פייכט, לעבלעך, דעמפּיק; די מאָראַלישע אַטמאָספערע דריקט ניט ווייניקער: וואָס מען זאָל דאָ ניט טון, איז מען פאַרסמט פון דער מלחמה. דאָרט, אין דער לופט פון די בערג און אין דער פאַרגעסנקייט, וואָס בליט אויף די באַרג־שפּיצן, וועט איר זיכער צוריקקריגן אייער גע־זונט. דער דאָקטאָר האָט עס מיר אַזוי געזאָגט.

— סאַ ליגן!... יאָ, ער האָט מיר אויך דאָס אייגענע גע־זאָגט. אַזוי ווי ער ווייס, אַז איך בין פאַרלוירן, שיקט ער מיך אַוועק צו פּגרן אין דער פרעמד. ער וויל זיך מאַכן גרינגער... אָבער איך זאָג: ניין! אָט־דאָ וועל איך שטאַרבן!

אַנעט האָט זיך געמיט אים צו איבערצייגן. ער האָט אָבער אַלץ געטענהט:

— ניין!

און ער האָט פארקלעמט די ציין און זיך אָפּגעזאָגט צו ריידן, זיך איינגראָבנדיק אין זיין עקשנותדיקן ווידערשטאַנד.

איבערגעבויגן איבערן בעט, האָט אַנעט געזאָגט מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— איז דאָס אַלץ צוליב אים?

— יאָ. ווען איך וואָלט פארלאָזן פראַנקרייך, וואָלט איך זיך נאָר מער דערווייטערט פון אים.

אַנעט האָט געזאָגט:

— ווער ווייס?

— וואָס?

אַנעט האָט זיך נאָך מער איבערגעבויגן:

— און אויב דאָס וואָלט, פארקערט, געוועזן אַ מיטל צו זיין נעענטער צו אים?

ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי די הענט און זי געהאַלטן איינגעבויגן צו זיך:

— וואָס זאָגט איר?

זי האָט געוואָלט זיך פריימאַכן, ער האָט זי אָבער ניט אָפּגעלאָזן. זיי האָבן איינס דעם אַנדערן געאָטעמט אין פּנים אריין.

— מען דאַרף פאָרן אין דער שווייץ. מיין פריינט, נעמט עס אָן!

— רעדט! רעדט זיך ארויס קלאָר!

— איר טוט מיר וויי! לאָזט מיך זיך ווידער אויפהויבן!

— ניין! קודם דערקלערט מיר, וואָס איר מיינט.

איבערגעבויגן איבערן קישן, אין אַ ניט־פעסטער פּאָזע, און זיך אָנהאַלטנדיק מיט אירעביידע הענט אָן דעם חולה, כדי ניט אומצופאַלן, האָט זי ארויסגעזאָגט מיט אַ נידעריקער און האַסטיקער שטים:

— הערט!... דאָס איז ניט זיכער... עס איז בלויז אַ מעגלעכקייט... איך בין אפשר אומגערעכט דאָס אייך צו זאָגן... איך וועל אָבער פּרוּוון. איך בין גרייט צו ריזיקירן אויף אַלץ.

ער האָט איר געדריקט די הענט:

— זאָגט מיר, זאָגט מיר!

— איך האָב די נאַכט געטראַכט... און ווען איך בין געקומען אהער און האָב געהערט ריידן וועגן דעם פּלאַן צו פאָרן אין דער שווייץ... ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט אנטלויפן...

זשערמען האָט אריינגענומען אנעט אין זיינע אָרעמס. זי האָט א פאל געטון אויפן בעט מיט איר פּנים צו זיינעם. ער האָט זי געקושט ליידנשאַפטלעך, וואו ער האָט נאָר געטראָפן, די אויגן, די נאָז, דעם האַלז. פון גרויס דערשטוינונג איז זי עטלעכע רגעס פארבליבן פארשטיינט, אײדער זי האָט געקאָנט מאַכן א באַוועגונג. זי האָט זיך ארונטערגעלאָזן אויף די קני לעבן בעט און ערשט נאָכדעם האָט זי זיך אויפגעהויבן. ער האָט ניט קלאָר געוואוסט, וואָס ער האָט נאַרוואַס געהאַט געטון. זיך אויפהויבנדיק אביסל פון דעם פונאַנדערגעוואָרפענעם בעטגעוואַנט, האָט ער אויסגערופן:

— איר וועט אים העלפן אנטלויפן! איר וועט אים מיר ברענגען אין דער שווייץ!

— זייט שטיל!

ער איז אנשווייגן געוואָרן. אָן כוחות פון אויפרעגונג, האָבן זיי ביידע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

ווען זי איז ווידעראַמאָל געווען בכוח צו באַוועגן זיך און צו ריידן, האָט זי אים געמאַכט א צייכן, ער זאָל זיך צוריקלייגן. ער האָט געפאָלגט. זי האָט צורעכט געמאַכט די ליילעכער און די קישן. א שטילער, ניט צו רירן זיך פון אָרט, האָט ער איר אַלץ געלאָזט טון. ווען זי איז פארטיק געוואָרן, האָט זי זיך אוועקגע־זעצט צופוסנס פון בעט; און פארגעסן אינגאַנצן, וואָס עס האָט מיט זיי געהאַט פּאַסירט — (עס האָט זיך דאָך געהאַנדלט ניט מער ווי אין זיי אַליין!) — האָבן זיי ווידער גענומען שטילער־הייט אַרומריידן דעם אָקאָרשט אויפגעשוואומענעם פּלאַן.

---

אנעט האָט זיך צוריקגעקערט קיין פּאַריז. זי איז אוועק זיך זען מיט אירן אַן אַלטן פריינט, מאַרסעל פראַנק, וועלכער האָט איצט געטראָגן אַ זייער שיינע אוניפאָרם. א הויכער באַאַמטער פון דעם „אינסטיטוט פון די שיינע קונסטן", איז ער געווען צוריק־געקומען פון עפּעס א מיסיע קיין רוים, וואָס איז טאַקע געווען אָן סכנה, אָבער ניט אָן גלאָריע; און ער איז איצט געווען פאַר־

בונדן מיט א זייער באַקוועמער ביוראָ, וואו מען האָט אין די הינ־טערשטע צימערן און אָן געאייל זיך באַשעפטיקט מיט דער דער־האַלטונג פון קונסטווערק. ער האָט ניט געהאַט אַוועקגעגעבן קיין צופיל כוחות און באַגייסטערונג אויף צו דינען אָט־דער מלחמה, וואָס ער האָט זי באַטראַכט פאַר נאַריש, ד. ה. נאַטירלעך, מחמת נאַרישקייט האָט אים אויסגעזען צו זיין די נאָרמאַלע מאָס פון דער מענטשהייט. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט צו וויסן נאָך וואָס אנעט איז צו אים געקומען, אָבער אָן איבעריקער נייגיריקייט.

ער האָט זי גלייך אויפגענומען מיט דעם שמייכל פון איינעם, וואָס פאַרשטייט זיך אויפן וואונק, מיט זיין שמייכל פון אמאָליקע צייטן. ער האָט איצט געהאַט אַנטוויקלט א גרויסאַרטיקן פליך, ער האָט אָבער באַוויזן צו מאַכן פון אים נאָך א שטריך פון עלעגאַנץ. ער האָט געהאַט א יונג געזיכט, לעבהאַפטיקע אויגן און שיינע ציין. ער האָט זיך געפילט זייער גוט אין דעם מיליטערישן אנצוג פון צאַרטן בלוי, וואָס האָט אים שטאַרק געקליידט.

זיי זענען געוועזן אַליין. נאָך די עטלעכע באַגריסונג־ווער־טער האָט אנעט אויף אביסל א פאַרדרייטן שטייגער דערקלערט דעם ציל פון איר וויזיט. זי האָט געקוקט אויף מאַרסעלס ציין, וועלכע האָבן געשמייכלט. א פריינטלעכער און א צעטראָגענער, האָט ער זי געלאָזט ריידן, און זיין בליק האָט זי אויסגעפאָרשט פון אויבן ביז אַרונטער. זי האָט זיך אַליין איבערגעשלאָגן:

— אָבער איר הערט דאָך מיך ניט!

ער האָט געזאָגט:

— נאַטירלעך, ניט. ווען מען דערלעבט אייך שוין אמאָל צו זען, איז פאַראַן עפּעס בעסערס צו טון. אַנטשולדיקט! אָבער סיי־ווי־סיי, איך הער אייך. איך ווייס דאָך, אַז אויב איר קומט, איז ניט כדי מיך צו זען, נאָר כדי מיך עפּעס צו בעטן, און אַז איך וועל זיין איבערגליקלעך, אויב איך וועל עס קאָנען פאַר אייך טון. נו, אַזוי ווי דער ענין איז מיר פאָראויס קלאָר, קוק איך אויף אייך און קריג מיין לוין אין פאָראויס.

— קוקט ניט צופיל אויף מיר! איך בין שוין אַלט.

— „מיטנטאָג, קיניג פון זומער“...

— איר קאָנט זאָגן: האַרבסט.

— די רייכסטע בלעטער זענען אויף די ביימער אין האַרבסט.
— מען האָט בעסער ליב די בלומען.
— איך האָב ליב די בלומען און די פרוכט.
— יאָ, יאָ, איר האָט אַלץ ליב... ווילט איר מיך אויס־הערן?
— רעדט! איך בין אינגאַנצן אויגן!
— איר האָט גאַנץ גוט געזען, אַז איך בין געקומען צו אייך ווי אַ בעטלערין. נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, וואָס מיר זענען געווען צעשיידט, וואָלט איך באַדאַרפט זיך צו שעמען, וואָס מיין ערשטער וויזיט איז צו בעטן ביי אייך הילף. עס איז אָבער ניט פאַר מיר.
— נו, אַן אַנטשולדיקונגען.
— זאָל זיין אַזוי! — האָט זי זיך אָנגערופן — ווען עס האַנדלט זיך אין אַן אַנדערן, וואָס איך בין אין אים פאַראינטערע־סירט, איז יעדער בושה אַן אַ זייט.
— אַן אַנדערער, וואָס אינטערעסירט אייך, איז נאָך אַלץ איר.
— אפשר. קיינער ווייס ניט, וואו דער „איך" הויבט זיך אָן און וואו ער ענדיקט זיך.
— דער קאָמוניזם פון א י ך! הייסט עס, וואָס עס איז נוגע אייך, איז אויך נוגע מיך? נו, גוט, לאָמיר זיך טיילן! דערציילט מיר אייער געשיכטע.

אַנעט האָט אים דערציילט וועגן דעם יונגן מלחמה־געפאַנ־גענעם. מאַרסעל האָט אים געקענט אויפן נאָמען. ער האָט אפילו געהאַט געזען אויף אַן אויסשטעלונג זיינע אַ צוויי־דריי קליינע „זאַכעלעך", כאָטש זיי האָבן ניט זייער שטאַרק זיך גע־האַט איינגעקריצט אין זיין זכרון. אָבער אַ מאַלער, ווער ער זאָל ניט זיין, האָט געהערט צו זיין געביט. עס האָט אים ניט גע־אַרט צו קאָנען אויפפאַסן ווייזן אַנעטען סיי דעם איינפלוס, וואָס ער האָט געהאַט, סיי זיין ברייטזיניקייט. ער האָט געקראָגן פאַר איר אַ דערלויבעניש צו באַזוכן פראַנצן אין דעם לאַגער פון די מלחמה־געפאַנגענע.

אַנעט האָט זיך באַנוצט מיט איר פרילינג־וואַקאַציע אויסצו־

פירן אָט־די קליינע עקספּעדיציע. אנשטאָט צו פאַרברענגען די פרייע טעג מיט איר זון, ווי ער האָט זיך דערויף געריכט, איז זי אָפּגעפאָרן קיין אַנזשער. זי האָט באַדאַרפט פריער אויסשטו־דירן די סיטואַציע און קודם־כל זיך באַקענען מיט פראַנצן, מחמת אירע פּלענער פאַר דער צוקונפט האָבן זיך געווענדט אָן דעם, וואָס ער אַליין שטעלט פאַר אין זיך.

אַזאַ לאַנגע צייט האָט זי אים שוין געהאַט געזען דורך דער ליבע פון זיין פריינט, אַז זי האָט ניט געקאָנט ניט ווערן אומרואיק ביים געדאַנק וועגן דער באַגעגעניש מיט אים. אַזוי ווי זי פלעג טיילן זשערמענס געדאַנקען, האָט זי זיך, דעריבער, אויך אָנגעהעפט אָן זיין ליבע; זי איז אָנגעקומען, איינגאַנצן באַ־איינפלוסט פון אים; אירע אויגן זענען מער ניט געווען פריי: דאָס האָט ער געזען דורך זיי. די צאַרטע בייגיקייט פון דער פרויען־נשמה, וואָס די פרוי וויים דערפון, וואָס אי זי פירט מיט איר אַ קאַמף, אי זי לאָזט זי זיך פונאַנדערוויקלען; זי וויים אירע געפאַרן, זי פילט אָבער אויך איר אָנגענעמלעכקייט; וויבאַלד נאָר זי לאָזט נאָך די קאָנטראָל איבער איר ווילן, אַזוי לאָזן זיך איר אוים די כוחות און זי נעמט זיך גליטשן אַרונטער...

אין דעם וואַגאָן פון צוג, וואָס האָט זיך געענטט צו אַנזשער, האָט אָנעט איינגעשטילט אין איר ברוסט דאָס קלאַפּן פון זשערמענס אומגעדולדיק האַרץ.

---

פראַנץ האָט ניט פיל געליטן פון זיין געפאַנגענשאַפט. אין דעם לאַגער, וואו ער האָט זיך געפונען, האָט געהערשט אַ געוויסע פרייקייט. אַ סך געפאַנגענע האָבן געאַרבעט אין שטאָט און זענען נאָר געווען געצוואונגען צו מעלדן זיך פּינקטלעך יעדן פריי־מאָרגן און יעדן אָוונט. די וואַך איז געווען אַ לייכטע: מען האָט זיי געהאַלטן פאַר אומשעדלעך און ניט פייאיק, מחמת דער ווייטקייט, צוצוקומען צו די גרעניצן, וועַן עס זאָל זיי אַפילו איינ־פאַלן אַ פאַנטאַזיע צו אַנטלויפן. אין דער אמתן האָבן זיי גאָר וועגן דעם ניט געטראַכט. דאָס רוב פון אָט־די וואַווילע מענטשן, איינגעפּטאַלירט אין פראַנקרייך נאָך פאַר 1914, האָבן געליטן דערפון, וואָס זיי זענען געווען אָפּגעשיידט פון זייערע קרובים אין דייטשנ־

לאַנד, זיי האָבן אָבער גאָרנישט געהאַט קיין חשק אויסצושטיין זייערע געפאַרן און זייערע שלאַכטן. די קליינבירגער פון דער געגנט, פון אָט־דער פעטער געגנט אין דעם איינגעשלאָ־פענעם מערב, האָבן זיי אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען. און זיי האָבן זיך ניט אָפּגעהאַלטן זיי דאָס אַרויסצוזאָגן.

פראַנץ איז געווען באַשעפטיקט מיט פאַרבערייַ. דעם קאָמענ־דאַנטס פרוי האָט אים געשטעלט אונטער קאָנטריבוציע. ער האָט אָפּגעפאַרבט אויף ווייס די ווענט פון איר זאַל און אָפּגעפרישט די פאַרוועלקטע ראָזיקע הינטנס פון די פּאַסטוך־מיידלעך, געררייצטע דורך די שטיפערישע מלאכימלעך, וואָס אַן אַלטער תלמיד פון בושעי האָט מיט זיי אויסגעצירט דעם סופיט. די אַרבעט וואָלט ניט געווען אומאַנגענעם, ווען דעם קאָמענדאַנטס פרוי וואָלט ניט געהאַלטן פאַר איר רעכט צו באַגיין זיך מיט דעם פאַריאָכטן דייטשוק ווי מיט אַ משרת. אַ שטאָלצער און אַ צוריקגעהאַל־טענער, מיט איבערגעטריבענער פיינפילערישקייט, האָט דער אַרים־טאָקראַטישער יונגערמאַן געליטן פון באַליידיקונגען, וואָס זיינע חברים זענען געווען צו האַרטהויטיק זיי צו פילן. אפשר דערפאַר טאַקע האָט די דאַמע גראַד אים געהאַט אויסגעקליבן. ווי וואָול־גאַר אַ פרוי זאָל ניט זיין, איז זי שטענדיק גענוג ראַפינירט צו פאַרשטיין איר קרבן, ווען עס האַנדלט זיך אין צופרידנשטעלן איר אינסטינקט פון גרויזאַמקייט.

געענדיקט דעם טאָג אַרבעט, איז פראַנץ אַרויס פון דאָרט מיט אַ באַשווערט האַרץ. אַנשטאָט אָפּצוכאַפּן פריי דעם אָטעם און צו פאַררויכערן די ליולקע, מאַכנדיק: „אור־ף!״ — אַנשטאָט אַוועקצולאָזן פון זיך די זאָרג אינאיינעם מיטן רויך אין דער זאַנפט־קייט פון דעם בין־השמשות, — דער הימל איז יענעם פאַרנאַכט גע־ווען צאַרט און וואַרעם ווי די באַק פון אַ פערשקע, — האָט פראַנץ געשפּאַנט אַ דערשלאָגענער, בעת אַנעט איז צו אים צוגע־גאַנגען.

ער האָט געמאַכט אַ האַסטיקע באַוועגונג זי אויסצומיידן. ער האָט געהאַט בנוגע צו פרויען אַ געפיל פון פרעמדקייט, גע־מישט מיט רייץ. אַנעט האָט אים אָנגערופן ביים נאָמען. ניט צו בלייבן שטיין, האָט ער אַ קוק געטון אויף איר פון אַ זייט,

די אויגן צעשראָקן און די ברעמען אָנגעצויגן, אַן אומרואיקער און אַ נעערגערטער, גלייך ווי מען וואָלט וועלן מאַכן אַן אָנגריף אויף זיין צניעות. אַנעט האָט געשמייכלט איבער דעם יונגן יוספֿן, וועלכער האָט פאַרטיידיקט זיין מאַנטל. זי האָט געזאָגט:

— זשערמען האָט מיך געשיקט...

ער איז געבליבן שטיין, אַ פאַרכאַפּטער, און האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— זשערמען שאַוואַן...

ער האָט נאָכגעפאָרשט אין אירע אויגן. אַנעט האָט מיט די אויגן געענטפערט:

— יאָ.

פראַנץ האָט זי אַ נעם געטון פאַר דער האַנט און געשלעפּט נאָך זיך.

ער איז געגאַנגען פאָרויס, זי ציענדיק פאַרן אָרעם ווי אַן איינגעשפּאַרט קינד. און אַנעט, אַן איבעראַשטע, האָט גאָרנישט געפּרוווט פרייצומאַכן אירע פינגער, כאָטש זי האָט אַ טראַכט געטון וועגן דער געפאַר צו ווערן באַמערקט. עס איז אָבער געווען שפּעטלעך און זיי האָבן קיינעם ניט באַגעגנט, אחוץ אַ קליין פּויער־מיידל, וועלכע האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט, ווען זי האָט זיי דערזען. דורך אַ דורכגאַנג־געסל איז פראַנץ אַרויסגעקומען אויפן פרייען פעלד. אַ האַלב־איינגעפאַלענע וואַנט האָט אַרומגעצוימט אַ פרוכט־גאָרטן. אין אַן איינברוך פון דער וואַנט, באַשיצט דורך דער באַהעלטעניש פון אַ ווינקל פון זייטיקע אויגן איבערן וועג, האָבן זיי זיך אוועקגעזעצט איינס לעבן אַנדערן, זיך אָנרירנדיק מיט די קני. פראַנץ האָט זיך אָנגעבויגן צו אַנעטען און, ניט נאָכצולאָזן אירע הענט, זיך געבעטן:

— זשערמען?...

אין דעם ריזלדיקן ליכט פון פאַרנאַכט האָט אַנעט זיך דערפילט געפאַנגען פון אָט־די אויגן פון אַ מאָנענדיקן בעטלער. זיי האָבן זי באַגלייך אָי אָנגעטריבן, אי איר געשטערט צו ריידן. זי האָט זיך איינגעקוקט אין אָט־די פאַרענדערלעכע אויגן, וואָס אָט האָבן זיי מיט חשד זיך אָפּגעזאָגט, אָט האָבן זיי זיך באַפעלעריש איבערגעגעבן, און מיטאַמאָל האָבן זיי זיך פאַרלאָשן, —

פאַרנעפּילט און שלעפעריק. ער האָט געהאַט העל־ברוינע האָר, אַ רונדן שטערן, אַ דינע נאָז, אַ דיקלעכע ליפּ און אַ אינגלשן אויסדרוק, וואָס האָט זיך אומבאַשטימט געמיניעט אין שטענדיקער דערוואַרטונג פון פרייד אָדער פון פּיין. אַ קינד. זי האָט אים פאַרגליכן מיט דער פאָרשטעלונג וועגן אים, וואָס זשערמען האָט געהאַט ביי איר אַרויסגערופן, און זיך געחידושט, אַז ער זאָל קאָנען אינספּירירן אַזאַ צוגעבונדנקייט...

דער אומגעדולדיקער דרוק פון די הענט, וואָס האָבן זי פעסט געהאַלטן, האָט דערמאָנט אַנעטען אָן דעם ענטפער, וואָס ער האָט פון איר דערוואַרט. זי האָט גערעדט וועגן דעם ווייטן פריינט, איבערגעשלאָגן יעדער ווײַלע דורך זיינע פראַגעס. און דערציילנדיק וועגן זשערמענס קראַנקהייט, איז זי מיטאַמאָל גע־בליבן שטיל: זי האָט איינגעזען, וויפיל אַנגסט זי האָט אים דערמיט פאַרשאַפט, און געפּרואווט אים באַרואיקן, אָפּווענדנדיק די זאָרג וועגן דעם ווייטן אויף דעם נאָענטן, וועלכן מען האָט באַ־דאַרפט שוינען...

פון לאַנגער האָט זיך געלאָזט הערן דאָס שאַלן פון טרומייט, און ביידע האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז זיי האָבן אים שוין איינמאָל געהאַט געהערט. זיי האָבן זיך געמוזט שיידן. ניט גרינג איז אַנגעקומען אַנעטען צו צווינגען פראַנצן זיך אומצוקערן אין לאַגער אַריין; זי האָט אים געמוזט צוזאָגן אַ לאַנגען שמועס אויף מאָרגן. אין דעם מאָמענט פון שיידן־זיך, פרײַלאָזנדיק די הענט, האָט פראַנץ זיך אומגעקוקט אויף אַנעטעס הענט, וואָס זי האָט זיי די גאַנצע צייט ניט אַוועקגענומען פון אים. ער האָט זיי באַ־טראַכט, האָט באַטראַכט דערנאָך זיינע אייגענע הענט און אַרויס־געזאָגט:

— אָט־די הענט האָבן אים אָנגערירט...

און צוליינגנדיק אירע הענט צו זיין געזיכט, האָט ער אַריינ־געצויגן אין זיך זייער ריח.

---

אַנעט האָט זייער שנעל איינגעזען, אַז פראַנץ איז ניט פעיאיק צו קאָמבינירען אַ פּלאַן פון פּראַקטישער האַנדלונג און אים אויס־פירען. ניט ווייל עס האָט אים אויסגעפעלט מוט: ער איז געווען

גרייט צו ריזיקירען אויף אַלץ און מען האָט אים גיכער באַדאַרפט איינהאַלטן, אַז ער זאָל גאָר אָן אַ קאָפּ זיך ניט אַריינוואַרפן אין דער ווילדסטער און פאַרצווייפלטסטער אַוואַנטורע. ביי די ערשטע ווערטער, וואָס אַנעט האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט וועגן אַ פּלאַן צו מאַכן פּליטה, האָט ער אַזוי מוראַדיק זיך צעהיצט, אַז זי האָט זיך גלייך אָפּגעהאַקט און געהאַלטן פאַר זיך, וואָס זי האָט געהאַט אויפן זינען: פראַנצעס אומבאַדענקלעכקייט און געוואַגט־קייט וואָלטן געוועזן פון אַלץ געמאַכט אַ תל. מען האָט באַדאַרפט אַלץ צוגרייטן אָן אים און אים ניט צולאָזן צום עסק, ביז די שעה וועט קומען, ווען מען וועט קאָנען האַנדלען. עס איז נאָך געווען אַ ספק, צי וואָלט ער געווען פייאיק צו האַנדלען איינער אַליין. מען האָט אים באַדאַרפט פירן פאַר דער האַנט, טראָט נאָך טראָט. די שאַנסן, וואָס זענען אַזוי אויך געווען שוואַכע, זענען איצט כמעט אינגאַנצן געוואָרן צונישט.

און דאָך האָט אַנעט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דעם פּלאַן. זי איז געווען געפאַנגען פון דעם צוזאָג, וואָס זי האָט געהאַט געגעבן, זי איז געווען אַריינגעכאַפּט אין דער מאָדנער לײַדנשאַפט פון פריינטשאַפט, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אָן איר מיט איר צוויי־פאַכיקן שטראָם, ווי אַ קליין אינזל ביים צוזאַמענגוס פון צוויי טייכן. דער אינזל פאַרבלייבט אומבאַוועגלעך, אין דעם אויפברויז אָבער פון די וואַסערן זעט עס אויס גלייך ווי ער אַליין וואָלט זיך געדרייט. אַ פרעמדע דער אויפרעגונג, האָט אַנעט זיך אונ־טערגעגעבן דעם ווירבל־שטראָם.

ביי די דאָזיקע צוויי פריינט איז דאָס געווען אַ דערהויבונג פון דער נשמה, וועלכע האָט פאַרלוירן די פאַרבינדונג מיט דער וואָר, — אַ בונד פון ריטערליכקייט, געשאַפן פון דער אומרואיקער נשמה אַנקעגן אַ וועלט, וואָס פאַרלייקנט זי, אונטער דער מאַכט פון אַן אויסשליסלעכער מרידה אַנקעגן אַן אויסשליסלעכער אונטערדריקונג. די דאָזיקע ריטערלעכקייט האָט געטראָגן אַ הערואישן כאַראַקטער ביים עלטערן, וועלכער איז אויך געווען דער שטאַרקערער, — ביי זשערמענען; ער האָט אין דער בהלה באַשיצט דעם שוואַכערן, און פאַלנדיק, האָט ער אַריבערגעטראָגן אויף דעם יונגן חבר דעם גאַנצן צובונד צום לעבן, וואָס עס איז אים נאָר געווען פאַר־

בליבן. ביים אינגערן, וועלכער איז געווען איינער אליין אין א פיינטלעכער וועלט, האט אט־די ריטערלעכקייט אנגענומען א טאן פון מיסטישער פארערונג פון דעם שיצנדיקן פריינט, וואס די ווייטקייט האט אים געמאכט כמעט אזוי איבערנאטירלעך, ווי די הייליקע שוץ־גייסטער אויף די אלטארן. עס איז געווען נויטיק די מלחמה, אז די געפילן זאלן אננעמען אט־די פארדארבענע פארם, וועלכע האט זיי פארגרעסערט. אין א נארמאלער צייט וואלטן זיי זיך געווען אויפהאלטן אויף די מיטלמעסיקע הויכקייטן, וואו דאס טאגטעגלעכע לעבן שלאגט אויף זיין געצעלט. די געפארן און די אומרואיקייט האבן זיי אבער דערהויבן ביז צו די ספערן, וואס מען קאן אהין דערגרייכן ניט אנדערש ווי נאר דורך די פליגל פון תפילה. פאר גאנצע הערצער, וואס זענען שוין מער ווי א העלפט אפגעריסן פון לעבן, איז די פריינטשאפט, ווי די תפילה, איינער פון די וועגן, וואס פירט צום געטלעכן. קיינער פון די דריי, וואס האבן זיך קאנצענטרירט אין איר, — זשערמען, פראנץ און אנעט, — האבן ניט געגלויבט אין גאט. און קיינער פון זיי האט ניט געזען, אז יופיטער, גאט, אין זיינע גלגולים, האט אנגענומען אין זיי די פארם פון פריינטשאפט. זיי זענען געווען פול מיט איר. זיי האבן געברענט זיך צו ברענגען איר פאר א קרבן.

פון די אלע דריי האט אנעט זיך געפונען אין א גאר מאדנער סיטואציע. ביז איצט האט זי ניט צו דעם, ניט צום אנדערן גע־פילט עפעס אזוינס, וואס זאל כאפן דעם אנבליק פון ליבע. אירע פערזענלעכע געפילן זענען ניט געגאנגען ווייטער פון ברידערלעכן רחמנות, פון אט־דער צוגענייגטקייט, וואס יעדער וואוילגעבוירענע פרוי פילט צו אן אומגליקלעכן באשעפעניש, וואס ליידט און נוי־טיקט זיך אין איר, און בפרט נאך ווען אט־דאס באשעפעניש איז א מענטש: זיינע געבראכענע כוחות רירן זי און ציען זי נאך מער צו. אבער ביי זשערמענס און פראנצעס אומפייאיקייט זיך צו פאראייניקן און האנדלען, האט זי געהאט א חלק אין די געפילן, וואס זיי האבן געטוישט צווישן זיך דורך איר; זיי האבן זיך ליב געהאט אין איר, דורך איר. און זיי האבן איר, נאר איר אליין אנגעטרויט די האנדלונג.

א שווערע אונטערנעמונג! איז זי ניט געווען פון זינען דאס

צו נעמען אויף זיך? אזוי פלעג זי טאַקע טראַכטן, ווען זי איז פאַרבליבן אליין מיט זיך, און זי האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג זיך צו־ריקצוהאַלטן. אָבער די מאַשין האָט שוין געהאַט גענומען אַר־בעטן און יעדער דריי פון ראָד האָט זי נאָך מער אַריינגעצויגן.

אין דעם צוג, וואָס האָט זי געפירט צוריק קיין פּאַריז, האָט אַנעט געקראָגן מורא. זי האָט געהאַט אויסגערעכנט די שוועריג־קייטן און די געפאַרן, וואָס מען האָט זיי כמעט ניט געקאָנט ביי־קומען. זי האָט ניט געזען קיין מיטל אויסצופירן איר פאַר־פליכטונג צו די צוויי פריינט, וואָס זי האָט זי שטילשווייגנדיק גע־נומען אויף זיך. זי איז געווען אַזוי ווי אַ מערעשקע, וועלכע פּרואווט אַרויסצושלעפּן אַ שטרויעלע, וואָס איז באַגראָבן אונטער אַ קלאָץ. ווען אַפילו עס זאָל איר שוין געראָטן אַרויסצוקריגן דאָס שטרויעלע, איז זי אין געפאַר צו ווערן צעדריקט פון דער קלאָץ, וואָס הענגט איבער איר, אינאיינעם מיט איר געפינס. אָבער די דאָזיקע געפאַר האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אָפּגעשטעלט קיין מערעשקע. און אפשר האָט גראָד דאָס נאָך מער אָנגערעגט אַנעטן, אַ טייל פון איר, יענעם טייל, וואָס האָט ניט פאַרטראָגן די דראָאונג פון ברוטאַלער קראַפט. פאַר איר צווייטן איך, דעם שוואַכערן, זענען דאָס געווען מינוטן פון שרעק:

— מיין גאָט, וואָס אַזוינס האָב איך גענומען אויף זיך? קאָן איך טאַקע ניט זיך פריימאַכן דערפון, זיך אָפּזאָגן, אַנטלויפן? ווער צווינגט מיך דערצו?

— איך אַליין. איך מוז.

זי איז געווען איינע אַליין, אין אָנגעזיכט פון אָט־דעם באַרג פון דער מלוכה. זי איז געשטאַנען אַנקעגן דעם דראָענדיקן גע־זיכט פון פאָטערלאַנד. זי האָט זיך געפילט אונטער די פיס פון די גרויסע אויפגעבראַכטע געטינס. אויב זיי האָבן זי אַפילו געקאָנט פאַרטיליקן, האָבן זיי אָבער זי ניט געקאָנט אונטעריאָכן. זי האָט מער ניט געגלויבט אין זיי. פון דעם מאָמענט אָן, ווען זי האָט געהאַט צוריקגעפונען, צעטראָטענע פון די אוממענטשלעכע קאָלאָסן, די פרימיטיווע און הייליקע געפילן, — פריינטשאַפט און ליבע, —

איז דאָס איבעריקע פֿאַרשוואונדן. דאָס איבעריקע איז געווען די קראַפֿט. קעגן דער קראַפֿט — די נשמה.

משוגעת? — זאָל זיין אַזוי! אָבער לויט אָט־דעם חשבון איז משוגעת אויך די נשמה. דורך אָט־דער משוגעת לעב איך, גיי איך איבער דעם אָפּגרונט, ווי דער אַפּאָסטל איז געגאַנגען איבערן וואַסער.

---

זי איז אָנגעקומען דינסטיק, ערב פּאַסכע; זי האָט געהאַט אויף אַוועקצוגעבן דער שטאָט פּאַריז ניט מער ווי נאָר פינף טעג וואַקאַציע. דער גלייכגילטיקער מאַרק איז געווען דערפֿון ביטער אַנטוישט. מיט אַ זעקס חדשים פֿריער וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז עס האָט אים אויסגעפּעלט זיין קרבן, וואָס האָט צוליב אים געליטן. (דאָס איז מענטשלעך! דאָס האַרץ, וואָס האָט ליב, איז באַשאַפֿן געוואָרן, אַז מען זאָל עס אויסנוצן צום שלעכטן...)

אָבער מאַרק איז מער ניט געווען געניינגט זי אויסצונוצן צום שלעכטן. אויך אַנעט איז מער ניט געווען געניינגט זיך צו לאָזן. די סי־טואַציע האָט זיך געביטן. אין דעם לעצטן האַלבן יאָר האָט ער ענערגיש אויסגעדראָשן זיינע געפֿילן, — זיינע ליבעס און פֿריינט־שאַפֿטן. עס איז אים דערפֿון געווען פֿאַרבליבן מער שטרוי ווי ווייץ. ער האָט איצט געהאַט אַ האַרטן, באַזונדער שאַרפֿן בליק, אָן רחמנות פֿאַר דעם אָביעקט, אויף וועלכן ער האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט, — אַלצאיינס, צי דאָס איז געווען ער אַליין אָדער אַן אַנדערער!... עס זענען ניט געווען יענע אַביסל קורצזיכטיקע, וואַרעמע און לייכטגלויביקע אויגן פֿון זיין מוטער, אַזוי אויך ניט די בייזוויליקע שפּאַרבער־אויגן פֿון זיין מומע, וועלכע האָט מיטן קוק אויפֿגעכאַפּט יעדער פֿאַרבייאיקע לעכערלעכקייט און וואָס אַלץ איז כאַר איר געווען מאַטעריאַל אויף אָפּצולאַכן און אויף צו צעשטערן. ער איז ניט געווען פֿריינטלעך; ער האָט צעריסן דעם אָביעקט אויף שטיקער. נאָך דער אָפּעראַציע זענען אים קוים פֿאַרבליבן עטלעכע צופֿעליקע באַקענטשאַפֿטן. מאַרק האָט מיט כוח זיך אַ נעם געטון אָפּצוטיילן פֿון זיי די קאָרע, צו געפֿינען אינווייניק אין דער יאָדרע דעם וואָרעם, די פּוסטקייט, דעם קויט. און פֿון צווישן

אָט־די אַלע פּגימות איז נאָר איין־איינציקע יאָדרע בייגעשטאַנען: דאָס האַרץ פון זיין מוטער. אומזיסט האָט ער געפּיקט איבער דעם מיטן שנאָבל, ער האָט עס ניט געקאָנט איינברעכן. ער האָט נאָך ניט געהאַט געוואוסט, וואָס די מעל פון דער יאָדרע איז ווערט געווען. אָבער דאָס, וואָס עס איז פאַרבליבן גאַנץ, אָן אַ שפּור פון פאַרדאָרבנקייט, האָט דערוועקט אין אים אַ געפיל פון רעספּעקט און אַ פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג אהין אַריינצודרינגען... ער האָט שטאַרק ליב געהאַט סילוויען, אָבער מיט אַ ליבע, גע־מישט מיט פאַראַכטונג, וואָס סילוויע האָט ניט פאַרפעלט אים דערמיט צוריק אָפּצוענטפערן. ער האָט געוואוסט, אַז ער קאָן רע־כענען אויף איר אחדות, און ער איז איר פאַר דעם געווען דאַנק־באַר, ווייל ער האָט ליב געהאַט, אַז מען זאָל זיין אומגערעכט פון זיין טובה ווענן. (בתנאי, אַז מען זאָל ניט ווערן גענאַרט: בנוגע צו נאַראָנים איז ער געווען אומרחמנותדיק).

עס איז אָבער געווען אַ חילוק צווישן סילוויען און אַנעטען. אַנעט איז געווען אַ נשמה, וואָס עס איז כדאי געווען די מי זי בייצוקומען. ווייל אין לויף פון די לעצטע זעקס חדשים האָט ער געהאַט זיך אויך אָפּגעגעבן חשבון, אַז זיין מוטער האָט אים ליב געהאַט, נאָר ער האָט זי ניט געקאָנט איינהאַלטן. די דאָזיקע מו־טערלעכע ליבע איז אַ שטאַרקער און זיכערער אינסטינקט; אָבער מאַרק האָט געוואָלט מער ווי ליבע: ער האָט געוואָלט פאַרשטיין און זיין פאַרשטאַנען, באַזיצן דאָס פאַרבאָרגנסטע, דאָס בעסטע, — ניט די מוטער, נאָר דאָס ווייב. די מוטער איז דיזעלביקע פאַר אַלעמען: די נאָמענלאָזע געבערערין. אָבער יעדער ווייב האָט זיין פאַרבאָרגענע עסענץ, וואָס איז אַנדערש פון יעדער אַנדערער און שאַפט איר אייגענעם ריח. ער האָט פאַרנומען דעם ריח. ער האָט געוואָלט צוקומען צום קערנדל ווייערעך, פאַרבאָרגן אונטער דער שייד: „דו ביסט דו, און דו לעבסט נאָר איינמאָל! איך וויל דערגיין דיין סוד!“...

וואָס וועט ער דערמיט טון? וועט ער אים צוריק אָפּוואַרפן פון זיך, ווען ער וועט זיך מיט אים אָנזעטיקן? די הערצער פון די אונטערוואַקסנדיקע אינגלעך, אָט־די קליינע נאַג־חיהלעך, זענען גיריק צו נעמען און קענען קיין זאַך ניט איינהאַלטן. עס איז בע־

סער, אַז דער אוצר, וואָס זיי גלוסטן, זאָל זיין געזיכערט פון זייערע ציין.

אַזוי איז עס געווען מיט אַנעטען. אומזיסט האָט זי זיך אָנגעבאָטן מיט אירע שיינע שמייכלענדיקע ליפּן; זי האָט אַליין ניט געהאַט דאָס שליסל צו דעם קעסטעלע, אין וועלכן עס איז געלעגן באַהאַלטן דער סוד פון איר וועזן, זי האָט אים ניט געקאָנט אוועקשענקען. און דאָס איז געווען אַ גליק פאַר איר. וויפיל מאָל אין איר לעבן וואָלט זי אים געווען פאַרשווענדט! אָט־דער אומפאַרלעצלעכער מקום־מקלט האָט פאַר מאַרקן געהאַט דעם רייץ פון אַ הייליקן אָרט, אין וועלכן עס ווילט זיך אַריינדרינגען.

ער האָט גערעכנט אויף אָט־דער וואַקאַציע צו קאָנען זי באַהערשן. ווען זי איז ניט געקומען, האָט ער זיך געביסן די נעגל. און האָט זי, ענדלעך, זיך באַוויזן, איז מער פון אַ וואָך צייט געווען פאַרלוירן!... מען האָט זיך באַדאַרפט צואייַלן ווידער צו פאַרקניפּן די אינטימקייט, וואָס זי האָט אים אַזוי פיל מאָל געהאַט אָנגעבאָטן און וואָס ער האָט זי יעדן מאָל געהאַט צוריקגעוויזן. ער האָט זיך געריכט, אַז זי וועט איצט, פּונקט ווי ביי דער לעצטער וואַקאַציע, אים נאָכאַמאָל געבן די געלעגנקייט דערצו. דאָס מאָל וועט ער איר נאָכגעבן, נאָכדעם ווי ער וועט זיך לאָזן בעטן...

אָבער דאָסמאָל איז אַנעטעס מוח געווען פאַרנומען מיט אַנדערע געדאַנקען. זי האָט ניט געמאַכט קיין שריט פאָראויס אויף אָנצוהויבן ריידן. ער האָט געהאַט זיינע סודות? זייער גוט! ער האָט זיי געקאָנט האַלטן פאַר זיך. זי האָט געהאַט אירע סודות און זי האָט זיי אויך געהאַלטן פאַר זיך.

עס איז מאַרקן קיין אַנדער זאַך ניט פאַרבליבן ווי צו אָבסערווירן די „פרעמדע פרוי", — די נעענטסטע, — די וויטע, — זיין מוטער; צו מיען זיך צו זען פון דרויסן, דורך די לאָדן... אָנומעלטן איז זי גאָר געווען די, וואָס האָט געוואָלט זען, און ער איז געווען דער, וואָס האָט זיך געהאַט פאַרבאַריקאַדירט. אַ דערנידערנדיקע ענדערונג פון פּאָזיציעס!...

זי האָט זיך ניט פאַרבאַריקאַדירט...

— קוק, אויב דו ווילסט!...

זי האָט זיך מיט אים ניט פאַרנומען... און דאָס איז געווען

די גרעסטע דערנידערונג! ער האָט געמוזט פאַרשלינגען די דאָ־זיקע אומשולדיקע באַליידיקונג, ווייל זיין נייגיריקייט, ווייל דער מאַגנעט, וואָס האָט אים צוגעצויגן, זענען געווען שטאַרקער פון זיין זעלבסט־ליבע.

וואָס עס האָט אים איצט איבעראַשט אין אָט־דער פרוי, איז געווען איר רואיקייט און פעסטקייט אין מיטן דעם שטויב פון די נשמות, וואָס האָבן זיך געווירבלט אין ווינט. דאָס הויז איז געווען ענלעך צו אַ שיף, וואָס האָט געליטן פון אַ ברוך. די מאַשינעריי צעבראָכען, די מאַנשאַפט אויסגעמאַטערט, דער שטורעמווינט אין די הערצער. דער צייכן פון טויט איז ווידעראַמאָל אויפגעשריבן געוואָרן, — רויט אויף שוואַרץ, — אויף די טירן. אַפּאָלינע האָט זיך געהאַט גענומען דאָס לעבן קורץ נאָך אַנעטעס לעצטן וויזיט; אָבער אַנעט האָט ערשט איצט זיך געהאַט דערוואוסט דערפון, סילוויע האָט בכיוון אויסגעמיטן צו ריידן מיט איר וועגן דעם. אַרום סוף נאָוועמבער האָט מען אין דער סענע געפונען דעם קערפּער פון דער משוגענער. פון אַלעקסיסן איז קיין שפּור ניט פאַרבליבן: ער איז פאַרשוואונדן אין דעם אָפּגרונט פון פאַרגעסנ־קייט... די צוויי זין בערנאַרדענס זענען אויך געווען פאַרשוואונדן, אָבער אין יענעם אַנדערן אָפּגרונט, וואָס מען רופט אים גלאָריע, — אין אָט־דעם עפּישן שליים, אין וועלכן מען קוילערט, אין אַנדאַלוזיע, די טויטע פערד, וואָס ווערן פאַרצוקט פון די אָקסן. עס איז פון זיי קיין שריד־ופּליט ניט פאַרבליבן אין די זומפּן פון סאָם, וואָס דער העלישער פינגער פון די צוויי אַרטילעריעס האָט זיי אַנומעלטן געהאַט אַדורכגעקנאָטן. דאָס אומגליק האָט ווי אַ פאַרפּלייצונג געטראָפן די פאַמיליע בערנאַרדען. עטלעכע רגעם זענען געווען גע־נוג אויף צו פאַרטיליקן זייער ראַסע. דער קלאַפּ איז געקומען ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק. ביים פאָטער בערנאַרדען זענען די אויגן געווען פאַרלאָפן מיט בלוט אַזוי ווי ביי אַ נידערגעשלאָ־גענעם אָקס; זיין צאָרן און זיין גלויבן זענען שטאַרק אָנגעגריפן געוואָרן; עס זענען געווען מינוטן, ווען ער האָט זיך געראַנגלט מיט גאָט. גאָט איז אָבער געווען דער שטאַרקערער; און דער מענטש, אַ געשלאָגענער, מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ, האָט זיך אונטערגעגעבן.

אין דער ערשטער נאַכט נאָך איר אָנקומען האָט אַנעט, אינ־איינעם מיט דער פאַרמינערטער הערדע, זיך געפונען אין קעלער פון הויז, וואוהין דער אַלאַרם פון אַ לופט־אַטאַקע האָט זיי אַלעמען צונויפגעטריבן. עס איז מער ניט געווען יענע פריינטלעכע אויפגע־ראַמטקייט פון די ערשטע טעג, ווען מען האָט געהאַט געזוכט איינס סאַנדערע און צוזאַמענגעבראַכט דעם גלויבן און די האָפענונג, כדי זיי זאָלן ווערן מער. ניט צו קוקן דערויף, וואָס מען האָט זיך געהאַט געגעבן די מי אָפּצוהיטן די פאָרמען פון העפלעכקייט און דעם אָנשטעל פון קעגנזייטיקן אינטערעס, האָט מען אָבער געפילט, אַז יעדער פאַמיליע־גרופּע, — און אין יעדער גרופּע יעדער יחיד, — האָט זיך אָפּגעזונדערט אין דער טיפעניש פון דעם אייגענעם טרוי־קענעם קעמערל. אַ נערוועזע מידיקייט האָט אויסגעזען צו דריקן אויף יעדן איינעם. דער באַנאַלסטער אויסטויש פון העפלעכקייטן האָט מיט דער אינטאָנאַציע אַרויסגעגעבן זייער קוועלנדיק ליידן. כמעט אַלע פון אָט־די אָרעמע מענטשן האָבן געהאַט פאַר זיך אַ לאַנג צעטל פון יסורים, אַנטוישונגען, אבלות און ביטערקייט... וועמען אָבער האָט מען געזאָלט דערלאַנגען די רעכענונג? וואו האָט זיך באַהאַלטן דער בעל־חוב?... אַזוי ווי ער האָט געהאַט אויסגעפעלט, האָט יעדער שכן געצאָלט זיין חלק פאַרביטערטקייט.

די בלינדע אומצופרידנקייט האָט אין יענעם אַפּריל, 1917, געצייטיקט איבער גאַנץ פראַנקרייך. די רוסישע רעוואָלוציע איז נאָרוואָס געווען אויסגעבראָכן. פון אָט־דעם צפון־ליכט האָט דער הימל אויפן האָריזאָנט זיך אָפּגעגאָסן מיט בלוט. די ערשטע נייס וועגן דעם זענען געווען אָנגעקומען קיין פּאַריז מיט אַ דריי וואָכן פריער; און לעצטע וואָך, אין דעם זונטיק ערב פּאַסכע, האָט דאָס פאָלק פון פּאַריז זי שטורעמדיק באַגריסט אויף אַ מיטינג. עס האָט אָבער ניט געהאַט קיין פירער, וואָס זאָלן אים ווייזן דעם וועג. קיין געמיינשאַפטלעכע אַקציע; ניט מער ווי אַ מאַסע רעאַקציעס, וואָס האָבן איינס סאַנדערע אויסגעשלאָסן, אַ מאַסע יחידים, וואָס האָבן געליטן און ניט געוואוסט ווי זיך צו פאַראייניקן. עס וואָלט געווען גרינג זיי צו צעברעכן. דער גייסט פון דער רעוואָלוציע איז צעפאַלן געוואָרען אין קליינע איזאָלירטע רעוואָלוציעס. אין יענע וואָכן פון אַפּריל האָבן זיי אין דער שטיל געטון זייער אַרבעט אין דער אַרמיי.

די דאָזיקע רעבעלישע רעגימענטן האָבן פּונקט אַזוי ניט געוואוסט, וואָס זיי האָבן געוואָלט, ווי די אָרעמע מענטשן פון הויז; און זייערע ענקער האָבן דערפון געהאַט פּראָפיטירט. איינס אָבער האָבן זיי אַלע געוואוסט, — און דאָס איז, אַז זיי האָבן געליטן; און זיי האָבן געזוכט אָן וועמען צו נעמען דערפאַר נקמה.

דער דאָזיקער שווערער געמיט האָט זיך געלאָזט פילן אפילו אין די זשעסטן און אין די שטימען — מער ווי אין די ווערטער — פון די „קעלער־מענטשן". אנשטאָט צוזאַמענצונעמען זייערע פּעקלעך צרות, האָט עס גאָר אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיי פאַרגליכן איינס מיט אַנאַנדער און באַשולדיקט זייערע שכנים אין איבערלאָזן פאַר זיי דאָס שווערסטע פּעקל. בערנאַרדען און זשירער האָבן, יעדערער פאַר זיך, זיך איינגעשרומפּן אין זייער טרויער. זיי האָבן איינס סאַנדערע קאָלט באַגריסט און ניט גערעדט איינס מיטן אַנדערן. דער פּיין האָט זיינע גרעניצן. זיי האָבן זיי ניט אַריבערגעטראָטן.

אַנעט האָט אויסגעדריקט איר הייסן מיטגעפיל צו אורזולע און יוסטינע בערנאַרדען. די דאָזיקע צוריקגעצויגענע מיידלעך, וואָס האָבן קיינמאָל קיין וואָרט ניט געהאַט אויסגערעדט צו איר, זענען גאָר נשתומם געוואָרן פון אָט־דעם אויסבראָך פון סימפּאַטיע; זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון אויפרעגונג; אָבער די שרעקעדיקייט און די אומצוטרוילעכקייט האָבן באַלד געקראָגן די אויבערהאַנט, און אָפּטרעטנדיק פון איר, האָבן זיי זיך ווידער באַהאַלטן אונטער זייערע שלייערן פון טרויער, — אין זייערע שאָלעכצן. אַנעט איז ניט געווען צודרינגלעך. אויב אַנדערע האָבן זיך גענויטיקט אין איר, איז זי געווען גרייט; זי אָבער האָט זיך ניט גענויטיקט אין אַנדערע. זי האָט ניט געזוכט אַרויפצודרינגען ניט זיך, ניט אירע אידייען.

זי האָט געהערט אַרום זיך, אין דעם דאָזיקן קעלער, ווערטער פון קאַלטן פאַנאַטיזם. קלאַפּיע האָט דערציילט וועגן דער פּרעמיערע פון דעם קינאָ־בילד: „שטייט אויף, איר טויטע!" — אַ בילד, וואָס האָט געהאַט אַרויסגעשטעלט די פאַרברעכנס פון די דייטשן.

„ווער דיין שונא זאָל ניט זיין, אַ ברודער, אַ קרוב, אַ פריינט,

— טויט אים! ווייס, אַז יעדער טוימער דייטש איז מיט איין פלאָג ווייניקער פאַר דער מענטשהייט!״

מאַדאַם בערגאַרדען האָט מיט אַ צאַרטער שטים גערעדט צו אַ שכנה וועגן דער ליגע „געדענקט!״ וואָס איר פרומער ציל איז געווען צו פאַראייביקן די שנאה צום שונא. אַנעט האָט דאָס שווייגנדיק אויסגעהערט. מאַרק האָט בעת־מעשה זיך איינגעקוקט אין איר. זי האָט קיין פינטל ניט געטון מיט קיין אויג. זי האָט אויך גאָרנישט ניט אַרויסגעוויזן, ווען סילוויע האָט אויף איר שטייגער איבערדערציילט די שאָוויניסטישע נאַרישקייטן און די סקאַנדאַליעזע נייס פון קוואַרטל. אַנעט האָט זי געלאָזט ריידן, האָט געשמייכלט, ניט צו ענטפערן קיין וואָרט, און גענומען ריידן פון עפּעס אַנדערש. זי האָט ניט אַרויסגעגעבן קיין זאַך פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין איר. אפילו אַפּאָלינעס טויט, אָט־די שרעקלעכע נייס, וואָס זי וואָלט, דאַכט זיך, באַדאַרפט פון איר אויפשפרינגען, האָט ניט מער ווי אַרויסגעבראַכט אַן אויפשיין פון רחמנות אין אירע אויגן. מאַרק, וואָס די דאָזיקע טראַגעדיע האָט אים גערירט ביז צו דער טיפעניש פון דער נשמה, איז אויפגעבראַכט געוואָרן פון דער מוטערס איינגעהאַלטנקייט און געפּרואווט זי פונאַנדערטרייסלען. אַ שטאַרק אויפגערעגטער, האָט ער גענומען איר אויסדערציילן אויף אַ גראָבן שטייגער אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט געהערט און געזען. אַנעט האָט מיט דער האַנט אים פאַרשטעלט דאָס מויל. זי האָט זיך אַריינגעמישט נאָר אין אַזוינע שמועסן, וואָס זענען איר געווען צום האַרצן. יעדער באַמיאונג זי אַריינצושלעפּן אין אַ דיסקוסיע איז געווען אומזיסט. — דאָך האָט זי געהאַט אירע פעסטגעשטעלטע מיינונגען; מאַרק איז געווען זיכער אין דעם. עטלעכע רואיקע ווערטער זענען פאַר אים געווען גענוג זיך אָנצושטויסן וועגן איר טיפער גלייכגילטיקייט צו דעם, וואָס פאַר אַנדערע איז עס געווען אַ ליידנשאַפט, — צו דער מלחמה און צום פאָטערלאַנד. ער וואָלט וועלן ווייסן מער דערפון... פאַרוואָס האָט זי גאָרנישט ניט גערעדט?

מאַרק איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ער איז בייגעווען דעם מיטינג פון דעם ערשטן אַפּריל. ער איז געקומען אַהין פון נייגירדיקייט וועגן, ער איז אָבער באַלד

אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער מאַסע; ער האָט אַפּלאָדירט סעווע־רינען און אויסגעפייפט זשוהאָען. ער האָט געזען די רוסן ווייַנען, הערנדיק די הימנע פון זייער רעוואָלוציע; און כאָטש ער האָט פיינט געהאַט טרערן, האָט ער אָבער אין אָט־די טרערן ניט פאַר־פעלט אייַנצוזען דעם הויך פון העלדישקייט. ער האָט אָבער בלויז געקאָנט טראַכטן. די עטלעכע פאַרזוכן, וואָס ער האָט געמאַכט צו ריידן מיט אָט־די מאָסקוויטן, האָבן אים גלייַך שאָקירט, צע־מישט, אויפגערעגט: זייער געאָמעטרישע אומטאָלעראַנטישקייט, זייער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס האָט אונטער דער רויטער מיץ ארויסגעוויזן זייַנע לאַנגע אויערן, זייער באַליידיקנדיקע איראָניע בנוגע צו פראַנקרייַך און די פראַנצויזן...

— אָ, שווייַגט! כ'האָב שוין געהאַט גענוג דערפון!...

מאַרק, וועלכער פלעג קיינמאָל זיך ניט צוריקהאַלטן פון צו איראָניזירן אויפן חשבון פון זייַנע אייגענע, האָט אָבער ניט פאַר־טראָגן קיין שפּאַס אויף זיך און קעגן זיך... דערצו נאָך אָט־די פאַמיליערישקייט, וואָס פאַרמינערט יענעמס ווערדע, וואָס שטערט זיך אין קיין זאַך ניט!... מאַרק איז אינסטינקטיוו געווען אַן אַריסטאָקראַט. דער אידעאַל פון אויסמישן זיך מיט אָט־די „יודאאיש־אַזיאַטישע" טרופּן (אַזוי האָט ער, דער ווילדער יונג, אַליין געזאָגט!) האָט אים ניט גערייצט. ער האָט זיך געהאַט באַגייסטערט און איז גלייַך אָפּגעקילט געוואָרן. ער האָט אַדורכ־געלעבט כלערליי רעאַקציעס, וואָס אייניקע פון זיי זענען אפשר געווען גערעכטע, אָבער די אַנדערע זיכער שלעכטע. ער האָט וועגן דעם ניט דיסקוטירט: זיי זענען, וואָס זיי זענען, און ער איז, וואָס ער איז! די דיקטאַטור פון דעם פּאַטערלאַנד אָדער פון דעם פּראָלעטאַריאַט, — ער האָט געזען אין דעם אַן אויסוואַל צווישן צוויי מינים טיראַניי, צווישן צוויי מינים פאַרווירונג פון שכל, וועלכער האָט דאָס לעצטע וואָרט. און זייַן האַרץ איז ניט געווען גענוג מענטשעלעך, ניט גענוג גרויסמוטיק צו באַשטימען פון דעם פאָלקס טובה וועגן, — ווען ער אַליין זאָל דערבייַ דאַרפן עפּעס נאָכ־געבן. כדי צו שטעלן איינס העכער פון צווייטן, וואָלט ער באַ־דאַרפט פאַרשטיין. און ניט פּיטאַן מיט זייַנע חברים וועלן אים אין דעם העלפן! פּיטאַן האָט, נאַטירלעך, מיט לייב און לעבן

זיך איבערגעגעבן דער ארבעט אויף די נייע האַלץ־פּליטן, אָבער די מאָטיוון זיינע זענען געווען אַזוינע טונקעלע, אַז זיי האָבן פאַר־שטויסן דעם קליינעם ריוויער, אַנשטאָט אים צוצוציען: דער מיס־טיציזם פון דער קאַטאַסטראָפע און פון דער צעשטערונג, דער יובלדיקער פּעסימיזם, די שיכרות פון מסירת־נפש...

— גיי שוין גיי! זאָל דער, וואָס האָט ניט וואָס אָנצואווערן, זיך מקריב זיין, ניט צו וויסן פאַר וואָס! איך האָב צו ראַטעווען געוואַלטיקע אוצרות: מיין א י ד, מיין שכל, מיין צוקונפט, מיינע דערגרייכונגען אין לעבן... ווען איך וועל האָבן גענומען אַלץ, וואָס געהער מיר, ווען איך וועל שוין האָבן אַלץ געזען און אַלץ אַדורכ־געלעבט, דעמאָלט... אַט־דעמאָלט זיך מקריב זיין אין דער ליכ־טיק... יאָ, אפשר... אָבער אין דער נאַכט, מיט פאַרבונדענע אויגן?... א דאַנק, מיין פריינט! דאָס מסירת־נפש פון מויל־וואורפן איז מיך ניט נוגע. גיב מיר עפּעס א בעסערן ליכט־שנויץ ווי „די הערשאַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט"!...

האָט אַנעט געהאַט אַן אַנדער ליכט? אומזיסט האָט מאַרק געפּרואווט זי צו דעמאַסקירן. כדי זי אָנצורעגן צו ריידן, האָט ער אַרויסגעזאָגט פאַר איר אייניקע משונה־ווילדע מיינונגען... זי האָט אויסגעזען ניט צו הערן און דער שטיין האָט ניט געטראָפן אין ציל. מאַרק איז נאָר פאַרבליבן א פאַרשעמטער, וואָס ער האָט געהאַט גערעדט. הייסט עס, אַז די דאָזיקע פרוי דענקט גאָר־נישט?... דאָס דענקען איז פאַר מאַרקן געווען א מין אויסשיט אויפן לייב, א בייסעניש פון דער הויט. דאָס איינציקע מיטל צו פאַרלייכטערן דעם ווייטיק איז צו קראַצן, צו רייבן די הויט אָן אַנדערע. דאָס דענקען איז פאַר אים שטענדיק געווען אַן אַגרע־סיווער אַקט. דענקען האָט ביי אים געהייסן אַרויסשטעלן דעם געדאַנק, אים אַריינקלאַפּן אין אַן אַנדערן. מיט גוטן אָדער מיט בייזן, אבי ער זאָל אַריינדרינגען!... אַנעט האָט אויסגעזען צו זיין גלייכגילטיק, צי האָבן אַנדערע געדענקט אַזוי ווי זי אָדער ניין...

גלייכגילטיק, — ניין, דאָס איז זי ניט געווען. זי האָט אָבער געפילט אינסטינקטיוו, אַז מיט געדאַנקען איז אַזוי ווי מיט שפּראָצן פון פלאַנצן. זיי מוזן לאַנגזאַם צייטיקן, ווייל גייען זיי אויף פאַר דער צייט, וועלן זיי איינפרירן ביי דער ערשטער קעלט. אין אָט־

די נשמות אַרום איר איז נאָך געווען ווינטער. די צייט איז נאָך ניט געווען געקומען פאַר זיי צו דערוואַכן פון זייער לעטאַרגיע. די לעטאַרגיע זייערע האָט איינגעשלעפערט זייער ליידן און זייער צווייפלען. דאָס דערוואַכן פאַר דער צייט וואָלט פון זיי אַ תל געמאַכט.

אויף דער שוועל פון איר טיר האָט אַנעט געהערט, ווי פּערעט, דער אַרבעטער פון אויבערשטן גאָרן, האָט געמאַכט געוואַלטן. ער איז געווען פאַרטון אין אַ היציקער דיסקוסיע מיט זיין חבר. פריי־געלאָזן אויף עטלעכע טעג, איז ער געקומען אַהיים, אַ פאַרביטערטער. אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט געזען אויפן פראָנט, אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט געטראָפן הינטערן שלאַכטפעלד, דאָס אומברענגען מענטש־לעכע לעבנס, דאָס צעשטערן פאַרמעגנס, דאָס פאַרלירן די אילו־זיעס, די דעמאָראַליזאַציע אין זיין אייגענעם הויזגעזינט, זיין טאָכטער, וועלכע איז אַרונטער פון גלייכן וועג, די פרויען, וועלכע פאַרטאַכלעווען נאַריש דאָס געלט, ווי נאָר עס ווערט פאַרדינט אין די מאָרד־פאַבריקן, — אַט די אַלע זאַכן האָבן אין אים אָנגעצונדן אַ שנאה צו זיינע חברים, צו זיינע אויבערס, צו דער גאַנצער וועלט. און דאָך איז ער, אַ צאָרנדיקער, געווען פאַרעקשנט אין זיין „ביז צום סאַמע סוף!" צו זיין אַנאַרכיסטישן חבר, וועלכער האָט אים געמאַכט אויסצודרייען און זיך געמיט אים צו צעשלאָגן די גע־דאַנקען, האָט ער אויסגעשריגן:

— מאַך צו ס'מויל, אַניט פליסטו פון אַלע טרעפּ!... וואָס ווילסטו האָבן פון מיינע יאָרן? וויפיק האָב איך דען אָן דיר אויסצושטיין? אַ סך ווייסטו, אידיאָט, געווינען דערפון, ווען דו וועסט מיר שווין האָבן אויפגעוויזן, אַז זיי האָבן אונז אַלעמען אָפּ־גענאַרט, אַז דאָס פאָטערלאַנד, ווי אַלעם איבעריקע, איז ניט מער, ווי אַ וויסטער ליגן, אַז זיי הרגענען אונז אומזיסט און אומנישט אויס! אין וואָס, ווילסטו, זאָל איך גלויבן? איך גלויב מער ניט אין רעוואָלוציע. איך גלויב ניט אין רעליגיע. איך גלויב ניט אין מענטשן: דאָס איז נאָך נארישער און אומזיניקער ווי דאָס איבע־ריקע! ווען איך זאָל מער ניט האָבן קיין פאָטערלאַנד, אָן וואָס, ווילסטו, זאָל איך זיך דעמאָלט אָנהאַלטן? עס וועט מיר מער ניט פאַרבלייבן צו טון ווי נאָר אויפצורייסן דעם פולווער־שפּייכלער!...

אנעט האָט פאַרשטאַנען פּערעטן. מאַרק האָט אים ניט גע־קאָנט פאַרשטיין...

— זאָל ער אויפרייסן דעם פּולווער־שפּייכלער!...

די יוגנט האָט ניט קיין רחמנות אויף דעם עלנד פון דעם שוואַכן, וועלכער מוז מאַכן אַ פּשרה מיטן לעבן, כדי צו קאָנען עקזיסטירן. מאַרק האָט ניט געמאַכט קיין פּשרות. און אַזוי ווי זיין יוגנט האָט, אויף צו להכעיס אַלעמען, געוואָלט לעבן, האָט ער, אינאיינעם מיט זיינע חברים, אַנאַרכיסטן, דאַדאַאיסטן, גענומען איצט נקמה דורך אָפּשפּעטן גאַר אָן אַ מאָס און אָן אָפּהאַלט פון אַלץ, וואָס עקזיסטירט, מיט אַ געלעכטער, געטריבן ביז צום אויסערסטן, מיטן גרעסטן אומזין. מיט אומזין האָבן זיי גענומען נקמה פאַר דער טויטלעכער אומפּרוכבאַרקייט פון שכל.

און אָט איז דאָס, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען צום ווינציקסטן: זיין מוטער, וועלכע איז געווען פריי (ער וואָלט דערויף געשוואוירן!) פון אַלץ, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט, האָט גאָרנישט געהאַט קיין באַדערפעניש אָנצוגרייפן, כדי זיך צו באַשיצן. זי האָט קיין זאַך ניט קריטיקירט. זי האָט ניט געפירט קיין משפט איבער אַן אַנדערנס געדאַנק. זי האָט געהאַט אירע אייגענע געדאַנקען, איר אייגענעם שכל, איר אייגן הויז, און זי האָט זיך געהאַלטן ביי זיי. זי האָט זיך געלייגט איר אייגענעם פונדאַמענט... אויף וואָס?

אַנעט איז געווען אַ פרוי און איר האַרץ איז געווען פול מיט איין ליידנשאַפטלעכן געדאַנק. זי האָט גאָרנישט געטראַכט אים אויסצוברייטען אויף דעם גאַנצן אוניווערז. דאָס פעלד פון איר וויזיע איז געווען איינגאַנצן פאַרנומען מיט אַ באַשטימטער, שווערער און באַגרעניצטער האַנדלונג. עס האָט איר גאָרנישט אויסגעמאַכט צו וועלן געפינען באַשייד צום טראַגישן רעטעניש, וואָס טראָגט זיך איבער דער וועלט. דאָס דאָזיקע רעטעניש און די דאָזיקע טראַגעדיע זענען פאַר איר געווען רעזומירט אין דער באַזונדערער פליכט, וועלכע איז איר באַשטימט געוואָרן, וואָס זי אַליין האָט זיך דערצו באַשטימט: צו ראַטעווען דאָס הייליקע געפיל, מיט וועלכן זי איז געווען פול, — די פריינטשאַפט... אפילו ניט דאָס!... די צוויי פריינט, וואָס איר מזל איז געווען פאַרקניפּט מיט זייערן. זי האָט איר מזל אָפּגעשיידט פון די מזלות פון אַנדערע מענטשן. זי האָט

געהאַט איר אייגענע פּאַטאַליסטישע ראָליע. די דאָזיקע ראָליע איז פּאַר איר געווען געגוג, זי האָט זיך איר איגגאַנצן איבערגעגעבן. קיין מורא פּאַר מענטשן, קיין מענטשלעך געזעץ האָט זי ניט געקאָנט אָפּשטעלן פון צו ענטפערן אויף אָט־דעם רוף: אַ העכער געזעץ האָט געהערדט אין איר...

ווען יעדער איינער וואָלט אַזוי געהאַנדלט אויף זיין אייגענעם געצוימטן געביט, וואָלט דאָס געווען די גרעסטע רעוואָלוציע פון דער מענטשהייט.

---

זי איז אָפּגעפאָרן פון פּאַריז, ניט צו האָבן פּאַר קיינעם אַרויס־געגעבן איר סוד, — ווייניקער פון אַלץ פּאַר איר זון. ווייל מאַרק, ניט געקוקט אויף זיין פאַרלאַנג צוצוקומען נעענטער צו איר, האָט אָבער, לויט זיין געוויינטלעכן שטייגער פון זעלבסט־שוץ, איר שטענ־דיק אַרויסגעוויזן, אַז זיינע געפילן זענען דער היפוך פון אירע; דאָסמאָל האָט ער דעם פּאַציפיזם, וואָס ער האָט געהאַט צוגערעכנט זיין מוטער, אָנקעגנגעשטעלט זיין סאַרקאַזם, וועלכער האָט זי גע־זאָלט דערנידעריקן.

זי האָט ניט געהאַט קיין שום פאַרלאַנג צו דעבאַטירן איבער דעם. שלום, מלחמה, — עס איז ניט געווען איר עסק. אַ צו ווייטער ענין! זי האָט געהאַלטן אין איר אירע הענט די הענט פון אָט־די צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זיך איר פאַרטרויט און וואָס זי האָט זיי באַ־דאַרפט אויפסנייַ פאַראייניקן. דאָס זענען ניט געווען קיין אידייען. עס האָט זיך געהאַנדלט אין זייער און אין איר אייגענעם לעבן. און איר לעבן איז געשטאַנען אין קאָן. אָן אומזיניק שפּיל! יאָ, פאַרן שכל! אָבער דאָס האַרץ האָט זיינע טעמים. און דאָס האַרץ האָט דאָ גערעדט.

בעת איר זיין אין פּאַריז האָט זי אויפגעכאַפּט ניט מער ווי אַ וואָרט, וואָס האָט געקאָנט העלפן איר פּלאַן. מאַרק האָט צופעליק גערעדט אין איר אָנוועזן וועגן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין פראַנקרייך, וואָס די אַליאירטע האָבן זיי אָפּגעזאָגט צו געבן פּאַס־פּאָרטן אויף צו פאָרן צום פראָנט זיך שלאָגן. זיי האָבן אָבער פּאַר דעם זיך ניט אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך אויך געהאַנדלט אין דער געהיימער קאָמוניקאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען דורך פאַרשיידענע

אומוועגן צווישן די פראַנצויזישע קעגנער פון דער מלחמה, וועלכע זענען געווען אין דער שווייץ, און זייערע חברים אין פראַנקרייך. אין דער דראַטן־נעץ, וואָס האָט געהאַט אַרומגענומען דעם פראַנ־צויזישן געדאַנק און אים ניט געלאָזט פריי אָטעמען, האָבן אייניקע שלייפלעך דאָך נאָכגעגעבן אויף דורכצולאָזן דאָס פאַראַרעמטע לעבן: בריוו און צייטונגען זענען געגאַנגען און אָנגעקומען דורך אָט־די מייזנלעכער אויפן פראָנט. און פיטאַן האָט געהאַלטן דעם פאָדעם פון אָט־דעם געפערלעכן שפּיל, וואָס אַזוי איז עס געווען אומ־שעדלעך, אחוץ אין די אויגן פון די הערשער פון טאָג: עטלעכע פרייע ווערטער האָבן ניט געקאָנט דורכדרינגען די פאַרשטאָפּטע אויערן און די דיקע שילד פון אָט־דער גרויסער חיה, — דעם באַ־וואָפנטן פאָלק. זיי זענען אָבער געווען גענוג אויף צו נערן די אילוזיע פון די, וואָס געשמידטע אין קייטן, האָבן זיי זיך געמיט איינ־צוריידן זיך אַליין, אַז זיי זענען פרייע מענטשן.

אַנעט האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין פיטאַנס נאָמען. מען וועט באַדאַרפן מיט אים זיך דורכריידן. אָבער ניט צו מאַרקן וועט זי זיך ווענדן, כדי אים צו געפינען.

זי האָט זיך אומגעקערט צוריק צו איר שטעלע אויף דער פּראָ־ווינץ. זי האָט אָפּגעהאַלטן מיט זשערמענען לאַנגע באַראַטונגען. זי האָט אים געבראַכט אַ נאָענטן גערוס, דאָס אָנזיכטיקע אָנוועזן פון דעם פריינט. זיי האָבן צוזאַמען אַרומגערעדט דעם גרויסן פּלאַן. זי האָט פאַר אים ניט אַרויסגעזאָגט אירע ספקות. זי האָט נאָך ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט דאָס דורכצופירן. אָבער זשער־מען האָט פון דעם ניט געטאָרט וויסן! מען האָט באַדאַרפט אין דעם מאָמענט אויפמונטערן אין אים דעם ווילן צו לעבן און פועלן ביי אים, ער זאָל אוועקפאָרן: ווי ווייניק האָפענונג דאָס בייטן דעם קלימאַט האָט געגעבן, איז דאָס דאָך געווען דער לעצטער שאַנס און מען האָט דאָס באַדאַרפט אויספּרואוון. זשערמען איז געווען ניט־געאײַלט זיך דערויף צו באַשליסן. ער האָט געוואָלט אָפּ־פאָרן ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט מיט זיכערקייט האַלטן ביים דורכפירן דעם פּלאַן. דערווייל אָבער איז דער פּלאַן נאָך געווען גאַנץ אומבאַשטימט. עס איז געווען נויטיק דער גאַנצער עגאָאיזם פון ליידנשאַפט, אַז מען זאָל ניט זען די טויט־געפאַרן, אין וועלכע

ער האָט געזאָלט אַריינוואַרפן אַנעטען און איר פריינט. און וואָלט ער זיי אפילו געווען געזען, וואָלט עס אויך ניט געווען מיט די אויגן פון אַ לעבעדיקן מענטשן: דער טויט איז שוין געשטאַנען גרייט הינטער זיין פּלייצע. כדי אים צו באַרואיקן, האָט מען אים דערוויילן געגעבן אַזוינס, וואָס האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ שריט נעענטער צו דער פּראָבלעמאַטישער געשעעניש: מיט דער הילף פון מאַרסעל פראַנק האָט אַנעט אויסגעווירקט פאַרן יונגן עסטרייכער אַ פּריווילעגירטע באַהאַנדלונג. מען האָט אים, צוליב זיין געזונט, פריי־געלאָזט פון לאַגער. מען האָט אים דערלויבט צו וואוינען אין שטאָט אָן שום באַשרענקונג, אונטערן אויסרייד פון שטודיעס, וואָס זענען געווען וויכטיק פאַר דער פראַנצויזישער קונסט. אַזוינע אויסנאַמען פון באַהאַנדלונג זענען אין דער צייט פון דער מלחמה געווען וויינציקער זעלטן, ווי מען שטעלט זיך דאָס פאָר. איינער אַ פּריוואַט־דאָצענט פון בערלין איז פראַנק און פריי, אָן שום וואָך, זיך אַרומגעגאַנגען איבער אַ שטאָט אין מיטל־פראַנקרייך. זעכציק אינטערנירטע דייטשן פון הויכן שטאַנד זענען געווען אויף גוטע קעסט אין קאַרנאַק, מיט זייערע ווייבער אָדער זייערע געליבטע, און געהאַט אַ פרייע האַנט איבער אַן ערך צוויי הונדערט און פופציק אַקער לאַנד. נאָכדעם ווי דער אויפבריוז פון די ערשטע מלחמה־יאָרן איז איינגעשטילט געוואָרן, איז דאָס אין אייניקע געגנטן געוואָרן מיט די מלחמה־געפאַנגענע אַ גאַנץ געוויינטלעכע זאַך; זיי האָבן געהאַלטן אין אַסימילירן זיך אין דער גאַנצקייט פון דעם נאָרמאַלן לעבן פון דער פּראָווינץ; אַ נייער סדר האָט זיך איינגעשטעלט פון זיך אַליין. די וואָך איז געוואָרן שוואַכער. פראַנץ האָט דערפון געוואונען. אין זשערמענס אויגן זענען דאָס געווען די ערשטע מאַרקירשטיינער אויפן וועג פון באַפרייאונג.

צוגערעדט פון דעם דאָקטאָר, פון זיינע אייגענע און פון אַנעטען, האָט ער נאָכגעגעבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אַנעט האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער דאַרף מער ניט פאַרזאַמען זיך איינצוסטאַלירן אין דער שווייץ, כדי ער זאָל דאָרט קאָנען אויפנעמען פראַנצן, נאָכדעם ווי יענער וועט האָבן געמאַכט פּליטה. זשערמען האָט איר אַלץ ניט געוואָלט גלויבן:

— אַנעט, נאַרט מיך ניט! בעסער לאָזט מיך דאָ שטאַרבן.

עס וואָלט געווען געמיין אויסצונוצן די צוטרויליכקייט פון אַ שטאַרבנדיקן, כדי אים אַוועקצופירן, פאַרוויגנדיק אים מיט צוזאָגן, וואָס מען מוז זיי ניט האַלטן.

אַנעט האָט געענטפערט:

— קיינער קאָן ניט צוזאָגן צו דערגרייכן דעם ציל. אָבער איך נעם אויף זיך אַלץ צו ריזיקירן פאַר אייך. גלויבט איר מיר?

ער האָט געגלויבט.

מיט אַ טאָג פאַרן אָפּפאָרן האָט ער איינגעזען, אַז זי וויל זיך אומברענגען צוליב אים. ער האָט איר שיר ניט געוואָלט זאָגן:

— אַנעט, איך באַפריי אייך פון אייער וואָרט... איך גיב זיך אונטער...

אָבער די ליידנשאַפט האָט גענומען די אויבערהאַנט... ניין! ער וועט זיך ניט אונטערגעבן! כל־זמן עס איז נאָך דאָ אַ מעגלעכקייט!...

ביים געזעגענען זיך האָט ער איר נאָר געזאָגט:

— אַנטשולדיקט! —

ניט צו דערקלערן אפילו פאַר וואָס.

זאָל זי זיך אומברענגען צוליב אים! ער האָט ניט מער ווי נאָר איין חיי־שעה!...

ער איז אַפּגעפאָרן אין אָנהויב אַווגוסט, באַגלייט פון זיין מוטער און פון מאַדאַם דע־מאַרעיל.

און אַנעט האָט זיך דערזען איינע אַליין מיט דעם אוממעגלעכן פּלאַן, וואָס זי האָט זיך אונטערגענומען אים דורכצופירן.

עס איז געווען די ערגסטע צייט פאַר אַ געהיימער אונטערנעמונג. די געפאַר איז געוואָרן גרעסער. נאָך דער אָפּשוואַכונג פון דער מאַכט אין די ערשטע חדשים פון 1917 איז געקומען דער רעזשים פון צוואַנג און שפּיאָנעריי. די רעגירונג, וועלכע האָט גע־האַט אַזוי קלאָגעדיק זיך געבויגן פאַר די רעוואָלוציאָנערע שטרייקן און די אויפשטאַנדן פון פרילינג, האָט איצט, ווען יענע זענען דורכגעפאַלן, גענומען נקמה פאַר איר אייגענער מורא און פּחדנות. עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון די פאַלשע פאַרשווערונגען פון די „דעפעטיסטן" („מפּלה־זוכער"), וואָס די היפּאָקריטישע סיסטעם האָט

זיי בלומרשט אויפגעדעקט אין אַלע אַליאירטע לענדער. אַ געוואַל־טיקע ליגן־פּאַבריק האָט באַדעקט מיט אירע עיפּושדיקע רויכן דעם הימל פון אייראָפּע און פון אַמעריקע. דאָס איז ניט געווען איינע פון די קלענסטע מלחמה־אינדוסטריעס! „קאָמוניקאַציע מיטן שונא", — אָט־דאָס סטערעאָטיפּישע, ליגנערישע וואָרט, וואָס האָט באַרעכטיקט יעדער געמיינע פאַרלוימדונג! „דער הייליקער בונד קעגן פראַנט", די נייע ליגע, געגרינדעט אין סעפּטעמבער, האָט קולטיווירט די שענדלעכע קראַנקהייטן פון קעגנזייטיקער שנאה און פון חשד. יעדער איינער האָט זיך באַוואָפנט קעגן זיין שכן. מען האָט נאָכגעשפּירט זיין שאָטן.

אין לויף פון גאַנצן זומער האָט אַנעט אַלץ געזוכט אַ וועג, ניט צו מאַכן קיין שריט פאָראויס. אַלץ האָט איר געפעלט. זי האָט ניט געקאָנט זיך צוריקקערן צו פראַנצן, אַז זי זאָל ניט צוציען קיין אויפמערקזאַמקייט. די קאָרעספּאָנדענץ איז געלייענט געוואָרן. ווי אַזוי קאָן מען זיך צוזאַמענריידן מיט אים וועגן אַ פּלאַן? וואָס זאָל זיין דער פּלאַן? עס האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן דורכגיין פראַנקרייך צופוס: מען וואָלט אים גלייך אויפן צווייטן טאָג געווען אַרעסטירט. מען וואָלט באַדאַרפט האַנדלען שנעל און אומגעריכט. פראַנץ וועט דאַרפן אין מיטן וועג זיך צוזאַמענקומען מיט אַנעטען אין אַ צוג פון די גרויסע אייזנבאַן־ליניעס און זי וועט אים באַלייטן ביז צו דער גרעניץ. אָבער די צוגן, וואָס גייען אין דער שווייץ, ווערן דורכגענישטערט סייביים אָפּפאָרן, אַזוי אויך ביים אָנקומען. און ווער וועט פירן פראַנצן פון דער שטאָט, וואו ער איז געווען אינטערנירט, צום צוג, וואָס דאַרף אים באַפרייען? ווער וועט אים אַריבערפירן די גרעניץ?... איין מענטש איז ניט גענוג אויף דורכצופירן אַזאַ פּלאַן. און אַנעט האָט ניט געהאַט קיינעם, אויף וועמען זי זאָל זיך קאָנען פאַרלאָזן...

דער צופאַל איז איר געקומען צוהילף. בעת די חדשים פון וואַ־קאַציע איז זי ווידער געקומען קיין פּאַריז. זי איז געווען ביי זיך אין הויז און געהאַלטן אין די הענט אַ טעלער פון כינעזישן פּאָרצעליי, וואָס האָט זיך געהאַט צעבראָכן, איינעם פון די ווייניקע אָנדענקען, וואָס זענען איר געווען פאַרבליבן פון דעם אַמאָליקן עלעגאַנט־אויס־געצירטן הויז אין בולאָן, וואו די צוויי שוועסטער האָבן פאַרבראַכט

די זיסע טעג פון דער ערשטער פריינטשאפט. סילוויע איז גראָד געווען דערביי. דער שיינער צעבראָכענער טעלער מיט זיין טיפן בלוי פון די אַלפּן־בערג אויפן האָריזאָנט, האָט אויפגעוועקט אין איר די בילדער פון אמאָל. סילוויע האָט געגעבן איר שוועסטער דעם אַדרעס פון אַ געשיקטן באַלמעלאָכע, וועלכער וועט קאָנען גאַנץ מאַכן דעם היזוק. אַנעט האָט דערקענט פּיטאַנס נאָמען.

זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט אים זוכן. עס זענען געווען ווייניק שאַנסן, זי זאָל אים באַגעגענען. סילוויע האָט איר געלאָזט וויסן, אַז פּיטאַן איז שטענדיק אין וועג, אַז ער האַלט זיין געוועלבל מער צוגעשלאָסן ווי אָפן. אַנעט איז דאָך אַוועק אויף זיין אַדרעס אויסער דער שטאָט און עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז זי האָט אים געטראָפן אין דער היים.

ער איז געווען זייער שטאַרק איבעראַשט פון דעם וויזיט. דער תירוץ האָט אים ניט געקאָנט אָפּנאַרן, כאָטש ווי נאָר די פּאָרצעלייענע שערבלעך זענען אריינגעקומען צווישען זיינע פאַרגרעבטע פינגער, אַזוי זענען זיי מיטאמאָל געוואָרן איידל און האָבן מיט גרויס פאַרזיכט גענומען איבערקלייבן די אָפּגעפליקטע בלעטלעך פון דער דעליקאַטער פייער־בלום... מען קומט אָבער ניט פון אַזוי ווייט צוליב אַזאַ זאַך! פּיטאַן האָט זי אויפגענומען, ניט ארויסצואווייזן ניט קיין האַסטיקייט, אַזוי אויך ניט קיין איבעראַשונג. ער האָט זי העפלעך געבעטן זיך זעצן, און שטייענדיק לעבן איר (ער איז, שטייענדיק, קוים געווען העכער ווי אַנעט זיצנדיק), זי אויסגעהערט און באַטראַכט מיט זיינע גוטע, סאַמעטענע אויגן. דער דאָזיקער מענטש, וואָס די פרוי האָט, דאַכט זיך, ניט געהאַט פאַרנומען קיין שום פּלאַץ אין זיין לעבן, האָט זיך קיינמאָל ניט געפילט געשטערט, ווען ער האָט גערעדט מיט אַ פרוי; ער האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופן זיך געפילט מיט זיי זייער לייכט. דאָס קינדישע און אינסטינקטיווע, וואָס עס איז פאַראַן אַפילו אין די דורכגעטריבנסטע פרויען, האָט זיי דערנעענטערט צו אים. דער דאָזיקער תמימותדיקער מענטש האָט געהאַט די פייאיקייט צו לייענען פריי זייערע כיטרע גענג און פאַרלאַנגען, ווי געשיקט זיי זאָלן ניט זיין פאַרשטעלט, און זיך דערויף גאָרנישט חידושן. ער האָט צו זיי ניט געהאַט קיין טענות. און האָבן זיי אים אַפילו געזאָגט ליגן, האָט ער זיי אויך ניט גערעדט

אַנקעגן. ווען עס איז געווען „יאָ״ און זיי האָבן דווקא געזאָגט „ניין״, האָט ער זיי נאָר אויסגעהערט און צוגעשאָקלט גוטמוטיק מיטן קאָפּ. אָבער זיינע ערנסטע אויגן האָבן גאַנץ גוט געוויזן, אַז ער האָט פאַרשטאַנען דעם „ניין״, און זיך טרעפנדיק מיט זיין ליב־לעבן שמייכל, איז זיי גאָר אויפן זינען ניט געקומען זיך צו בייזערן אויף אים. זיי האָבן געזען אין אים אַ חבר, — ניט קיין געגאַרטן און ניט קיין מיטהעלפער אין ליגן, — אַן אויפריכטיקן און איינ־זעענדיקן חבר, וואָס נעמט זיי אָן, ווי זיי זענען, און ווי אַזוינע, רעס־פּעקטירט ער זיי.

עס האָט געמוזט זיך.גלייך איינשטעלן אַ קעגנזייטיקע צוטרוי־לעכקייט צווישן זיינע אויגן פון אַ וואַכטלהונט און אירע קלאָרע שוואַרצאַפּלען, פענצטער אין פאַרהאַנגען. און מאַרקס נאָמען, וואָס אַנעט האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט, האָט פונאַנדערגעשמאָלצן די שטיל־קייט. פּיטאַנס אָקער־גענל געזיכט האָט זיך פונאַנדערגעשטראַלט אין זיין באָרד אריין. ער האָט געפרעגט:

— זענט איר מאַדאַם ריוויער?

פון אַלץ, וואָס ער האָט געוואוסט וועגן מאַרקס מוטער, און פון אַלץ, וואָס ער האָט זיך וועגן איר אָנגעשטויסן, האָט ער געהאַט צו איר אַ געפיל פון רעספּעקט, און ער האָט זיך געאיילט איר דאָס אַרויסצואווייזן.

— איר קענט מיך? — האָט זי געפרעגט.

— איך קען אייער זון.

— ער איז ניט געראָטן אין מיר.

— נאַטירלעך, ניט. ער איז ווי אַלע איינגלעך. ער טוט זיך אָן פיל כוח ניט צו זיין געראָטן אין אייך. און טאַקע דערפאַר האָב איך אייך דערקענט.

— איך שטער אים. ער אַנטלויפט פון מיר.

—לויפט אים ניט נאָך! דאָס לעבן איז ווי אַ וועטלויף־פּלאַץ. עס דרייט זיך אין אַ צירקל. איר דאַרפט בלויז וואַרטן. וואָס מער ער דערווייטערט זיך פון אייך, אַלץ מער דערנענט ער זיך צו אייך.

ער האָט אינגאַנצן געלויכטן. אַנעט האָט געלאַכט. זיי זענען געווען אין דעם לאַנד פון ווייסן: מאַרק. זיי זענען געווען פריינט.

נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געענדיקט וועגן מאַרקן, האָט פּיטאַן גע־פרעגט אַנעטען:

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען, מאַדאַם? האָט עס אַ שייכות צו מאַרקן?

אַנעט האָט זיך אַביסל פאַרווירטלט, וואָס ער האָט געהאַט אויפ־געדעקט איר ליגנערישן אויסרייד.

— ניין, עס איז ניט צוליב אים. אָבער דאָס איז אמת, איך בין טאַקע געקומען נאָך אַן עצה, וואָס איר וועט זי מיר קאָנען געבן. אַנטשולדיקט מיך, וואָס איך האָב זיך געדרייט אַרום און אַרום, איידער איך האָב צו אייך גענומען וועגן דעם ריידן!

— אָ, איך האָב עס תּיכף געזען... איר האָט ניט פאַר וואָס זיך צו אַנטשולדיקן. מיט זייער „הייליקן בונד" האָבן זיי געמאַכט, אַז יעדער איינער זאָל זיין געצוואונגען ניט צו געטרויען אַ צווייטן. „רעדט ניט! שאַ, שטיל! היט זיך, ווער עס הערט אייך!"... ווען איר זענט אַריינגעקומען, — לאָמיר זיך אויך מודה זיין, — האָב איך אויך געהאַלטן ס'מויל.

— איך טו עס מער ניט, — האָט אַנעט געזאָגט, — איר קאָנט מיט מיר טון, וואָס איר ווילט אַליין.

פּיטאַן איז ניט געווען פאַררימן ביי זיך. ער האָט פּשוט אַרויס־געזאָגט:

— מיט מיר איז ניט קיין סכנה. רעדט, מאַדאַם ריוויער! מיר זענען ניט באַשאַפן געוואָרן צו באַהאַלטן איינס פון אַנדערן אונזערע געדאַנקען.

פּשוט, ניט צו פאַרהוילן קיין זאַך, האָט אַנעט אויפגעדעקט פאַר אים איר פּלאַן. פּיטאַן איז געווען אַביסל איבערראַשט פון איר רייד, ער האָט זי אָבער ניט איבערגעשלאָגן און זי געלאָזט ריידן. ווען זי האָט געענדיקט, האָט ער אָפּגעהוסט און גע־פרעגט:

— אָבער, מאַדאַם ריוויער, איר ווייסט, וואָס איר שטעלט דאָ איין?

— דאָס איז ניט די פראַגע, — האָט אַנעט רואיק געענטפערט.

פּיטאַן האָט ווידער אָפּגעהוסט. ער האָט זיך געפרעגט, וואָס

פאַר אַ מאָטיוו האָט עס געקאָנט טרייבן אָט־די פרוי איינצושטעלן איר לעבן און איר גליק. ער האָט געקווענקלט צו ריידן. זי האָט זיך וועגן דעם אָנגעפרעגט:

— זאָגט, מאָסיע פּיטאַן, וואָס ווילט איר מיך פרעגן?

— מאַדאַם ריוויער, אַנטשולדיקט! אויב אָבער עס גייט דאָ אין דעם יונגן מלחמה־געפאַנגענעם, אין וועלכן איר זענט פאַראינטערעסירט, וואָלט דען ניט געווען בעסער פאַר אים צו פאַרבלייבן דאָרט, וואו ער איז, אונטער אַ שוץ, אַנשטאָט צו שטעלן אים אין געפאַר?

— עס האַנדלט זיך דאָ ניט אין זיין זיכערקייט, ניט אין מיינער.

פּיטאַן האָט געפרעגט אָן קונצן:

— האָט איר, הייסט עס, ליב דעם אַנדערן?

אַנעט האָט זיך ווידער פאַררויטלט (ווי יונג עס איז נאָך געווען איר בלוט!).

— ניין, ניט קיין ליבע, פּיטאַן, איך פאַרזיכער אייך! איך בין אַ צו אַלטע פרוי. עס איז שוין ניט פאַר מיין עלטער. איך האָב אפילו ניט געחלומט דערפון. איך טראַכט נאָר פון זייער פריינטשאַפט, ניט פון דער פריינטשאַפט, וואָס זיי פילן צו מיר, איך האָב קיין ווערט ניט אין זייערע אויגן, — פון דער פריינטשאַפט צווישן זיי ביידן.

— און אָט צוליב דעם...

פּיטאַן האָט ניט געענדיקט זיין געדאַנק. אַנעט האָט געזאָגט:

— עס איז ניט כדאַי פאַר דעם זיך מקריב צו זיין?

פּיטאַן האָט זי באַטראַכט מיט אַ פאַרשנדיקן בליק. זי האָט צוגעגעבן, גלייך ווי זי וואָלט זיך וועלן פאַרענטפערן:

— איינער פון זיי האַלט ביים שטאַרבן... עס איז, הייסט עס, ניטאָ דאָ איבער וואָס זיך צו שפּאָרן, פּיטאַן.

פּיטאַן האָט זיך ניט געשפּאַרט. ער האָט פאַרשטאַנען. די משוגעת אַליין פון דעם גרויסמוטיקן פּלאַן האָט געהאַט דעם כוח אים צו איבערציינגן. אָבער זיינע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף איר מיט פאַרערונג.

— איר קאָנט עס אַליין ניט טון, — האָט ער אַרויסגעזאָגט נאָך אַ ווײַלע נאָכטראַכטן.

— אויב דאָס וועט זײַן נויטיק, — האָט זי געענטפערט.

פּיטאַן האָט זיך ווידער פאַרטראַכט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אָנגעבויגן, האָט אויפגעהויבן מיט צוויי פינגער אַביסל שטויב פון דער ערד און עס צוגעלייגט צום שטערן.

— וואָס טוט איר? — האָט אַנעט געפרעגט.

— איך שליס זיך אָן אָן אייער באַטאַליאָן... זעט איר, מאַדאַם ריוויער (ער האָט גענומען אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר, כדי צו קאָנען ריידן שטיל), עס איז פאַר אײַך פיזיש אוממעגלעך צו טון אַלץ אויפאַמאָל, אי דאָ, אי דאָרט אין דערזעלביקער צייט. אַ געהילף וועט אײַך צוניץ קומען... און איך מוז צוגעבן, אַז איר האָט נאָך אַנדערע פליכטן אויפן קאָפּ. אייער זון. מען דאַרף ניט ריזיקירן, אויב מען קאָן זיך נאָר העלפן, צו קאָמפּראָמעטירן אים, זײַן נאָמען, זײַן צוקונפט, אויב מען זאָל אײַך כאַפּן. ער וואָלט אײַך דערפאַר ניט געוועזן דאַנקבאַר. איך אָבער ריזיקיר מיט קיין זאַך ניט ווי נאָר מיט זיך אַליין. איין מענטש אַליין איז היינט זייער ביליק, האָט גאָר קיין ווערט ניט. לאָזט מיך, — איך קען זיך אויף אַזוינע זאַכן, — אָרגאַניזירן פאַר אײַך דעם עסק, אויף מײַן אייגענער ריזיקע! איך וועל טון וואָס איך וועל נאָר קאָנען.

— אָבער, פּיטאַן, — האָט אַנעט, אַ גערירטע, אַרויסגעזאָגט, — איר קענט דאָך אַפילו ניט די מענטשן, פאַר וועלכע איר ווילט גיין אין געפאַר!

— איך קען די פרײַנטשאַפט, — האָט פּיטאַן געזאָגט, — אָט־די צוויי זענען פרײַנט. איר אַלע דריי זענט פרײַנט. מיר אַלע פיר זענען פרײַנט. פרײַנטשאַפט איז אַ מאַגנעט. מען באַדאַרף צו זײַן האַרטער פון אײַזן צו קאָנען איר ביישטיין.

— די היינטיקע וועלט טוט איר גאַנץ גוט ביישטיין, — האָט אַנעט געזאָגט.

— יעדער איינער ווייס, — האָט פּיטאַן זיך אָנגערופן, — אַז די היינטיקע וועלט איז אַ וועלט פון רייזן. אָבער מיר, מאַדאַם

ריוויער, לאָמיר ניט צילן אזוי הויך. מיר זענען זיך גאַנץ פּשוטע מענטשן.

זיי האָבן ארומגערעדט דעם פּלאַן. פּיטאַן האָט זיך גענומען דעם ליבס חלק. זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אז ער זאָל זיך שטעלן אין דירעקטער פאַרבינדונג מיטן יונגן געפאַנגענעם. און אין דעם פּאַסיקן מאָמענט וועט ער ווערן זיין וועגווייזער און אים איבער־געבן אויף אַנטלויפן העגט, אין דעם צוג, וואָס גייט קיין זשענעווע. מיט דער הילף פון זיינע פריינט וועט ער אים אויך אריבערפירן די גרעניץ. אָבער קודם־כל האָט מען באַדאַרפט אויסשטודירן די געגנט. מען האָט קיין זאַך ניט באַדאַרפט טון איבערגעאיילט. אין די קומענדיקע וואָכן וועט פּיטאַן געפינען אַ תירוץ צו פאָרן אויפן סאָמע פּלאַץ צו באַקענען זיך נאָענט מיטן לאַגער פון די מלחמה־געפאַנגענע. דאָרט וועט ער זיך טרעפן מיט פראַנצן און אים פאַרזיכטיק פאַרלייגן די ערשטע שריט... פּיטאַן האָט גערעדט פון פאַרזיכט, ער האָט זיך אָבער געהיצט. די געוואַלטיקע ריזיקע צו ווערן, ווען מען זאָל אים כאַפּן אין אָט־דעם אַקט, געמשפּט פאַר שפּיאָנאַזש און הויך־פאַראַט, האָט אים גאָרנישט אָנגעהויבן צו אַרן. ער האָט עס אוודאי געוואוסט. נאָר ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן אין דעם קיין רעכענונג. (ווער ווייס, אין דער טיפעניש פון זיין נשמה האָט דאָס אפשר אים ערשט געהאַט צוגעצויגן... פּיטאַן, האָבן מיר פריער געזען, האָט גוסטירט צו ווערן „אויפגע־פרעסן"...) די פאַנטאַסטישע זייט פון דעם פּלאַן האָט אים באַזינגט. ער האָט זיך צונויפגענומען, האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ, בעת די אויגן זיינע האָבן העל געלויכטן, און בלייבנדיק שטיין פאַר איר, האָט ער אַריינגעלאַכט אין דער באָרד אַריין און געזאָגט:

— מאַדאַם ריוויער, אַנטשולדיקט מיך! מיר זענען ביידע באַגלייך געווירט פון זינען. אין אַ צייט, ווען אַלץ פאַלט פונאַנדער אויף שטיקער, סיי מענטשן, סיי שטעט, פאַרנעם איך זיך גאָר מיט פאַרריכטן צעבראָכענעם פאָרצעליי. איר, ווידער, ווילט צוזאַמענ־קלעפּן די שטיקלעך פון אַ פריינטשאַפט... עס איז באמת דאָ פון וואָס צו לאַכן!... נו, גוט, לאָמיר לאַכן צוזאַמען! דער אַלטער קאָלאַ האָט געזאָגט: „וואָס מער מען איז משוגע צוזאַמען, אַלץ

קלערער איז מען״... ווער ווייס, אפשר וועלן מיר גאָר שפּעטער זיין די קלאָרע?...

---

אויפן אנדערן טאָג איז פּיטאַן צוגעטראָטן צו דער ארבעט. אָבער זיין מלאכה, וועלכע פאָדערט געדולדיקייט, האָט אים אויסגעלערנט צו מעסטן זיינע באַוועגונגען. ער איז געגאַנגען טראָט נאָך טראָט. דער זומער איז פאַרביי. ווען אנעט איז צוריקגעקומען פון פאַריז אויף איר שטעלע, האָבן זיי נאָך ניט געקאָנט באַשטימען דעם טאָג פון דער האנדלונג. אָבער די פעדים זענען געווען פעסט אָנגעבונדן צווישן די דריי פאַרשווערער. און אין דעם טאָג, ווען אנעט איז אָנגעקומען צוריק אין דער פּראָווינץ, איז פּיטאַן אָפּגעפאָרן צו דער שווייצאַרישער גרעניץ צוצוגרייטן דעם אנדערן טייל פון פּלאַן.

זשערמען, אין זיין סאַניטאַריום אין „שאַטאָ ד'עי״, האָט, נאַטירלעך, גענומען פאַרלירן די געדולד. ער האָט דאָס ניט געקאָנט פריי ארויסזאָגן אין זיינע בריוו. אַ געפייניקטער און אַן אומרואיקער, האָט ער שוין אַזוי אויך צופיל ארויסגעזאָגט. אנעט האָט אים געשריבן:

„ווילט איר פון אַלץ אַ תל מאַכן?״

דעמאָלט האָט ער זי געצוואונגען איבערצוחזרן אַ מאָל צוואַנציק:

„שווערט זיך! איר האָט געשוואוירן!״...

„...איך האָב געשוואוירן. יאָ. דו האָסט מיך באַצוואונגען. אַ שטאַרבנדיקער, הערסטו אונז ניט אויף צו טרייבן!... אונזערע לעבנס זענען ביי דיר ביליק... אָרעם קינד! איך פאַרשטיי דיך... איך זוך ניט זיך פרייצומאַכן״...

זי האָט געהאַט אָנגעהויבן אין שול דאָס דריטע יאָר פון איר קורס. אָבער די אומשטענדן האָבן זיך געענדערט. דאָס הויז פון די שוואַנאַס איז געווען פאַרשלאָסן. זי האָט ניט נאָר פאַרלוירן די געזעלשאַפט פון פריינט, וואָס זי האָט זיך צו זיי געהאַט צוגעבונדן. זייער אָנוועזן איז געווען פאַר איר אַ פּראָטעקציע, פון וועלכער זי האָט גאָר אָן איר וויסן בענעפיטירט. דאָס, וואָס זי איז אַזוי נאָענט צוגעלאָזן געוואָרן צו זיי, האָט אפשר אויפגעלעבט די איר־

פּערזיכטיקע בייזווילּיקייט פון דעם קליינעם שטעטל, אָבער די דאָ־זיקע בייזווילּיקייט האָט ניט געקאָנט זיך אַרויסווייזן. איצט, ווען די שילד, וואָס האָט געהאַט באַשיצט אַנעטען, איז פון איר אַרונ־טערגענומען געוואָרן, האָט מען מער ניט באַדאַרפט צו האַלטן שטאַט. מען האָט געוואוסט, אַז זשערמענס שוועסטער, מאַדאַם דע סעזשי־שאַוואַן, די איינציקע, וועלכע איז דאָרט פאַרבליבן, האָט זיך גאָר־נישט באַנומען מיט סימפּאַטיע צו אַנעטען; זינט איר ברודער איז אָפּגעפאָרן, האָבען זיי זיך מער ניט געטראָפן. דאָס רכילות, וואָס איז ביז איצט געהאַלטן געוואָרן אין צוים, האָט ווידער געקאָנט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. אין לויף פון צוויי יאָר האָבן די ווייבער, ווי די מערעשקעס, אָנגעקליבן אַ קערנדל נאָך אַ קערנדל אַ גאַנצן הויפן אומפריינטלעכע פאַקטן. יעדערע פון זיי האָט צו־געטראָגן איר חלק צום קהלשן שייער, וואו מען האָט דאָס אַלץ צונויפגעלייגט אינאייינעם. מען האָט צונויפגעפירט איינס מיט אַנאַנדער די ספקות מכוח אַנעטעס פריוואַטן לעבן און מכוח איר פאַרדעכטיקער מוטערשאַפט, באַמערקונגען, אַרויסגערופן דורך דער צווייידייטיקער קאַלטקייט פון איר פאַטריאָטיזם און דורך דער פריינטלעכקייט, וואָס זי האָט געהאַט גאַנץ אָפן אַרויסגעוויזן בנוגע צום שונא. ניט צו זיין קלאָר אין דעם ענין, האָבן אירע נסיעות פון לעצטן יאָר, אירע טונקעלע האַנדלונגען אַרויסגערופן אַ מור־מלעריי. עס איז געווען די רעכטע צייט פאַר אַנעטען איבערצוגעבן פּיטאַנען דעם גאַנצן אַקטיוון טייל פון דער אונטערנעמונג, ווייל אירע באַוועגונגען זענען נאָכגעשפּירט געוואָרן. זי אַליין האָט גאָרנישט ניט באַמערקט ווי נאָר די שטייגנדיקע קאַלטקייט אַרום, וועלכע האָט פונדעסטוועגן ניט געשטערט דעם זויערן שמייכל אויף די ליפּן און דער האָניק־זיסער העפלעכקייט אין די אויסגעקרימטע מיילער.

עס פעלן אונז אָבער קיינמאָל ניט אויס קיין פריינט צו לאָזן אונז וויסן דאָס שלעכטס, וואָס מען רעדט אויף אונז. אָנצוזאָגן אימיצן אַ שלעכטע בשורה, וואָס יענער ווייס נאָך פון איר ניט, איז אַ גרויס פאַרגעניגן. מען טוט עס פון יענעמס טובה וועגן! עס איז אַ חוב און אַ פאַרגעניגן צוזאַמען.

דעם דאָזיקן חוב האָט לאַ־טראָטעי מיט פרייד גענומען אויף

זיך. לאַ־טראַטעי (די אַלמנה טראַטאַ, אָדער געגויער טאַרטראַ) איז געווען די וועשערין, וועלכע האָט געהאַט צוערשט דערלאַנגט אַ פּאַטש דעם דייטשישן אָפיציר און דערנאָכדעם, געווירט מיטאַמאָל פון אַנעטעס ענערגישן אַרויסטריט, אַרויסגעוויזן אין שפּיטאָל מיט גרויס טומל איר חרטה. זי איז אַלט געווען אַן ערך פערציק יאָר. אַזוי איז זי זיך געווען אַ וואוילע פרוי, נאָר אַ היציקע און האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. זינט יענעם באַרימטן טאָג פלעג זי אַרויסשטעלן איר אַגרעסיוון פּאַציפיזם אונטער דער סאַמע נאָז פון די גוטמוטיקע זשאַנדאַרמען און אַרויסווייזן אַנעטען אַ לעבהאַפּטיקע סימפּאַטיע, וואָס יענע וואָלט גאַנץ גוט געקאָנט זיך באַגיין אָן איר. זיי האָבן אָבער געוואוינט אַ טיר לעבן אַ טיר און לאַ־טראָטעי האָט געהאַט אירע קליענטן: מען האָט געמוזט זיך אונטערוואַרפן דער וועשערין מיט איר פּראַלניק.

אַנעט האָט איר פיל נאָכגעגעבן צוליב איר אַלטער שוויגער, וועלכע האָט געוואוינט מיט איר. מען האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלן קיין מער פאַרשיידענע מענטשן ווי אָט־די צוויי פרויען: לאַ־טראָטעי מיט איר שאַרפער צונג, מגושמדיק אין געביי, ברייטביינערדיק, באַלייבט, מיט אַ גרויסער בורגונדישער נאָז, וועלכע האָט זיך געשטופּט אין יענעמס עסקים; און די מוטער גילמעט, אַ קליינטשיקע, אַ שוואַכע, אַ שטילע. זי איז געווען אַריבער די זיבעציקער. חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט אַן ערדאַרבעטער אין דער געגנט פון אַראַ, האָט זי בעת דער מלחמה געהאַט אַ שיין ביסל אויסצושטיין. איר גאַנץ פאַרמעגן און איר הויז זענען חרוב געוואָרן; איר אַלטער איז געשטאָרבן פון האַרצווייטיק. זי האָט אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. וואָכנלאַנג האָט זי זיך געפונען איינע אַליין מיט די דייטשישע סאָלדאַטן, אונטער דער באָמבאַרדירונג פון אירע אייגענע לאַנדסלייט. זי האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרדראָס ניט אַנקעגן די, וואָס האָבן אַ תל געמאַכט פון איר ביסל אָרעמקייט, אַזוי אויך ניט אַנקעגן די, וואָס האָבן געבראַכט דאָס אומגליק אויף איר קאָפּ. זי האָט רחמנות געהאַט אויף אירע שונאים, וועלכע האָבן געלאַגערט ביי איר אין דער היים, וועלכע האָבן געטיילט מיט איר די געפאַרן, און האָט זיי איבעראַשט מיט איר ווערדיקער האַלטונג. ווען זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס

איז געווען אומזיסט צו וועלן פאַרמיידן דאָס מזל און אַז איר גאַנץ שווער לעבן פון שפּאָרן איז אַוועק מיטן רויך, האָט זי אָנגעוויזן אירע געסט דאָס באַהעלטעניש, וואו עס איז איר געלונגען צו פאַר־רוקן דאָס ביסל, וואָס עס איז נאָך געווען פאַרבליבן פון דער פּראָ־וויזיע, איר קליינעם אוצר.

— מיינע אָרעמע אינגלעך, — האָט זי געזאָגט, — נעמט עס, אויב עס קאָן אייך נוצן, כּל־זמן איר זענט נאָך ביים לעבן! איך אַליין בין שוין צו אַלט. איך דאַרף שוין מער גאָרנישט.

אַנעט האָט וועגן דעם זיך דערוואוסט דורך איינעם פון די דייטשישע פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין גע־נעזן ווערן אין שפּיטאָל און געהאַט די פּריווילעגיע אַרויסצוגיין אויף אַ קורצן שפּאַציר איבער דער שטאָט. ער איז גראָד געווען ביי דער אַלטער גילמעט, לעבן אַרא, איינער פון די פאַרבייגייער, און האָט זיך זייער דערפרייט ווידער צו טרעפן די אַלטע פרוי, אויף וועלכער ער האָט געלייגט גרוים כבוד. ער האָט געזאָגט:

— אייערע צייטונגען און אייערע פּיינל־שרעקער, באַרעס און פּואנקאַרע, קאָנען זיך ריידן אין נאָמען פון פראַנקרייך! די אמתע פראַנקרייך קען איך בעסער פון זיי!

אַנעט האָט ליב געהאַט שמועסן מיט דער אַלטער גילמעט, — אויף וויפיל נאָר דער שרעקלעכער פּיסק פון איר שנור, לאַ־טראָטער, האָט דאָס דערלויבט. די אַלטע פרוי, מיט איר איידלקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, האָט אַוודאי ניט מער הנאה געהאַט זי אויס־צוהערן ווי אַנעט. זי האָט עס אָבער אַנדערש ניט אַרויסגעוויזן ווי נאָר דורך אַ שטיפערישן שמייכל, וואָס האָט צוגעגעבן איר אַלטן געזיכט אַ יוגנטלעכן צויבער. זי האָט ניט אָנערקענט פאַר זיך דאָס רעכט צו פּראָטעסטירן. יעדער פויגל מיט זיין געזאַנג!...

אַנעטעס אָפטע באַזוכן ביי די צוויי פרויען זענען באַלד גע־וואָרן באַוואוסט און מען האָט גענומען וועגן דעם ריידן. פון די צוויי איז איינע געווען איינגעאַנצן אָפּגעפּרעגט און די אַנדערע גע־האַלטן אונטער אַ חשד, ווייל נאָך דריי יאָר לעבן אויף אַן אָקו־פּירטער טעריטאָריע, איז זי פון דאָרט צוריקגעקומען אָן שנאה צו די דייטשן, וועלכע האָבן ביי איר אַלץ אַוועקגענומען. מען האָט אויך ניט פאַרפעלט צו וויסן, אַז אַ דייטשישער מלחמה־געפאַנגענער

האט אמאל, פארבייגייענדיק, זיך אפגעשטעלט ביי דער אלטער גיל־מעט און אז אנעט האט זיך אויך באטייליקט אין איינעם אדער צוויי פון זייערע שמועסן. דאס איז געווען מיט איין וועקסל מער, וואס איז צוגעלייגט געווארן צום חשבון. אבער אנעט, פאר וועמען לא־טראטעי האט פונאנדערגעלייגט דעם גאנצן פאק רכילות, וואס מען האט אויף איר אויסגערעדט, האט זיך וויניק וואס גע־קימערט איבער א פלעק מער אדער וויניקער אויף איר רעפוטאציע.

דער „טאג פון די טויטע" איז געקומען. דער הייליקער טאג. די אמתדיקע רעליגיע פון די פראנצויזן. אלע גלויבענישן זענען ניט מער ווי שפעטער צוגעקומענע צואוואוקסן, וואס וועלן פארי־בערגיין. אין דעם דאזיקן איינעם קולט, פארבונדן מיט דער אינ־געווייד פון דער ערד, באטייליקן זיך אלע, וואס זענען פון איר ארויסגעקומען, אלע, וואס וועלן זיך צוריק אומקערן צו איר, — מענטשן פון יעדן גלויבן, אזוי אויך אזוינע, וואס האבן גאר קיין גלויבן נים. אנעטען איז דאס ניט געווען פרעמדער ווי דער מאַ־דאם דע־סעזשי־שאוואן אדער דער וועשערין לא־טראטעי. און ווען דער טאג איז געקומען, איז זי, כמעט ניט צו טראכטן דערפון, מיטגעגאנגען מיטן שטראם מענטשן, וועלכע האבן גאנצע משפחות זיך אוועקגעלאזט אויפן בית־עולם.

ניט ווייט פון טויער האט זי אנגעטראפן די אלטע גילמעט, וועלכע האט, אונטערהינקענדיק, זיך אויך אהין געשלעפט. זי האט איר געגעבן איר ארעם. זיי זענען אריינגעקומען צוזאמען. אלע קברים זענען געווען באדעקט מיט בלומען, די אלייען אויסגעקערט. נאר אין איין פארווארפענעם ווינקל, לעבן דעם איינגעפאלענעם גדר, צווישן ווילדע גראזן, איז די ערד געווען צעגראבן, נאקעט, באדעקט מיט הילצערנע צלמים אן א סימן פון א קרענצל. דאס פעלד פון די ארויסגעשטויסענע. דאס זענען געווען מתים־שונאים, וואס זענען געבראכט געווארן אהין פון שפיטאל. אזוי ווי זיי זענען אבער געווען קריסטן, האבן זיי, בכן, געהאט א צוטריט צום טאל פון יהושפט; מען האט זיי אבער באצייטנס אפגעצאמט באזונ־דער, ניט צו ווארטן אויפן טאג פון יום־הדין, וועלכער וועט דארפן אפשיידן „די שעפסן פון די לעמער".

די אַלטע גילמעט האָט ניט דערהאַלטן פאַר זיך באַצייטנס א פּלאַץ אין גן־עדן. זי האָט זיך פּאַרטרויט פאַר אַנעטען:

— איינער פון מיינע אינגלעך ליגט דאָרט. א בלאָנד בחורל, מיט ברילן. ער איז געווען א זייער איידעלער. ווען איך האָב געקאָכט, פלעג ער גיין צום ברונים אָנשעפּן פאַר מיר וואַסער. ער פלעג מיר דערציילן וועגן זיין פאָטער און זיין כלה. כ'וועל אַביסל זיך דורכשמועסן מיט אים.

אַנעט האָט זי באַלייט. די אַלטע האָט ניט געקאָנט איבערלייענען די נעמען אויף די צלמים. אַנעט האָט איר געהאָלפן. זיי האָבן, ענדלעך, געפונען דעם, וואָס זיי האָבן געזוכט. די אַלטע האָט געזאָגט:

— מיין אָרעם אינגל, אָט־דאָ, הייסט עס, ביסטו? האָסט ניט געהאַט קיין מזל!... כאָטש דאָ איז פּונקט אַזוי גוט ווי דאָרט!... זעסט, דיין אַלטע האָט דיך ניט פאַרגעסן... זי האָט, אמת, ניט א טראַכט געטון צו ברענגען דיר א בלום, זי וועט אָבער באַלד גאָט בעטן פאַר דיין נשמה.

אַנעט האָט זי איבערגעלאָזט, א קניענדיקע אויפן קבר. זי איז געוואָרן שטאַרק גערירט פון דער שווידערלעכער נאַקעטקייט פון אָט־די קברים, — אָרעמע קרובים, וואָס זענען אין זייער אומעט מיט א כיוון פאַרגעסן געוואָרן פון דער משפּחה פון די טויטע. זי האָט זיך אומגעקערט צוריק צום אריינגאַנג פון בית־עולם, האָט געקויפט ביים היטער פון טויער א בינטל בלומען, און גאָרנישט א טראַכט צו טון, אַז איר פּלוצלינגדיקער אימפּולס האָט געקאָנט שטעכן די אויגן פון די מענטשן, וועלכע האָבן זי געזען פאַרבייגיין, איז זי געקומען צוריק צו די מתים, וועלכע זענען געלעגן פאַרשעמטע אונטער דער נאַקעטער ערד, און האָט פונאַנדערגעוואָרפן איבער זיי די בלומען. די אַלטע האָט דערווייל געהאַט רואיק פאַרענדיקט, אירע תחינות. ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן, האָט אַנעט זי אָנגענומען פאַרן אָרעם און זיי זענען ביידע געגאַנגען צוריק אַהיים.

דאָ האָבן זיי זיך ארומגעזען, אַז ביים ראַנד פון אָט־דעם פאַרשאָלטענעם שטיקל ערד, האָט א געזעמל מענטשן ניט ארונטערגענומען פון זיי די אויגן. פרויען פון פאָלק מיט זייערע קינדער האָבן

געטייט אויף זיי מיט די פינגער און זיך געהיצט. אביסל ווייטער, הינטער זיי, האָבן אַ צוויי־דריי דאַמען צוגעקוקט די סצענע, זיי האָבן זיך אָבער ניט אַריינגעמישט. ווען גילמעט מיט איר חברטע האָבן באַדאַרפט אַריבערגיין אַט־דעם פּלויט, וואָס איז זיי געווען אין וועג, האָבן זיי איינגעזען, אַז ער איז ניט אָן דערנער. איינע אַ פרוי האָט אויסגערופן:

— אַ בעלנות צו ברענגען אונזערע בלומען פאַר אָט־די פּגרים!

דאָס בלוט ביי אַנעטען האָט גענומען זידן. זי האָט זיך אָנגעטון אַ כוח צו שווייגן און איז פאַרבייגעגאַנגען מיט אַ פאַרדריסענער מינע. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט זי צו באַליידיקן. מיט דער אַלטער גילמעט אָבער האָבן זיי זיך ניט געהאַט וואָס צו שטערן. זיי האָבן געשריגן צו איר:

— אַלטע מכשפה! פאַרקויפטע נשמה!

— צום טייוול! — האָט דיזעלביקע פרוי אויסגערופן — גלייך ווי מען וואָלט ניט געוואוסט, אַז זי האָט געמאַכט געשעפטן מיט די דייטשוקעס!

די אַלטע האָט זיך שטיל פונאַנדערגעלאַכט... „פיינע געשעפטן! זי האָט אַלץ אָנגעוואוירן"... אַנעט האָט זיך פאַרלוירן. זי האָט, לויט איר טבע, זיך באַשיצט, אַטאַקירנדיק. זי האָט געזאָגט, אַז ס'איז געמיין ניט איינצוהאַלטן פאַר זיך די בייזקייט אין אָנגעזיכט פון טויט און אַז אונטער דער ערד זענען אַלע גלייך: ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן די, וואָס זענען דאָ אָדער דאָרט! — די מענטשן האָבן פּראָטעסטירט. אַרויס איינגאַנצן פון די כלים, האָט זי זיי דערקלערט, אַז זי גיט די דייטשישע טויטע אָפּ כבוד, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען געשטאָרבן פאַר פראַנקרייך: אַלע זענען באַגלייך געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן...

זי האָט געזאָגט גאַנץ גענוג, אַז די דריי לאָקאַלע צייטונגען, פון דריי קאָלירן, פון רויט ביז ווייס, זאָלן אויפן צווייטן טאָג זי באַערן מיט גיפטיקע אַרטיקלען, איבערגעבנדיק די סקאַנדאַליעזע ווערטער פון אַ לערערין פון אַ הויך־שול, פון אַן אָפיציעלער פּערזאָן, און אויפפאָדערנדיק די רעגירונג זי צו באַשטראָפן.

דער רעזולטאַט דערפון האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן. אַנעט איז גערופן געוואָרן פאַרן פרינציפּאַל פון דער שול. נאָך

אַ קורצן פאַרהער, וואָס זי האָט זיך גאָרנישט געמיט זיך צו ווערן אַנקעגן זיין שטרענגקייט, איז זי אָפּגעזאָגט געוואָרן פון איר לערער־שטעלע. זי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט און זיך גענומען פאַקן אין וועג אַריין. זי איז געווען מיד.

די שעה פון האַנדלונג האָט, אגב, געשלאָגן. זי האָט באַדאַרפט צו האָבן פרייע הענט.

---

פּיטאָן איז געווען גרייט. זיין פּלאַן איז געווען אויסגעאַרבעט. ער האָט פעסטגעשטעלט אויפן פּלאַץ אַלע דעטאַלן. ער האָט גענומען אויף זיך צו טרעפן זיך מיט פראַנצן אין זיין לאַגער און אים פירן צום צוג, וואו אַנעט וועט אים באַלייטן ביז צו דער לעצטער סטאַנציע פאַר דעם פראַנצויזישן צאָל־הויז. דאָרט וועט פּיטאָנס אַ פריינט איבערנעמען דעם פויגל און דורך פאַרדרייטע וועגן אים פירן צו דער גרעניץ. עס איז דאָרט געווען אַ קרעטשמע, וועלכע האָט, דורך אַן אויסערגעוויינטלעכן מזל, זיך צעלייגט איבער ביידע לענדער: איין טיר איז אַרויס צו פראַנקרייך און די אַנדערע — צו דער שווייץ. דאָס שפּיל איז באַשטאַנען אין אַדורכשלייכן זיך. די גרעסטע ריזיקע איז געווען דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס פּיטאָן האָט גענומען אויף זיך. אַנעט איז געשוינט געוואָרן. איר ראָליע איז פונדעסטוועגן אויך ניט געווען אָן געפאַרן. זי האָט באַדאַרפט זיך באַזאָרגן אין פּאַריז מיט צוויי בילעטן פאַר דער שווייץ. כדי אָבער זיי צו קריגן, האָט זי געמוזט צושטעלן ביים פענצטערל פון דער וואָקזאַל־ביוראָ צוויי פּאַספּאָרטן, וואָס זאָלן זיין געהעריק געשטעמפּלט פאַר דעם באַשטימטן פּלאַץ און טאָג. פּיטאָן האָט זיך אונטערגענומען איר צוצושטעלן אַ פּאַספּאָרט, וואָס די קענצייכנס פון זיין אייגנטימער זאָלן זיך פּאַסן פאַר פראַנצן. אָבער צוליב אַזאַ אָדער אַן אַנדער סיבה האָט אַנעט פון אים גאָרנישט ניט דערהאַלטן. די צייט איז געלאָפן. דער באַשטימטער טאָג איז געקומען אַלץ נעענטער. אַנעט האָט באַשלאָסן צו פאַרלאַנגען צוויי פּאַספּאָרטן, איינעם אויף איר אייגענעם נאָמען און דעם אַנדערן אויפן נאָמען פון איר זון. עס איז געווען אַ משוגענער געדאַנק. מאַרק איז ניט געווען פון פראַנצעס עלטער און ווינציק וואָס געראָטן אין אים. מען האָט אָבער ניט געקאָנט

מער ווארטן. זי איז געווען גרייט איינצושטעלן אלץ פאר אלץ! אנעט האט, איבעריקס, גערעכנט אויסצונוצן דעם פאספארט ניט מער ווי נאר אויף צו קריגן דעם בילעט.

זי האט ניט געהאט קיין שוועריקייט צו קריגן דעם בילעט אין פאריז דורך דער פארמיטלונג פון מארסעל פראנק, כאטש א סך אנ־דערע, וועלכע זענען געווען מער פון איר בארעכטיקט צו מאכן דיזעלביקע נסיעה, האבן פארלוירן גאנצע וואכן אין אויסבעטלען א דערלויבעניש, וואס מען האט עס זיי סוף־כל־סוף אפגעזאגט. די שיינע זייט פון רעגולאציעס באשטייט טאקע אין דעם, וואס זיי שטייען אין וועג ניט מער ווי נאר די אומשולדיקע. אנעט האט בכלל גאר ניט געוואוסט פון איר מזל. האט זי עפעס געוואלט, האט זי עס געוואלט אזוי שטארק, אז עס האט איר אויסגעזען נא־טירלעך, אז איר וואונטש זאל מקויים ווערן, און איר זיכערקייט איז איבערגעגעבן געווארן די מענטשן, וואס אן זיי האט זיך עס געווענדט צו דערפילן איר וואונטש. דער תירוץ, וואס זי האט אנגעגעבן אין דעם איצטיקן פאל, איז געווען דאס געזונט פון איר אינגל, וואס זי האט אים געוואלט אוועקפירן אין דער שווייץ. מארסעל האט זיך ניט צופיל נאכגעפרעגט און איז גלייך צוגע־טראטן צו דער ארבעט.

אנעט איז אפגעפארן פון דער פראווינץ אין דער נאכט פאר דעם טאג, וואס זי האט געהאט אפגערעדט צו טרעפן זיך מיט פיטאנען. זי האט געזען, אז איין שריט זאל געמאכט ווערן גלייך נאכן אנדערן. בעת אט־דער קורצער צווישנצייט האט זי זיך אין ערגעץ ניט איינגעסטאלירט. זי איז געווען ווי דער פויגל אויפן צווייג. זי האט אויסגעמיטן צו ווארפן זיך מענטשן אין די אויגן סיי אויף דער פראווינץ, סיי אין פאריז. זי האט קיינעם פון איר הויזגעזינט ניט געלאזט וויסן וועגן איר דורכפארן דורך פאריז. סילוויע האט נאר געוואוסט, אז איר שוועסטער איז נארוואס אפ־געזאגט געווארן פון דער שטעלע און אויך פארוואס, זי האט אבער ניט אנגעהויבן צו וויסן, ווען זי האט געזאלט צוריקקומען אהיים. אנעט האט ניט מער ווי נאר אנגערירט די ערד פון פאריז, פאר־ברענגענדיק דארט ניט מער ווי די עטלעכע שעה, וואס זענען איר געווען נויטיק אויף צו מאכן די הכנות פאר דער עקספעדיציע. זי

האָט געזאָלט וואַרטן, ביז דאָס וועט זיך איר איינגעבן, כדי צו מעלדן זיך פאַר אירע אייגענע. (אויב אָבער די עקספּעדיציע וועט איר ניט געלינגען, וועלן זיי זיך באַצייטנס אַליין דערפון דערוויסן).

זי איז, דעריבער, אָנגעקומען אומבאַמערקט דעם 9טן נאָוועמ־בער, אַנקעגן אָוונט, און האָט גענומען פאַר זיך אַ צימער אין אַ קליינעם האָטעל לעבן וואָקזאַל. דאָס מזל האָט איר ווידעראַמאָל צוגעשפּילט. די פראַנצויזיש־שווייצאַרישע גרעניץ איז געווען נאָכ־אַנאַנד פאַרשלאָסן. אַזוי איז עס געווען סוף אָקטאָבער, מחמת די איטאַליענישע מפּלות. זי איז נאָך אַלץ געווען פאַרשלאָסן דעם 9טן נאָוועמבער. דעם 10טן האָט זי זיך ווידער געעפנט, — אויף איין טאָג, האָט מען געשמועסט. דאָס איז געווען דער טאָג, וואָס זי האָט באַשטימט. אַנעט האָט, אַן אומרואיקע, פאַר־בראַכט דעם פרימאָרגן און כמעט דעם גאַנצן נאָכמיטיק אין פאָר־מאַליטעטען און אין וואַרטן גאָר אָן אַ סוף אין דער פּאָליציי, דער־נאָך אין דער ביוראָ פון אויסלענדישע ענינים, כדי צו קריגן די פּאַספּאָרטן און זיי לאָזן וויזירן; זי האָט געקויפט אויפן וואָקזאַל די בילעטן. נאָכדעם ווי זי איז מיט דעם פּאַרטיק געוואָרן, — דער פייכטער, כמורער טאָג האָט שוין דעמאָלט געהאַלטן ביים פאַרגיין, — האָט אַנעט זיך אומגעקערט צוריק אין האָטעל אַריין, צו רוען אַביסל אין דער דערוואַרטונג פון דער אוואַנטוריסטישער נאַכט. אָבער דאָס צימער איז געווען אייז־קאַלט. איצט, ווען זי האָט ניט געהאַט וואָס צו טון, האָט זי גענומען זיך אַליין פּייניקן. די מי־דיקייט האָט זי אָנגערעגט צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס האָט געקאָנט שטערן דעם געלונגענעם אויסגאַנג פון דער עקספּעדיציע: וועט מען ניט גלייך באַמערקן פראַנצעס אַנטלויפן? וועט ער אָנקומען אין צייט ניט צו פאַרפעלן דעם צוג? און זי אַליין, — וועט מען זי אָט־באַלד אַדורכלאָזן מיט אירע צוויי בילעטן?... ששש... מען וועט באַלד זען... מען דאַרף ניט טראַכטן, וואָס עס וועט זיין שפּעטער! מען דאַרף האַלטן די געדאַנקען אין צוים!... זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט זיך ניט געהאַט באַזאָרגט מיט פּראָ־וויזיע: פראַנץ וועט אַוודאי אָנקומען, אַן אויסגעהונגערטער... זי איז ווידער אַרויסגעגאַנגען אויף עטלעכע מינוט.

גאַנצע פיר שעה זענען געווען פאַרביי. דאָס ליכט פון טאָג

איז געווען אויסגעלאָשן. אַ דעמפּיק־נאַסער הויך איז שווער גע־האַנגען איבער דער שטאָט. אַ דריבנע רעגנדל, וואָס האָט גלייך און אָן אָפּשטעל זיך געזיפּט פון דעם ברוקיר, פון די ווענט פון די הייזער, אַזוי אויך פון דעם ניט־אָנזיכטיקן הימל, האָט אַדורכגענומען דיביינער. פּאַריז איז געווען באַהאַלטן אונטערן נעפּיל, ווי אַ מענטש, וואָס שלאָפט, איז באַהאַלטן אונטער די ליי־לעכער. מען האָט ניט געקאָנט זען אויף פיר שפּאַן פון זיך. פון דעם ריזלדיקן דעקטוך זענען מיטאמאָל אַרויסגעקומען די פאַרביי־גייער, וועלכע האָבן אַדורכגעקרייצט דעם וועג און באַלד ווידער אַרונטערגעטויכט אונטער דעם נעפּיל. פאַר דעם, וואָס האָט ניט געוואָלט געזען ווערן, איז דאָס געווען אַ זיכערקייט. עס איז אָבער אויך געווען אַ פּאַסטקע...

און פּלוצלינג איז די שויב פון נעפּיל צעבראָכן געוואָרן פון אַ יונגן, דערשטוינט־צעשראָקענעם קאָפּ און פון אַן אויסגעשריי. און ווי שנעל אַנטעמס האַרץ האָט זיי געהאַט דערקענט, אַזוי האָט אַ נאָך האַסטיקערע האַנט זי שוין געהאַט אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם. פאַר איר איז געשטאַנען מאַרק, וועלכער האָט אויסגערופן:

— מאַמע!... דאָס ביסטו!...

זי איז געבליבן שטום פון גרויס איבעראַשונג... ווייניקער פון אַלץ האָט זי זיך געריכט אויף אָט־דער באַגעגעניש!... ער האָט זי באַטראַכט, אַ גליקלעכער און אַ נייגיריקער, און זי אַרומ־גענומען אונטער איר רעגנשירם. זייערע ליפּן און זייערע באַקן זענען געווען נאַס פון רעגן. זי האָט מיט גרויס מי זיך באַהערשט. ער האָט געפרעגט:

— ביסט, הייסט עס, צוריקגעקומען? גייסט אַהיים?

זי האָט געענטפערט:

— ניין, איך בין דאָ נאָר פאַרבייפאָרנדיק.

מאַרק האָט זיך פאַרוואונדערט:

— וואָס הייסט?... אָבער דו בלייבסט דאָ איבער נאַכט?

— ניין, איך פאָר נאָך היינט אויפדערנאַכט אַוועק.

ער האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען.

— וואָס?... פאָרסט היינט אויפדערנאַכט אַוועק? וואו־הין, צו וואָס, אויף ווי לאַנג?... פון ווען אָן ביסטו דאָ?...

האָסט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, פאַרבייפאָרנדיק, און מיר אַפּילו ניט געלאָזט וויסן?

זי האָט זיך באַהערשט.

— אַנטשולדיק מיך, מיין טייערער! איך האָב עס אַליין ניט געוואוסט ביז דער לעצטער מינוט.

ער האָט, אַן אויפגערעגטער, גענומען ווידער צושטיין צו איר מיט פראַגעס.

— אָך וועל דאָס דיר שפּעטער דערקלערן. דאָ, אין מיטן גאַס, אויפן רעגן, קאָן איך עס ניט טון.

— נו, גוט, לאָמיר גיין אַהיים! האָסט דאָך צייט ביז אויפ־דערנאַכט.

— ניין, איך מוז שוין גיין צוריק אויפן וואָקזאַל.

מאַרק, אַן אָנגעכמורעטער, האָט זיך איינגעקוקט אין איר:

— נו, גוט, וועל איך דיך באַלייטן צום וואַגאָן.

זי האָט באַדאַרפט נאָך צוריקגיין אין האָטעל אַריין. זי האָט ניט געוואָלט, דער זון זאָל וויסן, אַז זי האָט זיך דאָרט אָפּגע־שטעלט. זי האָט אים ניט געקאָנט פאַרטרויען איר פּלאַן. צוליב אַ טויזנט טעמים! ער האָט ניט געטאָרט אַריינגעצויגן ווערן אין אָט־דעם עסק. ווי וועט ער דערויף קוקן? זי האָט ניט גע־טרויט ניט אים, ניט זיין כאַראַקטער; זי האָט גערעכנט, אַז ער איז ניט פייאיק צו פאַרשטיין אירע אידייען און איז פיינטלעך צו זיי. ניין, זי האָט ניט געקאָנט ריידן! אַן אַנדער לעבן איז דאָ געשטאַנען אין קאָן... אָבער ניט ריידן וואָלט געהייסן צו באַ־רעכטיקן אַלע זיינע חשדן. זיי זענען שוין געווען אַרויסגערופן. וואָס אַזוינס האָט ער זיך פאָרגעשטעלט וועגן איר געהיימן קומען קיין פּאַריז? זי איז רויט געוואָרן פון שאַנד פאַר איר זון.

— גיי אַהיים, מיין קינד. דער רעגן ווערט גרעסער. וועסט פאַרנעצט ווערן.

ער האָט געצויגן מיט די אַקסל:

— ביסט דאָך ניט געקומען אָן באַגאַזש. וואו האָסטו אים איבערגעלאָזן? איך וועל גיין נאָך אים און דיר העלפן טראָגן.

— איך דאַרף קיינעם ניט האָבן.

ער האָט זיך דערפילט באַליידיקט, ער האָט זיך אָבער גע־

מאַכט ווי ער וואָלט גאָרנישט גערעדט. ער האָט געוואָלט וויסן, וואוהין זי פאָרט.

— האָסטו שוין געקויפט אַ בילעט?

זי האָט ניט געענטפערט. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. זי האָט געפילט, אַז ער שפירט זי נאָך. זי האָט געזוכט צו געבן אים אַ תירוץ און ניט געקאָנט געפינען. אויף אַ ראָג פון אַ גאַס איז זי געבליבן שטיין און זיך געצוואונגען אָנצונעמען אַ באַפעלערישן טאָן:

— לאָמיר זיך דאָ שיידן!

ער האָט עקשנותדיק איבערגעחזרט:

— אויף דער פלאַטפאָרמע פון וואָקזאַל.

— איך בעט דיך, לאָז מיך אָפּ, — האָט זי טרוקן ארויסגע־זאָגט.

ער איז איר אַלץ ווייטער נאָכגעגאַנגען. זי איז געוואָרן אויפגערעגט. זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַקסל:

— גענוג! איך פאַרווער דיר מיר נאָכצוגיין.

ער איז געבליבן שטיין ווי אַן אויסגעפּאַטשטער. אַנעט האָט געוואוסט, אַז ער וועט איר ניט מוחל זיין די באַליידיקונג. זי האָט אָבער שוין געהאַט אָנגעהויבן, האָט זי געמוזט גיין ביזן סוף, מחמת דאָס איז דאָס איינציקע מיטל פון אים פּטור צו ווערן. דערפילט זיך געטראָפן, האָט ער גענומען שלאָגן צוריק:

— אָבער וואָס אזוינס קלייבסטו זיך צו טון? דו געטרויסט מיר ניט?

— יאָ.

ער האָט גענומען שטעלן פּים.

זי האָט אים צוריקגערופן:

— מארק, צוקוש זיך מיט מיר!

ער האָט זיך ניט אומגעקערט. מיט די הענט אין די קעשענעס, די אַקסל אויפגעהויבן, האָט ער זיך דערווייטערט, אַ שווער־באַליי־דיקטער. דער שלייער פון נעפּיל האָט אים ווידער צוגעדעקט.

אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך פון אויפרעגונג, האָט אַנעט זיך אַ לאָז געטון נאָך אים.

— מארק!... מיין גאָט!...

ער איז פארשוואונדן.

זי איז געלאָפן, זיך צוזאַמענשטויסנדיק אין נעפּל מיט די פארבייגייער. זי האָט אים געוואָלט זאָגן:

— אנטשולדיק!... איך וועל דאָס דיר דערקלערן... וואַרט!...

צו שפּעט! ער איז שוין געווען ווייט. די נאַכט, די פינצ־טערניש האָבן אים פארשלונגען. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זי זיך אומגעקערט צוריק. זי האָט באַדאַרפט צו טראַכטן וועגן דעם אַנדערן. דער אַנדערער וועט ניט וואַרטן.

---

די פראַגע וועגן איר אָפּפאָרן האָט איר געשטערט צו טראַכטן ווייטער וועגן מאַרקן. זי האָט באַדאַרפט לאָזן די צוויי בילעטן אָפּ־שטעמפּלען ביים אַריינגאַנג צו דער פּלאַטפאָרמע. אָבער די אָנגע־שטעלטע האָבן איינס־נאָך־איינס דורכגעזיפּט די אַריינגעקומענע. עס זענען געווען ניין שאַנסן אַנקעגן צען, אַז זיי וועלן ניט וועלן דורכשטעכן מער ווי איין בילעט. צום דריטן מאָל איז דאָס מזל געווען אויף איר זייט. אַ פאַמיליע איז נאַרוואַס געווען פארביי־געגאַנגען. אַ פאָטער, אַ מוטער און דריי קינדער, — איינס ביים פאָטער אויף די הענט, דאָס צווייטע, געפירט ביי דער האַנט פון דער מוטער. דאָס דריטע, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף, איז גראָד געווען אַביסל אָפּגעשטאַנען. אַנעט האָט, שמייכלענדיק, זי אָנגע־נומען פאַר דער האַנט און דערלאַנגט די צוויי בילעטן דעם אָנגע־שטעלטן, וועלכער האָט, אַ פאַרטראַכטער, גאָרנישט באַמערקט די ענ־דערונג. זי איז אַדורכגעגאַנגען, האָט געזאָגט דעם קינד עטלעכע פריינטלעכע ווערטער און זי איבערגעגעבן צוריק די עלטערן.

די מענטשן האָבן זיך געשפּאַרט אין די וואַגאָנען, וועלכע זענען שוין געווען פול. אַנעט איז פארבליבן שטיין אין קאָרידאָר. נאָך אַ זייער לאַנגן וואַרטן איז דער צוג אָפּ אין דער נאַכט אַריין, מיט אַלע ליכטער אויסגעלאָשן, מחמת מורא פאַר דעם שונאס עראָפּלאַנען: מען האָט געהאַט אַרויסגעשיקט אַ וואָרנונג וועגן דער געפאַר פון אַן איבערפאַל. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פינצטערן פעלד. דער רעגן האָט אַלץ ניט אויפגעהערט גיסן איבערן דאַך און איבער די שויבן. קיין זאַך האָט זיך ניט

גערירט. עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט איבערגעלאָזן געוואָרן אויף הפקר אין מיטן פעלד. עס איז געווען דעמפּיק און קאַלט. אַנעט איז איינגעשלאָפן אַ שטייענדיקע, איינגעהאָמעט צווישן דעם ווענטל און די מיטפּאָרער, וועלכע האָבן געשפּאַרט אויף איר. די פּיס האָבן זיך איר אונטערגעבראָכן. זי איז אויסגעגאַנגען פון מידיקייט. עס האָט זיך איר עפּעס געחלומט, ביז זי איז אויפגעוועקט געוואָרן פון דעם שטויס פון צוג, וועלכער האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין; דערנאָך איז זי אַריינגעפאַלן אין אַן אַנדער חלום.

זי האָט געחלומט וועגן מאַרקן און פראַנצן. זי איז געווען אין אַ צימער, — אין איר צימער אויף דער פּראָווינץ. פראַנץ איז אַריינגעקומען. זיי האָבן געזאָלט צוזאַמען אָפּפאָרן. זיי האָבן איינגעפּאַקט די זאַכן. זיי זענען געווען פאַרטיק... די טיר האָט זיך געעפנט... מאַרק... פראַנץ איז פאַרשוואונדן אין דעם זייטיקן צימער. אָבער מאַרק האָט אים געזען. ער האָט געהאַט זיין בייזן שמייכל און זיין פאַרשלאָסענעם אויסדרוק. ער האָט זיך אַרויסגערופן זי צו באַלייטן. אָבער אַנעט האָט געוואוסט, אַז דאָס האָט ער געוואָלט אַרויסגעבן דעם געפאַנגענעם. ער לאָזט זיך גיין אין צימער אַריין, וואו פראַנץ האָט זיך פון אים אויסבאַהאַלטן. אַנעט האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער טיר. מאַרק האָט געזאָגט:

— לאָז מיך, מאַמע! איך וויל זען אָט־דעם פראַנצן דיינעם. מיר האָבן עפּעס צו ריידן.

אַנעט האָט זיך צעשריגן אויף אים:

— איך וויים, וואָס דו ווילסט. דו וועסט אָבער ניט אַריינקומען.

אָטעמענדיק איינס דעם אַנדערן אין פּנים אַריין, זענען זיי ביידע געשטאַנען אין אַן אַרויספאָדערנדיקער פּאָזע. מאַרק האָט זי געשראָקן. זיין איראָנישער בליק האָט געהאַט אין זיך אַ גרויזאַמען אָפּשיין. אָפּשטויסנדיק זי אָן אַ זייט, ווייל זי האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער אויסגערופן:

— לאָז מיך צו!... איכל אים שוין קריגן, דעם געליבטן דיינעם!...

די אויפגעבראַכטקייט און די מורא האָבן איר אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַריין מיט עפּעס אַ מאָדנער רציחה. זי האָט זיך דערזען מיט אַ קיך־מעסער אין האַנט; און אין דער צווייטער רגע האָט דאָס מעסער געזאָלט דערלאַנגען...

אין איר קאָנוואולסיווער אָנשטרענגונג זיך אָוועקצורייסן פון דעם פאַרברעכן, וואָס זי האָט געזאָלט באַגיין, האָט זי זיך אויפ־געכאַפּט און זיך געפונען, אַ שטייענדיקע, אין דער פינצטערניש פון וואַגאָן, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. זי האָט זיך געשטיקט פון שרעק און פון שאַנד... די באַליידיקונג, וואָס זי האָט געקראָגן פון איר זון, די באַליידיקונג, וואָס זי האָט אים צוריקגעשליי־דערט, דער שענדלעכער חשד, וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ מיאוסער פלעק אויף זיי ביידן, — ער, זי, דאָס איז אַזוי ווי איין מענטש! — און דער הויך פון מאָרד האָבן זי אינגאַנצן דער־שלאָגן. זי האָט געזאָגט צו זיך אַליין:

— איז דאָס מעגלעך? איז עס מעגלעך, אַז אָט־דער גע־דאַנק זאָל גאָר אויפקומען אין מיין מוח, אַז ער זאָל זיין אין מיר?...

זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ צוויייפאַכיקע פאַרברעכערין אַנ־קעגן איר קינד, סיי פאַר אָט־דעם געמיינעם חשד, סיי פאַר איר אָנגריף. און זי האָט ניט געקאָנט אָפּטרייבן פון זיך דעם גע־דאַנק, וועלכער האָט זי ניט געוואָלט אָפּלאָזן:

— ווען אַזוינס וואָלט געטראָפן, וואָלט איך אים טאַקע געהרגעט?...

דער געדאַנק, אַז זי האָט געהאַט גערעדט צו הויך, אַז די מיט־פאָרער האָבן זי נאָך געקאָנט הערן, האָט זי צוריקגעוואָרפן פון היץ אין קעלט. זי האָט זיך גענומען אין די הענט אַריין, האָט אַריינגעיאָגט אין זיך די טרערן, וואָס זענען איר געשטאַנען אין האַלדז. און ווידער האָט זי דערהערט דאָס לויפן פון דעם צוג אין דער נאַכט אַריין... ניין! קיינער האָט זיך ניט געהאַט אומ־געקוקט אויף איר פיבערן. יעדער איינער האָט געהאַט זיינע אייגענע צרות. אין דער איינהילנדיקער פינצטערניש האָט זי אויס־געווישט די ברענענדיקע טרערן. דער שמועס פון צוויי מיטפאָרער האָבן זי צוריקגעבראַכט צו אירע חושים.

זיי האָבן געזאָגט, אַז דער צוג האָט געביטן זיין מאַרשרוט, זיך פאַרדרייט אויף לינקס, אַנשטאָט צו גיין איבער דער בור־באַנישער ליניע. זי האָט אויפגעציטערט. דער צוזאַמענטרעף וועט ניט פאָרקומען!... מיטן שטערן צוגעקלעפּט צו דער שויב, האָבן אירע אויגן געגישטערט, ניט צו זען, צווישן די מאַסן לויפנ־דיקע שאָטנס; זי האָט ניט דערקענט דעם וועג. אָבער ביים ערשטן אָפּשטעל איז זי אויפגעשפּרונגען. עס איז געווען די סטאַנציע, וואו זיי האָבן געהאַט אָפּגערעדט זיך צו טרעפן...

זי האָט אַרויסגעקוקט... צוויי פויערים. עטלעכע סאָלדאַטן. דער, וואָס זי האָט ערוואַרט, איז ניט אַרויפגעקומען. זי איז געווען זיכער, אַז דער עסק איז ניט ריכטיק אויסגעפירט געוואָרן. אַ פּאַרצוקטע פון אַנגסט, האָט זי געפּרואווט אַדורכלויפן די קאָרידאָרן פון די וואַגאָנען. מען האָט אָבער קוים געקאָנט זיך אַדורכשפּאַרן צווישן די אָנגעהורבעטע קערפּער... דער צוג האָט ווידער גענומען גיין, דערנאָך איז ער ווידעראַמאָל געבליבן שטיין צווישן צוויי סטאַנציעס צוליב די אַרבעטן אויפן וועג; און ווידער האָבן די ליכטער זיך אויסגעלאָשן. אָנטאַפּנדיק אין דער פינצטער מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ, האָט אַנעט זיך ווידער געמיט דורכצושניידן דעם פאַרגליווערטן שטראָם, זי האָט זיך אָבער דערפילט איינגעקלאַמערט אַזוי ווי אין אַ מאַסע אייז... דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט, דאָס ליכט איז ווידער אָנ־געצונדן געוואָרן; און אַנעט האָט ביים רויכיקן שיין פון לעמפּל אין קאָרידאָר דערזען, שטייענדיק אַנקעגן איר, דעם, וואָס זי האָט געזוכט!.. פּנים־אל־פּנים... אין דער פרייד, וואָס האָט אויפגעַ־לויכטן אין זייביידן, זענען זייערע ליפּן זיך צוזאַמענגעקומען... עס איז געווען צופיל צו דערציילן! דער גייסט איז געבליבן שטום, האָט גערעדט דער קערפּער... דער פאַרלוירענער ברודער האָט צוריקגעפונען זיין שוועסטער...

ער האָט גערעכנט, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזעט אָן האָפענונג צו געפינען דעם וועג; און איינער אַליין, ניט צו וויסן וואוהין צו פאָרן, וון אַרונטערצוגיין, וואוהין צו ריכטן זיין וועג, איז ער אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן. אַנעט האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ מלאך, אַרונטערגעשיקט צו אים פון הימל. ער האָט, ווי אַ

קינד, זיך אַרומגעכאַפּט מיט איר. און זי, אַ גליקלעכע, האָט אים געטוליעט צו זיך, ווי אַ הון טוליעט צו זיך איר הינדל. איינס אַנקעגן אַנדערן, האָבן זיי זיך דערציילט מיט אַ נידעריקער שטים, מיט האַלבע ווערטער וועגן זייער נסיעה. דער דורכגעטריבענער פּיטאַן האָט אויסגעמיטן די פּאַסטקע פון דער סטאַנציע און אים געפירט דורך די פעלדער ביז צו דער דאַם, וואו צוליב די אַר־בעטן אויפן וועג האָט דער צוג געמוזט זיך אָפּשטעלן; און דאָרט, אין דער פינצטער, איז פראַנץ אַרויפגעשטיגן...

מיט אַ שעה שפּעטער זענען זיי אַריבער אין אַן אַנדער צוג. מען האָט קאָנטראָלירט די בילעטן. די גרעסטע סכנה איז געווען אַדורכגעקומען. עס איז פאַרבליבן ניט מער ווי דער געפערלעכער שפּרונג איבער דער גרעניץ. אָבער די זיכערקייט האָט ווידער זיך באַזעצט אין זייערע הערצער. פראַנץ האָט שוין איצט אין קיין זאַך מער ניט געצווייפלט. אַן איבערגאַנגן האָט ער געהי־פּערט פון איין עקסטרעמער שטימונג צו דער צווייטער. און די האָפּערדיקייט פון אָט־דעם גרויסן אינגל האָט גובר געווען זיין באַלייטערין. זי האָט מער ניט געטראַכט וועגן איר מידיקייט, וועגן אירע זאָרג, וועגן אירע שלעכטע חלומות, וועגן איר טייערן זון, אַזוי אויך ניט וועגן איר גרויען קאָפּ האָר. שטאַרק אויפגערעגטע, לאַכנדיק און פּלוידערנדיק, זענען זיי געווען ווי צוויי שול־קינדער, וואָס מאַכן זיך לוסטיק, אויפשפּילנדיק צוזאַמען אַ פיינעם פּאַרס. זיי האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ברודער און אַ שוועסטער. און פראַנץ האָט אַפילו זיך געוויילט, פירנדיק אַן אויסגעטראַכטן שמועס וועגן זייער זייגערמאַכעריי און וועגן זייערע שכנים מיט די קאָמישע נעמען אין דעם קליינעם שווייצאַרישן שטעטל. ווער עס וואָלט גע־וואוסט דעם אמת און וואָלט זיי געזען לאַכן, וואָלט געמיינט, אַז זיי זענען ניט ביים זינען. אָבער זייערע נערוון זענען געווען צופיל אָנגעשפּאַנט. זיי וועלן נאָך האָבן שפּעטער גענוג צייט צו זיין פאַראומערט!...

דער סוף איז געווען, אַז זיי זענען, ריידנדיק אַזוי, געוואָרן שלעפעריק. און מיטאַמאָל אַט פראַנצעס קאָפּ זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַנעטעס אַקסל; און אַנעט איז איינגעשלאָפן מיט דער

באַק אויף פּראַנצעס האָר... אָבער אין דער מיט פון אַ חלום, זיידן־ווייך ווי איר קישן, האָט די פּליכט זי גענומען וועקן:

— שטיי אויף!...

(זי האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן...)

— שטיי אויף! מען קלאַפּט!...

— ווער?

— איינער, וואָס דו האָסט אַם ליב!...

(זי האָט געזען מאַרקן; זי האָט אים אָבער געזען פאַר זיך אונטער אַ ריי פאַרשיידענע נעמען).

— מען יאָגט זיך נאָך אים. שטיי אויף! עפן!...

זי האָט זיך אָנגעטון אַ כוח זיך אויפצוהויבן, איז צוריקגעפאַלן גלייך ווי זי וואָלט געווען געלעגן אויף איר איבערבעט, האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. אירע אויגן האָבן זיך געעפנט. עס איז שוין געווען טאָג. דער צוג האָט זיך נאָרוואָס געהאַט אָפּגעשטעלט. זי האָט דאָ מיט פּראַנצן באַדאַרפט אַרונטערגיין.

זי האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט. איז אינאיינעם מיט אים אַרונטערגעגאַנגען. זיי זענען ביידע, ווי דאָס איז פון פריער געווען אָפּגערעדט, אַריינגעקומען אין בופעט. אַ גרויהאָריקער פויער האָט זיך צוגעזעצט צו זייער טיש. ער איז געווען פאַמעלעכדיק און געלאַסן אין זיין ריידן און אין זיינע באַוועגונגען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף נייס וועגן פּיטאַגען. זיי האָבן צוזאַמען געטרונקען שוואַרצע קאַווע. אין אַ ווייל אַרום האָט עס אויסגעזען ווי די צוויי מענער וואָלטן געווען געקומען צוזאַמען פון דאָרף צו באַגעגענען אַנעטען ביי איר דורכפאָר. זיי האָבן זיך געשיידט פון איר און זיך געלאָזט גיין צום שענק־טיש. דער פויער האָט געקענט דעם פּלאַץ און די מענטשן. ער האָט רואיק געטוישט מיטן שענקער עטלעכע ווערטער אונטער דער נאָז. דערנאָך איז ער ניט־געאיילט אַרויסגעגאַנגען דורך אַ זייטיקער טיר. פּראַנץ האָט אים נאָכגעטראָגן פּלעשער ביר אין אַ קערבל, וואָס ער האָט זיי אָקאָרשט געהאַט געקויפט. אַנעט איז אַריין צוריק אין איר וואַגאָן. דער צוג איז אָפּגעפאָרן.

זי האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער פון וואַגאָן. אונטער־

דעם אויסגעלאָשענעם הימל, צווישן די ליכטיק־שנייאיקע פעלדער, איינגעשלאָסענע אין דעם האַרטן צאַם פון די בערג, האָט זי גע־זען דעם ווייסן וועג, וואו עס האָט, זוכנדיג אַ שפּאַרינע אין דער ניט־דורכדרינגלעכער וואַנט פון די פעלקער, — פון אָט־די תפיסות, — זיך דערווייטערט די פור, וועלכע האָט אַוועקגעפירט פראַנצן צו זיין שטאַרבנדיקן פריינט.

# פערטער טייל.

א זון־פאַרפלייצטע, אַ קלאָרע און אַ קאַלטע, אַ דורכגעווייטע פון דעם פראָסטיקן צפון־ווינט, האָט די גרויסע שטאָט זיך געצויגן צו די ליפּן פון דעם לעמאַן.

אַנעט איז אַריין אין דעם ערשטן האָטעל, וואָס זי האָט געהאַט געטראָפן, אַרויסקומענדיק פון וואָקזאַל, און האָט באַשטעלט צוויי צימערן אויף איבער דער נאַכט. זי איז געווען שטאַרק פאַרמאַטערט, אָבער אירע נערוון זענען דערביי געווען אַזוי אָנגעשפּאַנט, אַז זי האָט גאָרנישט געקאָנט טראַכטן וועגן רוען איידער זי וועט וויסן, צי פראַנץ איז געראַטעוועט. כאָטש ער האָט ניט געקאָנט אָנקומען פריער ווי אין אָוונט, האָט זי דאָך פאַרבראַכט דעם נאָכמיטיק, אַרויסקוקנדיק אויף אים פון דעם גאָרטן, ניט ווייט פון וואָקזאַל, אויף וועלכן זי האָט אים געהאַט אָנגעוויזן. זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזן אויף אַ באַנק, זי האָט אָבער ניט געקאָנט איינזיצן און גענומען שפּאַנען אַהין און צוריק. די פיס האָבן זיך איר אונטערגעבראָכן, דער ווינט האָט פאַרשטאַרט אירע גלידער, דאָך האָט זי פאַרלאָזן איר פּאָסטן נאָר אויס מורא צו ווערן באַמערקט און גענומען אַרומבלאָנקען איבער די אַרומיקע גאַסן. דער טאָג איז פאָריבער, די נאַכט איז צוגעפאַלן. זי האָט זיך אומגעקערט אין האָטעל אַריין. דורכן פענצטער פון איר צימער האָט זי געקאָנט זען דעם ווינקל פון גאָרטן, דעם טויער. אָנשטרענגענדיק די אויגן, האָט זי זיך שאַרף איינגעקוקט אין דעם שאָטן פון יעדן פאַרבייגייער אונטער דעם עלעקטרישן ליכט. אַרום צען אַזייגער איז זי ווידער אַרויסגעגאַנגען. דער פראָסטיקער ווינט האָט זיך געיאָגט איבער די אַלייען אַזוי ווי אַ רייטוואָגן. די ליכטער פון הימל האָבן אויסגעזען צו צאַנקען אונטער זיין אָטעם, און אַנעט האָט אַ טראַכט געטון, אַז אָט באַלד וועלן די פאַקלען איינגאַנצן זיך אויסלעשן.

דער זייגער האָט געשלאָגן האַלב עלף, ווען ער האָט זיך באַ־וויזן: מיט זיין ניט־זיכערער האַלטונג און געאיילטע טריט האָט ער אויסגעזען ווי אַ גרויס פאַרבלאָנדזעט קינד, וואָס בייסט זיך די ליפּן, כדי ניט צו וויינען. ער איז פאַרבייגעגאַנגען און האָט זי ניט געזען. ווען זי האָט אים גערופן, האָט ער אויסגעשריגן פון פרייד. זי האָט אים געמאַכט מיט דער האַנט אַ צייכן, ער זאָל שווייגן. זי האָט געשטראַלט. ער האָט געהאַט פאַרנומען מיט זיך די גאַנצע בלאָטע פון די וועגן. אין אַ ווינקל פון דער אַלייע האָט זי אים מיט דער האַנט אָפּגעבערשטלט. עס איז געווען נויטיק, אַז זיין אויסזען זאָל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. ער האָט איר געלאָזט טון, וואָס זי האָט נאָר געוואָלט, אַן איבערגעפּילטער פון גליק, וואָס ער איז מער ניט אַליין, וואָס ער האָט פאַר וועמען אויסצורייד דאָס האַרץ. זי האָט געזאָגט, ער זאָל אָפּוואַרטן מיטן ריידן ביז וואַנען זיי וועלן אַריינקומען אין שטוב. די קעלט פון דער נאַכט און פון דעם גאַנצן טאָג האָט זי פאַרקעלטערט, אָבער אין איר פרייד האָט זי וועגן דעם גאָרנישט געטראַכט. אַ געזעמל טוריסטן האָט זיך אַ לאָז געטון פון וואָקזאַל. פראַנץ איז אַריינגעקומען אין האָטעל אַריין אומבאַמערקט. אַנעט האָט אים געהאַט רעגיסטרירט פאַר אירן אַ ברודער. זייערע צימערן זענען געווען צוזאַמען.

אַנעט האָט געגעבן פראַנצן עסן. ער האָט געשלונגען דאָס עסן און גערעדט, גערעדט, ניט צו ווערן גאָר מיד צו דערציילן אַלע דעטאַלן פון זיין אַנטלויפן. כדי ער זאָל ניט ריידן אַזוי הויך, האָט אַנעט, איבערגעבויגן איבער אים, אים געשטאָפּט מיט קיכעלעך. די אויגן פאַרגאָסן מיט טרערן, מיט אַ באַשוועדטן קאָפּ, האַלטנדיק אין איין ניסן און שנייצן די נאָז, האָט זי געחלשט שלאָפן. ער האָט קיין זאַך ניט באַמערקט. ער האָט גאָרנישט אויפגעהערט צו עסן און צו ריידן. און כאָטש זי איז געווען אַזוי מיד, האָט זי גאָרנישט געוואָלט, ער זאָל אויפהערן. אימיצנס אַ קלאַפּ אין וואַנט האָט זיי דערמאָנט, אַז עס האָבן עקזיסטירט נאָך אַנדערע מענטשן. דעמאָלט איז פראַנץ אַנשווייגן געוואָרן. און מיטאַמאָל האָט אים אויך אָנגעכאַפּט אַ מידיקייט. אַ בייגעקומענער, האָט ער זיך געטון אַ וואָרף אויפן בעט און איז איינגעשלאָפן. אָבער אַנעט, אַן אומ־

רואיקע, האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן, זיך איינהערנדיק אין דעם שלאָף פון צווייטן צימער. די טיר איז געווען אָפן. אַנעט האָט מיט גרויס הנאה געהערט דאָס גלייכע אָטעמען פון איר יונגן חבר און זיך געפרייט, וואָס זי האָט אים געראַטעוועט. אין האַלז האָט איר געברענט ווי מיט פייער, דאָס האַרץ איז איר געווען שווער. זי האָט איבערגעדעקט דאָס מויל מיטן לײַלעך, כדי ער זאָל ניט הערן איר הוסטן.

זי איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, האָט אויסגערייניקט די קליידער און איז אַרויס טעלעפאָנירן זשערמענס מוטער:

— מיר קומען אָן...

ווען זי איז צוריק אַרײַן אין האָטעל, איז פראַנץ נאָך געווען געשלאָפן. זי האָט געקווענקלט אים אויפצואוועקן. זי האָט אים באַטראַכט, זי האָט אויך זיך באַטראַכט אין שפּיגל. זי האָט געזען איר פּנים, רויט פון דער פאַרקילונג און פון ווינט, די אויגן און די נאָז אויפגעלאָפן, און זי האָט געהאַט דערפון פאַרדראָס. עס איז אָבער געווען ניט מער ווי אַ שאָטן. זי האָט אַ צי געטון מיט די אַקסל און זיך פונאַנדערגעלאַכט.

דער צוג קיין שאַטאָ־ד'עי איז אָפּגעגאַנגען אין פרימאָרגן. זי האָט אויפגעוועקט פראַנצן. ער האָט זיך גאָרנישט געוואונדערט, ווען ער האָט זי געזען שטיין לעבן זיין בעט. אַזאַ ווילדער בנוגע צו פרויען! אַנעט איז שוין מער ניט געווען פאַר אים קיין פרוי; זי האָט אים געדינט. ער האָט געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך, אַז זי זאָל זיך אָפּגעבן מיט אים. ער איז געווען גרייט איר צו שענקען זיין צוטרוי, אַזוי אויך אים צוריקצוציען. ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז זיי וועלן אין אָוונט זיין לעבן זייער פריינט, האָט זיין באַוועגלעך געזיכט זיך פאַרטונקלט: אַזוי נאָענט פון ציל, האָט ער געקראָגן מורא!... דערנאָך איז ער געוואָרן אומגעדולדיק, איז האַסטיק אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און זיך אָנגעטון פאַר אַנעטען אין די אויגן: ער האָט זיך מיט איר ניט גערעכנט.

זיי האָבן פאַרלאָזן דעם האָטעל. ער האָט איר געלאָזט אַלץ טון: צאָלן, נעמען די בילעטן, זוכן דעם צוג, אויסקלייבן די פּלעצער. ער האָט איר אַפילו ניט געהאָלפן טראָגן איר פּעקל. ער האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט צו קויפן איר אַ בוקעט וויאָלעטן. עס האָט

אים געפעלט דער פּראַקטישער חוש און אפילו דער חוש פון ווי־דערשטאַנד. דער שטראָם פּאַסאַזשירן האָט אים מיטגעשלעפּט מיט זיך איבער דער פּלאַטפאָרמע. ווען אַנעט וואָלט ניט געווען זיך אומקערן צוריק, אים מאַכן מיט דער האַנט אַ צייכן און וואַרטן אויף אים, וואָלט ער זי געווען פאַרלוירן. ער איז געווען פון יענע מענטשן, וואָס זייער קאָפּ איז קיינמאָל ניט דערביי, וואָס זיי טוען. זיין גדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט די געפילן, וואָס זענען אים פאַרגעשטאַנען.

אַנעט האָט אומזיסט געפּרואווט אים צו צעשטרייען. דעם גאַנצן וועג האָט ער גאָרנישט ניט געזען און געהערט מיט אַ האַלבן אויער. זי האָט געהאַט גענוג צייט אים צו באַטראַכטן. ער האָט געלעבט נאָר מיט איין גדאַנק: דערוואַרטונג און האַסט, גליק און מורא. ער האָט געזען פאַר זיך ניט אַנעטען, נאָר זשערמענען. יע־דער דריי פון די רעדער האָט אים געבראַכט נעענטער צו אים. אַנעט האָט געזען, ווי זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט צו ריידן צום אַנקומענדיקן פריינט.

ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין שאַטאָ־ד'עי, האָט זי אים געבעטן צו פאַרלאַנגזאַמען די טריט, און אַליין האָט זי זיך געלאָזט גיין פאָראויס צו שאַוואַנס שטיבל, כדי דאָרט צוצוגרייטן זשערמענען.

דער חולה, איינגעוויקלט אין אַנגעטונענער, איז געלעגן אויסגעצויגן אין אַן אינוואַלידן־שטול אויפן באַלקאָן. זיין מוטער איז געזעסן לעבען אים. ער האָט געוואָלט זיך אויפהויבן, ער האָט אָבער ניט גע־קאָנט זיך האַלטן אויף די פיס. פאַר די פיר חדשים, זינט אַנעט דאָט אים געהאַט פאַרלאָזן, איז מיט אים פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע ענדערונג. אַנעט איז דערשטוינט געוואָרן פון דעם חורבן, וואָס זי האָט פאַר זיך דערזען, און ווי שנעל זי האָט דאָס ניט באַ־האַלטן פון אים, האָט איר ערשטער בליק זי דאָך אַרויסגעגעבן.

ווען ער האָט געזען אַנעטען אַריינקומען, האָט ער געמאַכט אַ באַוועגונג צו גיין איר אַנקעגן. ער האָט אָבער גלייך איינגעזען די אוממעגלעכקייט און זיך דערפון אָפּגעזאָגט. אַנעט האָט גענומען צו אים ריידן. ער האָט געקוקט אויף איר, ווי מען קוקט אויף אַ שיינמווענטל, וואָס פאַרשטעלט דעם, וועמען מען וויל זען, און ער האָט צונויפגעצויגן די ברעמען, ווי ער וואָלט דערמיט וועלן

בײזײטיקן די מחיצה. דעמאָלט איז אַנעט אָפּ אָן אַ זײט, האָט זיך אָומגעדרײט צו דער האַלב־אָפענער טיר און אים געלאָזט זען דעם, װאָס ער האָט געזוכט מיט די אױגן. פּראַנץ האָט זיך אַרײנגעװאַקלט. ער איז געבליבן שטײן, האָט זיך אײנגעקוקט און איז צוגעלאָפן... די פרײנט האָבן זיך װידער פאַראײניקט...

חדשים־לאַנג האָבן זײ צענדליקער מאָל זיך פאָרגעשטעלט, מימיצירט אָט־דעם מאָמענט, װען זײ װעלן זיך װידער צונױפ־קומען... און קײן זאַך איז ניט געװען פאָרגעקומען, װי זײ האָבן עס געהאַט געזען אין געדאַנק...

זײ האָבן זיך ניט אָנגענומען פאַר די הענט. זײ האָבן זיך ניט אַרומגענומען. זײ האָבן זיך ניט געזאָגט קײן אײנס פון די װערטער, װאָס ערשט מיט אַ װײלע פריער האָבן זײ זיך געריסן בײ זײ פון מויל... בײם ערשטן בליק, מיט װעלכן זײ האָבן זיך געטוישט, האָט פראַנצעס באַגײסטערונג מיטאַמאָל זיך אָפּגעטון פון אים. ער איז צוגעפאַלן צופוסנס פון דער אינװאַלידן־שטול, אײנגראָבנדיק דעם קאָפּ אין דער איבערדעק. ער איז געװאָרן פאַר־גליװערט פון שרעק, װען ער האָט דערזען זײן פרײנט, װעלכן ער האָט געהאַט איבערגעלאָזן אַ געזונטן, אַ בליענדיקן, און װאָס ער האָט אים איצט קוים דערקענט. זשערמען האָט אױפגעכאַפּט אָט־דעם אױפבליץ פון שרעק און האָט זיך דערזען אין זײן ליכט. דער טױט האָט זיך געעפנט צװישן זײ און זײ פונאַנדערגעשײדט...

אַ בלאַסער און אַן אײנגעשרומפּענער, האָט ער געפילט אױף זײנע פּיס דעם פרײנטס קאָפּ; ער האָט אים גענומען צערטלען, כדי אים צו באַשיצן קעגן דעם באַהאַלטענעם שרעק. אָבער דער שרעק האָט אים גובר געװען. סײ דער, סײ דער אַנדערער האָבן בײדע געװאוסט, אַז זײ זענען שױן מער ניט אױף דעמזעלביקן ברעג; זײ האָבן מער ניט געהערט צו דערזעלביקער צײט. דער אומבאַדײטלעכער חילוק פון עלטער, װאָס האָט געהאַט אָפּגעטײלט זײערע װעגן, איז איצט געװאָרן אומענדלעך גרױס. אײנער האָט געהערט צום דור פון די טױטע, דער אַנדערער — צום דור פון די לעבעדיקע. קאַלט, אָן טענות האָט זשערמען אָנגענומען װי אַן אַבסאָלוטן פאַקט, אַז ער, דער עלטערער, דער מענטש פון י ע נ ע ר ז ײ ט , האָט באַדאַרפט צו טרײסטן דעם מענטשן פון ד ע ר־

זייט... גאָט, ווי ווייט זיי זענען איצט געווען איינס פון אַנדערן!...

פראַנץ האָט זיך פונאַנדערגעוויינט. זשערמען האָט געזאָגט צו די צוויי פרויען, וועלכע ער האָט פריער געהאַט באַזייטיקט מיט אַן אומגעדולדיקן זשעסט און וועלכע האָבן זיך געהאַט געהאַלטן אין שאָטן, ביים אַריינגאַנג פון באַלקאָן:

— איר זעט, ווי ער ליידט!... נעמט אים אַוועק!

אַנעט האָט אַוועקגעפירט פראַנצן אין הינטערגרונד פון צימער. זי האָט אים אַוועקגעזעצט, אים איינגערוימט אויפן אויער טרייסט־ווערטער, אים מוטערלעך אויסגערעדט. אַ פאַרשעמטער, האָט ער אויסגעווישט די אויגן און זיך בארואיקט.

אַוועקגעפאַלן צוריק אויף דער קישן, מיטן רוקן אויסגעדרייט צום צימער, מיט אַ טויט־פאַרגלעזטן בליק, אָן אַ טראָפּן לעבן אין זיך, האָט זשערמען אָנגעשטעלט די אויגן אויפן שרעקלעכן געזיכט פון די וויסטע בערג און ניט געהערט, וואָס זיין מוטער האָט צו אים גערעדט.

---

נאָך אָט־דער ערשטער אויפטרייסלונג האָבן זיי זיך ווידער געשטאַרקט אין זייער ווילן. די נשמה האָט גענומען זיך צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן. און דאָס האַרץ האָט זיך געאײַלט צו פאַרבאַנדאַזשירן די פאַרוואונדעטע אילוזיע, וואָס אָן איר וואָלט עס ניט געקאָנט ניט לעבן און ניט שטאַרבן.

פון זיי ביידען האָט פראַנצן, וועלכער איז געווען אימפּולסיווער און ממילא אויך געשייטער אויף זיך אַליין אָפּצונאַרן, זיך גיכער איינגעגעבן צו פאַרגעסן דאָס, וואָס ער האָט ניט געוואָלט געדענקען. אין אָוונט, ביי זיך אין צימער (מען האָט אים איינגעסטאַלירט אין אַ דערבייאיקן שטיבל), האָט ער אויסגעגאָסן פאַר זיין פריינט זיין האַרץ אין אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך אַליין גענאַרט און געוואָלט אויך אים נאַרן מכוח דער גערירטקייט, וואָס ער האָט געהאַט אַרויסגעוויזן ביי דער ערשטער באַגעגעניש. און ווען ער האָט זיך ווידער געזען מיט אים, האָט זיך אים מער־ווייניקער איינגעגעבן צו זען זשערמענען אַזוי ווי אויף דער צייכענונג, וואָס ער האָט געהאַט פריער אָנגעוואָרפן פון אים אין געדאַנק. די

אינטימקייט, אן אומגעצוואונגענע, האָט זיך ווידער איינגעשטעלט צווישן זיי און פראַנצעס יונגע זאַרגלאָזיקייט האָט אפילו צוריק־געקראָגן די אויבערהאַנט. — אויב אָבער פראַנץ האָט פאַרגעסן, האָט זשערמען גאָרנישט ניט פאַרגעסן. ער האָט מער ניט געהאַט קיין צוקונפט, ער זאָל אַרויסלאָזן פון אויג די פאַרגאַנגענהייט. ער האָט קיין זאַך ניט פאַרמינערט פון דעם, וואָס ער האָט באַנומען, און ער האָט אויפגעהיט אין דער פאָרשטעלונג דאָס ברענענדיקע בילד פון דעם שרעק, וואָס זיין אויסזען האָט לכתחילה געהאַט אָפּגעשטעמפּלט אויף זיין פריינטס געזיכט. אויך איצט האָט ער עס צייטנווייז נאָך געזען אויפבליצן. אין דער מיט פון אַ געשפּרעך איז איבער פראַנצעס לעבהאַפטיקן פּנים דורכגעגאַנגען אַ שאָטן, אַ צוק פון נאָז און ברעם. דאָס איז געווען גענוג! זשערמענס שאַרפער בליק האָט אַרויסגעלייענט פון אונטער דער מאַסקע: פראַנץ האָט דערפילט דעם טויט און האָט זיך פון אים אָפּגעקערט. דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט, עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. ער האָט ניט געקאָנט גובר זיין זיין עקל און אָנגעזיכט פון קבר.

זשערמען האָט מיט ביטערקייט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַנעטען:

— ער איז געזונט. ער האָט רעכט.

אָבער ביסלעכווייז האָט די אילוזיע סוף־כל־סוף אויסגעפילט די לעבער אין דעם שפּינגעוועב. עס האָט זיך פראַנצן איינגעגעבן ניט צו זען מער אויף דעם חולהס פּנים דעם פינגער, וואָס מאָדעלירט די געזיכטער פון די שטאַרבנדיקע. ער האָט סוף־כל־סוף פאַרגעסן אָן דער שעה, וואָס דאַרף אָט באַלד אָנקומען. ער האָט געזען אין אים ניט מער ווי נאָר דעם פריינט פון אַמאָל, וועלכן ער האָט ליב געהאַט. און זשערמען האָט אין זיין אָנווען אויפגעלעבט; זיינע ליפּן זענען געוואָרן רויטער, גלייך ווי ער וואָלט זיי אין דער שטיל געפאַרבט. אַנעט האָט אויף אַ שפּאַס אים געמאַכט וועגן דעם אַ באַמערקונג.

— איר מיינט דאָך עס אויף געלעכטער? עס איז אָבער אַן אמת. איך בין אַן אַלטע קאָקעטין... אָט־דאָס אָרעמע אינגל! איך האָב מורא, איך זאָל אים ניט איבערשרעקן...

ווען אָבער ער האָט דערפילט דאָס אָנקומען פון די ווייטיקן,

וועלכע ער האָט ניט געקאָנט באהערשן, האָט ער געבעטן אנעטען, זי זאָל גיין מיט פראַנצן אויף אַ שפּאַציר, כדי יענער זאָל אים ניט זען.

אנעט האָט לכתחילה געהאַט בדעה צו פאַרבלייבן אין שאַטאָ ד'עי ניט מער ווי אויף אַ טאָג אָדער צוויי. איר כוונה איז געווען איבערצוגעבן זשערמענען אויף די הענט פון פריינט און זיך אומקערן אויפן אַנדערן טאָג צוריק קיין פּאַריז. ווען אָבער זי האָט דערזען די ערנסטקייט פון זשערמענס צושטאַנד, האָט זי דאָס אָפּפאָרן אָפּגע־לייגט אויף אַן אַנדערט מאָל. זי האָט אים ניט געקאָנט איבערלאָזן אַליין אויף דער שוועל פון דעם טויער פון שאָטנס. ניט צו וועלן זיך בעטן ביי איר, ווייל עס איז אים ניט געווען צום הארצן צו זיין אַ לאַסט אויף יענעם, האָט זשערמען איר דאָך געוויזן, ווי שטאַרק עס איז זיין וואונטש, אַז זי זאָל פאַרבלייבן. ער האָט איצט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן איינער אַליין מיט פראַנצן. זי האָט געפילט, אַז די צוויי פריינט נויטיקן זיך אין איר, האָט זי, דעריבער, אָפּגעלייגט איר צוריקקער אויף שפּעטער, ניט צו קוקן אויף די אַלע פליכטן, וועלכע האָבן זי צוריקגערופן קיין פּאַריז; די פליכט צו מאַכן גרינגער די משא פון דעם וואַנדערער, וועלכער האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן אונזער אַלטע וועלט, האָט איר אויסגעזען צו זיין דרינגלעכער פון אַלע.

זי האָט גענומען אויף זיך אַ שווערן פּאַק. ביידע האָבן זיך איר אָנגעטרויט. זי איז געווען דער איינציקער לעבעדיקער מענטש, וועמען זיי האָבן געקאָנט איבערגעבן זייערע געהיימע געדאַנקען: זיי האָבן מער ניט געוואַגט זיי צו פאַרטרויען איינס פאַרן אַנדערן. פראַנץ איז געווען מער באַריידעוודיק. פון דעם מאָמענט אָן, וואָס ער האָט געקראָגען צו איר צוטרוי, איז ניט געווען קיין זאַך, וואָס ער זאָל איר ניט געוואָלט פאַרטרויען. ער האָט איר אויסדערציילט אַלץ, וואָס וואָלט געווינטלעך פאַרשוויגן.

אנעט האָט זיך אין דעם ניט גענאַרט. זי האָט געוואוסט, אַז פראַנץ און זשערמען האָבן זיך איר פאַרטרויט ניט צוליב דעם, וואָס זי איז געווען אנעט, נאָר ווייל זי איז געווען דאָרט, לעבן זיי, אַן אַנאָנימע פרוי, און ווייל זיי האָבן זיך גענויטיקט אין אַן אויער, וואָס זאָל זיך גערן צונייגן זיי אויסצוהערן און וואָס מען זאָל זיך

פאַר אים קאָנען אויסריידן. עס איז אין דעם ניט געווען קיין סימן פון ליבע צו איר. זיי זענען געווען אינגאַנצן פאַרטון איינס אין אַנדערן און אין זיך אַליין. און כאָטש זי האָט דאָס געוואוסט, האָט זי זיך דאָך געלאָזט באַצווינגען פון אָט־דער מאָדנער אינ־טימקייט. די ניט־אָנזיכטיקע שטראַלן פון זייער קעגנזייטיקער ליבע, גייענדיק פון איינעם צום אַנדערן, זענען אַדורכגעגאַנגען דורך איר.

פראַנץ האָט, אויף אַ שפּאַציר מיט אַנעטען, געזאָגט:

— איך האָב אים ליב. איך האָב קיינעם ניט ליב ווי נאָר אים אַליין. איך קאָן דאָס אים ניט זאָגן. ער באַקומט אַזאַ שטרענגען בליק. ער דערלויבט עס מיר ניט. ער קאָן ניט, זאָגט ער, פאַרטראָגן קיין סענטימענטאַליזם... דאָס איז אָבער ניט קיין סענטימענטאַליזם. ער ווייס עס, ער ווייס גאַנץ גוט, וואָס איך טראַכט, עס איז אים אָבער ניט צום האַרצן דאָס צו הערן. ער זאָגט, אַז דאָס איז ניט געזונט. איך ווייס ניט, וואָס עס איז געזונט אָדער אומגעזונט. איך ווייס אָבער, אַז איך האָב אים ליב, אַז עס איז גוט אַזוי, אַז עס קאָן ניט זיין שלעכט. איך האָב ליב נאָר אים אַליין און מער קיינעם ניט... איך האָב ניט ליב קיין פרויען. איך האָב זיי קיינמאָל ניט ליב געהאַט... יאָ, איך האָב ליב צו קוקן אויף זיי, ווען זיי זענען געראָטן, פּונקט ווי אויף אַנדערע פיין־געמאַכטע זאַכן. עס איז אָבער אַלעמאָל פאַראַן אין זיי עפּעס אַזוינס, וואָס עס שטויסט מיך אָפּ. יאָ, אַביסל רייץ, געמישט מיט עקל. זיי געהערן צו אַן אַנדער מין. איך וואָלט זיך ניט געוואונדערט, ווען זיי וואָלטן, פּונקט ווי די אינסעקטן, אויפגעפרעסן דעם זכר נאָכדעם ווי זיי נאָגן אים אינגאַנצן אויס. איך האָב ניט ליב זיי אָנצורירן... איר לאַכט? וואָס האָב איך דען געזאָגט?... אַך, אַנטשולדיקט, איך האָב פאַרגעסן... (ער האָט זי געהאַלטן פאַרן אָרעם) איר, איר זענט ניט קיין פרוי.

— וואָס־זשע בין איך?

— איר זענט איר.

(„דו ווילסט זאָגן, — האָט אַנעט געטראַכט, — אַז איך בין דו, אַז איך בין דיינע און איך רעכן זיך ניט... דו קליינער עגאָאיסט!...)

פראַנץ האָט זיך פאַרטראַכט.

— עס איז מאָדנע, אָבער זינט איך קען זיך מיט אייך, האָב איך קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז איר זענט אַ פרוי.

— דער קאָמפּלימענט איז צווייפלהאַפטיק. אָבער איך דאַנק אייך סיי־ווי־סיי פאַר דעם, וואָס איר האָט מיר נאַרוואָס געזאָגט!

— איר זענט ניט בייז אויף מיר?

אַנעט האָט געלאַכט:

— Ti voglio bene. — („איך האָב דיך גערן").

— וואָס האָט איר געזאָגט?... איך האָב ניט פאַרשטאַנען.

— אַלץ בעסער! איר האָט באַדאַרפט הערן.

— זאָגט עס נאָכאַמאָל!

— ניין!

— איר זענט אַזאַ מאָדנע! איך פאַרשטיי אייך ניט. איך וואָלט באַדאַרפט זיך פילן זשענירט. איך בין עס אָבער קיינמאָל ניט מיט אייך. עס דאַכט זיך מיר, אַז פאַר אייך קאָן איך אַלץ זאָגן.

— דאָס איז דערפאַר ווייל איך קאָן אַלץ אויסהערן.

— איר זענט כמעט אַ אינגל.

— פון דעמזעלביקן מין, הייסט עס? פריינט!

— און דאָס איז דאָס בעסטע. די איינציקע גוטע זאַך אין לעבן. עס זענען ניטאָ אין לעבן קיין פיל גוטע זאַכן. איך אַליין האָב ניט מער ווי איין פריינט, און איך האָב אים ליב — אינגאַנצן. איך וואָלט אים וועלן האָבן אינגאַנצן. איז דען דאָס ניט נאַטירלעך? מען איז געצוואונגען דאָס צו פאַרשווייגן. אפילו ער וויל עס אויך ניט הערן. אין דער דאָזיקער וועלט איז ניט דערלויבט ליב צו האָבן מער ווי אויף אַ העלפט.

אַנעט האָט ניט־ווילנדיק אים אַ דריק געטון דעם אָרעם, פאַר וועלכן זי האָט אים געהאַלטן.

— איר פאַרשטייט מיך? — האָט פראַנץ געפרעגט.

— איך פאַרשטיי אַלע משוגעים, — האָט אַנעט געזאָגט, — איך בין פון דערזעלביקער משפחה.

אויסגעצויגן אויפן באַלקאָן, מיטן קאָפּ אָפּגעוואָרפן אויף צוריק און קוקנדיק אויפן געדיכטן הימל־בלוי, האָט זשערמען זיך געווענדט צו אַנעטען:

— וואָס וועט פון אים ווערן אָן מיר? ער האָט מיך צופיל ליב. ער איז ווי אַ פרוי... ניט ווי איר, וואָס די שווערע דערפאַרונגען פון לעבן האָבן אייך פאַרמענערישט. ער איז אַ נפש, וואָס לעבט אויף דעם בוראַט פון אַ שלעכט־קאָנטראָלירטן האַרצן. ווער ווייס, וואוהין אָט־דאָס פיינפילערישע, שוואַכע און אומרואיקע האַרץ קאָן אים נאָך פאַרפירן? איך וויל אייך גאָרנישט אויסזאָגן, פון וועלכע געפאַרן איך האָב אים געהאַט אַרויסגעראַטעוועט. ער האָט דאָס גאָר קיינמאָל ניט פאַרדעכטיקט, ווייל ער איז ניט פייאיק זיי צו זען און זיי צו פילן. ער איז אי אוממאָראַליש, אי ריין. אונזערע עטישע ווערטן האָבן ניט דעמזעלביקן זין פאַר אים ווי פאַר אונז. איך בין אָפטמאָל פאַרפירט געוואָרן. איך האָב געמוזט זיין שטרענג. ווען אָבער איך האָב דערזען ווי זיינע ערלעכע אויגן נעמען שטוינען און קוקן טרויעריק אַזוי, האָב איך זיך געשטעלט די פראַגע, צי בין איך דאָ ניט דער אָפּגענאַרטער. איז דאָס אַ טעות פון דער נאַטור? אָדער איז דאָס די אמתדיקע נאַטור, וואָס ווייס ניט פון אונזערע ענגע דאָגמעס?... אַזוי ווי אָבער די דאָזיקע דאָגמעס פירן אין לעצטן סך־הכל פאַרט די וועלט, באַשאַפן פון אונזער שכל, און אַזוי ווי מיר זענען געצוואונגען אין אָט־דער וועלט צו לעבן, מוז מען אים לערנען זיך, ווייניקסטנס, אונטערצוואַרפן אונטער זיי, אויב ניט זיי אָננעמען. זיי אָננעמען — דאָס קאָן ער ניט. עס איז מיר קיינמאָל ניט געלונגען צו געבן אים זיי צו פאַרשטיין, איך האָב זיך שוין דערפון מייאש געווען. ער וועט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט זיי, און דער סוף וועט זיין, אַז איך וועל אים דערמיט מאַכן צו פאַרלירן זיין אויפריכטיקייט. איך האָב בעסער ליב אַ פאַרפירטן איידער אַ פאַרפירער. אַזוי איז ער ריינער... אָבער ניט צו דאַרפן זיך ווענדן צו זיין שכל, קאָן מען געווינען זיין האַרץ פאַר יעדן מין דיסציפלין, מעג זי זיין ווי פיינלעך, בתנאַי אַז זי זאָל אים דיקטירט ווערן דורך דער ליבע!... עס איז אַ ניט־זיכערער אָנהאַלט. און אויב דער אָנהאַלט פעלט, פעלט אַלץ אויפאַמאָל און דער מענטש גייט אונטער. — ווען איך וועל דאָ מער ניט זיין, וואָס

וועט פון אים ווערן? מען וואָלט אים באַדאַרפט אויסלערנען צו באַגיין זיך אָן מיר...

ער איז אַנשוויגן געוואָרן, ניט אויפצוהערן צו קוקן אויף דעם טיפן הימלבלוי, וואָס איז געווען אַזוי האַרט, אַז עס האָט אויסגעזען צו זיין אַ מינעראַל: די שווערקייט פון אָט־דעם קאָמפּאַקטן ליכט איז געווען געגליכן צו דער שווערקייט פון זיין געדאַנק. ער האָט ווייטער גענומען ריידן מיט אַ ביטערן שמייכל, אָבער אַלץ מיט דעמזעלביקן פעסטן, קאַלטן און געמאָסטענעם טאָן, גלייך ווי ער וואָלט געווען געערעדט צו זיך אַליין (די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער ניט אַ קוק געטון אויף אַנעטען; עס איז געווען, גלייך ווי ער וואָלט גאָרנישט געדענקען, אַז זי זיצט ביי זיין זייט):

— איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ער וועט זיך אויסלערנען. ער וועט זיך באַגיין אָן מיר... דער מענטש רעכנט, אַז ער איז נויטיק אויף דער וועלט, עס איז אָבער ניטאָ אַזאַ איינער, וואָס מען זאָל ניט קאָנען זיך באַגיין אָן אים. ווען ער וועט מיך פאַרלירן, וועט זיך אים אויסדאַכטן, אַז ער האָט אַלץ פאַרלוירן. דאָס, וואָס מען האָט פאַרלוירן, עקזיסטירט ניט מער. אָבער דער מענטש עקזיסטירט. מען קאָן ניט באַגלייך אי עקזיסטירן, אי ניט עקזיסטירן. די ברירה ווערט שנעל אויסגעקליבן. דער לעבעדיקער מאַכט זיך לויז פון זיין צוגעבונדנקייט צום טויטן, וואָס שטערט אים נאָר. און אויב דער צובונד גיט ניט נאָך, טוט ער אומשולדיקערהייט, פון דער זייט, אים אַ שנייד איבער מיט אַ מעסער. ער האָט גאָרנישט ניט געזען, דער טויטער איז געפאַלן און ער וועט קאָנען לעבן. פראַנץ וועט לעבן.

אַנעט האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער האַנט פון דעם יונגנמאַן, וואָס האָט מער ניט געהאַט קיין אילוזיעס.

— דאָרט, וואו פראַנץ וועט לעבן, וועט אויך אייער געדאַנק לעבן.

ער האָט פריי געמאַכט זיין האַנט.

— די פאַרגעסנקייט וועט פאָרט קומען. ווען די פאַרגעסנקייט פאַרזאַמט זיך צו קומען, גייט מען איר אַנקעגן.

אַנעט האָט געוואָלט פּראָטעסטירן. זשערמען האָט דערויף געזאָגט:

— איך ווייס עס.

אָבער אנעט האָט קלאָר געזען, אז ער האָט עס טאַקע געוואוסט, נאָר ער האָט אין דעם ניט געגלויבט. און עס איז איר ניט אָנגעקומען שווער אים אויפצואווייזן דעם היפוך דערפון. כאָטש ער האָט אויפגענומען מיט אַן איראָנישן שמייכל די ארגומענטן פון אָט־דער פרוי, האָט עס אים אָבער פארשאַפט פארגעניגן זיי אויסצוהערן. זיין קלאָרער בליק איז געווען אין קאָנפליקט מיט דער באַדערפעניש פון יעדן מענטשן זיך צו שאַפן אַן אילוזיע. נאָכצוגעבן אָט־דער באַדערפעניש איז געווען, — ער האָט עס געוואוסט, — א מפלה. ער האָט זייער גערן געוואָלט זיין דער באַזיגטער. נאָך אַלעמען, פארוואָס זאָל דער אמת, וואָס ברענגט טויט, זיין מער אמתדיק ווי די האָפענונג?

ער האָט נאָכגעגעבן אנעטען:

— זיין האַרץ וועט ניט פארגעסן... אפשר... ניין, ניט מיטאמאָל. עס וועט זיך פאָדערן צייט. אָבער ווער וועט פירן אָט־דאָס האַרץ, וואָס איז געוויינט צו ווערן געפירט? דער ווייטיק אַליין פון דעם פארלוסט וועט נאָך גרעסער מאַכן זיין צערודערטקייט. דאָס ליידן לערנט געוויסע מענטשן, אָבער אַנדערע פירט עס ארונטער פון וועג: אָדער זיי ווערן אָן שום ווידערשטאַנד צעדריקט, אָדער זיי כאַפּן זיך אָן אָן וואָסער־עס־איז צעשטרייאונג, כדי זיך צו ראַטעווען. איך בין אומרואיק וועגן אים. ווער האָט אים ליב, ווער קאָן אים עצהנען, וואָס צו טון? אנעט, פארלאָזט אים ניט! ער האָט צו אייך צוטרוי. זייט זיין וועגווייזער! איר וועט דאַרפן האָבן מיט אים איינזען. ער וועט אייך ניט איינמאָל איבעראַשן. א סך זאַכן אין אים וועלן אייך אפשר סקאַנדאַליזירן. איר וועט דאָס אָבער טרעפן אין יעדן מאַן.

— איך אַליין בין אויך ניט פריי דערפון, — האָט אנעט געזאָגט, — מיין אָרעמער פריינט, עס פאָדערט זיך א סך צו קאָנען סקאַנדאַליזירן א פרוי! איך מיין, א פרוי, וואָס איז פריי און האָט געלעבט אזוי ווי איך.

זשערמען האָט זי סקעפּטיש אָנגעקוקט.

— א פרוי קאָן לעבן א הונדערט לעבנס און גאָרנישט ניט לערנען.

— הייסט עס, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין מעגלעכקייט, אַז מיר זאָלן ווערן בעסער?

— זינט דעם אָנהויב פון דעם וועלט איז די פרוי פאַרבליבן דיזעלביקע.

— איר אַליין זענט אויך ניט אַוועק אַזוי ווייט פון דעם ווילדן מענטשן!

זשערמען האָט געשמייכלט.

— בנאמנות, איר האָט רעכט. מיר זענען ניט בעסער פון אייך. מיר זענען פון דעמזעלביקן שניט. מיר זענען ביי זיך תקיף אַנקעגן לעבן און טויט, אָבער ביידע קריגן זיי אונז גאָר אומגע־ריכטערהייט. מיר האָבן גאָרנישט ניט געלערנט. פאַר מיר אַליין איז דאָס איצט פון די קליינע זאַכן, ווייל איך פאַרלאָז שוין די שול. אָבער איר, אַנעט, וואָס פאַרבלייבט נאָך דאָ, איר האָט נאָך צייט צו קריגן מיט דער ווירע איבער די פינגער. היט זיך, איר, וואָס איר גייט אַרום מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ! אייער אַלטע דערפאַרנקייט, וואָס איר זענט אַזוי שטאָלץ דערויף, וועט אייך נאָך ניט איינמאָל אָפּטון אַ שפּיצל... אָבער די, וואָס זעען נאָר אויף איין אויג, זענען מלכים אין דעם קיניגרייך פון בלינדע. איך פאַרטרוי אייך מיין אינגל. אויב איר האָט ניט מער ווי איין אויג...

— איך האָב אָבער צוויי פיינע אויגן, — האָט אַנעט, לאַכנדיק, אַרויסגעזאָגט.

— זיי זענען ניט באַשאַפן געוואָרן צו זען, זיי זענען באַשאַפן געוואָרן צו ווערן געזען... אויב אָבער איר זעט ניט פאַר זיך אַליין, מיט זיך, ווייניקסטנס, צו זען פאַר אים! עס איז אַלעמאָל גרינגער צו זיין אַ חכם פאַר אימיצן אַנדערש... זייט זיין וועגווייזערין! האָט אים ליב!...

ער האָט צוגעגעבן:

— האָט אים אָבער ניט צופיל ליב!

אַנעט האָט אַ צי געטון מיטן אַקסל.

---

אַנעט איז געווען נעענטער צו זשערמענען ווי צו פראַנצן. ער האָט געהערט צו איר ראַסע. זי האָט אים בעסער פאַרשטאַנען.

די דערפאַרנקייט פון זייער לעבן איז אַרויסגעקומען פון דערזועלביקער גאָרטן־ערד, און דערזעלביקער הימל האָט צייטיק געמאַכט זייערע געדאַנקען. די געפילן, וואָס זי האָט אַרויסגעלייענט פון אים, אַזוי אויך אירע געפילן צו אים, האָבן ניט געהאַט אין זיך קיין שום טונקלקייט. זיין פריינטשאַפט, זיינע פּחדים, זיין סטאָאיציזם, זיין באַנעם פון לעבן, זיין אומגעריכטע האַלטונג אין אָנגעזיכט פון לייד און פון טויט, זיין ניט וועלן זיך שיידן פון דער וועלט און זיין אָפּגעזונדערטקייט, — אַלץ אין אים איז געווען קלאָר. וואָלט אַנעט געווען אַ מאַן, וואָלט זי, אונטער דעמזעלביקן גורל, געטראַכט און געווען פּונקט ווי ער... אַזוי, ווייניקסטנס, האָט עס איר אויסגעזען, ווייל קיין זאַך אין זשערמענען איז איר ניט פאָרגעקומען אומגעריכט. (וואָלט זי אָבער דאָס איינענע געקאָנט זאָגן וועגן זיך אַליין?...) אונטער אַנדערע אומשטענדן וואָלטן זיי געקאָנט זיין אַן אויסגעצייכנט פּאָר פאָלק, וואָס האָבן איינס פאַרן צווייטן גרויס אַכטונג און ליבע, וואָס זענען זיכער איינס מיטן אַנדערן, וואָס האָבן זיך געטריי איבערגעגעבן אַלע שליסלען פון זייערע טירן, — אַחוץ איין קליינעם שליסל, וואָס זיי האָבן וועגן אים גאָרנישט געטראַכט, כאָטש ווען מען זאָל געווען געפינען צו אים דעם שלאָס און אים עפענען, וואָלט עס אַנטפּלעקט, אַז זיי זענען איינס דעם אַנדערן פאַרבליבן פרעמדע... צום גליק אָבער קומט כמעט קיינמאָל ניט אויס צו עפענען אָט־דעם שלאָס, און די גוטע פריינטשאַפט, וועלכע איז ערלעך און אויסגעהיט, פרעגט זיך קיינמאָל ניט נאָך אויף דעם געברויך פון אָט־דעם קליינעם שליסל. די פריינטשאַפט צווישן זשערמענען און אַנעטען איז געווען אַן צודרינגלעכקייט און אָן נייגיר. יעדערער פון זיי האָט געגעבן דעם צווייטן דאָס, וואָס יענער האָט פון אים ערוואַרט.

אָבער פון פראַנצן האָט מען ניט געוואוסט וואָס צו ערוואַרטן. דאָס האָט אים באַגלייך אי דערווייטערט, אי צוגעצויגן. אומזיסט האָט מען אים געוואָלט קענען: מען האָט אים ניט געקאָנט קענען, ער האָט זיך אַליין ניט געקענט. ער האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי קינדיש, אַזוי תמימותדיק, — און ער איז עס טאַקע געווען; איז מען אָבער אַריינגעטראָטן אינווייניק, האָט מען נאָך ניט געמאַכט קיין צען שריט, ערשט מען האָט גענומען בלאָנדזשען: מען האָט געטראָטן בלינדערהייט אויף אומבאַוואוסטער ערד. אומזיסט האָט

אַנעט אויסגעפּרואווט איר גאַנצן בינטל שליסלען אויף צו עפענען די טירן: זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט זיך איבערדרייען אין די שלעסער. — אַחוץ איינעם, אָט־דעם קליינעם שליסל, וואָס זשערמען האָט אים גראָד ניט גענוצט: דעם שליסל פון דעם „עפּעס"*) (ווי מען פלעג עס זאָגן אין דער צייט פון גרויסן קיניג, ווען מען האָט באַדאַרפט זיין גוט אויסגעהיט ניט צו קוקן פון צו נאָענט!...) אַנעט האָט אויך ווינציק וואָס הנאה געהאַט אריינצוקוקן אין אָט־די ווייטע ווינקלען פון דער נשמה. אָבער פון דעם הינטער־קעמערל, אומבאַוואוסט פאַר די פאַרבייגייער, האָט זיך אָפּגעטיילט פאַר איר אַ מיסטעריעזער אַראָמאַט, אַ זשומען פון אַ בין, וואָס נאָר זי אַליין האָט עס באַנומען, בעת זי איז געגאַנגען אַהין און אַהער, ברענגענדיק דאָרט אַלץ אין אָרדענונג. דאָס, וואָס נאָך אַ מענטש האָט געהערט אָט־דאָס פּאָכן פון די פליגל, וואָס האָט באַגלייך אי פאַרצויבערט, אי אָנגעוואָרפן אַן אימה, האָט איינגעשטעלט צווישן זיי אַ מין אחדות. עס איז געווען צווישן אָט־די צוויי פרעמדע מענטשן אַ ווייטער בונד פון קרובהשאַפט. (אין דעם ענין ראַסע רעכנט זיך די ווייטע אָנגעבונדנקייט אפשר מער ווי די נאָענטע: די אָפּצווייגלעך קערן זיך ווייניקער אָן מיטן שטאַם ווי דאָס שטענגל).

אַזוי אַרום איז זי געקומען מיט אים אין באַרירונג און זיי האָבן זיך צונויפגערעדט. אָן ווערטער. מיט זייערע קעמערלעך פון בלינדע אינסעקטן אין האַלב־טונקלקייט. עס איז פאַראַן אַ גאַנצע משפּחה מענטשן, וואָס פאַרמאָגן אין זיך אָט־דאָס אונטערערדישע לעבן. אָבער דאָס לעבן אויף דער ליכטיקער שיין אַטראָפירט זייערע פעיאיקייטן. ווען עס קומט זיי אַמאָל אוים זיי אויסצונוצן, פילן זיי דערביי אַ צופרידנקייט, וואָס זיי ווילן זי אפילו זיך אַליין ניט קלאָר מאַכן. און זיי זענען דאַנקבאַר די מענטשן, וואָס גיבן זיי די מעגלעכקייט זיי אויסצואיבן.

ריידנדיק אין מיטן העלן טאָג וועגן אַ טויזנטער זאַכן, וואָס זעלטן ווען זיי האָבן זיך איבער זיי אינגאַנצן איינפאַרשטאַנען,

*) אין פראַנצויזישן: "Je ne sais quoi" — בוכשטעבלעך: „כ'ווייס ניט וואָס". ווערט גענוצט ווי אַ נאָמען־וואָרט אין דעם זינען פון „עפּעס", פון אַזוינס, וואָס לאָזט זיך ניט באַשטימען. — איבערזעצער.

האָבן אַנעט און פראַנץ געהערט דאָס רוישן פון וואַסער אין טאָל. און אין דער טיפעניש פון זייערע נשמות האָבן זיי זיך אָנגערירט.

---

די צעשטערונג האָט זיך פאַרשנעלערט. ווי אַ פּאַסאַד, וואָס ווערט פונאַנדערגעפאַלן. מען וואָלט באַדאַרפט צו זיין אָן אויגן, אַז מען זאָל דאָס ניט געווען זען. קיין פאַרב וואָלט שוין ניט געקאָנט פאַרדעקן אָט־דעם עלנד פון זיין געזיכט. זשערמען האָט זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו פאַרבן זיך דאָס פּנים און פראַנץ האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף אים...

ער פלעגט אָנקומען פון דרויסן, אַריינברענגענדיק מיט זיך דעם הויך פון לעבן און פון די פעלדער. ער האָט געבראַכט מיט זיך שנייעלעך, זיינע לעצטע צייכנונגען אין בליישטיפט און אין קויל, די פראַקטיקע לופט אין די קליידער און געזונטע הענט, וואָס ער האָט זיי שנעל צוריקגעכאַפּט פון דעם פייכטן אָנריר פון די פיבערדיקע הענט פון גוסס. ער האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג און זשערמען איז גאַלוואַניזירט געוואָרן דורך די אויסשטראַלונגען פון אָט־דעם יונגן לעבן. די צוויי פריינט האָבן אין זייערע שמועסן אויסגעלאָזן די קראַנקהייט. פראַנץ האָט זיך באַנוגנט צו שטעלן אים מכות דעם אַ פּאָר איילקע פראַגעס, וואָס זשערמען האָט זיי מיט האַרטער גלייכגילטיקייט אַוועקגעשאַרט אָן אַ זייט. זיי האָבן געשמועסט וועגן קונסט, וועגן אַבסטראַקטע אייביגע ענינים — וועגן דעם, וואָס עס האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט... (אַנעט פלעגט, אַ שווייגנדיקע, זיך צוהערן און זיך וואונדערן אויף דער משוגעת פון מענטשן, וואָס זענען געפאַנגען פון אידייען...) אָפּטמאָל האָט פראַנץ, ריידנדיק פאַרביידן, דערציילט וועגן זיין געפאַנגענשאַפט, וועגן די יאָרן אין לאַגער, וועגן די אַלע אָפּקומענישן, וואָס האָבן אים איצט, פון דערווייטנס, אויסגעזען צו זיין אַנגענעם, וועגן די באַגעגענישן פון טאָג, וועגן זיינע פּלענער, וועגן דעם, וואָס ער וועט טון, ווען די מלחמה וועט זיין פאַריבער. זיין צעטראָגענער בליק, אומלויפנדיק אויף אַלע זייטן, האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויפן געוועב פון זשערמענס איינגעפאַלענע באַקן, גלייך ווי אָנגעהאַנגענע אויף די שטיפטן פון די באַקנביינער, און אַן איבערגעשראָקענער, געזוכט מיט אומגע־שיקטער האַסטיקייט זיך אָפּצושטעלן אויף אַ מער אַנגענעמע זאַך...

זשערמען, א סטאָאיקער, האָט געשמייכלט און אים נאָך געהאָלפֿן זיך צו שטעלן צוריק אויף דעם פעסטן באָדן פון די לעבעדיקע. במעט שטענדיק פלעג ער דערביי זאָגן:

— גענוג גערעדט! איצט, אַנעט, פירט דאָס קינד ארויס אויף א שפּאַציר! א שאָד צו פאַרלירן אזא שיינעם טאָג...

ווען זי איז צוגעקומען צו אים זיך געזעגענען, האָט ער צוגעגעבן:

— קומט היינט אויפדערנאַכט אליין אויף עטלעכע מינוט. איך באַדאַרף אייך האָבן...

זי איז ארויסגעגאַנגען מיט פראַנצן. פראַנץ האָט אויף שנעל ארויסגעזאָגט:

— איאָ, ער פילט זיך היינט א סך בעסער?

ער האָט ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער. ער האָט געשפּאַנט מיט ברייטע טריט, אריינאָטעמענדיק מיט פולע לונגען די ריינע לופט, די קלאָרע, לויטערע לופט, די ברוסט ארויסגעשטעלט פאָראויס און די האָר אויפן ווינט. אַנעטעס שטאַרקע פיס האָבן ניט־ווילנדיק אויך הנאה געהאַט פון אָט־דעם לויפן, פון אָט־דער נקמה פון דער לע־בעדיקער חיה פאַר דער געדריקטקייט פון קערפּער, וואָס איז איינגע־שלעפערט געוואָרן אין דער אַטמאָספערע פון קראַנקהייט, ביים צוקאָפּנס פון ווייי. אָבער פראַנץ איז במעט שטענדיק געלאָפן פאָראויס. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון א אינגלשן אימפּעט, איז געלאָפן, האָט געקלעטערט ארויף אויף די משופּעדיקע בערג, זיך קלאַמערנדיק אָן דעם פאַרשנייטן געצווייג פון די פיכטנביימער. דערנאָך האָבן זייביידע אָנגעבונדן זייערע סקים, און מיט פליגל אויף די פיס, זיך אַוועקגעלאָזט פליען איבער די ווייסע פעלדער. ווען זיי זענען איבערגעפילט, כמעט פאַרשיכורט געוואָרן פון דער לופט, ווען דאָס צירקולירנדיקע בלוט האָט אויסגעקערט די לעצטע שאָטנס פון זייערע געדאַנקען, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן ארונטערהענגענדיקן פעלז, פאַרפלייצט פון זונליכט, און געקוקט אריבערן טאָל. פראַנץ האָט, לאַכנדיק, איר אָנגערופן די נאָמען פון די אקאָרדן, וועלכע האָבן געשאַפן די האַרמאָניע, דעם עק פון דער פּאַווע, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אויף דער מערב־זייט פון הימל. ריידנדיק אזוי, האָט ער דערווייל געצייכנט. ער האָט געצייכנט מיט ברייטע שטריכן, באַדעקנדיק א בלעטל נאָך א

בלעטל מיט ליניעס און פלאַכן, מיט סילועטן פוןביימער און באַרגשפּיצן, וועלכע האָבן געכאַפּט דעם אָנבליק פון מענטשלעכע פּנימער מיט צוזאַמענגעצויגענע ליפּן און שאַרפע נעז, — ניט צו וויסן אַליין, וואָס ער טוט, און צו האַלטן דערביי אין איין ריידן. אַנעט האָט זיך איינגעקוקט, ווי זיינע פינגער ריידן, און זיך איינגעהערט אין זיין פּלוידעריי. זי האָט געענטפערט צעטראָגן, טראַכטנדיק, ניט אָנצורופן אים ביים נאָמען, וועגן דעם, וועמען זיי האָבן געהאַט איבערגעלאָזט אַ ליגנדיקן... און מיטאַמאָל איז זי געבליבן זיצן אַ פאַרהיפּנאָטיזירטע, ווען זיינע פינגער האָבן אויטאָמאַטיש אויפגעצייכנט אַ קאָפּ, וואָס זי האָט דערקענט, — אַ קאָפּ פון אַ טויטן מענטשן... זי איז אַנשווייגן געוואָרן. פראַנץ האָט אַלץ געפּלוידערט. אַ וואָלקן האָט פאַרצויגן די זון. און די שטילקייט איז געווען ווי אַ שוואַרצע טונקלקייט אין מיטן דער ליכטיקייט. פראַנץ האָט זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט זיינע פינגער. עס האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם, גלייך ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך געווען אויפהויבן לעבן אים... זיינע הענט האָבן זיך צוזאַמענגעדריקט, איינגעקנייטשט דאָס בלעטל פּאַפּיר. ער האָט אַ כאַפּ געטון דעם אַלבום און אים אַרונטערגעשליידערט אין טאָל אַריין. ניט אויסצוריידן קיין וואָרט, האָט פראַנץ זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט, זיך ווידער אַוועקגעלאָזט אין ווילדן געפלי איבער די פאַרשנייטע פעלדער, און אַנעט נאָך אים.

אין אָוונט, נאָכן עסן, ווען אַנעט, האַלטנדיק וואָרט, איז צוריקגעקומען צו זשערמענען, האָט דער חולה זי אויפגענומען מיט אייזיקער קאַלטקייט. ער האָט געהאַט זיך אַדורכגעשלאָגן דורך אַ גרויזאַם־פיינליכן טאָג, איז ער געווען אין כעס אויף די, וואָס פאַר זיי איז דער טאָג געווען אַנגענעם. ער האָט אויסגערעדט אַנעטען פאַר קומען אַזוי שפּעט און זי גראָב געפרעגט, צי האָבן זיי גוט פאַרבראַכט. ער האָט איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט פאַר איר פיינעם אויסזען, פאַר דעם קאָליר אין פּנים, פאַר דעם יונגן בלוט, וואָס איז געפלאָסן אונטער איר הויט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט איר דאָס אַלץ געשטעלט לגנאַי.

זי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. זי האָט פאַרשטאַנען. זי האָט זיך הכנעהדיק אַנטשולדיקט:

— מיין פריינט, פאַרגיט מיר!

ער האָט זיך פאַרשעמט און מיט אַ מער רואיקער שטים זיך נאָכגעפרעגט ביי איר וועגן די נייס פון טאָג. זי האָט זיי אים איבערגעגעבן. עס זענען געווען שלעכטע נייס. ווייט פון צו זיין אויסגעשעפּט, האָט די מלחמה, נאָך פיר יאָר, זיך ערשט אָנגענומען מיט נייע כוחות. די סכנה פון אַ מאָנסטרועזער אַטאַקע פאַר דעם קומענדיקן פרילינג איז געהאַנגען איבער פראַנקרייך. זיי האָבן גערעדט וועגן דעם טראַגישן מאָרגן. זשערמען האָט אַריבערגעטראָגן אויף דער וועלט זיין אייגענע גסיסה. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די מענטשלעכע עוואָלוציע, דער רעזולטאַט פון אַ געוואַלטיקער אָנשטרענגונג פון כוחות און פון אַן אויסשליסלעכן מזל, איז געווען דער קורצער דערפאָלג פון אַ געניאַלער און אומנאָרמאַלער (צוויי כמעט אידענטישע ווערטער) „וואַריאַציע", וועלכע וועט זיך לאַנג ניט האַלטן. אַלע דעראָבערונגען פון גאון, יעדער מענטשלעכער פּראָגרעס זענען געווען דער בלוטיקער לאָרבער־קראַנץ פאַר דעם מענטשנס פרישע נצחונות. היינט אָבער איז דער מענטש געשטאַנען פאַרן סוף פון זיין עפּאָפּייע; דער באַרג־אַרויף האָט זיך געענדיקט און דער מיטאַן האָט זיך געקווילערט אַרונטער אין אָפּגרונט, ניט צו האָבן מער קיין כוח זיך צו האַלטן. אַזוי האָט ראַלף, מאַנהיימס הונט, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט צו דענקען ווי אַ מענטש, צוזאַמענגעבראָכן, נאָך צוויי יאָר, אָפּגייענדיק מיט בלוט אין דער ווייסטער נאַכט. ווייל דער מענטש איז ניט דער איינציקער אויף אונטערצונעמען אָט־די וואונדערלעכע אוואַנטורע. די גאַנצע נאַטור האָט דאָס געפּרואווט. אומעטום זענען אָנגעצייכנט סימנים פון דעם שרעקלעכן אויפשטייג פון די לעבעדיקע ברואים, וועלכע מיען זיך אויסצומיידן דעם קבר פון די שוואַרצע כוחות. זיי קלעטערן, פאַרצווייפלטע, איבערלאָזנדיק זייער בלוט אויף יעדן אַרויסהויב פון דער וואַנט. עס קומט אָבער, אַמאָל פריער, אַמאָל שפּעטער, דער מאָמענט, ווען זיי לאָזן נאָך און קוילערן זיך מיט פאַרגלעזטע אויגן אין די אָרעמס פון קאָשמאַר... דער קאָשמאַר האָט צוויי שוועלן: דער שלאָף פון אָנהויב און דער שלאָף פון סוף...

— ווער ווייס, — האָט אַנעט געזאָגט, — צי נעמט מיטן פאַלן אַ סוף צום שטורעמדיקן חלום פון לעבן?

— האָט איר דען נאָך ניט געהאַט געגוג דערפון?

— די נאַכט איז לאַנג. איך שלאָף ווידער איין. איך וואַרט אויפן טאָג.

— טאָמער אָבער וועט ער ניט קומען?

— וועל איך ניט אויפהערן צו חלומען.

זשערמען איז געווען צופיל אָוועקגעריסן פון יעדן מין גלויבן, אַז ער זאָל זיך אַריינלאָזן אין אַ דיסקוסיע איבער אָט־דעם ענין. קיין זאַך האָט ניט אַזוי פיל בייגעטראָגן זיין פּעסימיסטישער זעאונג, וועלכע האָט מער ניט געהאַט קיין אילוזיעס, ווי דאָס אוניווערסאַלע אויפפּאַסן פון זיין אייגענעם פונאַנדערפאַל. ער האָט אין קיין זאַך ניט געלייקנט; ניט אין דעם „פּאַר“, אַזוי אויך ניט אין דעם „קעגן“. אַלע משוגעתן, וואָס רעגן אָן מיט באַגייסטערונג די מענשלעכע מאַסן, — די רעליגיע, דאָס פאָטערלאַנד, די אַלע שלאַכטן, וואָס שעפּן אוים זייערע כוחות, — רעגולירן דעם גאַנג פון מזל. דער מענטש לעבט אוים זיין מזל, פאַרניכטנדיק זיך אַליין. און דער תכלית פון דער מענשלעכער מי איז — גאָרנישט.

אַנעט האָט אים געזאָגט:

— מיין פריינט, קוקט ניט אַלעמאָל אויף דער פאַרפּלייצונג אַרום אייך, אויף דעם שווינדלדיקן געווירבל, אויף די מענטשן־מאַסן, וואָס קלאַמערן זיך, קלעטערן אַלץ אַרויף און פאַלן אַרונטער! קוקט אַריין אין זיך! דער י ח י ד אַליין, דער א י ך איז אַ וועלט. אין מיין אייגענער וועלט הער איך דעם אייביקן „יאָ“.

— מיין וועלט, — האָט זשערמען געזאָגט, — איז אַן אָרון. איך זע דאָרט די ווערים.

— איר לאָזט דאָס לעבן אַנטלויפן פון אייך אין דער וועלט אַריין. רופט עס צוריק פון דער וועלט אין זיך! נעמט עס צוזאַמען אויף אייער אייגענער ברוסט, מיט אייערע אייגענע פינגער!...

— ווי איך וועל באַלד צוזאַמענגעמען מיינע תכריכים...

— איר זענט דאָ ניט אַליין, אין אָט־דעם בעט. איר זענט אומעטום, אין אַלץ, וואָס לעבט. אָט־די קלאָרע נאַכט, וואָס אירע טונקעלע פליגל שפּרייטן זיך איבער די חלומות פון טויזנטער ברואים, איז אין אייך, איז אייערע. אין אייער עלנד פאַרמאָגט איך

דאָס עשירות פון די, וואָס איר האָט ליב, פראַנצעס יוגנט, פראַנצעס צוקונפט. איך אַליין האָב גאָרנישט און האָב אַלץ.

— איר האָט אייער פיין בלוט, וואָס וואַרעמט אייך.

— אַך, ווען איך זאָל עס אייך קאָנען אַוועקגעבן!

זי האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל פייער, אַז אָט־דאָס בלוט, וואָס דער גוסס האָט איר דערפאַר אַזוי מקנא געווען, האָט, דאַכט זיך, זיך טאַקע אַריבערגעגאָסן אין זיין קערפּער, אים איבער־פּילנדיק ווי אַ בעכער ביז איבער די ראַנדן. גאָט, ווי גערן זי וואָלט עס טאַקע אַריבערגעגאָסן אין אים!...

ער איז געווען גערירט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. עס האָט אים אָבער אַזוי גענומען שטיקן, אַז ער איז שיר ניט געווען פאַרביי. זי איז פאַרבליבן לעבן אים אַ גאַנצע נאַכט, צוהאַלטנדיק אים דעם קאָפּ אויף דער קישן. איר אָנוועזן האָט אים געשטאַרקט. אַזוי ווי ער האָט קיין זאַך ניט געהאַט צו באַהאַלטן פון איר, האָט ער, דעריבער, אויך קיין זאַך ניט געהאַט פאַר איר צו אַנטפּלעקן. עס איז ניט געווען נויטיק איר צו ווייזן זיין ליידן: זי האָט עס געפילט אונטער אירע פינגער. אין אַ מאָמענט, ווען ער האָט זיך דערפילט אַביסל גרינגער, האָט זיין מויל זיך אויסגעקרימט אין אַ שמייכל און ער האָט געזאָגט:

— סיי־ווי־סיי, עס איז שווער צו שטאַרבן.

זי האָט אים אָפּגעווישט דעם שוויים פון שטערן.

— יאָ, מיין קינד. צום גליק וועל איך אויך שטאַרבן. מען וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט מוחל זיין, ווען מען וואָלט באַדאַרפט לעבן, בעת אַנדערע שטאַרבן.

אין פרימאָרגן האָט ער זי אַוועקגעשיקט. אין לויף פון די שעהן, ווען ער האָט ניט געקאָנט ריידן, האָט ער געהאַט צייט צו טראַכטן וועגן איר, וועגן איר גוטסקייט, וועגן איר אַוועקגעבן־זיך אָן שום אויסרעכענונג און ווי פיל ער האָט זי אויסגענוצט. ער האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל אים מוחל זיין. זי האָט געענטפערט:

— איר ווייסט גאָרנישט, ווי גוט עס איז, ווען אַ פריינט נוצט אייך אויס!... וואָס אונז ערגערט ביז צום שטאַרבן, איז, וואָס די, וועמען מיר האָבן ליב, נוצן אונז ניט אויס!...

זי האָט געטראַכט וועגן איר זון. אָבער ביז יענעם מאָמענט האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט גערעדט וועגן אים מיט זשערמענען; און ער, ווידער, האָט קיינמאָל ניט געהאַט וועגן אים אַ טראַכט געטון. נאָר אין אָט די לעצטע טעג, ווען ער האָט ביסלעכווייז זיך פרייגע־מאַכט פון זיינע לייד, אינאיינעם מיטן לעבן, איז אים, ענדלעך, איינ־געפאַלן צו וועלן וויסן די לייד, וואָס זיין פריינט האָט זיי געהאַלטן פאַר זיך.

ער האָט זי איצט כמעט יעדער נאַכט געהאַלטן וואַך לעבן זיין בעט. כאָטש מען וואָלט געקאָנט דעפּעשירן זיין שוועסטער, זי זאָל קומען, האָט ער אָבער קיינעם ניט געוואָלט האָבן, חוץ אַנעטען. ער האָט זי נאָך אַלץ אויסגענוצט; כדי אָבער זיך צו באַרואיקן, האָט ער זיך געזאָגט, אַז דאָס וועט שוין לאַנג ניט געדויערן. דערצו איז דאָך אַנעט געווען גליקלעך צו ווערן אויסגענוצט!... ער האָט געוואוסט, אַז אַ גרויסמוטיק האַרץ איז באַשאַפן געוואָרן אויף צו ווערן עקספּלואַ־טירט, און ער האָט זיך דערפילט אומרואיק איבער די צרות, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין אין איר לעבן.

ער האָט גערעדט ווייניקער וועגן זיך. עס איז, איבעריקס, אים איצט געווען שווערער צו ריידן, האָט ער זי געלאָזט ריידן. ער האָט געוואָלט וויסן וועגן איר פאַרבאָרגענעם לעבן. איצט, ווען ער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט זי מער גאָרנישט באַדאַרפט פון אים באַהאַלטן. זי האָט אים אַלץ דערציילט, רואיק, איינהאַלטנדיק אירע געפילן. אַזוי ווי עס וואָלט געווען די געשיכטע פון אַן אַנדערער. ער האָט זי אויסגעהערט, ניט איבערצושלאָגן מיט קיין וואָרט. זי האָט אויף אים ניט געקוקט, ער אָבער האָט איר געקוקט אין מויל אַריין. דאָס, וואָס זי האָט ניט אַרויסגעזאָגט, האָט ער עס אַליין אַרויסגעלייענט. ער האָט עס געלייענט קלערער ווי זי אַליין. דאָס דאָזיקע לעבן האָט אים אַלץ מער דורכגעדרונגען, וואָס מער זיין אייגן לעבן איז פון אים אַנטלאָפן. צום סוף האָט עס אים איינגאַנצן איבער־געפילט... אויף אַזוי ווייט, אַז האַלטנדיק ביים שטאַרבן, האָט ער זי צום ערשטן מאָל ליב געקראָגן. ער האָט זי ליב געהאַט איינגאַנצן — און אין דער טיפעניש פון זיין נשמה מיט איר חתונה געהאַט. זי האָט עס קיינמאָל ניט געוואוסט... אירע געפילן צו אים זענען געווען ניט מער ווי נאָר געפילן פון אַ שוועסטער; די פליגל פון דער ליבע האָבן

ניט אָנגעדירט איר ווען. דאָס געזיכט פון טויט וועקט רחמנות, הארציקן רחמנות. די ליבע אָבער ווענדט אינסטינקטיוו אָפּ פון אים די אויגן. זשערמען האָט עס גוט געוואוסט און ער האָט עס ניט געפאָדערט... ער האָט זיך אַליין גובר געווען.

ער האָט ניט אַרויסגעגעבן די ענדערונג, וועלכע איז געווען פאָרגעקומען אין זיין באַציאונג צו דער, וואָס איז אָן איר וויסן געוואָרן זיין פרוי, סיידן אפשר דורך דעם רעכט, וואָס ער האָט זיך גענומען צו ריכטן — צום ערשטן און צום לעצטן מאָל — אַנטעטעס אומ־זיכערקייט אין איר פאַמיליען־לעבן און אין איר זון. זיין אינסטינקט פון א מאַן האָט אים געלאָזט פאַרשטיין מאַרקן א סך בעסער פון איר, כאָטש ער האָט אים גאָר קיינמאָל ניט געהאַט געזען. ער האָט זיך קלאָר געמאַכט דאָס אומפאַרשטייעניש צווישן דעם זון און דער מוטער. און אויב ער האָט מער ניט געהאַט קיין צייט זיי צו העלפן זיך בעסער צו פאַרשטיין, האָט ער צוזאַמענגענומען זיינע לעצטע כוחות, כדי זיי אָנצוצייכענען דעם וועג, איבער וועלכן זיי זאָלן גיין:

— אַנעט, עס איז גוט, וואָס איך טראָג זיך אָפּ פון דאַנען. איך געהער צו א ראַסע, וואָס וועט מער ניט האָבן קיין פּלאַץ אין דער קומענדיקער אָרדענונג. עס איז א ראַסע, וואָס לעבט אָן אילוזיעס סיי בנוגע דער צוקונפט, אזוי אויך בנוגע דעם עבר. איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען און אין קיין זאַך ניט געגלויבט. דאָס פאַרשטיין צופיל האָט אָפּגעטויט אין מיר דעם פאַרלאַנג צו זיין אַקטיוו. — מען באַדאַרף זיין אַקטיוו! האַלט זיך פעסט! דער אינסטינקט פון אייער האַרץ איז זיכערער פון מיין „אהין־און־אהער". אָבער אויך דאָס איז ניט גענוג. איר האָט אייערע גרעניצן, איר זענט א פרוי, איר האָט אָבער געבראַכט אויף דער וועלט א מאַן. איר האָט א אינגל. ער קלאַפּט זיך אָן אייער באַשרענקטקייט, פּונקט ווי ביים געבוירן האָט ער זיך אָפּגעקלאַפּט אָן די ווענטלעך פון אייער בויך, כדי זיך אַרויס־צורייסן פון דאָרטן. איר וועט נאָך ניט איינמאָל אָפּגיין פון אים מיט בלוט, זינגט, אזוי ווי זשאַן ד'אַלבער, דאָס געזאַנג פון זיין גע־בוירן, באַזינגט דעם אויפּברוך, דורך וועלכן ער דאַרף אַרויסקומען פון אייך! זאָגט אים, אין מיין נאָמען, ער זאָל זיך ניט באַניגענען אַלץ צו פאַרשטיין, אזוי ווי איך, אָדער אַלץ ליב צו האָבן, אזוי ווי איך... זאָל ער אַליין אויסקלייבן!... עס איז גאַנץ פיין צו זיין

יושרדיק, אָבער דער אמתדיקער יושר פֿאַרבלייבט ניט זיצן פֿאַר דער וואָגשאָל צו קוקן אויף דעם וויגן־זיך פֿון די שאָלן. ער משפּט אָזן פּירט אוים די שטראָף. זאָל ער באַשטימען פֿאַר זיך!... געגוג געחלומט! זאָל קומען די דערוואַכונג!...

מען האָט ניט געקאָנט וויסן, צי האָט ער גערעדט צו זיך אַליין אָדער צו אנעטען.

נאָכדעם ווי ער האָט צום לעצטן מאָל אַ קוק געטון אויף איר, האָט ער זיך אויסגעדרייט אין בעט, ווי ער וואָלט זיך דערמיט אָפּגעשיידט פֿון די לעבעדיקע. ער האָט אָנגעשטעלט זיין בליק אויף דער וואַנט, אַ פֿאַרשלאָסענער אין זיין שטילשווייגן. ער האָט מער ניט געעפֿנט דאָס מויל ביז צום סאַמע לעצטן צאַפּל פֿון טויט, וועלכער האָט געקנאָטן זיין גוססנדיק לייב.

אַנעט האָט ניט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן איר אייגענעם וויי. פּראַנצעס פּיין האָט אַלץ פֿאַרנומען. עס איז געווען חוץ לדרך הטבע. זי האָט געמוזט אָדער זיך אָפּגעבן מיט אים אָדער פֿון אים אַנטלויפֿן. ער האָט זי מאָנאָפּאָליזירט.

אין די ערשטע שעהן האָט זיין טרויער, וואָס האָט ניט געוואוסט פֿון קיין מאָס, געשטערט די אַרומיקע. ער איז ניט געווען אויסגעהיט אין זיין אויסדרוק, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ וואויל־דערצויגענעם טרויער. עס איז געווען די פֿאַרצווייפֿלונג פֿון אַ קינד אָדער פֿון אַ פֿאַרליבטן. ער האָט גאַרנישט געוואָלט זיך שיידן מיט דעם קערפּער פֿון דעם געליבטן. זיין ליבע האָט גערעדט פּונקט אַזוי הויך ווי זיין פּיין. זשערמענס הויזגעזינט האָט געליטן דערפֿון בושת־פּנים. כדי צו מאַכן דערצו אַ סוף און, דער עיקר, כדי ניט אַריינצופֿאַלן אין לייטישע מיילער, האָבן זיי געזען צו באַזייטיקן פּראַנצן פֿון הויז. זיי האָבן אים איבערגעגעבן אויף אַנעטעס הענט, בעת מען האָט אין דעם קליינעם דאָרפֿישן קלויסטער אָפּגעריכט די לוויה־צערעמאָניע, איידער מען האָט דעם קערפּער אַריינגעגעבן אין דעם באַגאַזש פֿון צוג, וואָס האָט אים געזאָלט אַוועקפֿירן אין דעם לאַנד פֿון זיין געבוירן.

די שאַוואַנס זענען אָפּגעפֿאָרן, די לעבעדיקע און דער טויטער, — דער לעבעדיקסטער פֿון זיי אַלעמען, דאָס אויסגעלאָשענע ליכט פֿון זייער ראַסע, אַזוי ווי אין די לוויה־פּראָצעסיעס פֿון פּאַרציייטנס, וואו מען פֿלעג הינטער דעם וואָגן און די הערבן טראָגן דעם איבערגעקערטן

פּאַקל. דאָס געזעגענען זיך מיט אַנעטען איז געווען קורץ און גע־
צוואונגען. מאַדאַם דע סעזשי־שאַוואַן, די שוועסטער, האָט זיך געניט
אויסצודריקן דעם אויפריכטיקן דאַנק, וואָס זיי האָבן געפילט צו איר
פאַר איר איבערגעגעבנקייט, און ניט צו קוקן אויף דער פאַרבאָרגענער
אַנטיפּאַטיע, זיך אָנגעטון אַ כוח זי ארומצונעמען. דערמיט, האָט
זי גערעכנט, איז דער חוב אָפּגעצאָלט. נאָר מאַדאַם דע שאַוואַן אַליין,
די מוטער, האָט נאָס געמאַכט מיט אירע טרערן אַנעטעס באַקן און
זי גערופן: „מיין טאָכטער"... זי האָט עס אָבער געטון אין דער
שטיל. זי איז געווען גענייגט זי ליב צו האָבן. ווי פרעמד עס זענען
איר געווען אַנעטעס געדאַנקען, האָט זי זיי טאָלערירט. אַחוץ דער
רעליגיע, האָט איר ניט אויסגעמאַכט, וואָס איינער זאָל ניט דענקען.
זי איז אָבער געווען שוואַך... זי דאַרף קודם־כל אָפּהיטן איר רואיקייט!
מען באַדאַרף קיין זאַך ניט טון, וואָס זאָל קאָנען שטערן די רו פון
הויז... מען האָט זיך געזאָגט: „צום ווידערזען!" — און פון ביידע
זייטן האָט מען בעת־מעשה גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מען וועט זיך שוין
מער קיינמאָל ניט זען.

אַנעט האָט זיך געהאַט פאַרשלאָסן מיט פראַנצן, בעת דער צוויי־
פּאַכיקער צערעמאָניע פון קלויסטער און פון דעם אָפּפאָרן. זי האָט זי
אָבער נאָכגעפאָלגט אין געדאַנק. זי האָט זיך געזען גיין אין מיטן דער
פּראָצעסיע, איבער דעם אייז־באַדעקטן וועג, וואו עס האָבן אונטער
דעם כמורן הימל פון סוף פעברואַר געבליט די שליסלבלימלעך. זי
האָט געהערט דעם ווייכן לוויה־גלאָק, וואָס האָט זייער ווייט און זייער
לאַנגזאַם אָפּגעקלונגען אין דער שטילקייט. זי האָט שוין געזען דערצו,
אַז פראַנץ זאָל גאָרנישט הערן. אים איינוויגנדיק מיט אירע רייד,
האָט זי אויפגענומען דאָס פייפן פון דעם אָפּגייענדיקן צוג... עס איז
געווען ווי אַ שפּיץ פון אַ נאָדל איר אין האַרצן אריין... ער איז אָפּגע־
פאָרן... דער טויטער פריינט איז איצט געווען צווייטמאָל טויט.

מען האָט באַדאַרפט טראַכטן וועגן דעם, וואָס איז פאַרבליבן.
דער אַנדערער האָט זיך שוין אין איר מער ניט גענויטיקט. ביז דעם
מאָמענט האָט ער געהאַט אינגאַנצן אָוועקגענומען אַנעטעס רחמנות־
געפיל. איצט דאַרף מען אויף אים מער קיין רחמנות ניט האָבן. און
איר רחמנות האָט צוריקגעשטראָמט צום לעבעדיקן. דער טויטער האָט
אים איר אָנגעטרויט:

— איך גיב אים דיר איבער. פאַרנעם מיין פּלאַץ! ער איז איצט דיינער.

דאָס רחמנות־געפיל האָט מיט פראַנצן געהאַט אַ פרייען וועג. ער איז ניט געווען אַזוי ווי זשערמען, וועלכער האָט זיך געהאַט פאַר־שטייפט אַנקעגן דעם און ניט געוואָלט, אַז מען זאָל אויף אים רחמנות האָבן. פראַנץ האָט דאָס געפאָדערט. ער האָט זיך גאָרנישט געשעמט ארויסצואווייזן זיין שוואַכקייט. אַנעט איז אים דערפאַר געווען דאַנק־באַר. עס איז אים פּונקט אַזוי גרינג געווען צו בעטן ביי איר הילף, ווי גרינג עס איז איר געווען דאָס צו געבן. עס איז געווען אַ פרייד, וועלכע איז געווען פון איר אַוועקגענומען געוואָרן. סיי איר זון, אַזוי אויך זשערמען האָבן זיך מיט איר צופיל געהאַט געדונגען!... אָט־די שטאָלצע מענטשלעכע ראַסע, וואָס פאַרדריקט די ציין איבער אירע געפילן, וואָס שעמט זיך מיט איר האַרץ און באַהאַלט זיך אוים, ווי עס וואָלט געווען אַן אומכּבֿוד, מיט איר בענקעניש נאָך דער מילך פון צאַרטקייט, וואָס זי האָט געהאַט אַמאָל געזויגן פון דער מוטערלעכער ברוסט!... פראַנץ האָט זיך דערמיט ניט אויסבאַהאַלטן. ער האָט נאַאיוו געמאָנט זיך אָנצוזיפּן, ווי עפּעס אַזוינס, וואָס עס קומט אים. ווי די בלינד־געבוירענע עופהלעך, אַזוי האָט ער אָנגעטאַפּט מיט די ליפּן און מיט די הענט...

— נו, גוט, מיין קינד, זויג! זויג מיך! איך לייג אריין מיין ברוסט צווישן דיינע ליפּן...

און אָט־דער פרויען־האַסער, וואָס איז געווען גערויבט פון דער מוטערלעכער מילך (ער האָט געהאַט פאַרלוירן זיין מוטער, ווען ער איז נאָך געווען אין וויגעלע), האָט גאָרנישט געטראַכט פון דער פרוי, וואָס ער האָט געזויגן איר ברוסט. ער האָט ניט ליב געהאַט די פרוי, ער האָט נאָר ליב געהאַט די ברוסט. ער האָט געמוזט שטילן זיין געוואַלטיקן דאָרשט.

אַנעט האָט דערפון געוואוסט. זי איז געווען פאַר אים ניט מער ווי נאָר אַן אַם פאַר זיין פּיין, וועלכן זי האָט פאַרוויגט און איינגע־שלעפערט. און איר געפיל צו אים איז געווען ניט מער ווי אַ געפיל פון מוטערלעכער ליבע, וועלכע איז געשטיגן מיט יעדן טאָג, — און אַזוי מיט יעדן טאָג איז אויך געשטיגן זיין אָפּהענטיקייט. אָבער די מוטערלעכע ליבע שליסט איין יעדן אַנדערן מין ליבע. און אויב אַפילו

זי קאָן ניט יעדערע פון זיי ביים נאָמען, איז אָבער ניטאָ קיין איינע, וואָס זי זאָל זי ניט לאָבן אין דער שטיל.

פראַנץ האָט איר אַלץ איבערגעגעבן. ער האָט זיך איר אינגאַנצן איבערגעגעבן. מיט אַ מאָדנער אומפאַרשעמטקייט האָט ער געהאַלטן פאַר נאַטירלעך איר צו פאַרטרויען אַלץ וועגן זיך: זיין פיין, זיין טרויער, זיין פאַרווירונג, אַזוי אויך זיין קערפער, זיין געזונט, זיין עסן, זיין וואוינונג, זיין קליידונג. אַ מוטער און אַן אַם, אַ פאַרטרוילעכער פריינט און אַ דינסט, — מער האָט ער פון איר ניט פאַרלאַנגט, מער ווי דאָס איז זי פאַר אים ניט געווען. און ער האָט, קאָנטיק, דערוואַרט, אַז זי זאָל זאָרגן פאַר אים און אים באַדינען, ווי זי קען. אַנעט, פונקט ווי ער, האָט עס אויך געהאַלטן פאַר נאַטירלעך. ער האָט זי קוים באַדאַנקט, נאָר אוים העפלעכקייט. שטילערהייט איז זי אים גאָר געווען דאַנקבאַר פאַר דעם, וואָס ער האָט זיך אין איר געניטיקט.

זיין עגאָאיזם האָט זי באַצויבערט. עס זענען פאַראַן צויבערלעכע עגאָאיסטן, — און פרויען האָבן צו זיי אַ שוואַכקייט. ווען אַ מאַן האָט ליב אַ פרוי צוליב איר אַליין, איז זי אים דערפאַר דאַנקבאַר. אָבער ווי פיל ליבער ער איז איר, ווען ער האָט זי ליב צוליב זיך! ער האָט קיינעם ניט אינזינען ווי נאָר זיך אַליין, ער גיט זיך ניט איבער, ער נעמט זי, ער פאַרצוקט זי און האַלט, אַז זי איז גוט...

— ווי גוט ער איז! — זאָגט אָט־דאָס נאַרישע באַשעפעניש.

פראַנץ האָט פאַרצוקט אַנעטען אויפן פיינסטן שטייגער. ער איז געווען צאַרט, חניפהדיק, אומשולדיק־פאַרפירעריש; ער האָט זיך געלאָזט ווערן פון איר געצערטלט און באַהאַנדלט מיט רחמנות; ער האָט איר געטון די טובה און איר ארויסגעזאָגט זיינע פאַרלאַנגען, וואָס זי האָט זיך געאיילט זיי צו דערפילן, — אויב זי איז זיי ניט פאַרלאָפן פריער דעם וועג, — גייענדיק צען מאָל אַ טאָג אַראָפּ און אַרויף די שטיגן צו קויפן פאַר אים מאַראַנצן, אַ צייטונג, אַ זאַך, וואָס ער האָט זיך וועגן איר געהאַט אַרויסגעזאָגט, אָדער כדי אָוועקצוטראָגן אויפן וואָקזאַל אַ דרינגלעכן בריוו. זי איז דערפאַר גוט באַלוינט געוואָרן, ווען נאָך אַ קורצן אָפּוועזן איז זי אַריינגעקומען צוריק אין הויז און ער, אַן אומגעדולדיקער, האָט איר אויסגערעדט, פאַרוואָס זי

האָט זיך אַזוי לאַנג געזאַמט, אָדער ווען ער איז פאַרנאַכט, א טרויעריקער און א באַטריבטער, אַרויסגעקומען אויפן באַלקאָן, האָט זיך צוגעזעצט נאָענט לעבן איר, גלייך ווי ער וואָלט געהאַט א באַדערפעניש זיך אָנצוואַרעמען ביי אירע פיס, און האָט זיך מיטאַמאָל פונאַנדערגעוויינט... דעמאָלט האָט זי אַוועקגעוואָרפן איר אַרבעט און אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ פון דעם גרויסן קינד ביי זיך אויפן אַקסל... און נאָכדעם ווי ער האָט זיך געהאַט גוט אויסגעוויינט (סאַרא גליק! אַט־דער מאַן, וואָס ווערט ניט רויט פון שאַנד צו לאָזן אייך אויסווישן די טרערן פון די אויגן!) — האָט ער גענומען ריידן. ער האָט אויסגעלאָדן זיין הארץ פון זיינע פאַרבאָרגענע לייד, אָנגעהויבן פון די, וואָס ער האָט זיי געהאַט אונטערגעדריקט זינט ער איז געווען א קינד און זיך קיינמאָל ניט דערוועגט זיי צו אַנטפּלעקן אינגאַנצן, אפילו ניט פאַר זשערמענען, ביז צו דעם טרויער נאָכן פריינט, וואָס האָט אים נאָך אַלץ געהאַט טאָג און נאַכט געקוועלט: ער האָט זיך איצט פירגעוואָרפן, וואָס ער האָט געהאַט פאַרלאָזן דעם פריינט אין זיין לעצטער קראַנקהייט, וואָס ער האָט אים ניט גענוג ליב געהאַט און ניט פאַרפעלט אים דאָס אַרויסצואַווייזן... זי האָט אַזוי גוט געהערט! ער האָט געפילט א דערלייכטערונג שוין דורך דעם אָנריר אַליין פון אַט־דער פרוים באַק אויף זיין קאָפּ, דורך אַט־דער טרייסטנדיקער שטים, וועלכע האָט, ניט אַריינצופאַלן אים אין די רייד, צוזאַמענגעמישט אירע מילדע ווערטער פון רחמנות מיט זיין קלאָגעריי. און ער האָט זיך פאַר איר מודה געווען אין אַזוינע זאַכן, וואָס ער האָט זיי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אויסגעדריקט אין דער הויך. זי האָט זיך דערויף ניט געוואונדערט; זי האָט אויפגענומען אָן ליאַרעם, גלייך ווי זי וואָלט דאָס שוין געווען פריער אַליין אַדורכגעלעבט, די ניט־פאַרהילטע געשיכטע פון אַט־דעם אינווייניקסטן לעבן, אַט־דאָס מודה־זיין־זיך אין אָפטמאָל גאַנץ דעליקאַטע זאַכן, אַט־די מאָראַלישע אָפּווייכונגען, וואָס עס וואָלט איר אפשר געווען אומאַנגענעם צו לייענען וועגן דעם אין א בוך. זי האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט טאַקע נאָר ווי ביי א קאָנפעסיע, וואָס דער סוד דערפון איז הייליק: דער, וואָס הערט אויס, ווערט געלייטערט דורך דער געטלעכער ליבע און רחמנות; ער קאָן ניט ווערן פאַראומריינט, אַזוי אויך ניט אָפּגעשטויסן דורך דער ווידוי; ער נעמט אַנטייל אין די שוואַכקייטן פון דער מענטשלעכער נאַטור,

װעלכע איז אויך זיינע; ער האָט אויף זיי רחמנות און נעמט די שולד אויף זיך. און נאָך גרעסער איז זיין ליבע צום אַנדערן נאָכדעם ווי ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט געוואַשן יענעמס פיס.

---

נאָך די ערשטע צוויי וואָכן, ווען זיין נשמה האָט זיך געהאַט אינגאַנצן איבערגעגעבן דעם טרויער, יענעם פיינלעכן געפיל פון ביי־דערגעשלאָגנקייט, ווען דער יאוש שפּרינגט יעדער ווײַלע אויף, כאַפּט דעם מענטשן אָן פאַרן האַלז און שטיקט אים — (ניט איינמאָל, אין מיטן דער נאַכט, איז אַנעט פון צווייטן צימער אַריינגעקומען אים איינצושטילן, בעת ער איז אויף זיין געלעגער זיך פאַרגאַנגען אין אַ שלוכצעדיק געוויין) — האָט דער טרויער נאָכגעלאָזן... צוערשט איז געקומען אַ פּעריאָד פון צווייטיקטער האַלב־פאַרגליווערטקייט און פון שטילע טרערן, אַזוי ווי דער הימל אין דער איבערגאַנג־צייט צווישן ווינטער און פרילינג, אַ מידער, אַן אומבאַוועגלעכער, מיט זיין באַהאַלטענער זון און זיינע שפּריי־רעגנס אָן גערויש... דערנאָך די שעמעוודיקע דערוואַכונג פון איינעם, וואָס ווערט געגעזן, ווען ער שעמט זיך מיט זיין געזונט־ווערן און וואָלט וועלן האַלטן פאַרהוילן פון יעדן זייטיקן אויג די חוצפּהדיקע צופרידנקייט מיט זיין קומען צוריק צום לעבן, די צייט פון לאַנגע שטילע שמועסן, בעת דאָס האַרץ וויל אויסגיסן זיין באַנייטן לעבנס־שטראָם, נאָר עס זאָגט עס ניט אַרויס, סיידן גאָר־גאָר אין דער שטיל, אויב עס איז זיכער צו האָבן לעבן זיך אַ מיטפילנדיקן מענטשן, וואָס איז גרייט אויסצוהערן...

דערנאָך פלעגן זיי צוזאַמען גיין שפּאַצירן, — געאָרעמט, מיט פאַמעלעכדיקע טריט, — אין יענע מילדע, נעפּלדיקע נאָכמיטיקס, ווען צווישן די טויטע בלעטער, אונטער דעם איבערגעבראָכענעם געצווייג האָבן אַרויסגעשלאָגן די ערשטע וויאָלעטן־בלימלעך; דער שרעק־קעדיקער פרילינג האָט זיך שוין געלאָזט הערן אויף די בערג, בעת דער טאָל, אַ פאַרשטאַרטער, איז נאָך געשלאָפן אין דער בלויער טונקלקייט פון נעפּלען און שאָטנס. זיי האָבן געטראַכט וועגן זייער פריינט. ער איז געווען מיט זיי. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געוואָרט, אַז זיי זאָלן זיין ביידע צוזאַמען, כדי ער זאָל קאָנען זיין מיט יעדערן פון זיי. יעדערער פון זיי האָט געפילט זיין אָנוועזן אין דעם אָנוועזן פון צווייטן. זענען זיי אָבער געווען

באזונדער, אזוי האָבן זיי אים געפילט ניט מער ווי נאָר פון דער ווייט; דאָס ניט־אָנזיכטיקע אָנוועזן איז געוואָרן א דערווייטערטער שאָטן. פראַנץ האָט, גייענדיק, זיך געדריקט צו אַנטען, כדי צוריקצוגעפינען זשערמענען. ער האָט זיך פעסט אָנגעהאַלטן אָן דעם אָרעם פון דער לעבעדיקער אוים מורא צו פאַרלירן די האַנט פון דעם, וואָס איז געווען אַוועק. ער האָט איצט מיט א ברייטער האַנט איר אַרויסגעוויזן זיין דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט, וואָס דאָס האָט נאָך גרעסער געמאַכט די איינגעבוירענע איידלקייט פון זיין אַריסטאָקראַטישער נאַטור. אַנעט איז אים געווען ליב און טייער און ער האָט זיך געפלייסט דאָס איר צו באַווייזן. ער האָט אָן איר זיך מער ניט געקאָנט באַגיין. אַנעט איז געווען געריהרט, זי האָט אָבער ניט געהאַט מכוח דעם קיין שום אילוזיע. זי איז געווען א פראַנצויזין, האָט זי, דעריבער גאַנץ קלאָר געקענט זען אַנדערע מענטשן, ווען אפילו זי איז ניט געווען גלייכגילטיק צו זיי. אָבער א פראַנצויזין איז אויך א פרוי, — און ווייניקער פון אַלץ זעט די פרוי זיך אַליין, מחמת זי וויל זיך ניט זען.

איר פליכט האָט זי צוריקגערופן קיין פּאַריז, נאָענט פון איר זון. זי האָט אים שוין צופיל געהאַט פאַרנאַכלעסיקט. זשערמענס לאַנגע גסיסה און פראַנצעס צודרינגלעכער טרויער האָבן זי אינגאַנצן געהאַט פאַרשלונגען. דריי לאַנגע חדשים האָט זי זיך דערצו איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן; זי האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען, ניט צו האַנדלען אוממענטשלעך (דאָס, ווייניקסטנס, איז געווען דער תירוץ, וואָס איר געוויסן האָט זיך אַליין געגעבן). איצט אָבער איז די פליכט מער ניט געווען צו פאַרבלייבן. די פליכט האָט זיך ווידער געפונען אויף דער אַנדערער זייט... איר זון האָט געקוקט אויף איר מיט פאַרוואורף אין די אויגן... ער איז איר קיינמאָל ניט געווען אַרויס פון זינען. אחוץ ביי טאָג, ווען זי איז געווען פאַרנומען מיט פאַרשיידענע אַרבעטן, איז ניט פאַרגאַנגען קיין נאַכט, אַז זי זאָל מיט א שווערן געמיט אים ניט געווען זען פאַר זיך. זי האָט געהאַט גרויס צער איבער די געפאַרן, אונטער וועלכע ער האָט געלעבט. אויף מאָרגן נאָך דער לופט־אַטאַקע פון דעם 30־טן יאַנואַר איז זי שיר ניט געפאָרן זיך זען מיט אים. זיי האָבן ווייניק וואָס זיך איבערגעשריבן און זייערע זעלטענע

בריוו האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גאַנץ קאַרג אין צערטלעכקייטן. מיט איר איז דאָס אַזוי געווען דערפאַר, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין סך צייט פאַר זיך און אויך צוליב אַ האַרטקייט, וואָס האָט געשטאַמט פון אירער אַ באַהאַלטענער פאַרלעגנקייט: זי האָט געוואוסט, אַז מיט איר זיין ווייט פון אים איז זי באַגאַנגען קעגן אים אַן עוולה; זי האָט אָבער דאָס ניט געוואָלט מודה זיין אַפילו ניט פאַר זיך אַליין, ווייל אַזוי האָט זי געקאָנט אַרויפלייגן די שולד פון איר צוריקגעהאַלטנקייט אויף די עוולות, וואָס ער איז אַנקעגן איר באַגאַנגען. ער, ווידער, האָט איר ניט געוואָלט מוחל זיין די לעצטע באַגעגעניש, די באַליידיקנדיקע אומצוטרויעלעכקייט, פון וועלכער ער האָט זיך געפילט אַזוי ווי אויסגעפּאַטשט. אין די נעכט, וואָס זענען געקומען נאָך דעם, בעת ער האָט ווידעראַמאָל אַדורכגעלעבט יענע סצענע, האָט ער פון גרויס צאָרן געביסן די קישן. ער וואָלט אָבער, נאַטירלעך, זיך גיכער געלאָזט הרגענען איידער צו לאָזן איר עפּעס דערפון חושד זיין. אין זיינע בריוו צו איר, קאַלטע, פאַריסענע און ווייטע בריוו, האָט ער זיך געמיט איר צו ווייזן, אַז ער האָט צו איר גאָרנישט. דאָס ערגסטע דערביי איז אָבער געווען, וואָס אַנעט, פאַרטון אין אַנדערע, גרעסערע דאגות, האָט דאָס, דאַכט זיך, גאָרנישט געהאַט באַמערקט. זי האָט אים געענטפערט מיט באַנאַלע, איילִיק־געשריבענע צעטעלעך. די פּאָסט האָט נאָך דערצו צוגעהאָלפן. איר בריוו פון 1־טן יאַנואַר איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין וועג אַריבער צוויי וואָכן. און בעת איינעם פון זשערמענס שרעקלעכע קריזיסן, וועלכער האָט אין לויף פון פיר־און־צוואַנציק שעה געהאַט פאַרשלונגען אַנעטעס גאַנצע ענערגיע, איז איר גאָר געווען אַרויס פון קאָפּ מאַרקס געבורטסטאָג. אומזיסט פלעג ער זיך באַרימען מיט זיין פאַראַכטונג צו סענטימענטאַלישקייט — ער איז דעמאָלט געווען גרייט זיך פונאַנדערצואַוויינען! ער האָט אויף שנעל אויסגעווישט די אויגן, אָבער די טרערן האָבן אים נאָך אַלץ געברענט; און ער האָט אַליין ניט געקאָנט זאָגן, צי דאָס איז געווען מחמת דער שרעקלעכער אַנטוישונג אָדער מחמת אַן אַנדער געפיל, וואָס די באַליידיקונג האָט אים ניט דערלאָזט זיך מודה צו זיין אין דעם. אַנעט האָט דערפון גאָרנישט ניט געוואוסט. ווען זי האָט זיך דערנאָכדעם געהאַט געכאַפּט, אַז איר

זכרון האָט איר ניט געדינט, האָט דאָס איר שטאַרק פאַרדראָסן, זי האָט אָבער געהאַלטן פאַר איבעריק אים דאָס צו דערקלערן... און עס האָט טאַקע אויסגעזען, אַז דאָס האָט אים גאָרנישט אָנגעהויבן צו אַרן... (נאָך אַ באַווייז, אַז ער איז אַ מענטש אָן געפיל!) — אָ, ווען ער וואָלט אַזוי ווי פראַנץ געווען פול מיט באַגייסטערונג און ליבע!... ניט צו קוקן אויף דעם אונטערשייד פון עלטער, פלעג זי זיי גאַנץ אָפט פאַרגלייכן צווישן זיך: זי האָט געוואָלט באַטראַכטן פראַנצן ווי אירס אַן אייגן קינד. דערמיט האָט זי געזאָלט זיך פאַרענטפערן פאַר דער שטאַרקער ליבע, וועלכע האָט זי מער געניגט אויף פראַנצעס זייט. אָבער דער תירוץ איז געווען ניט מער ווי אַ פאַרפירונג און זי האָט דערמיט גענאַרט זיך אַליין. אַ געזונטער אינסטינקט, ווען אַפילו אַן אומגליקלעך פאַרשפּעטיקטער, האָט זי' דאָך באַוועגט צו שטראָפן זיך אַליין פאַר טראַכטן צופיל וועגן דעם וויטיק, וואָס דאָס אָפּפאָרן וועט איר פאַרשאַפן. אָבער דער דעמאָן פון דער פרוים האַרץ וויים שוין ווי צו געפינען זיין נקמה. ער האָט איר איינגערוימט אויפן אויער, אַז טאָמער פאַרבלייבט זי, וועט דאָס געוויסן זי פּלאָגן, וואָס זי איז ניט אַוועקגעפאָרן, און וועט זי אַוועקפאָרן, וועט דאָס געוויסן זי ניט לאָזן צורו, הלמאַי זי איז ניט פאַרבליבן. דאָס לעצטע האָט איר געלאָזט אויפמומיקן אין זיך דאָס פאַרבאָרגענע געפיל. מען איז מקריב דעם פאַרלאַנג, אין וועלכן מען וויל זיך אַליין ניט מודה זיין, כדי צו האָבן דערנאָכדעם אַן אויסרייד אים צו באַפרידיקן.

פאַר פראַנצן האָט די פראַגע זיך אַוועקגעשטעלט אַ סך פשוטער. ער האָט געמאַכט אַ געוואַלט, ווען אַנעט האָט זיך אַרויסגערעדט, אַז זי קלייבט זיך אים צו פאַרלאָזן. פון דעם, אַז זי האָט אַנדערע פּליבטן, האָט ער גאָרנישט געוואָלט וויסן. ער האָט זיך דערפילט שטאַרק געטראָפן. זי איז געוואָרן פאַר אים אַ נויטיקע געוואוינהייט; און דער געדאַנק, אַז ער וועט זי באַלד פאַרלירען, האָט אים אינגאַנצן צעמישט. גאָרנישט שאַקירט פון אָט־דער קאַפּריזער צודרינגלעכקייט פון זיין האַרץ, זיך פילנדיק אין דער שטיל געשמייכלט דערפון, וואָס מען וויל זי מאָנאָפּאָליזירן, האָט אַנעט זיך שוואַך געוועהרט. זי האָט אָפּגעלייגט איר באַשלוס פון טאָג צו טאָג. פראַנץ האָט באַהאַלטן פון איר די צייטונגען און אַנעט האָט פאַרגעסן זיי צו פאָדערן פון

אים. דעם 8־טן און דעם 11־טן מערץ זענען פאָרגעקומען צוויי נייע לופט־אַטאַקעס אויף פּאַריז. פראַנץ האָט דערפון געוואוסט, נאָר האָט זיך אויסגעהיט ניט אַרויסצורײדן זיך וועגן דעם מיט קיין וואָרט. אַזוי ווי די פראַנצויזיש־שווייצאַרישע גרעניץ איז געווען פאַרשלאָסן אין די ערשטע צוויי וואָכן פון מערץ, האָט דאָס אים געדינט ווי אַ תירוץ פאַר דעם אויספעלן פון נייס. אַנעט איז געווען שולדיק אין ניט זוכן ווייטער. זי איז ידערפאַר גוט באַשטראָפט געוואָרן. דער 22־טער מערץ האָט זי געטראָפן ווי אַ צווייפּאַביקער דונער: זי האָט זיך דערוואוסט פון אַ צייטונג וועגן דעם אויפרייס פון לאַ קורטיל, וועגן דעם גיין פון די דייטשן אויף פּאַריז, און אַ בריוו פון סילוויע, דאַטירט מיט צען טעג פריער, האָט איר געלאָזט וויסן, אַז פּיטאַן איז אַרעסטירט געוואָרן.

אַנעט איז געווען אויסער זיך. זי האָט אויף קיין איין מאָמענט ניט געצווייפלט, אַז דאָס האָט פּיטאַן געצאָלט פאַר איר, פאַר פראַנצעס אַנטלויפן פון לאַגער. און אין יענע טעג איז דאָס געווען אַ פאַרברעכן פון הויך־פאַראַט. וואָס האָט פּאַסירט אין דער צווישנצייט פון די צען טעג, וואָס זענען געווען פאַרלאָפן זינט דער בריוו איז אַרויסגעשיקט געוואָרן? אין יענער צייט פון אייזערנער דיקטאַטור, וואָס דאָס אַוואַנסירן פון שונא האָט זי אַריינגעוואָרפן אין אַ צושטאַנד פון נערוועזער אומרואיקייט, האָט דאָס געריכט געהאַנדעלט שנעל. מען האָט זיך ווינציק וואָס געקימערט וועגן דער גערעכטיקייט: גערעכטיקייט איז געווען ניט מער ווי די שטעלפאַרטרעטערין פון נקמה... אַנעט האָט שוין חדשים־לאַנג זיך ניט געהאַט פאַרנומען מיט קיין פּאָליטיק. צוליב די צוויי נפשות האָט זי פאַרגעסן אָן דער גאַנצער וועלט. זי האָט זיך אַליין פאַרדאַמט...

זי האָט זיך האַסטיק גענומען גרייטן צום אָפּפאָרן. זי האָט געוואוסט, אַז מיט איר צוריקקומען קיין פּאַריז איז זי געלאָפן אַנקעגן דעם גורל, וואָס איז פאַרגעשטאַנען פּיטאַנען. זי האָט זיך אָבער ניט געשראָקן אַזוי פאַר אָט־דעם גורל ווי פאַר דעם געדאַנק, אַז איר זיצן רואיק וועט הייסן פאַראַטן פּיטאַנען און געבן דעם איינדרוק ווי זי וואָלט אויסגעמיטן צו נעמען אויף זיך איר חלק פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מען טאָר מער ניט פאַרלירן קיין איין מינוט! מיט

דעם אוואַנסירן פון די דייטשן קאַן מיט יעדן טאָג אַפּגעשניטן ווערן דער וועג קיין פּאַריז. אַזוי ווי איר זוך, אירע אייגענע זענען געווען אין געפאַר, איז איר פּלאַן געווען לעבן זיי.

אומזיסט האָט פראַנץ פּראָטעסטירט. דאָס זאָרגן פאַר אים האָט איצט אָפּגעטראָטן אויפן צווייטן פּלאַן. ער האָט איצט געקאָנט לעבן אַליין מיט זיין פּיין. זיין טרויער האָט געהאַט אָנגענומען שטילערע פאָרמען, האָט געהאַט דערגרייכט יענעם מאָמענט, ווען עס ווערט מיט אים צוריקגעוואונען די האַרמאָניע פון לעבן, ווען ער ווערט אַן עלעמענט פון לעבן, ווען ער ריזיקירט מער ניט צו פאַר־ניכטן, נאָר פילט אוים און נערט, און ווערט אַפילו אַ חבר אין דער איינזאַמקייט.

אַנעט האָט, איבעריקס, ניט איבערגעלאָזן איר פריינט אויף הפקר. זי האָט די גאַנצע צייט ניט אַרויסגעלאָזן פון זינען די געפערלעכע ווירקונג, וואָס די אַבסאָלוטע איינזאַמקייט קאָן האָבן אויף אַן אומרואיקן און ניט־געשטעלטן מענטשן נאָך חדשים פון אינטימקייט. זי האָט זיך אוועקגעלאָזט זוכן אַ שטילן קרייז, וואָס זאָל, אים ניט צו באַלעסטיקן, האַלטן אַביסל אַן אויג אויף אים און פון דער ווייטנס איר קאָנען לאָזן וויסן וועגן זיין געזונט.

אין אַ שטיבל, אין שכנות מיט זיי, האָבן געוואוינט צוויי דאַמען, אַ מוטער און אַ טאָכטער, צוויי באַלטער פרויען. זיי האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט פון מענטשן. די מוטער, שטענדיק אין טרויער־קליידער, איז געווען אַ הויכע, אַ שטאַרקע, פון אַן אַריסטאָ־קראַטישן באַנעם. די טאָכטער, זעקס־און־צוואַנציק יאָר אַלט, איז כמעט שטענדיק געלעגן צום בעט. זי האָט געהאַט אַ פיינעם קאָפּ גאָלדיקע האָר, וואָס זענען ביי איר געווען אָפּגעצויגן אויף צוריק און פאַרפלאָכטן אין אַ לאַנגן צאָפּ. זי איז געווען ניט קיין שיינע, מיט אַן אָפּגעצערטן פּנים, אויך אַ הויך־געוואַקסענע, מיט אַן עלע־גאַנטער פיגור; זי האָט געליטן פון אַ דער אין די ביינער און איז שוין געווען אויפן וועג צו ווערן אויסגעהיילט נאָך צוויי אָדער דריי יאָר פון העפטיקער קוראַציע. זי האָט אַביסל אונטערגעהונקען. — די צוויי פרויען פלעגן יעדן נאָכמיטיק גיין אויף אַ קורצן שפּאַציר; זיי פלעגן זייער ווייט ניט אוועקגיין. ווען אַנעט און פראַנץ פלעגן זיך צוריקקערן אַהיים פון זייער אַרומוואַנדערן איבער דער געגנט,

פלעגן זיי אָפּטמאָל זיי אָניאָגן ניט ווייט פון הויז און גיין צוזאַמען אַהיים. אָנגעשפּאַרט אויף איר שטעקן, האָט דאָס הינקעדיקע מיידל, מחמת שטאָלץ אָדער גלייכגילטיקייט, ניט געפּרואווט נאָר צו באַהאַלטן איר שלאַפקייט. זיי האָבן געטווישט צווישן זיך ניט מער ווי עטלעכע אָנגענומענע פראַזן. סיי דער צד, אַזוי אויך דער אַנדערער איז ניט געווען נייגיריק צו וויסן דעם שכנס סודות. אָבער די צוויי הייזער פלעגן זיך אַרויסהעלפן אין זאַכן פון באַלעבאַטישקייט און איינס סאַנדערע אויסבאָרגן ביכער.

אַנעט האָט געבעטן מאַדאַם ווינטערגרין צו זיין אַזוי פריינטלעך און האַלטן פון ווייטנס אַן אויג אויף איר יונגן פריינט און אים צעשטרייען אין זיין טרויער, ווען וועלכן זי האָט איר געהאַט דער־ציילט. זי האָט מיט פראַנצן וועגן דעם ניט גערעדט; ער איז, קאָנטיק, געווען ניט זייער צופרידן צו טרעפן זיך מיט די צוויי פרויען. אַנעט וואָלט נאָר באַדאַרפט אויסדריקן איר פאַרלאַנג, ער זאָל זיך מיט זיי נעענטער באַקענען, אַז ער זאָל זיך דערפון אָפּזאָגן; ער איז געווען אָנגעשטויסן אויף איר פאַר איר אוועקפאָרן און וואָלט ניט פאַרטראָגן, אַז זי זאָל זוכן פאַר זיך אַ ממלא־מקום און דאָס נאָך אויף אים אַרויפצווינגען.

ביז צו דער סאַמע שעה פון איר אָפּפאָר האָט זיר נאָך אַלץ געהאָפט, אַז זי וועט פאַרבלייבן. דעם לעצטן טאָג איז ער אַרומ־געגאַנגען אַן אָנגעבלאָזענער און נאָכאַנאַנד צוגעשטאַנען צו איר, זיך בעטנדיק:

— ע נ כ ע ן, דו פאָרסט ניט?... זאָג, איאָ, דו פאָרסט ניט?... איך בעט דיך... איך וויל אַזוי...

— אָבער, קינד מיינס, — האָט אַנעט געענטפערט, — און מיינע אייגענע, וועלכע וואַרטן אויף מיר?

— זאָלן זיי וואַרטן!... איך בין דיין אייגענער, וואָס איז שוין מיט דיר. און איך בין בילכער!

אומזיסט געווען די מי אים איבערצורייידן. ער איז געווען אַזוי ווי אַ קינד, וואָס האַלט אין איין שרייען: „איך וויל טרינקען!“ — און הערט ניט, וואָס איר זאָגט.

ווען ער האָט איינגעזען, אַז אַנעט וועט איר באַשלוס ניט

צוריקנעמען, האָט ער זיך פאַרשלאָסן ביי זיך אין צימער און מער ניט געעפנט קיין מויל. ער האָט איר ניט געענטפערט, ווען זי האָט אים עפּעס געפרעגט. ער האָט איר געלאָזט אַליין זיך פּאַקן, צוזאַמענלייגן די זאַכן, זיך איינמידן. זי האָט גערעכנט, אַז זי וועט מוזן אים פאַרלאָזן אָן אַ „זיי־געזונט". אָבער אין די לעצטע מינוטן, ווען זי, אָן אָנגעטונענע צום פאָרן, איז אַריין צו אים אין צימער, — ער איז געזעסן, אַ פאַרטרויערטער, אין אַ ווינקל, — האָט זיך אָנגעבויגן צו אים און אים געוואָלט אַ קוש טון אין שטערן, האָט ער אַזוי האַסטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַז ער האָט איר אַ זעץ געטון אין מויל אַריין און איר געלאָזט בלוט פון דער ליפּ. זי האָט דערפילט דעם קלאַפּ ערשט מיט אַ לאַנגער צייט שפּעטער. ער האָט אוודאי גאָרנישט ניט באַמערקט, נאָר איר געקושט די הענט און איבערגעחזרט מיט אַ וויינענדיקן קול:

— ע נ כ ע ן ! ע נ כ ע ן !... שנעל! קום צוריק!...

זי האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ און צוגעזאָגט:

— יאָ... יאָ, איך וועל צוריקקומען...

ענדלעך, האָט ער זיך אויפגעהויבן, גענומען אירע פּעקלעך און זי באַלייט צום וואָקזאַל. אַנעט האָט אַליין גערעדט. כּדי צו האַלטן זיין געדאַנק באַשעפטיקט, האָט זי פון דעם הויז ביז צום וואָקזאַל גערעדט צו אים מכּוח זייער באַלעבאַטישקייט. ער האָט געהערט ניט מער ווי נאָר איר שטים. נאָכדעם ווי ער האָט איר געהאָט געהאָלפן אַריינגיין אין וואַגאָן, איז ער אַליין אויך אַהין אַריין און האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ לעבן איר. ער האָט נאָך אַלץ ניט גערעדט. ער איז געזעסן שטיל און האָט ניט געקוקט אויף איר. זי האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועט ער זיך לאָזן אַוועקפירן פון דעם צוג און מיטפאָרן מיט איר. אָבער פינף מינוט פאַר דער צייט האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן און איז אַוועק אָן אַ „זיי־געזונט": ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט ניט קאָנען באַהערשן זיינע געפילן. אָנגעבויגן ביי דער פאָרטיערע פון וואַגאָן, האָט אַנעט אים נאָכגע־קוקט און געזען, ווי ער דערווייטערט זיך מיט ברייטע שפּאַן. זי האָט געוואָרט, ער זאָל זיך אומקוקן. ער האָט זיך אָבער ניט אויסגעדרייט. ער איז פאַרשוואונדן. אַנעט האָט זיך געפונען איינע

אליין אין אַ כמעט ליידיקן צוג, וועלכער איז געשטאַנען אַן אומ־באַוועגלעכער, אָן גערויש. איר ליפּ האָט געברענט. זי האָט אָפּגע־לעקט פון איר דאָס בלוט...

---

ביי דער גרעניץ האָט זי זיך ווידער דערפילט פּנים־אל־פּנים מיט דער וואָר, — מיט דעם רויטן שאָטן פון דער מלחמה און מיט דער געפערלעכער פּליכט, וואָס זי איז איר געגאַנגען אַנקעגן. האָט מען שוין דאָרט ניט געלאָזט וויסן וועגן איר אויסזען? און וועט מען זי ניט אַרעסטירן ביי אירע ערשטע שריט איבער דעם פראַנ־צויזישן באָדן? סילוויעס פּאָהזיכטיקער בריוו האָט גאָרנישט ניט אַרויסגעזאָגט באַשטימט; לויט דעם, ווי מען האָט אים געלייענט צווישן די שורות, האָט זי באַדאַרפט אָדער פאַר אַלץ מורא האָבן אָדער זיך מאַכן ניט וויסנדיק. — אָבער ביים עקזאַמענירן די פּאַספּאָרטן האָט קיין זאַך ניט פּאַסירט. מען האָט זי אַדורכגעלאָזן.

זי איז אָנגעקומען קיין פּאַריז. קיינער האָט אויף איר ניט געוואַרט. זי איז אָנגעקומען מיט עטלעכע טעג פאַר דעם בריוו, אין וועלכן זי האָט געמאָלדן וועגן איר אַרויספאָרן. איר אומרואיקער געדאַנק איז אויך די גאַנצע נאַכט געלאָפן פאָראויס פון צוג. עס איז געווען דער זונטיק ערב פּאַסכע; און די נייס, וואָס זי האָט געהאַט געהערט אויפן וועג, וועגן דער באָמבאַרדירונג פון פּאַריז דורך אַ מיסטעריעזער קאַנאָנע, וועלכע האָט אויסגעזען צו זיין אַ פּראָדוקט פון זשול ווערנס פאַנטאַזיע, האָט זי שטאַרק באַאומרואיקט מכוח איר זון. דער קוואַרטאַל, אין וועלכן ער האָט געוואוינט, האָט זיך געפונען אין דעם תחום פון דער באָמבאַרדירונג. אָנצוקומען קיין פּאַריז אונטער דער שיסעריי פון דעם שונאס קאַנאָנע איז שוין געווען אַ דערלייכטערונג. אָבער אַנעט האָט אָנגעהויבן זיך באַרואיקן ערשט נאָכדעם ווי זי האָט דערזען דאָס הויז גאַנץ און האָט, אַרויפלויפנדיק אָן אָטעם די שטיגן, אָנגעקלאַפּט אין טיר און דערהערט (אַזאַ גליק!) די טריט פון איר זון, וועלכער איז געגאַנגען עפענען.

מאַרק איז געווען איבעראַשט. פאַרלוירן אויף אַ ווײַלע יעדער קאָנטראָל איבער זיך, איז פון דער קינסטלעכער וואַנט, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט צווישן זיך, גאָרנישט ניט פאַרבליבן. זיי האָבן

זיך ארומגעכאפט. און יעדערער פון זיי האט זיך געחידושט אויף דער ווארעמקייט, וואס דער אנדערער האט געהאט אריינגעטון אין אט־דעם ארומנעמען זיך.

אבער דאס איז געווען ניט מער ווי נאר אויף א ווײַלע. זיי זענען געווען אזוי ווייניק צוגעוויינט צו אט־דער ווארעמקייט פון געפיל, אז זיי האבן זיך באלד דערפילט זשענירט, זיך אפגעלאזן און זיך צוריק אומגעקערט צו די קאנווענציאנעלע מאנירן.

עס איז געווען צווישן זיי א סוד. — אריינגעקומען אין צימער, האט אנעט אויף איר שטייגער דערקלערט איר צוריקקומען. מארק האט אויסגעהערט, ניט צו זאגן קיין ווארט, און ניט ארויסגעלאזן פון אויג קיין איינע פון אירע באוועגונגען. דאסמאל האט ער געטון די ארבעט פון אן אינספעקטאר. אנעט האט זיך דערפילט זשענירט און זיך געצוואונגען צו ריידן. ניט צו קאנען זיך געפינען קיין פלאץ פון צעטומלטקייט, האט זי זיך געשראקן, אז איר זון זאל זי ניט משפטן. זי איז ניט געווען אינגאנצן אומשולדיק אנקעגן אים — און מער ווי אין איין פרט! זי האט זיך אויך באנומען צו אים מיט ווייניקער צארטקייט און זיך ארויסגעוויזן צו זיין זיכערער מיט זיך, ווי זי האט דאס אין דער אמתן געפילט. שטייענדיק אויף דער וואך פון אירע אייגענע געפילן, האט זי פארפעלט זיך איינצוקוקן אין אים. זי האט גארנישט געזען, אז ער איז מער ניט געווען דערזעלביקער מארק, וואס זי האט געהאט איבערגעלאזט מיט א דריי חדשים צוריק... ווי אנדערש עס איז אלעמאל דער מענטש, וואס מיר זעען פאר זיך, פון דעם מענטשן, וואס מיר קענען! מיר קענען שטענדיק ניט מער ווי נאר א געשטאלט, וואס איז שוין פארגאנגען. און די נייע געשטאלט איז די געשטאלט פון א ניי־אנגעקומענעם, וואס מיר האבן צו אים ניט דעם שליסל...

מיט א טאג פאר זיין ארעסט האט פיטאן, וויסנדיק, אז ער ווערט נאכגעשפירט, נאך צייט געהאט צו שיקן סילוויען א בריוו. ער האט זי געבעטן צו לאזן וויסן אנעטן, אז זי זאל ניט זיין אומרואיק, אז ער נעמט אלץ אויף זיך. ניט מער! עס איז אבער געווען גענוג. ניט צו וויסן גענוי אין וואס עס האנדלט זיך דא, האט סילוויע נאך פון זומער אן געהאט דערשפירט די מאדנע

אוואַנטורע. און זי איז געווען וועגן דעם שטאַרק באַאומרואיקט. אין וואָס פאַר אַ מין פּלאָנטער איז איר משוגענע שוועסטער איצט געווען פאַרוויקלט? עס איז געווען אוממעגלעך דאָס צו דערגיין! פּיטאַן אין געזעסן אין געפענקעניש. און פון אַנעטעס אוועקזיין פון דער היים האָט זי געוואוסט ניט מער ווי דאָס, וואָס אַנעט האָט איר געהאַט געשריבן: זי האָט באַדאַרפט אָפּצופירן אַ פאַרוואונדעטן אין דער שווייץ. סילוויע האָט דורך אַנדייטונגען פאַרטרויט מאַרקן איר אומרואיקייט. דאָס איבעריקע האָט ער זיך שוין אַליין אָנגעשטויסן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער מיסטעריעזער באַגעגעניש מיט איר, לעצטן דעצעמבער, לעבן דעם ליאָן־וואָקזאַל (ער האָט וועגן דעם פאַר קיינעם מיט קיין וואָרט זיך ניט אַרויסגערעדט). ער האָט דערוויף אויפגעבויט אַ גאַנצן ראָמאַן. ניט צו טיילן זיך דערמיט מיט זיין מומע, האָט ער, אינאיינעם מיט איר, געפּרואווט אויפצושטעלן די געשיכטע. סילוויע האָט אים איצט צום ערשטן מאָל דערציילט, וואָס זי האָט געהאַט אויסגעפונען וועגן אַנעטעס פאַרלירן די שטעלע, וועגן דער סצענע אויפן בית־עולם און וועגן דעם אינטערעס, וואָס זי האָט געהאַט גענומען אין עפּעס אַ מלחמה־געפאַנגענעם. מאַרק האָט לאַנג געאַרבעט אויף די דאָזיקע פאַקטן. און די געשטאַלט פון זיין מוטער האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אין אַן אַנדער ליכט. ער האָט רעווידירט זיינע אידייען. דער פאַציפיזם, וועלכן ער האָט געהאַט פאַראַכט ווי עפּעס אַזוינס, וואָס האָט ניט קיין טעם און קיין ריח, אַן עסק פאַר ווייבער און ווייכהאַרציקע מענער, האָט איצט, ווערנדיק אַ ליידנשאַפט, ווערנדיק געפערלעך, אים אויסגעזען שטאַרק באַטעמט. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַן אוואַנטורע פון העלדישקייט און ליבע, אַ ראָמאַן; און ער האָט געהאַט דערביי אַ געפיל פון בריענדיקער אייפערזוכט און פון אַ גערייצטקייט, וועלכע האָט אים געמאַכט אומרואיק. איצט האָט ער פאַרשטאַנען דעם חשד פון זיין מוטער, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק געהאַט פאַרוואונדעט! און דאָס ערנסטע איז געווען, וואָס נאָכדעם ווי דאָס האָט אים געהאַט אויפגעבראַכט ביז צום פּלאַצן, האָט ער געמוזט מודה זיין, אַז ער האָט מיט זיין האַלטונג געהאַט באַרעכטיקט אָט־דעם חשד. עס איז געווען ניט צום אויסהאַלטן... עס האָט זיך אָבער מער ניט געהאַנדלט אין אים. זיין

מוטער איז געווען אין געפאַר. און ווען ער האָט זי געזען אַריינקומען, האָט ער קיין איין רגע ניט געצווייפלט, אַז זי איז געקומען, גאַנץ קלאָר ביי זיך, אַז זי גייט דער געפאַר אַנקעגן. דער דאָזיקער געדאַנק האָט פאַרשטעלט אין אים אַלע אַנדערע געדאַנקען. ער האָט ניט אַרונטערגענומען פון איר די אויגן. ער האָט אין דער מחשבה זיך געבעטן ביי איר, זי זאָל אים דערציילן פון אירע געפאַרן. ער האָט אָבער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי וועט עס ניט טון. ער האָט דערפון געליטן און האָט זי באַוואונדערט. ער האָט באַוואונדערט איר שטאָלץ, איר רואיקייט און איר שטילשווייגן. ער האָט זי אַנטדעקט! ענדלעך! — און ער האָט געציטערט, ער זאָל זי ניט פאַרלירן, ווייל זי איז געשטאַנען פאַר אַ סכנה.

אַנעט האָט גאָרנישט ניט באַמערקט. זי האָט געהאַט איינ־איינציקע פליכט אויפן זינען און איז געווען אין איינער איילעניש. נאָך איידער אַפילו זי האָט געהאַט זיך געזען מיט איר שוועסטער און קוים האָט זי אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און גענומען עפּעס אין מויל אַריין, ערשט זי האָט זיך שוין איבערגעטון און איז אַרויס פון הויז. מאַרק האָט, שטאַמלענדיק, זיך אָנגעבאָטן מיטצוגיין מיט איר. זי האָט מיט אַ זשעסט אים אַוועקגעשאַרט אָן אַ זייט און ער איז דערויף מער ניט באַשטאַנען. ער האָט זיך געפילט געקרענקט און געציטערט, אַז זי זאָל אים נאָך ווידעראַמאָל ניט וויי טון.

זי איז אַוועק צו מאַרסעל פראַנקן. ער איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ וויכטיקע ראָד אין דער דרעש־מאַשין. ער האָט זיך געהאַט אַריינגעשאַרט אין דעם אַמט פון ספּעציעלן סעקרעטאַר אין מי־ניסטעריום.

ניט אַריינצולאָזן זיך אין איבעריקע רייד, האָט זי אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. מאַרסעל איז געבליבן זיצן אַ געפּלעפטער. זיין ערשטער אימפּולס איז גאָרנישט ניט געווען קיין פריינטלעכער. צום ערשטן מאָל האָט זי דערזען פאַר זיך אַ פראַנקן, וועלכער האָט געהאַט פאַרלוירן זיין שמייכל, אָט־די איראָנישע קאָסמעטיקע, וועלכע איז געוואָרן פאַר זיין געזיכט די צווייטע נאַטור. ער האָט אַפילו אויף עטלעכע מינוט שיר ניט געהאַט אָנגעוואוירן די עלעמענטאַרע העפלעכקייט. ער האָט אין אָט־דעם עסק געזען נאָר איין זאַך, און

דאָס איז, אַז אָט־די צעדרייטע פרוי האָט אים אַריינגעשלעפּט אין אַ פּײַנעם פּלאָנטער! דאָס, וואָס זי איז דאָרט געווען פאַרפּלאָנטערט אינאיינעם מיט אים, האָט ביי אים ניט אַרויסגערופן קיין געלעכטער: ער איז מער ניט געווען גענייגט זיך צופרידנצושטעלן מיט אַ שפּיל אין ווערטער; ער האָט געהאַט אויף אָנעטען אַ בייז האַרץ, פאַרוואָס זי האָט אים קאָמפּראָמעטירט. — אָבער אָנעטעס איראָנישער בליק, וועלכער האָט אויף זיין געזיכט נאָכגעפאָלגט זיינע געדאַנקען, האָט אים דערמאָנט אָן זיין ראָליע פון אַ מענטשן פון דער העכערער געזעלשאַפט. ער האָט צוריק אָנגענומען זיין פרייע האַלטונג. דער מוט פון אָט־דער פרוי, וועלכע האָט זיך ניט געהאַט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום געפאַר, האָט אים געמאַכט צו שעמען זיך פאַר זיין אייגענער קליינמוטיקייט. און עס איז געווען דער אַמאָליקער מאַרסעל, וועלכער האָט איר איצט געשטעלט די פראַגע:

— אָבער, אין גאָטס ווילן, אָנעט, וואָס פאַר אַ טייוול האָט אייך געשטופּט, ווען איר זענט זיך רואיק געזעסן דאָרט, אין דער שווייץ, און ווען קיינער האָט גאָר פון אייך ניט געטראַכט, וואָס פאַר אַ טייוול האָט עס אייך אַריינגעגעבן דעם געדאַנק צו קומען אַהער און זיך אַריינוואַרפן דעם וואָלף אין מויל אַריין?

אָנעט האָט גאַנץ מיושבדיק דערקלערט, אַז זי איז געקומען צו פאַרנעמען פּיטאַנס פּלאַץ אָדער, ווייניקסטנס, טיילן די באַשול־דיקונג, וואָס ווערט געמאַכט קעגן אים.

מאַרסעל האָט אויפגעהויבן די הענט.

— איר וועט עס ניט טון!

— איך בין געקומען צו אייך אויסגעפינען דעם נאָמען פון דעם ריכטער, וואָס פירט אָן דעם פּראָצעס, כדי איך זאָל פאַר אים פאַרברענגען מיין דערקלערונג.

— איך וועל אייך ניט לאָזן.

— גלויבט איר, אַז איך וועל לאָזן פאַרמשפּטן אויף מיין פּלאַץ אַן אומשולדיקן מענטשן?

— ער איז שוין גאָרנישט אומשולדיק. ער איז אַ פּראָפעסיאָנאַל אין אָט־דעם שפּיל פון אַריבערשמוגלען בריוו און פון העלפן מענטשן צו מאַכן פּליטה, אַן אַלטע, אויסגעווויכערטע ליולקע. דערמיט, וואָס

איר וועט זיך אַרויסגעבן, וועט איר אים ניט ראַטעווען. אַחוץ דעם, האָט ער גאָר אייער נאָמען ניט דערמאָנט.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל ער איז גרויסמוטיק. און איך זע טאַקע ניט איין, פאַרוואָס איך זאָל עס זיין ווייניקער פון אים.

— איר האָט אַ קינד.

— ריכטיק! איך וויל אָבער ניט, ער זאָל זיין אַ פיינדלינג.

— איר זענט אַבסאָלוט ניט ביים זינען.

— אַבסאָלוט! איצט, מיין טייערער פריינט, זאָגט מיר נאָר דעם נאָמען, נאָך וועלכן איך בין אַהער געקומען. און זייט רואיק! אייער נאָמען וועט דאָ ניט אַריינגעמישט ווערן.

ער האָט געטראַכט: „איר ציט מיך אויפן שטריקל! וועלן זיי נאָר אַרויפקומען אויפן שפור, וועט שוין דאָס געזעץ, שטאַפּל נאָך שטאַפּל, מוזן דערגיין ביז צו מיין נאָמען!"

אָבער זיין שטאָלץ איז אָנגערירט געוואָרן און ער האָט זיך געוועדט:

— עס גייט דאָ ניט אין מיר. איך זאָרג זיך וועגן אייך. איר קענט ניט דעם „פּאַטראָן". (ער האָט גערעדט וועגן „דעם מענטשן, וואָס האָט געמאַכט די מלחמה"). זיין משפּט וועט זיין קורץ און שאַרף, ווייל עס איז ביי אים פון די קליינע זאַכן. ער וועט זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין פּרוּי! אדרבה, ער האָט אפילו הנאה צו טרעטן מיט די פיס די אַלטע קאָנווענציעס, די מענטשלעכקייט, די הייליקע טראַדיציעס פון דאַמען-רעספּעקט און גאַלאַנטקייט...

— עס אַרט מיך ניט צו ווערן באַהאַנדלט ווי אַ גלייכע, מעג עס אפילו זיין פאַרן שייטערהויפן!

מאַרסעל האָט זיך מער ניט געשפּאַרט. ער האָט געקענט אַנטעטן.

— גוט! אָבער לאָמיך צוערשט אונטערזוכן דעם גאַנצן עסק!

— עס איז ניטאָ קיין צייט.

— זי וועט ניט זיין פאַרלוירן.

— מיין עדות-זאָגן דריקט שווער אויף מיר.

— איר זענט שטאַרק גענוג צו קאָנען נאָך אַ טאָג אָדער צוויי טראָגן די משא. אויב עס זאָל נאָר זיין וואָסער-עס-איז מעגלעכקייט

צו קאָנען דעם גאַנצן עסק מאַכן צונישט, וואָלט עס דען ניט געווען פיל בעסער, ווי צו לאָזן אייך ביידן אומקומען?

— און ווער וועט מיר גאַראַנטירן, אַז מאָרגן אָדער אַן אַנדער טאָג וועל איך ניט אויסגעפינען, ווען עס וועט שוין זיין נאָך אַלעמען, אַז פיטאַן האָט געהאַט געקראָגן יענעם קורצן און שאַרפן משפט, וועגן וועלכן איר האָט מיר נאָרוואָס דערציילט?

— איך קען דעם ריכטער. איך וועל אייך יעדן מאָל לאָזן וויסן, ווי די זאַך שטייט. איך זוך ניט אייך אָפּצונאַרן. איך וועל ניט נעמען אויף זיך אַזאַ ריזיקע!... און אין ערגסטן פאַל, טאָמער וועט אָן מיין ווייסן פאָרקומען אַ פּלוצלינגדיקער אַרעסט, וועט איר דעמאָלט, פּונקט ווי איצט, נאָך אַלץ קאָנען זיך איבערגעבן. קיינער האָט נאָך קיינמאָל ניט געקאָנט אָפּהאַלטן אַ פרוי, וואָס וויל זיך אומברענגען.

— איך שרעק זיך ניט דערפאַר, מאַרסעל. דאָך וויל איך עס ניט. איך האָב ניט קיין געשמאַק און קיין אַכטונג פאַר אומנוציקער העלדישקייט.

— דאַנקען גאָט, אָט־דאָ הער איך כאָטש איין קלוג וואָרט!... או־ו־ף!... און וואָס איז שייך דער נוציקער העלדישקייט... אַנעט, לאָמיר ריידן אָפנהאַרציק, איך וויל טון פאַר אייך אַלץ, וואָס איז אין מיין מאַכט צו טון... פאַרוואָס האָט איר מיר ניט געזאָגט, אַז ער איז אייער געליבטער?

— ווער?

— אָט־דער שיינער בחור, וואָס איר האָט געראַטעוועט.

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייט!

— נו, נו, איר וועט דאָך ניט פּרואוון דאָס ווייטער פון מיר צו באַהאַלטן! איך האָב צו אייך ניט דערפאַר קיין טענות. אויב דאָס פאַרשאַפט אייך פאַרגעניגן, זענט איר גאַנץ גערעכט.

— אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז ניין!

— גייט שוין גייט!

אַנעט האָט זיך פאַררויטלט.

— ניין, ניין, ניין און ניין!

מאַרסעל האָט געשמייכלט.

— גוט, זייט ניט אין כעס! איך וועל אייך מער גאָרנישט

ניט פרעגן... אָבער צווישן אונז גערעדט, זייט זיך מודה, מיסטעריעזע פרוי וואָס איר זענט, אַז עס וואָלט אייך געווען זייער שווער צו דערקלערן, פאַרוואָס איר האָט אים גערעטעוועט, אויב איר האָט אים ניט ליב.

— ווייל... — האָט זי אָנגעהויבן מיט האַסט.

זי איז אָבער געבליבן שטיין. זי האָט איינגעזען, אַז מעג זי אפילו אים איבערגעבן אירע אמתדיקע טעמים, וועט ער איר אַלץ ניט גלויבן: ער וואָלט זיי ניט פאַרשטאַנען... נו, גוט, זאָל זיין אַזוי! זאָל ער זיך טראַכטן, וואָס ער וויל אַליין!

מאַרסעלס שמייכל האָט טריאומפירט. מען האָט פון אים גאָרנישט ניט אויסבאַהאַלטן!...

אַזוי איז ער אָבער געווען אַ גאַנץ וואוילער יונג... די ליבע האָט געמאַכט דעם עסק פיקאַנט... אַלץ דיזעלביקע אַנעט... שרעקלעך קאָמפּראָמענטירנדיק... אָבער אַין תוך גענומען, איז ער געווען שטאָלץ אויף איר!...

---

ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער ארבעט. ער האָט זיך געזען מיט דעם מיליטערישן ריכטער. דאָס איז געווען אַ ליבלעבער און פאָרנעמער מענטש, וואָס האָט אָן מי זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אוממענטשלעכקייט, וואָס זיין ראָליע האָט פון אים געפאָדערט. דער נאַציאָנאַלער פאַנאַטיזם, דאָס געפיל פון מאַכט און די נייגי־ריקייט פון אַ דילעטאַנט האָבן אין אים זיך קאָמבינירט אין אַ מין פריינטלעכע גלייכגילטיקייט. ער איז קיינמאָל ניט געווען מער געפערלעך פאַר די באַשולדיקטע ווי דעמאָלט, ווען ער האָט זיך אין זיי פאַראינטערעסירט.

ער האָט זיך פאַראינטערעסירט אין פּיטאַנען. ער האָט גע־האַלטן, אַז ער איז זייער אַ סימפּאַטישער מענטש. זיי האָבן געפירט צווישן זיך לאַנגע, פריינטלעכע שמועסן, פון וועלכע ער האָט זיך געמיט אַרויסצוציען די קליאַטשע פון דער שטריק אויף אים אויפ־צוהענגען. אָבער די שטריק איז געווען אַ דינע: ער האָט עס געמוזט מורה זיין אין גוטן מוט און מיט באַדויער. דער קליינער באַלמעלאָכע האָט פאַרגעשטעלט אין זיך אַ שטיל, אויפגעקלערט מענטשעלע, גאַנץ אומשעדלעך און זייער אידעאַליסטיש. ער האָט

גערעדט גערן, איז געווען צופרידן צו ווייזן זיינע באַליבטע פאַנטאַזיעס, האָט אויסגעזען צו זיין דאַנקבאַר, וואָס מען וויל אים אויסהערן, האָט אַרויסגעקוקט אויפן שייטערהויפן מיט דער שטילער פרייד פון אַ הונט מיט פינקלדיקע אויגן, וועלכע קרימען זיך אויף אַ שטיקל צוקער. אָבער קיין זאַך האָט אים ניט געקאָנט באַוועגן אָנצורופן אימיצן פון זיינע מיטשולדיקע, אָדער צוצושטעלן גענויע איינצלהייטן מכח דעם פאַרברעך, אין וועלכן מען האָט אים באַשולדיקט. צי דאָס איז געווען דורך זיין געשמאַק אָדער דורך זיין נאַאיווער און ליסטיקער חריפות, אָבער אַלעמאָל האָט ער אין זיינע שמועסן געווייכט פון דעם ספור־המעשה. ער האָט אויסגעזען ניט צו לייגן קיין שום געוויכט אויף די פאַקטן און זייער פיל אויף די אידייען.

דער ריכטער האָט געוויזן פראַנקן אייניקע בריוו, וואָס פיטאַן האָט זיי פון געפענקעניש אַדרעסירט צו אַ יונגן פריינט, און די בריוו פון דעם יונגן פריינט צו אים: ער האָט געהייסן מאַרק ריוויער. פראַנק איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל: האָט אָט־דער קליינער אידיאָט בידיים אַרויסגעגעבן דעם סוד? אויף די דאָזיקע דיוויערס איז אַלץ צו גלויבן!... ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך, ווען ער האָט געהערט דעם ריכטער לייענען מיט אַ מעלאָדישער שטים שטיקלעך פון אָט־די בריוו, געשריבן אין אַ שיינעם, לירישן סטיל, וועלכער האָט נאָכאַנאַנד געמאַכט צו טראַכטן פון דעם יונגן פרידריך שילער, פון פלאָבערן, פון רוסאָ און פון רענבאָ. פיטאַן, פון זיין זייט, איז געווען אַ געמיש פון בערנאַרדען דע סען־פּיער און עדגאַר קווינע. דער יונגער האָט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערטע ליבשאַפט צום עלטערן, זיין צאָרן איבער דעם מיסברויכן פון מאַכט און זיין הייסן פאַרלאַנג צו טיילן דעם גורל, וועלכער איז באַהאַלטן פאַר די רעכטפאַרטיקע. דער עלטערער האָט פאָטערלעך זיך געמיט אים צו באַרואיקן, האָט גערעדט וועגן זיין רואיקער פרייד, וועגן זיין אינווייניקסטן פריד: מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז זיין געפענקעניש איז געווען די אייגנווילִיקע אָפּגעשלאָסנקייט פון די חכמים, אַ מין וועלטלעכע פרישות, באַוויליקט דעם דענקער דורך דער גנעדיקייט פון דער מלוכה. דורך דעם הויך־אויסגעשניטענעם, פאַרגראַטעטן פענצטער פון זיין צעל האָט דער ווינט אים געבראַכט

פון די ברעגן פון דער סענע דעם אָפּגעשאָטענעם צווײַט פון אַ קאַשטאַנבוים, און מיט דעם צווײַט איז געקומען צו אים דער גאַנצער פרילינג. פּיטאַן איז געוואָרן בוקאַליש געשטימט. דער צווײַט, זאָרגלעך אויסגעשפּרייט צווישן די בלעטלעך פון דעם בריוו, וואָס דער ריכטער האָט אים געהאַלטן אין האַנט, איז נאָך דאָרט געווען. און די צוויי פּאַריזער, זיך טוישנדיק מיט אַ שמייכל, האָבן געזאָגט:

— מען וואָלט דעם אַלטן אויך באַדאַרפט אָנשטעכן אויף אַ שפּילקע!

אָבער דער אַלטער, פּונקט ווי דאָס אימפּעטיקע אינגל, האָבן ניט אַרויסגעגעבן דעם תוך פון זייערע געדאַנקען; דער לעצטער — זײַן אומרו און זײַנע געוויסנביסן בנוגע זײַן מוטער; דער ערשטער — זײַן פאַרלאַנג אים צו באַרואיקן; זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען מיטן האַלבן וואָרט; און די צוויי פּאַריזער האָבן געזען אין דעם ניט מער ווי אַ דיאַלאָג פון „ע מ י ל“.

דער ריכטער האָט צוזאַמענגענומען זײַנע פּאַפּירן. און פראַנק האָט געפרעגט:

— נו, וואָס בלײַבט?...

— עס בלײַבט, אַז דער גאַנצער עסק ווערט רעדוצירט צו אָט־דעם מאָדנעם פּליטה־מאַכן פון דעם מלחמה־געפאַנגענעם. מען קאָן ניט אינגאַנצן פאַרשטיין, וואָס פאַר אַן אינטערעס עס האָט געקאָנט האָבן אין דעם אָט־דער אַלטער אַנאַכאַרעס. פּערזענלעך האָט ער דעם געפאַנגענעם גאָר ניט געקענט. מיר האָבן דעם פויגל אויסגעשפּירט אין דער שווייץ. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ פּראָווינציעלער פראַנצויזישער פאַמיליע...

פראַנק האָט אָנגעשטעלט די אויערן.

— ערנהאַפטיקע לײַט, אויסער יעדן חשד. אַ פאַרוואונדעטער זון, אַלע אַנדערע מאַנסבילן אויפן פראָנט, טויטע אָדער לעבעדיקע, און דרײַ פרויען: די מוטער, אַן אויסגעגעבענע טאָכטער און אַ קראַנקן־שוועסטער. עס איז דאָ אַ גרונט צו גלויבן אין אַן אינטריגע צווישן דעם שיינעם יונגנמאַן און דער אויסגעגעבענער טאָכטער. אַ גאַנץ געוויינטלעכע געשיכטע. דער מאַן איז אויפן פראָנט. הינטער דעם שלאַכטפעלד ווערט די מאָראַל דערהאַלטן ווי נאָר עס לאָזט

זיך. עס איז טאַקע אַ חידוש, אַז אַזאַ גוטע פּאַטריאָטין זאָל האָבן אויסגעקליבן אַ דייטשוק, אָבער — אַז סאיז ניטאָ קיין בעסערס... עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זיך שוין געהאַט געקענט נאָך פאַר דער מלחמה.

פראַנק האָט זיך אויפגעהויבן, אינגאַנצן אַ בארואיקטער.

— ביינאַכט זענען אַלע קעץ גרוי.

— איר פאַרשטייט דאָך, אַז מען דאַרף ניט באַשטיין צו באַלוינען די געטריישאַפט פון אַ קעמפּנדיקן סאָלדאַט דורך דעם, וואָס מען וועט אַרויסברענגען אין דער עפנטלעכקייט, אַז זיין פרוי נאַרט אים. מיט די אינטערעסן פון לאַנד האָט עס גאָרנישט וואָס צו טון.

— און וואָס וועט זיין מיטן אַלטן?

— דעם אַלטן קאָן מען אויפהענגען, אויב מען וויל, — אָדער, אַז מען וויל, אים לאָזן גיין. עס זענען פאַראַן פּונקט אַזוי פיל טעמים פ אַ ר ווי ק ע ג ן. די צוויי וואָגשאָלן זענען גלייך, — און צי איינע לאָזט זיך אַרונטער אָדער די אַנדערע, איז גאָרנישט וויכטיק. עס איז ווי דער שטאַט הייסט!

דער „שטאַט“ איז געווען פראַנקס ספערע. ער איז אַוועק זיך זען מיטן „פּאַטראָן“. ער האָט אים געקענט אַ לאַנגע צייט. אָבער ווער האָט געקאָנט זיך באַרימען, אַז ער קען אים? אָט־דער טייוולשער מענטש האָט שטענדיק געטון דעם היפּוך דערפון, וואָס מען האָט פון אים ערוואַרט. אַ דאַרנדיקער באָדן, באַדעקט מיט באַהאַלטענע פּאַסטקעס... פראַנק איז מיט גרוים פּאָרזיכט אַוועק צו אים.

דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט. אַנשטאָט דעם בייזן ברוך־הבא, מיט וועלכן דער ווילדער שווין, אין זיין גרימצאָרן, פלעג געווינטלעך מכבד זיין זיינע יונגע שווינדלעך, האָט ער געטראָפן די חיה גאַנץ אויפגעלייגט: „ער איז גוט געשלאָפן“; עס איז אים געווען גוט אויפן האַרצן... דער מענטש מיט אַ מאַסקע פון אַ מאָנגאָל האָט זיך געהאַט אומגעקערט פון אַ נסיעה צום פראָנט: אַלץ איז דאָרט געווען אין דער בעסטער אָרדענונג; די מענטשן זענען זיך דאָרט געשטאָרבן אויף זייערע פלעצער, לויט די רעגולאַ־

ציעס, ניט צו לאָזן זיך פיל בעטן. די ליניע פון דער פּאַרטייִדיקונג איז געווען באַפעסטיקט און דער דייטשישער דראַנג האָט ווידעראַמאָל אויסגעזען צו ווערן אָפּגעשטעלט. דער פאַרהאַרטעטער זקן איז געקומען פון דאָרט אַהיים אַן אויפגעראַמטער. די מידיקייט האָט געהאַט פּונקט אַזוי ווייניק שליטה אויף זיין פּעל, ווי די סענטי־מענטאַלישקייט. ער האָט נאָרוואָס געהאַט דערליידיקט די מאַסע דרינגלעכע עסקים, וואָס זיינע סעקרעטאַרן האָבן געהאַט פאַר אים צוגעגרייט. און איצט, פאַר דער זיצונג אין פּאַרלאַמענט, האָט ער זיך דערלויבט אַ האַלבע שעה אויף זיך אָפּצורוען. ער האָט ליב געהאַט רכילות; און זיין חברה, וועלכע האָט געקענט זיין געשמאַק, האָט שטענדיק געהאַט פולע הויפנס מיט סקאַנדאַלן פון טאָג. ער האָט גלייך דערשפּירט איינעם פון זיי אין פראַנקס קעשענעס, בעת יענער איז צוגעקומען צו אים מיט אַ פאַרזיכטיקן און צוזאָגנדיקן שמייכל.

— אָט איז לאָרד פראַנזשיפּאַן*) — (ער האָט אַרויסגערעדט פראַנק־טשיפּאַן) — מיט זיין סחורה!... נו, שנעלער, מיין קינד, עפן אויף דיין קערבל!

געשמייכלט פון דער פאַמיליערישקייט און אַן אומצופרידענער פון דעם צונאָמען, וועלכער האָט זיך אָבער זייער גוט געפּאַסט פאַר אים, איז פראַנק אריינגעפאַלן אין דעם וויציקן טאָן פון זיין פּאַטראָן. כדי צו זען, וואו ער האַלט מיטן מענטשנפרעסער, האָט ער גענומען צייכענען אַ סימפּאַטיש און קאָמיש בילד פון פּיטאַנען. ער וואָלט ניט געווען אַוועק זייער ווייט, מחמת דער אומגעדולדיקער צוהערער האָט איבערגעשלאָגן די שילדערונג מיט די ווערטער: „אַ שיינע נשמה... האַסטו ניט עפּעס בעסערס?...“ — ווען דער דערציילער וואָלט זיך ניט געכאַפּט באַצייטנס אויסצוהעפטן אויף דעם שטאָף קוריאָזע צייכענונגען, וואָס ער האָט זיי אימפּראָוויזירט פאַרן גוסט פון זיין „עולם“. און אָט איז פּיטאַן געוואָרן דער שעמעוודיקער פאַרליבטער פון אַן „ערלעכער“ דאַמע, וועלכע איז, פון איר זייט, געווען די ליידנשאַפטלעכע געליבטע פון אַן עסטרייכער, וועמען פּיטאַן האָט געהאָלפן מאַכן פּליטה...

*) Frangipane — מאַנדל־געבעקס אָדער יאַסמין־פּערפום. — איבערזעצער.

דאַסמאָל האָט דער פּאַטראָן אויפגעפּלאַמט:

— ווער איז דאָס?... ווער איז דאָס?... — האָט ער אויס־געשריגן, אָנכאַפּנדיק פּראַנקן פאַרן אָרעם — איך וועט זיך מיט דיר, אַז איך קען זי!... איז דאָס די פרוי פון מאָסיע „עקס"?...

(„עקס" איז געווען איינער פון זיינע מיניסטאָרן).

זיינע קליינע אויגעלעך האָבן אויפגעבליצט מיט ווילדער רשעות.

— ניין?... ניין?... אַ שאָד! איך וואָלט זי פּאַרפּאַקט אין סען־לאַזאַר, אין נאָמען פון דעם „הייליקן בונד"!...

ער האָט אָנגערופן אַ צוויי־דריי אַנדערע נעמען. ער האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן, ביז פראַנק האָט אים ניט אויסגעזאָגט דעם נאָמען. ער האָט עס ניט געטון מיט אַ גרינג האַרץ: די ריזיקע איז געווען גרויס. עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט זיך צוריקצוציען: דער פּלוידערער איז געכאַפּט געוואָרן פאַר דער צונג...

ביים נאָמען פון אַנעט ריוויער האָט דער אַלטער אויסגערופן:

— ריוויער!...

ער האָט אים געקענט. ריוויער דער אַרכיטעקטאָר, דער לעבּ־יונג, דער שאַרפער מוח, דער פריידענקער, דער דרעיפוסיאַנער... זיי האָבןביידע געהערט צו דערזעלביקער צייט, האָבן ביידע פאַר־מאָגט דעמזעלביקן לעבנס־באַנעם, האָבן ניט איינמאָל געהאַט צווישן זיך אַ לוסטיקן אָדער ציניש־איראָנישן צוזאַמענשטויס. וואָס איז שייך זיין טאָכטער, פלעג ער איר, ווען זי איז געווען אַ קליין מיידעלע, קנייפּן די בעקלעך. ער האָט זי געהאַט פאַרלוירן פון אויג. זי איז אים אָבער געווען סימפּאַטיש, ווייל זי האָט געהאַט אויסגעפּאַטשט „אַט־דעם אידיאָט", ראָזשע בריסאָ... (ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן בריסאָס אָראַטאָרישן טאַלענט. ער האָט געהאַט די מעלה אין זיך, וואָס ער האָט שרעקלעך פיינט געהאַט צביעות. ער האָט זי געשפּירט אומעטום — אפילו אין דעם אמת)... ער איז, דעריבער, געווען מלא־שמחה פון דעם גרויסאַרטיקן פּאַטש, וואָס אַנעט האָט דערלאַנגט אַט־דעם קלעפּיקן שבט אין פּנים אַריין, זיך אָפּטרייסלענדיק פון זיי און איבערלאָזנדיק זייער ראָזשע, ווי אַ געפּלאַצטן באַלון, מיט דער נאָז אין דער בלאָטע. אַ מענטש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף סקאַנדאַלן, האָט ער ניט ווייניק בייגעהאָלפן

דאָס פונאַנדערצופּויקן; די בריסאָס האָבן דערשטיקט אין זיך זייער צאָרן און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי ווייסן פון קיין זאַך ניט צו זאָגן. דאָס איז איינע פון זיינע גליקלעכע ערינערונגען! פון דער וויטנס האָט אים איצט אויסגעזען, אַז צוויי מענטשן האָבן צוזאַמען אויסגעפירט אָט־דעם אויסגעצייכנטן פּאַרס: ער און אַנעט. ער האָט געהאַט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו אָט־דער געשייטער מיידל (אַזוי האָט ער זי איצט געזען). איר נייע אַוואַנטורע האָט אים געטראָפן צו זיין געניינגט אויף איר זייט... אָט־די ריוויער!... שוין איינמאָל אַ פּראָנצוויזין!...

— אָבער זאָגט מיר, פּראַנזשיפּאַן, זי איז שוין איצט ניט זייער יונג... זי מוז שוין אַלט זיין אַ יאָר... וואַרט... המ... דאָס איז נאָך בעסער! אַזוי האָב איך ליב, זי האָט פייער אין זיך... נו, וואָס, האָט דער גאַנצער עסק, הייסט עס, זיך אויסגעלאָזט מיט אָט־דעם ביליאַרדן־שפּיל?... וואָס, צום גוטן יאָר, האָט דאָס צו טון מיט פּאָליטיק?... איר וועט דאָך מיר אָט־די גוטע פּראָנצויזין ניט ברענגען צושלעפּן צו פּוטריקיע־טענוויל? (אַזוי האָט ער אָנגערופן זיין פּראָקוראָר). ער וואָלט זי צעריסן אויף שטיקער... ניין, ניין! זאָל זי זיך שלאָפן מיט איר ווינער! דאָס וועט אויסמאַכן מיט איין סאָלדאַט פון רעכטס מער פאַר דער קומענדיקער מלחמה... און וואָס איז שייך דעם אַלטן פּיטאַן (נאָך אַן אמתדיק־פּראָנצויזישער נאָמען, הורא פאַרן רעגימענט!) „דעם גליקלעכסטן פון די דריי“, איז זאָל ער זיך פרייען מיט זיין גוטן מזל!... איר זאָלט מיר, מיין טייערער, מאַכן אַ סוף צו אָט־דער אונטערזוכונג... למען השם, קיין באַשולדיקונג־אַקט!... און איצט לאָמירריידן וועגן ערנסטע זאַכן... מיר גייען אין פּאַרלאַמענט אַריין... וואָס זאָל איך זאָגן פאַר אָט־די קעלבער?

דער עסק איז צעריבן געוואָרן.

נאָכדעם ווי זיי האָבן זי געהאַט באַוואָרפן מיט שמוץ, איז אַנעט געראָטעוועט געוואָרן.

באַוואָרפן מיט שמוץ איז אין דער דזשאַנגל אַ פאָרם פון סימפּאַטיע.

אָבער צו איר גליק, האָט זי דערפון גאָרנישט ניט געוואוסט. זי האָט נאָר געהערט פון פראַנקן, אַז אַלץ גייט זייער גוט. זי האָט זיך אָבער דערמיט ניט צופרידנגעשטעלט. ניט צו האָבן קיין צוטרוי, האָט זי דאָך געשריבן צום ריכטער, בעטנדיק אים, ער זאָל זי אויסהערן. דער ריכטער האָט דאָס שפּעטער געוויזן פּיטאַנען, בעת ער האָט אים פאַרייגעלאָזן.

אַרייַנגעקומען אין הויז אַריין, האָט אַנעט דאָרט געטראָפן סילוויען, וועלכע איז גלייך צוגעלאָפן צו איר. אַנעט האָט איר איבערגעגעבן, וואָס זי האָט געטון. דאָ האָט סילוויע אויסגעלאָזן צו איר איר ביטער האַרץ. זי איז געווען אויסער זיך פון אַזאַ משוגעת. אַנעט האָט איר געלאָזט ריידן, ביז סילוויע איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן: וואָס העלפט דאָס ריידן, אַז די זאַך איז שוין אָפּגעטון? זי האָט זיך אַ וואָרף געטון איר שוועסטער אויפן האַלז און זי גענומען קושן. אין תוך גענומען, וואָלט זי פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט געוואָלט, אַז אַנעט זאָל גאָר האַנדלען אַנדערש. און ווייסנדיק, אַז זי, סילוויע, וואָלט עס ניט געקאָנט טון, איז זי געווען שטאָלץ אויף איר גרויסער שוועסטער, וועלכע האָט עס יאָ געטון. אָט-דער ווילן, אָט-די רואיקייט האָבן געמאַכט אויף איר אַ שטאַרקן איינדרוק.

הינטער דעם ווענטל האָט מאַרק, ניט צו פאַרשטיין פיל, גע־הערט דאָס ניט-קלאָרע געמורמל פון די צוויי שוועסטער, די אויס־געשרייען פון סילוויעס אויפגערעגטער שטים, וואָס אַנעט האָט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט זי אַרונטערגעפירט צו אַ נידעריקערן טאָן, דערנאָך זייער הויך קושן-זיך און די שטילקייט: סילוויע האָט געשנייצט די נאָז; זי, די פרוי, וואָס אירע אויגן זענען שטענדיק געווען טרוקן, האָט געוויינט...

די צוויי פרויען זענען געשטאַנען, צאַרט אַרומגענומען, האָבן געקוקט איינע אויף דער אַנדערער, און אַנעט, קושנדיק סילוויעס אויגן, האָט איר אין דער שטיל דערציילט באריכות די גאַנצע גע־שיכטע: זשערמענס פריינטשאַפט, פראַנצעס אַנטלויפן פון לאַגער, דער טויט. סילוויע האָט מער ניט געטראַכט צו האָבן טענות צו איר שוועסטער פאַר איר משוגענער גרויסמוטיקייט; זי האָט זי מער ניט געמאָסטן מיט דער אַלגעמיינער מאָס, מיט איר אייגענער

מאָס. זי האָט אָנערקענט פאַר איר, פאַר איר אַליין, די פּריווילעגיע צו האַנדלען און צו עקזיסטירן, לויט אַ געזעץ, וואָס שטייט איבער דעם געוויינטלעכן געזעץ. אָבער הינטער דעם ווענטל האָט דאָס אייפערזיכטיקע אינגל זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט, וואָס מען באַהאַלט פון אים דעם סוד. ער וועט זיך איינהאַלטן ניט צו בעטן זיך ביי זיי. זיין שטאָלץ האָט געוואַרט, אַז מען זאָל דאָס אים אונטערטראָגן.

אויפן צווייטן טאָג, ווען פּיטאַן איז אָנגעקומען, האָט מאַרק איבערגעביסן זיין צוימל. ער איז אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש. אַנעט האָט געהערט דעם פריידיקן אויסגעשריי פון איר זון, ווען ער האָט געעפנט די טיר, און אַרונטערגעלאָזן די אַרבעט, וואָס זי האָט געהאַלטן אין די הענט. מאַרק האָט אויסגעשריגן פון איבעראַשונג, דריקנדיק די הענט פון דעם גאַסט. פּיטאַן האָט געלאַכט צו זיך אין דער באָרד אַריין מיט זיין דריבנעם, שטילן און האַרציקן געלעכטערל. ווען אַנעט האָט אים דערזען, האָט זי זיך אויפגעהויבן און זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים. באַלד אָבער האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איר זון שטייט דערביי, און זיך דערפילט אומבאַקוועם. מאַרק האָט זיך געפילט נאָך מער אומבאַקוועם און זיך אָפּגעטראָגן, אונטערן אויסרייד צו גיין פאַרשליסן די טיר אויף די שטיגן, און זיי איבערגעלאָזט אַליין אויף עטלעכע מינוט. אַנעט און פּיטאַן האָבן אויף שנעל געטוישט צווישן זיך עטלעכע האַרציקע, פריידיקע ווערטער. מאַרק איז צוריק אַריינגעקומען און דער שמועס צווישן אַלע דריי איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אונטער אַ שלייער, מיט האַלבע ווערטער. זיי האָבן געוואָלט פאַרהאַלטן פּיטאַנען אויף מיטיק, ער האָט זיך אָבער שוין געאײַלט צו לויפן איבער פּאַריז. ער האָט באַדאַרפט זיך זען מיט זיינע חברים. מאַרק איז מיטגעגאַנגען מיט אים. בעת זיי האָבן געשפּאַנט זייט־ביי־זייט, האָט מאַרק געזאָגט:

— פּיטאַן, איך ווייס, אַז דו האָסט געשריבן צו מיין מומען.

— אַך! — האָט דער אַלטער אָנגעהויבן און זיך גלייך אָפּגעהאַקט.

מאַרק האָט געשלוקט.

— דו האָסט זיך מקריב געווען פאַר אונז. ביסט געווען גרויסמוטיק.

— ווייניקער פון דיין מוטער.

— וואָס האָט זי דען איינגעשטעלט?

— זי האָט דיר גאָרנישט ניט געזאָגט?

— ניין.

— וועסט דאָך ניט וועלן, אַז איך זאָל עס דיר זאָגן פאַר איר?

— ניין.

ער האָט זיך געפילט געערגערט, אָבער פּיטאַן האָט געהאַט רעכט. זיי האָבן געשפּאַנט ווייטער. מאַרק האָט זיך אָנגעטון אַ כוח און ווידער אָנגעהויבן:

— איך וואָלט אָבער, ווייניקסטנס, געוואָלט וויסן... איז זי נאָך אַלץ אין געפאַר?

— איצט, גלויב איך, אַז ניט. אָבער אין אַט־דער צייט פון פייגלינגן און וועלף, וועט אַ פרוי ווי זי, אַ מוטיקע און אַן אָפנהאַרציקע, שטענדיק ריזיקירן.

— קאָן מען זי גאָר ניט צוריקהאַלטן?

— מען באַדאַרף זי ניט צוריקהאַלטן, אדרבה, מען באַדאַרף איר העלפן.

— ווי אַזוי?

— ריזיקירנדיק אינאיינעם מיט איר.

מאַרק האָט געטראַכט פאַר זיך, ניט צו קאָנען עס אַרויסזאָגן: „ריזיקירן, יאָ. אָבער ווי אַזוי, ווען איך ווייס קיין זאַך ניט וועגן איר, ווען זי דערציילט מיר קיין זאַך ניט פון אירע ריזיקעס און פון אירע געפאַרן?"

די באַליידיקונג צו ווערן פון איר אָוועקגעשאַרט אָן אַ זייט האָט אים נאָך אַלץ אויסגעזען צו זיין זייער גרויס. ער האָט איבערגעחזרט פאַר זיך: „פון אַלע מענטשן בין איך דער, וועמען זי געטרויט צום ווייניקסטן".

אַזוי ווי ער האָט מער ניט אַרויסגעזאָגט קיין וואָרט, האָט פּיטאַן ניט ריכטיק אויסגעטייטשט זיין שטילשווייגן און זיך אָנגערופן:

— מיין זון, דו קאָנסט שטאָלץ זיין אויף דיין מוטער.

מאַרק האָט מיט כּעס אויסגעשריגן:

— גלויבסטו, אַז איך האָב אויף דיר געוואַרט, דו זאָלסט עס מיר זאָגן?

ער האָט, אַן אויפגעבראַכטער, זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו אים און איז אַוועק.

---

דערלייכטערט פון אַ שווערער משא, האָט אַנעט זיך ווידער אומגעקערט צו איר שטילן, ניט־אַנזעעוודיקן לעבן אין הויז. די מלחמה, וועלכע איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען, און די אומרואיקייט אַרום האָבן, דאַכט זיך, זי גאָרנישט אָנגערירט. זי האָט געטיילט די געפאַרן פון די אַרומיקע, זי האָט אָבער ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג צו טיילן זייערע געדאַנקען. זי האָט אויך אָן דעם געהאַט פאַר זיך גענוג צו טון. ווי אויפמערקזאַם סילוויע איז, בעת אַנעטעס אָפּוועזן, ניט געווען צו מאַרקן, זעענדיק, אַז עס זאָל אים קיין זאַך ניט פעלן, זענען אָבער געווען נאָך אַ סך זייער וויכטיקע קלייניקייטן, וואָס נאָר אַ מוטערס אויג איז גרייט זיי צו באַמערקן אין אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו איר קינד: זיין קליידונג, זיין געזונט. אַנעט האָט איבערגעקוקט מאַרקס הינטערוועש און קליידער און עס האָט איר בייזוויליק הנאה געטון, ווען זי האָט אַנטדעקט עפּעס אַ פעלער, וואָס סילוויע, אין איר קאָנטראָל איבער מאַרקן, האָט אים געהאַט פאַרזען. זי האָט אויך געהאַט אַ היבש ביסל אַרבעט צו ברענגען אין אָרדענונג דאָס הויז, וואָס די איינציקע באַלעבאַטים דאָרט אין לויף פון צוויי יאָר צייט זענען געווען די מילבן. סילוויע האָט זי שטענדיק געטראָפן נייען אָדער ראַמען. די צוויי שוועסטער האָבן יעדן אָוונט געפירט לאַנגע שמועסן. און מאַרק, אַרבעטנדיק אין אַן אַנדער צימער, מיט דער טיר פונאַנדערגעעפנט, האָט זיי נאָכגעשפּירט. אָבער זיין אויג פון אַ יונג הינדל, וואָס האָט געקאָנט זען מיט אַ זייטן־בליק, האָט אין אָט־די שמועסן ניט געפונען קיין איין קערנדל אויף אָנצופּיקן: די אינטימע זאַכן זענען פון זיי נאָר איינמאָל אַרומגערעדט געוואָרן; ווייטער פלעגן זיי שמועסן ניט מער ווי נאָר וועגן געוויינטלעכע ענינים, וועגן געשעענישן פון טאָג, וועגן ווייבערישע נאַרישקייטן, וועגן זייער געניי און וועגן די פּרייזן אויף פּראָוויזיע... אַן אומגעדולדיקער, איז ער געגאַנגען און

האָט צוגעשלאָסן די טיר. ווי האָבן זיי דאָס געקאָנט פאַר שעהן און שעהן מאַלעגיירן אָט־די נאַרישקייטן? מילא, אַז סילוויע זאָל דאָס טון, פאַרשטייט ער נאָך! אָבער די דאָזיקע פרוי, זיין מוטער, זי, וואָס האָט נאָרוואָס געהאַט געשטעלט אין קאָן איר לעבן און וואָס וועט אפשר מאָרגן עס ווידעראַמאָל טון, זי, אין וועמען ער האָט, ניט צו קאָנען עס באַנעמען, דערשפּירט ברענענדיקע סודות, — זי האָט פּונקט אַזוי זיך געהיצט איבער אָט־די קליינקייטן, — די פּרייזן אויף ברויט, די באַשרענקונג אויף פּוטער און צוקער, — ווי איבער דער פאַרבאָרגענער וועלט, וואָס זי האָט נאָר אויף העלפט געהאַלטן פון אים פאַרבאָרגן: זיין אייפערזוכט האָט געזען דאָס ליכט אין דעם סאַמע האַרץ פון לאָמפּ! אַנעט האָט עס אפשר אַליין ניט געזען. אָבער — סיי זי האָט געשוויגן, סיי זי האָט גערעדט, דאָס ליכט האָט אַלץ שטיל אַרויסגעלויכטן פון איר...

„דאָס שטילשווייגן, וואָס רעדט"...

דער לאָמפּ האָט געברענט אָן גערויש. אין העלן ליכט פון טאָג האָט מען עס ניט באַמערקט. אָבער מיט זיינע שאַרפע שפּאַרבער־אויגן האָט ער אויפגעכאַפּט דאָס שטומע ליכט אונטער דעם ווייסן אַבאַזשור... פון וואַנען איז עס געקומען?... און פאַר וועמען?...

אָן אַנדער נשמה, אַ נאַכטיקע, האָט אויך דערזען אָט־די לאַמ־טערנע פון אַ גליוואָרעם אין גראָז און איז צוגעצויגן געוואָרן...

אורזולע בערנאַרדען, וואָס אַנעט האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט איר אויף די שטיגן, האָט, אַ שרעקעדיקע, זי אָפּגעשטעלט, זי לייכט אָנגערירט פאַרן אָרעם און אַרויסגעמורמלט:

— מאַדאַם, אַנטשולדיקט... וועט איר מיר דערלויבן צו קומען צו אייך אין הויז אַריין זיך דורכריידן?

אַנעט איז געוועזן שטאַרק איבעראַשט. זי האָט געקענט די אויסערגעוויינטלעכע שעמעוודיקייט פון די צוויי מיידלעך בער־נאַרדען און די מי, וואָס זיי פּלעגן ביז דעמאָלט זיך נעמען זי אויסצומיידן. ניט צו קוקן אויף דעם שוואַכן ליכט אויף די שטיגן, האָט זי באַמערקט, ווי דאָס מיידל האָט, אַ צעטומלטע, זיך פאַר־רויטלט. איר האַנט, איבערגעצויגן מיט אַ הענטשקע, האָט געצי־

טערט אויף אַנעטעס אָרעם. אַנעט האָט אַרויסגעזאָגט מיט וואַרעמ־קייט אין דער שטים:

— קומט איצט!

דאָס יונגע מיידל האָט מחמת מורא שוין געוואָלט זיך צוריקציען און פאַרגעשלאָגן אָפּצולייגן איר וויזיט אויף אַן אַנדער טאָג. אָבער אַנעט האָט זי אָנגענומען פאַרן אָרעם און זי געפירט נאָך זיך.

— מירן זיין אַליין. קומט אַריין!

אורזולע בערנאַרדען, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, האָט אין אַנעטעס צימער זיך געהאַלטן אומבאַוועגלעך און שטייף.

— מיר זענען געגאַנגען צו שנעל? אַנטשולדיקט, איך פאַרגעס שטענדיק... ווען איך קום אַרויף, לויף איך, שלינג איך די שטיגן... זעצט זיך!... ניין, אָט־דאָ! אין אָט־דעם ווינקל, אַנקעגן דעם ליכט, וועט אייך זיין באַקוועמער. כאַפּט אָפּ דעם אָטעם! איילט זיך ניט צו ריידן... ווי שווער איר אָטעמט!

זי האָט, שמייכלענדיק, געקוקט אויף איר און זיך געמיט צו באַרואיקן דאָס יונגע מיידל, וועלכע איז געזעסן אומגעשיקט, אַ פאַרגליווערטע פון שעמעוודיקייט, אַן אָנגעבלאָזענע פון גרויס געפיל. איר ברוסט האָט מיט שוועריקייט געהויבן דעם צוזאַמענגעדריקטן שטאָף פון איר קלייד. צום ערשטן מאָל האָט אַנעט געקאָנט איצט שטודירן אָט־דאָס דאָרפּישע געזיכט און אָט־דעם קערפּער, איינגע־האַמטע אין דער קליינבירגערלעכער געצווימטקייט. אירע שטריכן האָבן ניט געהאַט אין זיך קיין פיינקייט און אירע פאָרמען זענען געווען שווערע, אָנגעהויפטע. אָבער אין דעם לעבן אויפן לאַנד, אין דער נאָרמאַלער אַרבעט פון אַ פאַרם, וואָלט זי, אַרומגערינגלט מיט שטוביקע חיות און קינדער, אויסגעזען גאָר אַנדערש: אַ יונגע און אַ געזונטע, אַ לאַכנדיקע און אַ פאַרטאָרעטע, אַ פאַר־ברענטע פון דער זון, דער שטערן און די באַקן באַדעקט מיט טראָפּנס שוויים פון אַ הייסן זומער־טאָג, וואָלט אָט־די בראַווע פיגור דאָרט געהאַט איר חן... אָבער דער געלעכטער און די זון זענען אַוועקגע־לייגט געוואָרן אונטער אַ שלאָס. דאָס בלוט האָט אַוועקגעשטראָמט. און עס איז געבליבן ניט מער ווי אָט־די פּלאַטשיקע נאָז, אָט־די דיקע ליפּן, אָט־די שווערע פאַרשטאַרטע און איינגעשרומפּענע פיגור,

וועלכע האָט ניט געוואַגט זיך צו געבן אַ ריר און מורא געהאַט צו אָטעמען.

דערזען, אַז זי קאָן ביי זיך ניט פּועלן אָנצוהויבן ריידן, האָט אַנעט, כדי צו געבן איר צייט צו קומען צו זיך, איר געשטעלט עטלעכע פּריינטלעכע פראַגעס. אורזולע האָט דערויף געענטפערט מיט שוועריקייט, האָט זיך צעטומלט און פאַרלוירן דעם זכרון אויף ווערטער. איר געדאַנק איז געווען ערגעץ אַנדערש. זי האָט געוואָלט איבערגיין אויף אַן אַנדער טעמע, אָבער דער געדאַנק צו דאַרפן ריידן האָט אָנגעוואָרפן אויף איר אַן אימה. זי האָט געליטן. זי האָט געהאַט נאָר איין וואונטש: „מיין גאָט, ווי דרייט מען זיך דערפון אַרויס!“

זי האָט זיך אויפגעהויבן:

— מאַדאַם, איך בעט אייך זייער... לאָזט מיך גיין! איך ווייס ניט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב אייך אָפּגעשטעלט!...

אַנעט האָט, לאַכנדיק, זי אָנגענומען פאַר די הענט.

— נו, זעצט זיך צוריק אַנידער!... איר דאַרפט זיך ניט איילן... האָט איר דען פאַר מיר מורא?

— ניין, מאַדאַם... אַנטשולדיקט, איך וואָלט געוואָלט אַוועקגיין... איך קאָן ניט ריידן... ניט היינט...

— נו, גוט, וועט איר ניט ריידן. איך פאַרלאַנג פון אייך גאָרנישט... איך וויל נאָר, איר זאָלט דאָ נאָך פאַרבלייבן אויף עטלעכע מינוט. אַזוי ווי איר האָט געוואָלט אַרויפקומען צו מיר, כדי זיך דורכצוריידן, באַנוץ איך זיך מיט דער געלעגנהייט. קוים אַריינגעקומען, ווילט איר שוין אַנטלויפן. עס דאַרף אַזוי ניט זיין. אַזאַ לאַנגע צייט, ווי מיר וואוינען זייט־ביי־זייט, און מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט אויסגערעדט צוויישן זיך קיין וואָרט! איך וועל דאָ לאַנג ניט פאַרבלייבן. איך פאָר ווידער אַוועק פון דאַנען. לאָזט מיך כאָטש איינמאָל אייך רואיק באַטראַכטן! נו, ווייזט מיר אייערע אויגן! אָט ווייז איך אייך מיינע. עס איז ניטאָ אין זיי קיין זאַך, וואָס זאָל אייך קאָנען אָפּשרעקן.

אורזולע, זייער גערירט און צעטומלט, האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט, האָט גענומען לאַנג און אומגעשיקט זיך אַנטשולדיקן

פאַר איר שרעקעדיקייט און אומהעפלעכקייט. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַנטעם האַרציקע ווערטער פאַר־איאָרן, אין דעם טאָג פון זייער טרויער. זי איז געווען דערפון שטאַרק גערירט, האָט איר געוואָלט שרייבן, נאָר זי האָט ניט געהאַט קיין מוט. די מענטשן אַרום איר האָבן ניט ליב, אַז מען זאָל האָבן צו טון מיט פרעמדע.

אַנעט האָט פריינטלעך געזאָגט:

— אַוודאי... אַוודאי... איך פאַרשטיי...

אורזולע איז ביסלעכוויז געוואָרן דרייסטער, האָט גענומען שטאַמלען, זיך צוריקכאַפּן, און מיט גרויס מי איבערגעגעבן, וויפיל זי האָט פאַר די פיר יאָר געליטן פון אָט־דער מלחמה, פון אָט־דער שנאה, פון אָט־דער רשעות. ניט צו קענען אַנטעטן, האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי, אַנעט, האָט אויך געמוזט זיין קעגן דעם...

(אַנעט האָט, ניט אויסצוריידן קיין וואָרט, זי אָנגענומען צאַרט פאַר דער האַנט).

...זי האָט אָבער אַרום זיך ניט געפונען קיין פּלאַץ אויף אָפּצו־כאַפּן דעם אָטעם. אַפילו אירע עלטערן, זייער גוטע מענטשן, זענען שטענדיק געווען געניינגט צו געדאַנקען פון נקמה — (זי האָט זיך צוריקגעכאַפּט) — ניין, פון אומרחמנותדיקער שטראָף. דער טויט פון די אומגליקלעכע זין האָט זיי אַריינגעבראַכט אין פאַרצווייפלונג. שוין דאָס וואָרט „שלום" אַליין האָט זיי אָנגעצונדן. ווילדער פון אַלעמען איז געווען איר שוועסטער יוסטינע, וואָס פון קינדוויז אָן האָט זי געטיילט מיט איר דאָס שלאָפצימער און די באַהאַלטענע געדאַנקען. יעדן אָוונט, פאַרן שלאָפן־גיין, האָט זי געבעטן אויפן קול: — „גאָט, יונגפרוי מרים, הייליקער מיכאל, פאַרטיליק זיי!..." עס איז געווען שרעקלעך. זי האָט געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זי שטייט אויך צו צו אָט־די תפילות; אַניט וועלן זיי זי באַשולדיקן אין גלייכגילטיקייט צו די אומגליקלעכע פון לאַנד, צום טויט פון די צוויי ברידער...

— גלייכגילטיק, — דאָס בין איך ניט!... אָבער טאָקע דערפאַר, ווייל אַ מענטש איז אומגליקלעך, דאַרף ער, דאַכט זיך מיר, וועלן, אַז אַנדערע זאָלן עס ניט זיין...

זי האָט אויסגעדריקט אירע געדאַנקען אומגעשיקט און רירנדיק.

אַנעט, וואָס פאַר איר זענען זיי ניט געווען ניי, האָט מסכים געווען מיט איר און זיי אויסגעדריקט אויף אַ בעסערן אופן. אורזולע איז געווען גליקלעך זי צו הערן ריידן. זי האָט געשוויגן און זיך צוגעהערט. צולעצט האָט זי, אַ צוטרוילעכע, אַ פרעג געטון:

— מאַדאַם, איר זענט אַ קריסטין?

— ניין.

אורזולע איז נשתומם געוואָרן.

— אָ, מיין גאָט!... אויב אַזוי, וועט איר מיך ניט קאָנען פאַרשטיין!...

— מיין קינד, עס איז ניט נויטיק צו זיין אַ קריסט, כדי צו פאַרשטיין און ליב צו האָבן אַלץ, וואָס איז מענטשלעך.

— מענטשלעך!... דאָס איז ניט גענוג! דאָס שלעכטע איז אויך מענטשלעך. און די מענטשן... זיי וואַרפן אויף מיר אָן אַן אימה! זעט זייערע גרויזאַמקייטן, זייערע מיאוסע מעשים!.. טאַקע נאָר יעזוסעס בלוט וועט דאָס קאָנען אויסקויפן.

— אָדער אונזער אייגן בלוט, דאָס בלוט פון יעדן איינעם, — סיי מאַן, סיי פרוי, — וואָס גיט זיך איבער צו דינען אַנדערע.

— אויב דאָס איז אין קריסטוסעס נאָמען.

— וואָס איז וויכטיק אַ נאָמען?

— אָבער דער דאָזיקער נאָמען איז דאָך אַ גאָט!

— וואָס פאַר אַ גאָט וואָלט דאָס געווען, אויב ער וואָלט ניט געווען אין יעדערן פון די, וואָס גיבן זיך איבער צו דינען אַנדערע? אויב איין־איינציקער פון אָט די מענטשן — איך זאָג, א י י ן ־ א י י נ צ י ק ע ר — וואָלט געווען דאָרט, וואו גאָט איז ניטאָ, ווי קליין עס וואָלטן געווען גאָטס מעגלעכקייטן? דאָס האַרץ וואָלט זיי אַריבערגעשטיגן.

— ניין, קיין זאַך שטייגט אים ניט אַריבער. יעדער גוטע זאַך איז אין אים.

— נו, דאָס גוטע איז שוין גענוג.

— ווער וועט עס מיר ווייזן, אויב איר וועט אוועקנעמען פון מיר גאָט?

— מיין טייערע, פאַר קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט איך ניט וועלן אים אוועקנעמען פון אייך! איך רעספּעקטיר אים אין

אייך. רעכנט איר, אז איך וואָלט וועלן צעשטערן אייער אָנהאַלט אין לעבן?

— אויב אַזוי, זאָגט־זשע מיר, מאַדאַם, אַז איר גלויבט אויך אין אים.

— מיין קינד, איך קאָן ניט זאָגן, אַז איך גלויב אין אַזוינס, וואָס איך קען עס ניט. איר וועט דאָך ניט וועלן, אַז איך זאָל אייך זאָגן ליגן?

— ניין, מאַדאַם, אָבער גלויבט, גלויבט, איך בעט אייך!

אַנעט האָט געשמייכלט מיט אַ ליבלעכן שמייכל:

— איך בין אַקטיוו, מיין קינד, באַדאַרף איך ניט גלויבן.

— זיין אַקטיוו הייסט גלויבן.

— אפשר. דאָס איז מיין שטייגער גלויבן.

— אויב קריסטוס באַלייכט ניט די האַנדלונג, איז זי שטענדיק אין דער סכנה צו זיין אָדער אַ טעות, אָדער אַ פאַרברעך.

— רעכנט איר דען, אַז קריסטוס איז אין די לעצטע פיר יאָר געווען געענוג אויף אָפּצוהאַלטן די, וואָס גלויבן אין אים, פון צו באַגיין אַ טעות אָדער אַ פאַרברעך?

— אָ, זאָגט עס מיר ניט, מאַדאַם! איך ווייס עס גאַנץ גוט! עס זענען פאַראַן אַזוי ווייניק אמתדיקע קריסטן! און דאָס איז דאָס פיינלעכסטע! איך קען אפילו ניט קיין צוויי קריסטן פון די אַלע מענטשן, וואָס איך קען. זיי צעברעכן מיר דאָס האַרץ, זיי הרגענען מיך אַוועק! עס טוט מיר ווי און עס שרעקט מיך. איך שרעק זיך פאַר אָט־דעם לעבן. איך שרעק זיך פאַר אָט־די מענטשן. איך וואָלט וועלן אויסקויפן זייערע זינד. איך קאָן מער ניט פאַר־בלייבן צווישן זיי, איך קען ניט זיין אַקטיוו אַזוי ווי איר, איך שרעק זיך פאַר יעדער מין האַנדלונג. איך בין ניט באַשאַפן געוואָרן צו לעבן אין אָט־דער וועלט. איך וויל, איך וועל אַוועק פון דאַנען, זיך צוריקציען אין אַ קאַרמעליטן־מאָנאַסטיר. מיין פאָטער דערלויבט עס מיר, מיין מוטער וויינט און מיין שוועסטער איז קעגן דעם. איך קאָן אָבער מער ניט פאַרבלייבן מיט מיינע אייגענע: עס דאַכט זיך מיר, אַז יעדער ווילע פאַרשאַפן זיי לייד יעזוסן, אונזער

האר!... מיין גאָט, וואָס אַזוינס האָב איך געזאָגט? גלויבט מיר ניט, מאַדאַם!... זיי זענען גוטע, איך האָב זיי ליב, איך האָב קיין רעכט ניט זיי צו משפּטן... ניין, הערט מיך ניט!... אַך, ווען איר וואָלט געווען אַ קריסטין!...

זי האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט.

אַנעט האָט זי מוטערלעך באַרואיקט, האָט ארויפגעלייגט איר האַנט אויף אורזולעס אַנגעבויגענעם נאַקן.

— מיין אָרעם קינד! — האָט זי געזאָגט — יאָ, איר האָט רעכט.

אורזולע האָט צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— איר האַלט מיט מיר?

— יאָ.

— האַנדל איך ריכטיק מיט מיין אַוועקגיין?

— דאָס איז אפשר בעסער פאַר אייך.

— און איר בלאַמירט מיך ניט, וואָס איך ציי זיך צוריק, אַנשטאָט צו זיין אַקטיוו אַזוי ווי איר?

— דאָס הייסט אויך זיין אַקטיוו. יעדער איינער אויף זיין שטייגער. איך בין ניט פון די, וואָס לייקענען אין דעם, אַז גאָט־בעטן איז איינער פון אָט־די שטייגערס. עס איז גוט, אַז אייניקע נשמות זאָלן אויפהיטן דאָס הייליקע פייער פון דער געטלעכער דבקות, וואָס דורך אַ שטראָם בלוט האַלט עס אָפּן די שליוזן צווישן אונז און דעם אייביקן. בעט גאָט פאַר אונז, מיין קינד, פאַר אונז, וואָס זענען אַקטיוו פון אייערטוועגן! אפשר זענען מיר דער בלינדער און איר — דער פּאַראַליטיקער!

אורזולע, אַ דאַנקבאַרע, האָט זיך אַנגעבויגן איר אַ קוש צו טון אין די הענט. אַנעט האָט זי אַרומגענומען און זי צוגעפירט צו דער דרויסן־טיר. אורזולע האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַ זיפץ:

— אַך, פאַרוואָס, פאַרוואָס זענט איר ניט קיין קריסטין?

אָבער אויף דער שוועל האָט זי צוגעגעבן:

— איר זענט עס.

— איך רעכן, אַז ניט, — האָט אַנעט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל.

אורזולע, מיט שטראַלנדיקע אויגן, האָט געזאָגט:

— גאָט קלייבט אויס די, וואָס ער וויל. מען פרעגט ביי אייך ניט, וואָס איר ווילט!

---

אַנעט האָט, זינט איר אָפּפאָרן, ניט באַקומען קיין בריוו פון פראַנצן. עס האָט זי געאַרט, זי האָט זיך אָבער דערויף ניט געחידושט. זי האָט עס פאַרשטאַנען. דאָס גרויסע קינד האָט זיך אָנגעברוגזט. ער האָט זי געוואָלט באַשטראָפן. און זיין שווייגן איז געווען זיין בעסט געווער אויף צו נעמען נקמה, צו צווינגען זי אפשר, אַז זי זאָל וואָס שנעלער צוריקקומען. אַנעט האָט זיך געווײלט פון אָט־דער טאַקטיקע און פונקט אַזוי צו־להכעיסדיק זיך געמאַכט, אַז זי באַמערקט עס גאָרניט. זי האָט אים געשריבן אַ בריוו אַ וואָך, אין אַ רואיקן, פרייַנטלעכן, שפּילעוודיקן טאָן, ניט צו ענדערן די פּלענער, וואָס זי האָט זיך געהאַט פירגענומען. זי וואָלט אים אוודאי וועלן זען, זי האָט אָבער גערעכנט, אַז איצט, מיט די אַלע פליכטן, וואָס האָבן זי פאַרהאַלטן אין פּאַריז, וואָלט עס ניט געווען קיין גלייכע זאַך. זי האָט געהאַט בדעה צו וואַרטן ביז זומער, ווען זי וועט האָבן אַ אויסרייד צו פאָרן אין די בערג צוליב מאַרקן, וועלכער איז שוין צו לאַנג געווען פאַרשלאָסן. אָבער דאָס וואַרטן האָט געדריקט אויף איר שווערער, ווי זי האָט עס אַליין געוואָלט.

אויף דער פערטער וואָך נאָך איר אומקערן זיך צוריק קיין פּאַריז איז אָנגעקומען אַ בריוו פון פראַנצן. ענדלעך!... אַנעט, אַ שמייכלענדיקע, האָט זיך פאַרשלאָסן ביי זיך אין צימער, כדי אים אַדורכצולייענען. סאַראַ טענות, סאַראַ צאָרן זי וועט דאָס באַלד באַגעגענען!

פראַנץ האָט צו איר ניט געהאַט קיין טענות. ער האָט זיך אויך ניט געכעסט. ער איז געווען דורכאויס רואיק, העפלעך, וואויל־דערצויגן. ער איז געווען אין בעסטן געזונט. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז זי זאָל פאַרבלייבן...

כל־זמן פראַנץ האָט איר ניט געשריבן, איז אַנעט געווען רואיק. נאָכדעם אָבער ווי זי האָט געהאַט איבערגעלייענט דעם בריוו, איז זי געוואָרן אומרואיק.

עס וואָלט איר אַליין געווען שווער צו זאָגן פאַרוואָס. זי

וואָלט, דאַכט זיך, באַדאַרפט זיין צופרידן צו זען, אַז ער איז אַזוי גערולדיק. זי איז עס אָבער ניט געווען. זי האָט ניט געקאָנט זיך איינהאַלטן אים ניט צו ענטפערן נאָך אין דעמזעלביקן טאָג. זי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט אַרויסגעזאָגט קיין זאַך דערפון, וואָס האָט געהאַט באַשעפטיקט איר גערדאַנק. (איז עס איר אַליין קלאָר געווען?) — זי האָט זיך געמאַכט לוסטיק: אַזוי ווי עס גייט אים ניט שטאַרק אָן צו זען זיך מיט איר, וועט זי צוריקקומען ניט־פריער ווי ערשט צום סוף פון יאָר. — זי האָט ערוואַרט צו קריגן אין אַ פּאָר טעג אַרום פּראַנצעם פּראָטעסט... קיין פּראָטעסט איז ניט געקומען. עס איז אויך ניט אָנגעקומען פון אים קיין בריוו.

אַנעט האָט זיך געביסן די ליפּן. זי האָט געציילט די וואָכן, וואָס האָבן זי אָפּגעשיידט פון זומער. זי האָט געשריבן צו מאַדאַם דע־ווינטערגרין, מיטן אויסרייד צו וועלן אויסגעפינען, צי אַלץ איז ריכטיק, וואָס פּראַנץ האָט געהאַט געשריבן וועגן זיין געזונט. מאַדאַם דע־ווינטערגרין האָט געענטפערט, אַז דער ליבער מאָסיע דע־לענץ געפינט זיך אין בעסטן געזונט, אַז דער טרויער גייט, גאָט צו דאַנקען, שנעל פאַרביי אין אָט־דעם עלטער, אַז ער איז לעבעדיק און פריילעך, אַז ער וואוינט איצט אין דעמזעלביקן הויז, וואָס זיי, און אַז ער איז ביי זיי ווי אַן אייגענער...

אַנעט האָט זיך באַרואיקט. מער ווי זי האָט דאָס אַליין געוואָלט. יענע נאַכט איז זי שלעכט געשלאָפן, אַזוי אויך די ווייטערדיקע נעכט. זי האָט געצויגן מיט די אַקסל, אָפּגעטריבן פון זיך אַ געדאַנק. אָבער דער געדאַנק, אַ צודרינגלעכער, אַ בלינדער, איז צו איר ווידעראַמאָל געקומען. איר זעלבסטווערדע האָט אויסגעהאַלטן נאָך אַ וואָך. דערנאָך, אין אַ פרימאָרגן, ווען זי איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָט זי נאָכגעגעבן. אַנעט האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּאַריז. זי האָט זיך אַליין ניט דערקלערט, צוליב וואָס. זי האָט עס געמוזט טון...

אין דערזעלביקער צייט האָט מאַרק געברענט פון אַ פאַרלאַנג צוצוקומען נעענטער צו זיין מוטער. ער האָט געהאַט אַדורכגעלאָזן די ערשטע עטלעכע וואָכן. ער האָט גערעכנט אויף אַ צופאַל. ווען דער צופאַל האָט פאַרפעלט צו קומען, האָט ער געזוכט אים אַליין

צו שאַפן. אָבער אַזוינס קאָן געטון ווערן נאָר אין צווייען; און ער איז געווען איינער אַליין אין שפּיל: זיין מוטער האָט זיך גאָר דערויף ניט אומגעקוקט. ער האָט זי ניט פאַרלאָזן, ער האָט נאָכגעשפּירט אירע בליקן, איז פאַרלאָפן דעם וועג אירע פאַרלאַנגען. זי האָט באַדאַרפט באַמערקן זיין אויפמערקזאַמקייט צו איר: ביז דעמאָלט איז ער דערמיט ניט געווען זייער פריינגעביק. און אפשר האָט זי דאָס באַמערקט און מעכאַניש פאַררעגיסטרירט פאַר מער גינציקע טעג, ווען זי וועט האָבן מער צייט... איצט אָבער איז זי געווען פאַרטון אין אַנדערע זאַכן. מאַרק האָט אומזיסט געפּרואווט צוריקצובריינגען צו זיך אַט־דאָס וועזן, וואָס האָט זיך געהאַט אוועקגעשלייכט פון אים. ער האָט פאַרלוירן דעם מוט. מען קאָן ניט איינער אַליין אַלץ זוכן צו דערנענטערן זיך צו יענעם, ווען יענער העלפט אייך ניט אין דעם... איז ער אָפּ אין אַ ווינקל פון צימער און פון דאָרט, אַ פאַרגעסענער, באַטראַכט איר פּראָפיל, בעת זי האָט צוגענייט די קנעפּלעך, וואָס האָבן זיך געהאַט אָפּגעריסן פון זיינע קליידער; זי איז געווען פאַרנומען מיט אים, טראַכטנדיק די גאַנצע צייט פון אַנדערע זאַכן... אַך, ווי ער וואָלט וועלן, אַז זי זאָל בעסער טראַכטן פון אים און פאַרנאַכלעסיקן אַט־די זאַכן!...) ער האָט שטודירט דאָס פּנים, וואָס איז געווען פול מיט זאָרג... וואָס פאַר אַ סאָרט זאָרג זענען דאָס געווען? וועלכע איבערלעבעניש האָט עס נאָרוואָס געהאַט צוזאַמענגעצויגן איר באַק? וואָס פאַר אַ זעאונג האָט עס אַדורכגעשטראָמט אונטער דער הויט?... אַן אַנדערט מאָל וואָלט אַנעט מיט אַ הונדערט אויגן געווען דערזען דעם בליק, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אויף איר. אָבער אירע חושים האָבן זי איצט פאַרלאָזן. זי האָט, אַ האַלב־פאַרשטאַרטע, געאַרבעט מיט די פינגער. דערשפּירט די שטילקייט אַרום, האָט זי זיך געצוואונגען צו שטעלן מאַרקן אַ מוטערלעכע פראַגע, אויסהערנדיק צעשטרייט זיין ענטפער; אָדער זי האָט אים גאָר געהייסן אויסנוצן דאָס פיינע וועטער און גיין שפּאַצירן. און דאָס איז געווען דער מאָמענט, ווען עס האָט זיך אים גראָד געוואָלט ריידן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ נידערגעשלאָגענער. ער האָט ניט געקאָנט האָבן צו איר קיין טענות. זי האָט זיך באַנומען צו אים איידל — און ווייט. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג זי אַריינצונעמען

פעסט אין זיינע אָרעמס, זי אויפצוטרייסלען, איר אַ ביס טון אין באַק אָדער אין שפּיץ אויער, ביז וואַנען זי וועט אויסשרייען.

— איך בין דאָ! נעם מיך ארום אָדער שלאָג מיך! האָב מיך ליב אָדער פיינט! אָבער זיי דאָ מיט מיר! קום צוריק!...

זי איז ניט צוריקגעקומען.

דעמאָלט האָט ער זיך באַשלאָסן. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט זיך דורכצוריידן מיט איר קומענדיקן זונטיק אויפדערנאַכט, נאָכן עסן.

יענעם זונטיק האָט זי, אין פרימאָרגן, מיטאַמאָל געלאָזט וויסן, אַז זי פאָרט אַוועק... זי האָט שוין געהאַט צוגעגרייט איר קופערט. אַביסל זשענירט, האָט זי אָנגעגעבן דעם תירוץ, אַז זי האָט געקראָגן נייס, וואָס רופן זי צוריק אין דער שווייץ שנעלער ווי זי האָט געהאַט גערעכנט. מער האָט זי גאָרנישט געזאָגט, און ער האָט פון איר ניט פאַרלאַנגט קיין ווייטערדיקע דערקלערונגען... ער איז געבליבן פאַרשטומט פון איבעראַשונג.

אַ גאַנצע וואָך האָט ער ארויסגעקוקט אויף אָט־דעם טאָג. ער איז שלעכט געשלאָפן. אין מיטן נאַכט האָט ער איבערגעחזרט פאַר זיך, וואָס ער וועט איר זאָגן. און איצט... אָט באַלד וועלן זיי זיך שיידן נאָך איידער ער וועט האָבן צו איר גערעדט! אין געאייל פון דעם לעצטן טאָג האָט ער ניט געקאָנט ריידן. ער האָט באַדאַרפט האָבן צייט, כאָטש אַן אָוונט, אויף צוזאַמענצונעמען זיינע געדאַנקען; זי האָט געמוזט אינגאַנצן זיך אָפּגעבן מיט אים. ווי אַזוי וואָלט זי אים געקאָנט אויסהערן מיט אָט־דעם צעשטרייטן בליק, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט דעם ווייזער פון זייגער, ווי ער רוקט זיך צו דער שעה פון אָפּפאָר!...

ער איז שוין געווען אַזוי צוגעוווינט צו אונטערדריקן זיינע געפילן, אַז ער האָט אָן אַ סימן פון פאַרוואונדערונג אויפגענומען די נייס, וועלכע האָט אים אַזוי שווער געטראָפן. ניט אויסצוריידן קיין וואָרט, האָט ער געהאָלפן זיין מוטער זיך צוצוגרייטן צו דער נסיעה. ערשט די לעצטע מינוט האָט ער זיך דערפילט גענוג זיכער מיט זיין שטים צו קאָנען איר זאָגן מיט אַן אָפּגעהאַקטן טאָן:

— האָסט דאָך צוגעזאָגט צו פאַרבלייבן ביז וואַקאַציע. האָסט ביי מיר צוגעגנבעט דריי חדשים...

(אַט־דער געדאַנק האָט מיט פאַרביטערונג זיך אַלץ געדרייט
ביי אים אין מוח).

אַנעט האָט זיך געגאַרט; זי האָט געזען אין דעם ניט מער ווי
אַן אויסדרוק פון העפלעכקייט צווישן משפחה, ניט מער ווי דאָס
זאָגן ביים געזעגענען זיך: „פאַרבלייבט דאָ!" — בעת מען איז
זיכער, אַז יענער פאָרט. זי האָט געענטפערט מיט דעמזעלביקן טאָן
פון פריינטלעכער שטיפעריי:

— אדרבה, איך שענק זיי דיר אַ מתנה.

דאָס אומרעכט האָט אים שטאַרק אָנגעגריפן, ער האָט אָבער
גאָרנישט ניט געענטפערט. צו וואָס וואָלט עס איצט גענוצט?
נאָך אַלעמען האָט זי איצט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס ער האָט מיט
אַ זעקס חדשים צוריק געטראַכט. פון וואַנען האָט זי עס געזאָלט
וויסן, אַז ער האָט זיך זינט דעמאָלט געענדערט?

זי האָט שפּעטער זיך דערמאָנט אָן דעם ערנסטן אויסדרוק אויף
זיין געזיכט, בעת ער האָט געקוקט אויף איר, שטייענדיק פאַר
דער פאָרטיערע פון וואָגאָן. סילוויע איז דאָרט אויך געווען, און
זי האָט גאָרנישט אויפגעהערט צו ריידן. אַנעט האָט איר געענטפערט,
זי האָט אָבער, ריידנדיק מיט איר שוועסטער, געקוקט אויף איר
זון, וועלכער האָט, אָן אומבאַוועגלעכער און אַ שטילער, ניט אַרונ־
טערגענומען פון איר די אויגן. זי האָט אַוועקגעפירט מיט זיך
אָט־דעם בליק, נאָכדעם ווי דער צוג האָט זיך אַוועקגעריסן אין דער
נאַכט אַריין, פאַרווישנדיק אין דער ווייט די צוויי סילועטן, וואָס
נאָר איינער פון זיי האָט געמאַכט צו איר מיט דער האַנט.

מאַרק האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים מיט זיין מומען. זי האָט
געטראַכט אין דער הייך און זיך ניט געהיט פאַר אים מיט קיין
ווערטער. זי איז געווען צוגעוויינט (אַביסל שוין צופיל) צו באַ־
האַנדלען אים ווי אַ מאַן. זי האָט געזאָגט:

— מיין פריינט, מיר זענען שוין ביי איר גאָרנישט. זי האָט
אימיצן אַנדערש אויפן זינען. זי האָט אַ ווילד האַרץ.

מאַרקן האָט וויי געטון צו הערן סילוויען אַזוי ריידן. ער האָט
זי שאַרף אָפּגעהאַקט:

— דאָס איז איר רעכט.

ער האָט איצט שוין געהאַט געוואוסט דורך סילוויען די

געשיכטע פון דעם מלחמה־געפאַנגענעם. ער האָט אויך געוואוסט, אַז סילוויע, ווי אַלע אַנדערע, האָט צוגעגעבן צו דער אוואַנטורע אַ ליבע־געשיכטע. אָבער פון אַלע מענטשן איז ער געווען דער איינ־ציקער צו גלויבן, אַז זיין מוטער האָט דאָ געפאָלגט אַ העכערן מאָטיוו. און סילוויעס איראָניע האָט אים באַליידיקט, גלייך ווי מען וואָלט געווען חושד געווען צעזאַרס ווייב. אָבער איידער צו שפּאַרן זיך איבער דעם, וועט ער שוין גלייכער געבן גערעכט זיין מוטער, וואָס אַזוינס זי זאָל ניט האָבן געטון...

— דאָס איז איר רעכט... „מיר זענען שוין ביי איר גאָרנישט“... דאָס איז מיין שולד. איך האָב זי פאַרלוירן. Mea culpa (מיין שולד)...

האָט אָבער אַ מענטש זיך נאָר מודה געווען, וועט ער שוין דערנאָך אויפהויבן דעם קאָפּ און זאָגן:

— דאָס וואָס איך האָב פאַרלוירן, וועל איך פריער אָדער שפּעטער, מיט גוטן אָדער מיט בייזן צוריקקריגן.

---

ביז דעם מאָמענט פון איר אָנקומען פון איר אַנעט געווען רואיק. זי האָט איצט געהאַט די אינסטינקטיווע פּייאיקייט צו באַזייטיקן די אומאַנגענעמע געדאַנקען; זי האָט זיי ניט אונטערגעדריקט, זי האָט זיי אָפּגעלייגט אויף שפּעטער.

ערשט אויף דער לעצטער סטאַנציע איז זי געוואָרן אומרואיק. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן פענצטער פון לויפנדיקן צוג צו זען, ווי דער קליינער וואָקזאַל, וועלכער איז איר געווען אַזוי באַ־קענט, קומט איר אַנטקעגן... יאָ, אַלץ איז געווען פּונקט אַזוי ווי איר זכרון האָט עס געהאַט איבערגעלאָזט. דער קליינער וואָקזאַל איז דאָרט געווען. — אים אָבער האָט זי דאָרט ניט געזען...

אַנעט האָט ביי דער גרעניץ אים טעלעגראַפירט וועגן איר צוריקקומען. אָבער אין יענע מלחמה־טעג האָט דער גאָט מיט די באַפליגלטע פיס געהאַט זוילן פון בליי... און ווידער, דאָס ליבע אינגל, — מען האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זיך אויף אים פאַרלאָזן!...

אַנעט האָט זיך ניט געוואונדערט, דאָך איז זי געווען אַנטוישט.

זי האָט זיך געלאָזט גיין צום שטיבל. אין מיטן וועג האָט זי דערזען פראַנצן, קומענדיק איר אַנקעגן. איר פרייד האָט אויפ־געפלאַטערט און איז באַלד גלייך צוריקגעזונקען: פראַנץ איז ניט

געווען אליין, מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין איז געגאַנגען ביי זיין זייט. פראַנץ האָט אַביסל פאַרשנעלערט זיין גאַנג, האָט אַ קוש געטון אַנעטען אין האַנט און זיך העפלעך אַנטשולדיקט, וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט. אַנעט האָט אים געענטפערט אין אַ שפּאַסיקן טאָן און זיך דערביי פאַרפּלאָנטערט אין די ווערטער; אַ זייטיקער בליק איז געווען אַנגעשטעלט אויף איר. זי האָט זיך געווענדט צו מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין. אַ גלייכע און אַ שטאָלצע, האָט דאָס יונגע מיידל געוואַרט. אַנעטעס אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די האַרטע, בלויע אויגן, וועלכע האָבן צוגעזען איר פאַרלעגנקייט: די צוויי פרויען האָבן זיך געטוישט מיט אַ קאַלטן שמייכל און מיט עטלעכע העפלעכקייטן. זיי האָבן אַלע דריי זיך געלאָזט גיין ווייטער, שמועסנדיק גאַנץ פריינטלעך... אַנעט האָט אָבער ניט אָנגעהויבן צו וויסן וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט. אַריינגעקומען אין שטוב, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַנעטען אַליין אונטער דעם פּאַסיקן אויסרייד, אַז זי האָט באַדאַרפט זיך אויסרוען, און פראַנץ, נאָך אַלץ אַ זייער העפלעכער, האָט אָפּגעפירט דאָס מיידל אַהיים. אין אָוונט האָבן זיי זיך געזאָלט ווידער טרעפן ביי מאַדאַם דע־ווינטערגרין, וועלכע האָט פאַרבעטן אַנעטען צו זיך.

אַליין ביי זיך אין צימער, איז אַנעט געבליבן שטיין פאַרן שפּיגל, מיטן הוט אויפן קאָפּ און מיטן וועג־מאַנטל. זי האָט געקוקט אויף זיך און זיך ניט געזען. זי האָט געטראַכט... ניין, זי האָט ניט געטראַכט!... זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ שטילן נערוועזן געלעכטער, האָט אַ ווײַלע זיך פונאַנדערגערירט פון איר היפּנאָטישן צושטאַנד, כדי גלייך ווידער אַריינצופאַלן אין דעמזעלביקן היפּנאָז. זי האָט זיך אָוועקגעריסן פון שפּיגל און איז געבליבן שטיין, אַ פאַרגליווערטע, ביים פענצטער, אין אָנגעזיכט פון די בערג און פון הימל, וועלכע זי האָט ניט געזען. זי האָט נאָך אַלץ ניט אַפּירגענומען דעם הוט און די הענטשקעס. אַ מידיקייט האָט זי מיט אַמאָל אַדורכגעדרונגען. זי האָט דערפילט אין זיך אַ ליידיקייט. מאָרגן וועט זי זיך פונאַנדערקלייבן אין אירע געפילן...

אין אָוונט, ביים עס־טיש, האָט זי געמוזט זיין אויסגעהיט ניט אַרויסצואַווייזן אירע געפילן פאַר די מענטשן אַרום, — און אַזוי אַרום האָט זי אַליין וועגן דעם געמוזט טראַכטן... ווי שווער עס

האָבן געדריקט אויף איר אַט־די פריינטלעכע ווערטער! מען האָט זי אויסגעפרעגט וועגן איר נסיעה, וועגן פּאַריז, וועגן די זיטן און די מאָדעס, וועגן די פּרייזן אויף פּראָוויזיע און וועגן דעם, ווי לאַנג די מלחמה וועט זיך נאָך ציען. זיי האָבן געהאַלטן אין איין ריידן און עס איז געווען אַזוי קלאָר, אַז יעדער איינער, אַ חוץ פראַנצן אפשר, האָט געזאָגט ליגן! ווי די צוויי פרויען האָבן ניט געזוכט זיך אויסצומיידן, האָט אַנעט זיך אַלץ צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם נאָכשפּירנדיקן בליק פון מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין, וואָס זי האָט אים ניט געקאָנט פאַרטראָגן. יענע האָט ניט אַדורכגעלאָזן קיין איין קנייטשעלע אויף איר געזיכט. זי האָט אָבער דאָרט ניט געפונען אַזוי פיל קנייטשן, וויפיל זי האָט חשק געהאַט צו זען. מיטן כוח פון דעם קאַמף, וואָס אַנעט האָט אָנגעפירט, האָט איר מידיקייט זיך אינגאַנצן אָפּגעטון פון איר. די הויט פון איר געזיכט האָט צוריק אָנגענומען דעם ווייכן, גאָלדיקן גלאַנץ. זי האָט גע־שמייכלט, אַ זיכערע אין זיך, אַ רואיקע, אַ יונג־געוואָרענע. איצט האָט גאָר דאָס יונגע מיידל אויסגעזען צו ווערן געעלטערט. אירע געזיכט־שטריכן זענען פאַרשטייפט געוואָרן. אַן אומרואיקע שווער־קייט האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון איר שטאָלצער זיכערקייט. זי האָט דערפילט אַ באַדערפעניש אונטערצושטרייכן אירע מעלות. זי האָט אָבער איבערגעכאַפּט אין דעם די מאָס און זיך נאָר קאָמפּראָ־מעטירט.

זי האָט גערעדט צו פראַנצן מיט איבערגעטריבענער אינטימ־קייט. אַנעט האָט אַ קוק געטון אויף איר, אַביסל אָנגעכמורעט. עריקאַ דע־ווינטערגרין האָט עס ניט פאַרפעלט צו באַמערקן. זי האָט דאָס פאַרצייכנט ווי אַ געווינס פאַר זיך. כדי צו געווינען נאָך אַ פּונקט, האָט זי, ביים אויפהויבן זיך פון טיש, געמאַכט דעם געוואַגטן שריט אוועקצונעמען פון אַנעטן דעם אומזיכערן, צעטראָגענעם פראַנצן, וועלכער האָט געקוקט אויף איר, גלייך ווי ער וואָלט זי ערשט געזען צום ערשטן מאָל דערזען. זי האָט אים אַריינגעפירט אין דעם קליינעם דערבייאיקן זאַל, וואו זי האָט אים מאָנאָפּאָליזירט. מאַדאַם דע־ווינטערגרין האָט זיך גענומען צו פאַרנעמען אַנעטס אויפמערק־זאַמקייט. אַנעט האָט ניט אַרונטערגענומען די אויגן פון עריקאַן. אַנגעבויגן צו פראַנצעס אויער, האָט דאָס יונגע מיידל געלאַכט מיט

א געצוואונגענעם געלעכטער, מאכנדיק דעם אָנשטעל ווי זי וואָלט אים געווען איינגערוימט שטיפערישע סודות און ווארפנדיק דערביי זייטן־בליקן אויף אַנעטן. מאדאם דע־ווינטערגרין האָט ארויס־געמורמלט:

— די ליבע קינדער, — זיי קאָנען זיך גאָר ניט שיידן איינס פון אַנדערן...

און בעת עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך נאָכגעפרעגט ביי אַנעטען וועגן פראַנצן, האָט זי אָבער געוויזן, אַז זי איז גענוי אינפאָרמירט מכוח זיינע מאַטעריעלע אומשטענדן און מכוח זיין משפחה.

אַנעט, אַבסאָלוט רואיק אין אַלע אירע באַוועגונגען, כאָטש טיף אין הארצן האָט געברענט אין איר דער כעס, צוזעענדיק מיט א מאָדנער קלאָרקייט אַלץ, וואָס איז געווען ארום איר, טויב צו דעם, וואָס האָט געשטורעמט אין איר, האָט זיך רואיק אויפגעהויבן. נאָך אַלץ ריידנדיק, האָט זי באַטראַכט די פאָטאָגראַפיעס אויף דער פיאַנע; נאָך אַלץ ריידנדיק, האָט זי מעכאַניש אויפגעהויבן די דעק פון דעם אינסטרומענט, גלייך ווי זי וואָלט וועלן איבערלייענען דערויף דעם נאָמען פון דער פירמע; און פונקט אזוי מעכאַניש, גלייך ווי זי וואָלט וועלן זי אויספּרואוון, האָט זי אַדורכגעפירט די פינגער איבער די ביינדלעך. איר האַנט האָט א קלאַפּ געטון איבער דער קלאַוויאַטור. אָבער ניט נאָר די קלאַוויאַטור אַליין האָט געקראָגן דעם קלאַפּ. יעדערער פון די דריי האָט דערפילט דעם שטויס גלייך אין הארצן אריין. די פרוי, וואָס האָט זיך אריינגעריסן צווישן זיי, האָט זיי אריינגעקוקט אין פּנים אריין:

— איך בין דאָ...

א באַצווינגענדיקער שטויס פון ווינט... דריי מעכטיקע אַקאָרדן. דריי אויסגעשרייען פון צערייצטער ליידנשאַפט... דערנאָך איז גע־קומען א שטילקייט, א יאָמער, וואָס האָט פון די בארג־שפּיצן אין דעם וויסטן הימל געקייקלט ארונטער, אזוי ווי אַן אויסשפּרייט פון וואָלקנס, זיינע לאַנגזאַמע, נידערנדיקע טענער... ווי א כישוף־נעץ, וואָס לאָזט זיך ארונטער, פאַנגענדיק נשמות אין אירע שלייפלעך...

אַליין געפאַנגען אין איר אייגענער געפאַנגענשאַפט, האָט אַנעט, איבערגעבויגן איבער דעם קלינגעוודיקן אָפּגרונט, געזען ארויסקומען

פון אירע ניט־נאָכגעדענקטע אַקאָרדן דאָס קלאָגליד (Lamento), וואָס הויבט אָן מיט זיך די אָוועדטורע פון „מאַנפרעד“.

פראַנץ האָט זיך אַ לאָז געטון צו איר. אַ מוזיקער בירושה און אין דער נאַטור, האָט ער ניט געקאָנט ביישטיין דעם צויבער. אינגאַנצן מבולבל, האָט ער אָנגעשטעלט זיין בליק אויף דער צירצע, וועלכע האָט אַרויסגערופן די גייסטער...

אַנעט האָט שוין זינט יאָרן כמעט ווי גאָרנישט געשפּילט. זי איז געווען אַ גוטע שפּילערין אין איר יוגנט. אָבער די אומשטענדן האָבן זי געהאַט געצוואונגען צו פאַרקויפן איר אַלטע פּיאַנע, — און די יאָרן פון זאָרג, די אומאויפהערלעכע אַרבעט האָבן איר זעלטן ווען געגעבן די מעגלעכקייט צו פּראַקטיצירן. מיט דער מלחמה האָט אַ מין געפיל פון אָפּקער זי געהאַלטן דערווייטערט פון דער מוזיק; עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָפּצוגעבן זיך אין אַזאַ צייט מיט מוזיק וואָלט געהייסן באַגיין אַן אומרעכט אַנקעגן דער ליידנדיקער וועלט. ווען עס איז איר אַמאָל אויסגעקומען צו עפענען אַ פּיאַנע, האָט זי עס געטון בגנבה, גלייך ווי זי וואָלט צופרידנגעשטעלט עפּעס אַ זינדיקע לוסט. אָבער וואָס מער דער שכל האָט דאָס פאַרדאַמט, אַלץ שטאַרקער און העפטיקער איז געוואָרן דער חשק. אין אַזוינע מאָמענטן האָט די מוזיק זי געהאַלטן געפאַנגען אונטער אירע צערט־לעכקייטן, ווי אונטער די צערטלעכקייטן פון אַ געליבטן; אָן כוחות צו באַוועגן זיך, מיט אַ ברענענדיק מויל, האָט זי געפילט דאָס שפּאַרן פון שטראָם, וועלכער האָט זי מיטגעשלעפּט מיט זיך און איר איבערגעלאָזט נאָר אַזוי פיל קלאָרקייט פון שכל, אַז זי זאָל קאָנען נאָכפאָלגן די פאַרביילויפנדיקע ברעגן און דעם שווינדלדיקן געדריי פון וואַסער. דער קערפּער געבונדן, פּאַראַליזירט, האָט איר גאַנצער כוח פון פרייקייט געפונען אַן אויסדרוק אין דעם בליק פון אירע אויגן...

אַט־דער צעמישטער, האַרטער בליק האָט זיך איצט אויפגעהויבן פון די פּאַליעס פון דער קלאַוויאַטור און איז מיט שווערקייט אַדורכגעגאַנגען דעם קרייז פון די דריי פּנימער, וואָס האָבן זי נאָכגעשפּירט: פראַנץ, אַ באַזיגטער, מיט אַן איבערגעפילט האַרץ; דאָס יונגע מיידל, אויפגעפּרעסן פון צאָרן און מורא; און די איבערגעשראָקענע מוטער, וועלכע האָט געוואָלט פאַרשטיין... דער

בליק האָט זיך פֿאַרשנדיק אָפּגעשטעלט אויף זיי, בעת דורך די הענט אירע האָט געֿרעדט דער דעמאָן פֿון דער נשמה...

ביי דעם דאָזיקן פּונקט פֿון פֿאַרשפּיל, וואו אַ פּיבערדיקע אומרו דרינגט אַדורך דאָס עלעגישע קלאַגליד, וואו די באַוועגונג ווערט האַסטיקער, וואו די ליידנשאַפט ווערט קאָנצענטרירט און דאָס שאַלן פֿון די טרומייטן לאָזט וויסן דעם דראַנג פֿון די פֿלייצנדיקע וואַסערן, — פּונקט אין אָט־דער רגע, ווען עס ווערן אַדורכגעבראָכן די שליוזן, האָט אַנעט זיך אָפּגעשטעלט; אירע פֿינגער זענען מיטאַמאָל געבליבן שטיין אויף די פּאַרדריקטע ביינדלעך; דער גייסט פֿון די אַקאָרדן האָט פֿאַרלענגערט אין שטילקייט זיין פֿליען, וואָס איז איבערגעבראָכן געוואָרן אינמיטן... די וויבראַציעס האָבן דערנאָך צוזאַמענגענומען זייערע פֿליגל און זיך אַרונטערגעלאָזן... אַנעט האָט זיך אויפֿגעהויבן. זי האָט אויסגעזען קאָמיש אין אירע אייגענע אויגן...

פֿראַנץ, אַ צעטומלטער, האָט מיט וואַרעמקייט אין דער שטים גענומען זיך בעטן, זי זאָל ווייטער שפּילן. מאַדאַם דע־ווינטערגרין, אָן וואַרעמקייט, האָט מחמת העפֿלעכקייט זיך אָנגעטון אַ כּוח און איז צו איר אויך צוגעשטאַנען. עריקאַ איז געבליבן זיצן שטיל, מיט בייזקייט אַרום דעם מויל און מיט פֿאַרשנירטע ליפּן. אַנעט האָט זיי אַלעמען באַטראַכט מיט אַ קאַלטן שמייכל. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— איך גיי אַהיים. איך בין מיד.

זי האָט געווענדט איר בליק צום אונטערטעניקן פֿראַנצן.

— איר וועט מיך אָפּפֿירן אַהיים.

ביים אַרויסגיין האָט זי דערזען אַנגסט און שנאה אין דער מיידלס אויגן.

זיי זענען געגאַנגען זייט־ביי־זייט, אונטער די פֿראָסטיקע שטערן. דער אָפּגרונט פֿון רוים האָט פֿאַרלענגערט אַרום זיי דעם אָפּגרונט פֿון דער מוזיק. דער ערעבוס פֿון דער נאַכט און די פֿייערדיקע פֿיש... זיי האָבן ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט ביז צו דער שוועל פֿון איר טיר... פֿינצטערניש... זיי זענען אַליין געווען אַ שטיק פֿינצטערניש... ער האָט אַרויסגעמורמלט:

— אַ גוטע נאַכט...

דעמאָלט האָט ער דערזען פאַר זיך דעם באַוועגלעכן שאָטן, וועלכער האָט זיך געזאָלט פאַרשליסן פון אים. זייערע מיילער האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן...

אַנעט איז פאַרשוואונדן. ער האָט זיך געפונען איינער אַליין פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר. ער איז אַוועק דורך דער נאַכט אַהיים...

זי איז אַרויף צו זיך אין צימער, ניט צו טראַכטן פון גאָרנישט. די געדאַנקען זענען נאָך אַלץ ניט געווען געקומען צו איר...

עס איז געווען קאַלט, עס איז געווען פינצטער. די מידיקייט האָט געדריקט אויף איר, ווי אַ שטיין וואָלט אויף איר געווען אַרויפגעפאַלן. און דער געדיכטער אָנפלייץ פון דער נאַכט אין איר האָט זי דערטרונקען אין אַ שטראָמיקן, אוילִיקן טייך... זי האָט זיך אויסגעטון מיט אַ שווערער און אייליקער האַנט, ניט צוזאַמענ־צולייגן די קליידער, וואָס זי האָט פון זיך אַרונטערגענומען. מיטן קאָפּ אויף דער קישן און דאָס ליכט אויסגעלאָשן, האָט זי דערזען אויפן שוואַרצן הימל דעם „הימל־וואָגן“. און אין מוח ביי איר האָבן אויפגעלויכטן זאַכן לאַנג־געזעענע, דער עבר... ווי אַ שטיין, וואָס רייסט זיך אָפּ פון אַ פעלזן־באַרג, אַזוי איז זי געפאַלן...

אָבער גראָד אין דעם מאָמענט (אַ מאָמענט?) האָט די באַ־שווערטקייט פון איר האַרץ אויפגעוועקט איר באַוואוסטזיין. זי האָט זיך ווידער דערזען, זיצנדיק אויפן בעט, דריקנדיק די ברוסט מיט די הענט און אויסרופנדיק צו זיך אַליין:

— ניין! דאָס איז ניט מעגלעך!...

וואָס אַזוינס איז ניט געווען מעגלעך?... זי האָט געוואַרט, ביז דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ וועט פאַרשטילט ווערן. עס איז פאַרשטילט געוואָרן. אָבער באַלד האָט עס ווידער גענומען קלאַפּן. און בעת זי האָט געוואַרט, האָט זי געזען, ווי דער הימל־וואָגן, אַן איבערגעקערטער, איז פאַרגאַנגען אונטערן האָריזאָנט. נאָר איין הינטערשטע ראָד האָט זיך אַרויסגעזען פון איבער דעם שפּיץ באַרג... אירע צוזאַמענגעדריקטע פינגער האָבן שטיל, אָן גערויש געפייניקט איר ברוסט. זי האָט אַלץ אַרויסגעזיפצט:

— ניין! דאָס איז ניט מעגלעך!...

וואָס אַזוינס איז עס פּאָרט געווען?... זי האָט עס געוואוסט...
— האָב איך זיך אַליין גענאַרט? האָב איך זיך טאַקע געלאָזט פאַנגען? ווידעראַמאָל?... איך האָב אים אָבער ליב געהאַט!...

אָט־דאָס, הייסט עס, איז עס געווען באַהאַלטן אונטער דער מוטערלעכער צאַרטקייט, מיט וועלכער זי האָט זיך אַליין פאַרוויגט!...
זיי זענען, הייסט עס, געווען גערעכט, — מאַרסעל פראַנק און סילוויע, אָט־די פאַריזער חברהלייט, וועלכע האָבן מיט זייער איראָניע דערשפּירט די זינדיקע מאָטיוון, וואָס זענען געלעגן באַהאַלטן אונטער איר איבערגעגעבנקייט!

— אָבער גאָט ווייס, אַז איך האָב פאַרגעסן אָן זיך, אַז איך האָב זיך איבערגעגעבן, ניט צו ערוואַרטן קיין שום לוין דערפאַר, גלויבנדיק, אַז איך האָב אין דעם ניט קיין שום פּערזענלעכן אינ־טערעס!... אָבער דער פּערזענלעכער אינטערעס האָט, ווי אַ גנב, זיך דאָך אַריינגעשלייכט אין הויז אַריין. איך האָב דערצו מיט־געהאָלפן. איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך שלאָף, כאָטש איך האָב געהערט דאָס אָנקומען פון די גנבישע טריט פון דער ליידנשאַפט. איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: „איך האָב אים ליב צוליב אים“... און איך האָב אים גאָר ליב געהאַט צוליב זיך! איך וויל אים האָבן! איך וויל!.. אַך, סאַראַ שפּאַס! ווער איז עס דער „איך“, וואָס „וויל“? איך מיט מיינע גרויע האָר, איך, מיט דעם גאַנצן שטויב פון וועג אָנגעזאַמלט אויף מיין קערפּער, מיט מיין אומנוציקער דערפאַרונג און מיט מיין ליידן, מיט אַ מהלך פון צוואַנציק יאָר צווישן מיר און אים, — מיט וועלכע אויגן מוז עס דאָס אינגל קוקן אויף אָט־דעם מהלך! אַ שאַנד און אַ ווייטיק!

זי איז געווען צעדריקט פון הכנעה.

זי האָט אָבער, ברענענדיק פון צאָרן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— פאַרוואָס?... האָב איך דען דאָס געוואָלט? האָב איך דען דאָס געזוכט?... פאַרוואָס האָב איך זיך דערפילט אַזוי געטראָפן? פאַרוואָס בין איך דאָס אַזוי פאַרברענט געוואָרן? צו וואָס אָט־דער דאָרשט נאָך ליבע? אָט־די אויסגעהונגערטע ליידנשאַפט? צו וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן אַ האַרץ, וואָס פאַרבלייבט יונג, אין אַ קערפּער, וואָס ווערט געעלטערט?...

זי האָט זיך איינגעקלעמט מיט די הענט אין די בריסט. אָט־די

נאַטור, וואָס האַלט אייך ווי אַ שפּין אין איר געוועב, — ווי קאָן מען זי בייקומען? זי האָט געוואָלט זי לאָזן בלוטן אין איר אייגענעם לייב. מען קאָן אָבער ניט פאַנגען דעם ים אין אַ נעץ.

זי האָט רעוואָלטירט:

— איך בין פאַרליבט... איך בין פאַרליבט... איך בין נאָך ווערט ליב צו האָבן!... די אייפערזיכטיקע מורא פון אָט־דער מיידל זאָגט עס מיר גאַנץ קלאָר... איך האָב אים געפאַנגען און איך האַלט אים. עס ווענדט זיך אָן מיר, אַז ער זאָל זיין מיינער, אויב איך זאָל עס נאָר וועלן. איך וויל דאָס. איך האָב ליב. עס איז מיין רעכט.

איר רעכט? דער אומזין פון אָט־דעם וואָרט האָט זי געטראָפן אין הארצן. דאָס רעכט, אָט־די פיקציע, וואָס דער מענטש האָט זי פאַבריצירט, אינאיינעם מיט זיין געזעלשאַפט! אָט־די רויטע פאָן פון דעם רעוואָלטירנדיקן שקלאַף אין דער אומרחמנותדיקער מלחמה, וועלכע האָט זינט די צייטן פון פראָמעטעאוס שטענדיק, שטענדיק זיך געענדיקט מיט פאַרניכטונג! אָט־די צביעות פון דעם שטאַרקערן, וועלכער צעדריקט דעם שוואַכערן, דעם דערשלאָגענעם, וואַרטנדיק, אַז ער, פון זיין זייט, זאָל אויך דערשלאָגן ווערן!... אין אָנגעזיכט פון דער נאַטור איז ניטאָ קיין רעכט. די גלייכגילטיקע קראַפט נערט זיך מיט מיליאָנען לעבנס. אַנעט, איינע פון אָט־די מיליאָנען, איז געווען איר קרבן. זי האָט געקאָנט אָפּציען איר מפּלה אויף אַ טאָג, אויף אַ שעה, אויפן חשבון פון אַנדערע קרבנות. אָבער די מפּלה האָט געמוזט קומען. און איז דען כדאי געווען די מי זי ווייטער אָפּצולייגן דורך דעם ליידן פון די אַנדערע קרבנות?...

זי האָט אויסגערופן:

— פאַרוואָס דען ניט?... אַ טאָג, אַ שעה באַזיץ, — האָט עס גאָר קיין באַטרעף ניט? די אייביקייט איז אין איין מאָמענט, ווי די וועלט איז אין איין לעבעדיקן באַשעפעניש... און דאָס ליידן פון דעם צווייטן קרבן, פון דער קאָנקורענטין, וואָס מען נעמט אין איר נקמה, — איז דאָס אויך אַ נאַרישקייט? נו, און דאָס גליק, וואָס לויפט פון אייך, דאָס גליק, פון וועלכן מען וויל אייך באַרויבן, — איז דאָס אויך פון די קליינע זאַכן? ניין, שוין בעסער וועל איך

זי באַרויבן, בעסער וועל איך זי פּייניקן, בעסער וועל איך זי אומברענגען!...

אַ טשאַטע ווילדע פייגל האָבן מיט אַ בייזן געיאָמער זיך אַ לאָז געטון צו איר. שטעכיקער שטאָלץ, גרויזאַמע פרייד פון אייפער־זוכט און נקמה... דאָס קלאַפּן פון זייערע פליגל און זייערע געשרייען האָבן זי פאַרטויבט... פון וואַנען זענען זיי דאָס געקומען?...

— דאָס אַלץ איז אין מיר!...

אַ געמישט געפיל פון שטאָלץ און פון שרעק האָט זי באַהערשט; זי האָט דערפילט אַ ברענונג ווי פון צעשמאָלצענעם בליי, אַ פרייד פון ווייטיק ביז צום חלשן, אַ טויטלעכע איבלקייט... זי האָט גאָרנישט ניט געטון, כדי זיי אָפּצוטרייבן פון זיך. זי האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טון. ווי איינער, וואָס שטאַרבט אין מיטן פעלד, איז זי געלעגן אונטער דעם פלאָנטער פון די רויב־פייגל, וועלכע האָבן זיך געריסן איבער זייער רויב. צוויי מחנות זענען זיי געווען, באַגלייך שונאים און חברים: דער הונגער פון באַזיץ און די אויס־געהונגערטע אָפּערוויליקייט. ווייל די אָפּערוויליקייט, באַגלייך מיטן אַנדערן, האָט אויך געהאַט אַ רויבערישע קרעל, אַ גיריקן שנאָבל, — און סיי דאָס גוטע, אַזוי אויך דאָס שלעכטע (וואו האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ערשטע און וואו דאָס צווייטע?) האָבן ביידע געטראָגן דעמזעלביקן מאַנטל פון ווילדער אוממענטשלעכקייט.

די הענט צענויפגעלייגט, אַ נאַקעטע, איז זי געלעגן אויס־געצויגן, ווי אַ פאַרצוקטע חיה, אונטער דעם געווירבל פון די ראָבן...

און וואַרטנדיק, האָט זי אַריינגעקוקט אין זיך. ניט די מורא, אַזוי אויך ניט די ליידנשאַפט האָבן איר ניט געשטערט צו זען. זי האָט זיך געזען אין איר נאַקעטקייט. און זי האָט געזען, אַז שוין פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָט זי געזאָגט ליגן. זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט אים ליב געהאַט, זי האָט עס די גאַנצע צייט געוואוסט... זינט ווען?... זינט זשערמען האָט איר געזאָגט: „האָט אים ניט צופיל ליב"? — אַ סך פריער! — זינט ער איז אַנטלאָפן פון לאַגער? — אַ סך פריער, אַ סך פריער!... און איר וואונדערן זיך אָט־ערשט, איר תמימותדיק וואונדערן זיך, ווען זי האָט געהאַט אַנטדעקט די ליבע, וועלכע האָט שוין אַזאַ לאַנגע צייט געוואוינט אין איר האַרצן!...

— אַקטריסע!... ווי דו קאָנסט עס זאָגן ליגן!...

זי האָט געלאַכט פון פאַראַכטונג צו זיך. ווען איר פּיין האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט, האָט די קלאָר־זעענדיקע איראָניע גענומען פאָדערן איר רעכט. עס זענען געווען אין איר צוויי כוחות צו פירן צווישן זיך דעם דיאַלאָג: די סענטימענטאַלישקייט, וועלכע פאַרבלענדט, און די שטרענגע אָפּשפּעטערין, וועלכע רייסט גאָר אָן רחמנות אַרונטער די מאַסקע און האָט אויגן, וואָס זעען.

---

אָבער מיטן זען ווערט די ליידנשאַפט ניט פאַרקירצט אפילו ניט אויף קיין שעה, זי ווערט נאָר מער פאַרביטערט.

די נאַכט איז פאַריבער. דער טאָג האָט פאַריאָגט די רויב־פייגל. זיי זענען אָבער נאָך אַלץ פאַרבליבן הענגען אויף די ביימער אַרום און האָבן איינס סאַנדערע געדראָט. קיין איינע פון די צוויי טשאַטעס האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן. יעדערע פון זיי האָט גע־פאָדערט איר רעכט. אַן אויסגעמאַטערטע, אַ באַטויבטע, האָט אַנעט זיך אויפגעהויבן. זי האָט קיין זאַך ניט באַשלאָסן. עס האָט איר גערוישט אין די אויערן. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט און גענומען וואַרטן...

ביז וואַנען פראַנץ האָט זיך באַוויזן. זי האָט דורכן פענצטער אים געזען אָנקומען איבערן וועג. זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט קומען.

ער איז צוגעקומען צום הויז, האָט, קווענקלענדיק, געקוקט אויף דער טיר און איז אוועק ווייטער... אָפּגעגאַנגען אַ דרייסיק טריט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און איז צוריקגעקומען. דורך די פאַר־האַנגען האָט זי געזען זיין פאַרזאָרגט פּנים, זיין פלאַטערנדיקע אומזיכערקייט, זיין צעדרודערטקייט. צוגעקומען נאָענט צו דער טיר, איז ער ווידער געבליבן שטיין. דערנאָך האָט ער געמאַכט אַ שריט פאָראויס, ווי ער וואָלט וועלן אַריינקומען. ער איז אָבער ניט אַריין. ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק צום פענצטער, וואו אַנעט איז געזעסן. זי האָט שנעל זיך געגעבן אַ וואָרף אויף צוריק. זי האָט מער קיין זאַך ניט געהערט, אַחוץ דעם האַסטיקן קלאַפּן פון די צוויי הערצער. אָבער איר אייגן האַרץ איז באַלד געוואָרן רואיקער, איר אָטעם געמעסיקטער. דורך אירע צוגעשלאָסענע אויגנלעדלעך

האָט זי אים געזען: זיין צעמישונג, זיין פאַרלאַנג, זיין שוואַכקייט. זי האָט איצט געהאַט צו אים אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט — רחמנות — פאַראַכטונג...

ווען זי האָט, אין עטלעכע מינוט אַרום, ווידער געוואָרפן איר בליק איבערן וועג, איז ער שוין דאָרט ניט געווען. זי איז אָבער געווען זיכער, אַז ער איז געבליבן שטיין אויפן אויסבייג פון וועג, ניט אַראָפּצונעמען די אויגן פון איר שוועל, וואַרטנדיק, אַז זי זאָל אַרויסקומען...

דעמאָלט איז געקומען פון הימל אַ געראויש פון שווערע פליגל. די פייגל זענען אָפּגעפלויגן. די טשאַטע רויב־פייגל, וואָס האָט געטשאַטעוועט אויף איר נשמה, האָט זי פאַרלאָזן. און איר נשמה האָט זיך דערפילט ליידיק, ווי אַ הויז, פון וועלכן מען האָט אוועקגענומען דאָס מעבל. די טיר איז געווען אָפן. די געשפּענסטער פון דרויסן זענען אַהין אַריינגעקומען: די אַנגסט, עריקאַ דע־ווינטערגרינס איינגעשרומפּן געזיכט, פראַנצעס בלינדער פאַרלאַנג... אַנעט האָט איצט דערזען איר גרויסע מאַכט איבער אָט־די שוואַכע קינדער. און זי האָט זי אויסגענוצט. אַנקעגן זיך אַליין.

אַנקעגן זיך, אָבער ניט פאַר זיי. זי האָט זיי אונטערגעזוכט מיט דער קאַלטער קלאָרקייט, וועלכע וויל זיין אומפּאַרטייליש אין איר משפּט. אָבער דער משפּט איז האַרט, ווען ער באַניגנט זיך צו זוכן יושר אָן דער מידה פון רחמים. מיט שטרענגקייט, אָן שום איינזען האָט זי געוואויגן עריקאַס און פראַנצעס מעלות און חסרונות. אומזיסט האָט זי גערעכנט, אַז עס איז איר געראָטן צו באַזייטיקן דאָס פּערזענלעכע געפיל, אַז זי האָט דאָ גענומען אין אַכט ניט מער ווי נאָר די מעגלעכקייטן פון זייער ביידנס גליק.... עס זענען פאַראַן געוויסע שפּאַרינעס, דורך וועלכע דאָס אַרויסגע־טריבענע פּערזענלעכע געפיל שלייכט זיך צוריק אַדורך. זי האָט געהאַלטן, אַז מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין איז גאָרנישט קיין שיינע. זי האָט זי אויך ניט געהאַלטן פאַר קיין גוטע. וואָס איז שייך איר געזונט־צושטאַנד, איז איר דיאַגנאָז איבער דעם געווען אַ שאַרף־פּעסימיסטישער. זי האָט זי עקזאַמענירט, אַרונטערציענדיק פון איר אין געדאַנק די קליידער. דאָס איז ניט געווען די פרוי, וואָס זי וואָלט וועלן האָבן פאַר פראַנצן... („וואָס זי וואָלט וועלן האָבן!“

סאַראַ איראָניע!...) איר געפיל פון נקמה האָט זי אויך ניט דערלאָזט צו באַגיין זיך צאַרטער מיט אים. זי האָט אים אַדורכגעזיפּט דורך אַ זיפּ. וויפיל קלייען! זי האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זיין כאַראַקטער. זי האָט שטרענג אָפּגעשאַצט די פעסטקייט פון זיינע געפילן. זי האָט געלייגט גאַנץ ווייניק האָפענונג אויף דער צוקונפט פון אַזאַ־אַ זיווג... איז דאָס אַלץ איר דיקטירט געוואָרן נאָר פון דעם שכל אַליין?...

די צייט איז געלאָפן. דעם גאַנצן פרימאָרגן איז אַנעט געבליבן פאַרשלאָסן ביי זיך אין צימער, זי האָט אויף קיין זאַך ניט געקאָנט זיך באַשליסן. זי האָט עס אָפּגעלייגט אויף אַ שפּעטערער שעה. געגוג געטראַכט!.... זי האָט פאַריאָגט די געדאַנקען פון איר קאָפּ. שטילקייט...

שפּעט נאָך האַלבן טאָג האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַרויסגעגאַנגען. אירע טריט האָבן מיט פעסטער באַשלאָסנקייט זי געפירט צו מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין.

זי האָט זי געטראָפן איינע אַליין אין זאַל. דאָס האַרץ פון דער יונגער מיידל האָט גענומען קלאַפּן נאָר אויף אַרויסצושפּרינגען. זי האָט זיך אָבער מיט קיין זאַך ניט אַרויסגעגעבן. אַן אויסגעפּוצטע, גלייך ווי זי וואָלט געוועזן זיך געריכט אויף דעם וויזיט, מיט איר קרוין ליכטיק־גאָלדיקע האָר, וועלכע זענען געווען זאָרגלעך אָפּגעצויגן, ניט צו לאָזן קיין איין לאָקן פריי אַרומפלאַטערן, מיט אַן אָפענעם, בולטן שטערן, וואָס האָט אויסגעדריקט פעסטקייט פון ווילן, מיט אַ גאַווהדיקער, פאַרשלאָסענער מינע, האָט עריקאַ ניט־געאיילט זיך אויפגעהויבן, האָט קורץ געענטפערט אויף אַנעטעס באַגריסונג און איר אָנגעוויזן מיט אַ קאַלטן שמייכל אויף אַ שטול. זי איז געשטאַנען פאַר איר, אַן אָנגעלאָדענע. אָבער דאָס געניטע אויג פון דער אַנדערער האָט געוואוסט ווי דורכצודרינגען יענעמס נשמה. בעת זיי האָבן זיך געטוישט מיט די אָנגענומענע העפלעכקייטן, האָט אָט־דער בליק ניט פאַרפעלט צו באַמערקן, ווי דער האַלז ביי איר האָט זיך צוזאַמענגעצויגן פון אויפרעגונג. דאָס יונגע מיידל האָט פאַרדריקט אַן אַגרעסיוון שמייכל אין דעם לינקן ווינקל פון אירע ליפּן און עס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן צו באַהערשן דאָס

ציטערן פון איר בלאסן מויל, דעם געערגערטן טאָן פון אירע רייד, איר צעטומלטקייט, איר פאַרקלעמטקייט, איר מורא, איר פאַרבי־טערונג. אַנעט האָט דערפון הנאה געהאַט, — לאַנגזאַם, מיטן געדאַנק אָנגעשטעלט דערויף און אָן געוויסנביסן. זי האָט איצט געוואוסט, ווי די געשיכטע וועט זיך ווייטער פונאַנדערוויקלען... אָבער דאָס ווייטערדיקע האָט זיך געווענדט אָן איר אַליין; און זי האָט זיך ניט געאיילט... זיי האָבן גערעדט פון קליידער, פון נייע טענץ, פון דעם לעבן אויפן לאַנד און פון וועטער. און אַנעט האָט מיטן שפּיץ פון איר צונג זיך דעליקאַט באַנעצט די ליפּן...

זי איז אָנשוויגן געוואָרן, האָט זיך גענומען אַ פּויזע. עריקאַ, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, איז געשטאַנען אויף דער וואַך, שפּירנדיק אין דער שטילקייט אַנעטעס אָנשטעל און די נעץ, וואָס זי האָט אויסגעשפּרייט פאַר איר. נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט צעקייט די ביטערע בלום פון אָט־די לעצטע אָנגעצויגענע רגעס, האָט אַנעט, אַ זיכערע אין דעם עפעקט, וואָס אירע ווערטער וועלן באַלד מאַכן, און פילנדיק באַצייטנס איר סימפּאַטיזירנדיקע איראָניע, פעסט אַרויסגעזאָגט:

— מאָרגן אינדערפרי פאָר איך אַוועק.

אַ רויטקייט האָט פאַרגאָסן דאָס געזיכט פון מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין. אַפילו דער שטערן איז ביי איר רויט געוואָרן, און די שפּיצן פון די אויערן זענען געווען ווי טראָפּנס בלוט. זי האָט פאַרלוירן די קאָנטראָל איבער זיך און ניט געקאָנט פאַרהוילן די ווילדע אויפרעגונג, וואָס האָט זי אַרומגעכאַפּט.

און אַנעט, צום ערשטן מאָל זינט איר אָנקומען, האָט געשמייכלט. אַ שרעקעדיקע, נאָך אַלץ פאַריסן ביי זיך און פאַרדעכטיקנדיק דאָ עפּעס אַ שפּיצל, האָט עריקאַ דאָך איינגעזען, אַז אין אַנעטעס שמייכל איז ניט געווען קיין סימן פון פיינטלעכקייט. אַנעט האָט זי באַ־טראַכט, אמת, ניט אָן איראָניע, אָבער די איראָניע איז געווען פול מיט רחמנות. זי האָט געטראַכט:

— ווי שטאַרק זי איז פאַרליבט אין אים!

מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרין, אַ צעמישטע, האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ — און מיטאַמאָל צוגעלייגט דעם שטערן צו אַנעטעס אָרעם. אַנעט האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר דינעם האַלז, אויף

אירע ווייכע האָר, און זיי געגלעט מיט אַ צאַרטן שמייכל. זי האָט איצט געזען פאַר זיך ניט מער ווי אַן אַנטוואָפּנט קינד. עס איז איצט מער ניט געגאַנגען אין טון איינס דעם אַנדערן אויף צו להכעיס. עריקאַ האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר הכנעהדיקע, דאַנקבאַרע, גליקלעכע אויגן. און אַנעט, ביי זיך אין האַרצן, האָט געזאָגט:

— זיי גליקלעך!

יעדערע פון זיי האָט געלייענט דער צווייטערס געדאַנקען. זיי האָבן זיך מער ניט געשעמט דערפאַר, מחמת ביידע האָבן זיי זיך געפילט שולדיק.

דעמאָלט האָט אַנעט געפרעגט:

— ווען וועט איר חתונה האָבן? מען דאַרף ניט צו לאַנג אָפּלייגן.

און זי האָט גערעדט מיט איר וועגן פראַנצן. זי האָט אים אָפּגעשילדערט מיט אַן אָפנהאַרציקער צאַרטקייט. זי האָט איר אויך געוואָרנט וועגן די געפאַרן. עריקאַ האָט דערפון געוואוסט; זי, פּונקט ווי אַנעט, האָט אויך געהאַט אַ קלאָרן בליק. זיי האָבן גערעדט אָן שום אָנשטעל, זיך האַלטנדיק די גאַנצע צייט פאַר די הענט. עריקאַ האָט ניט אויסבאַהאַלטן פון איר, וואָס זי האָט געזען אין פראַנצן, און איר אומזיכערקייט אין אים; זי האָט אָבער אַרויסגעוויזן אַן אייזערנע פעסטקייט צו פאַנגען און האַלטן אין איר מאַכט אָט־דעם פּאַרפירערישן, ניט־געזעצטן מענטשן, וואָס זי האָט באַגערט. זי האָט אָנגענומען יעדן געהיימן קאַמף, וואָס עס וועט איר אויסקומען צו פירן, די נעכט אָן שלאָף, די אומרואיקע טעג, מיט וועלכע זי וועט באַדאַרפן צאָלן פאַר דעם געוואונענעם גליק, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט האַלטן אין צוים און וואָס זי וועט עס שטענדיק מוזן אויפסניי געווינען.

אַנעט האָט געדריקט עריקאַס פעסטע האַנט, בעת יענע האָט גערעדט, און געפילט די ברוטאַלע ענערגיע, וואָס דאָס פאַרליבטע מיידל איז מיט אַ מינוט פריער געווען גרייט זי אָנצואווענדן אַנקעגן איר, כדי צו באַשיצן מיט אַלע אירע כוחות דאָס גליק אירס, וואָס איז געשטאַנען אין סכנה, — אָט־דאָס גליק פון לעבן, וואָס דאָס קראַנקע מיידל, פאַרוואונדעט פון לעבן, האָט זיך שוין דערויף מער ניט געהאַט געריכט. זי האָט געטראַכט:

— עס איז רעכט אזוי.

זי האט געזאגט צו זיך אליין:

— אט־די האנט וועט זיין בכוח צו האלטן און פירן דעם, וואס איך גיב אים איבער אין איר רשות.

עריקא, מיט אירע אייזיקע בלוי־גרינע אויגן, וואס זייערע בלאסע לעדלעך זענען געווען כמעט אן וויעס, נאך אלץ אביסל צעשראקן, האט מיט א זייטן־בליק באטראכט אנעטעס באקן, איר מויל, איר האלז, איר ברוסט, אירע הענט. זי האט געטראכט:

— זי איז שיין... זי איז שענער...

און איר אינסטינקט, פארשארפט דורך דער לאנגער קראנקהייט, האט איר אונטערגעזאגט, אז ניט גרינג איז אט־דער פרוי אנגעקומען זיך אפצוזאגן פון פראנצן, אז עס איז באגאנגען געווארן אקעגן איר אן אומרעכט.

אבער דאס האט געדויערט ניט מער ווי איין מאמענט.

— רעכט אדער אומגערעכט, מיין גליק געהער מיר!...

אנעט האט זיך אויפגעהויבן. זי האט געזאגט:

— שיקט אים אריין צו מיר. איך וויל צו אים ריידן.

מאדמואזעל דע־ווינטערגרין האט א ווײַלע געקווענקלט. זי האט ווידער גענומען חושד זיין. א צעשראקענע, האט זי געקוקט אויף איר קאנקורענטין, וועלכע האט אויך ניט ארונטערגענומען פון איר די אויגן. זי האט געזען, אז אנעט האט געפאדערט דעם פולסטן צוטרוי. זי האט געמוזט גלויבן אין איר אדער זיך פונאנדערגיין. זי האט געוואלט גלויבן. און זי האט הכנעהדיק ארויסגעזאגט:

— איך וועל אים אריינשיקן.

די צוויי פרויען האבן צום לעצטן מאל זיך זייער פריינטלעך אנגעקוקט און, שטייענדיק אויף דער שוועל, געשלאסן צווישן זיך שלום — דורך א קוש.

---

אין א שעה ארום איז פראנץ אריינגעקומען.

ער האט זיך ניט געחידושט, וואס עריקא האט אים געשיקט צו אנעטען. עס איז ניט געווען זיין טבע צו טראכטן וועגן יענעמס געפילן; זיינע אייגענע געפילן האבן אים אינגאנצן פארשלונגען, — און זיי פלעגן זיך ביי אים זייער שנעל ענדערן. ווען אפילו ער

וואָלט זיך שוין אַמאָל גענומען די מי אַריינצוקוקן אין די נשמות פון די צוויי פרויען, וואָלט עס אים אויך אויסגעזען צו זיין גאַנץ נאַטירלעך, אַז ביידע זאָלן זיי אים באַגלייך ליב האָבן. דאָס האָט אים צו קיין זאַך ניט פאַרפליכטעט. ער איז געווען אין דעם זייער אויפריכטיק, ער איז שטענדיק, צו יעדן מאָמענט, געווען אויפריכטיק. די שרעקלעכע אויפריכטיקייט פון אַ מענטשן, וואָס לעבט נאָר מיט דעם איצטיקן מאָמענט!... ער אַליין האָט אָבער דערפון ניט געליטן.

אַ ווײַלע האָט ער פון קיין זאַך ניט געטראַכט ווי נאָר פון דער אַנטדעקונג, וואָס ער האָט אַנומעלטן געמאַכט: די צוויבער־הענט אויף דער קלאַוויאַטור, — און פון זייער אַרומנעמען זיך ביי דער טיר פון אָר הויז, אונטערן פרייען הימל... ער איז אָנגעקומען, אַן אויפגערעגטער, אַ גערייצטער, איבערגעצייגט אין זיין גוטן מזל. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אי אָפּהענטיק, אי נאַאיוו־שטאָלץ ביי זיך. — אָבער שוין ביי די ערשטע ווערטער האָט אַנעטעס שטייפקייט אים גלייך צעמישט.

זי האָט אים ניט געבעטן זיך זעצן. זי האָט אים אויפגענומען שטייענדיק, האָט געוואָרפן אויף זיך אַ בליק אין שפיגל, אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבער די האָר און געזאָגט:

— לאָמיר אַרויסגיין!

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער אַ וועג אין די בערג, וואָס זיי האָבן אים שוין געהאַט אַזוי פיל מאָל אַדורכגעוואַנדערט. גוטע פוסגייער, האָבן זיי געשפּאַנט מיט ברייטע שפּאַן. אַנעט האָט געשוויגן. פראַנץ, לכתחילה פאַרלוירן, האָט באַלד צוריקגעוואונען זיין גלייכגעוויכט. ער איז געווען פריילעך, שטיפעריש, פאַרכאַפּט פון אָט־די צוויי נייע שפּילכלעך, — אָט־די צוויי פרויען. (ער איז געווען ביי זיך אַזוי זיכער אין זייער ליבע). ווי אַזוי אָט־די צוויי ליבעס האָבן געזאָלט הויזן, איז געווען ביי אים פון די קליינע זאַכן, וואָס ער האָט זיך גאָר דערמיט ניט אָפּגעגעבן. אַזוי ווייניק האָט ער געטראַכט פון זיין עגאָאיזם און אַזוי איבערגעפילט איז ער געווען מיט זיך אַליין, אַז ער האָט, ניט צו וועלן אויף קיין אופן אויפרירן אַנעטעס אייפערזוכט, אויסגערעכנט פאַר איר מאַדמואַזעל דע־ווינטער־גרינס גרויסע מעלות און זיך אָפּנהאַרציק געפרייט איבער זיין מזל, וואָס האָט אים געפירט אַהער צו געפינען דאָ זיין גליק.

אַנעט האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ זינקט אין איר, און אירע ליפּן האָבן שיר ניט אַרויסגעזאָגט:

— און אַנדרעאַ האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר אַט־דעם גוטן מזל.

זי האָט אָבער ניט געוואָלט אויפרירן די פיינלעכע ערינערונג. זי האָט בלויז באַמערקט:

— זשערמען וואָלט זיך אויך געפילט גליקלעך.

דאָס אַליין איז שוין געווען צופיל. פראַנץ איז געוואָרן אומעטיק. אין דעם מאָמענט וואָלט ער בעסער דערפון ניט געוואָלט טראַכטן. אַזוי ווי אָבער ער האָט דערפון פאָרט געטראַכט, האָט אַ שאָטן פון אויפריכטיקן ווייטיק אַדורכגעצויגן איבער זיין געזיכט. ער האָט זיך דאָרט לאַנג ניט געהאַלטן. זיין טיפע פּייאיקייט אויסצומיידן דאָס, וואָס קאָן שטערן זיין רו, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַנעטעס לעצטן וואָרט און ער האָט געענטפערט:

— יאָ, סאַראַ גליק עס וואָלט געווען צו טיילן דאָס מיט אים!

סיי זיין טרויער, אַזוי אויך זיין פרייד זענען געווען באַגלייך אויפריכטיק; איז אָבער די פראַזע געווען אָפּגעזאָגט, אַזוי איז פאַרבליבן ניט מער ווי די פרייד אַליין. דעם פריינטס נאָמען איז דערביי ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן. אַנעט האָט געטראַכט וועגן דעם ניכטערן וואָרט פון דעם געשטאָרבענעם: „ווען די פאַר־געסנקייט פאַרזאַמט זיך צו קומען, גייט מען איר אַנקעגן“.

פראַנץ האָט ווידעראַמאָל זיך אַריינגעלאָזט אין דער פּלוידעריי פון אַ פאַרליבטן פּאָעט. פאַרליבט אין וועמען? ער האָט גערעדט וועגן איינער צו דער אַנדערער. אָבער דאָס אָנוועזן פון דער אַנדערער האָט פאַרנומען זיין געדאַנק פיל מער ווי די פאָרשטעלונג פון דער, וואָס ער האָט פון איר גערעדט. ער האָט ניט אַרונטערגענומען פון איר די אויגן, זיינע אויגן האָבן זי געצערטלט, ער האָט געלאָבט אירע טריט. און מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין, געפאַנגען פון דער לאַנדשאַפט אַרום, וועלכע האָט פאַרכאַפּט זיין נייגיריק אויג פון אַ קינסטלער; און ער איז אַריינגעפאַלן אין התפעלות איבער אירע האַרמאָנישע ליניעס און ניואַנסן. — אַנעט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. זי איז געגאַנגען ווייטער, אַ שטאָלצע, אַ צע־שטרייטע, ניט אויסצודרייען דעם קאָפּ, מיט צוזאַמענגעצויגענע

ברעמען. זי האָט געהאַט אַ געפיל פון פאַראַכטונג פאַר אָט־די וואַקלדיקע קינסטלער־נאַטורן, וואָס פאַר זיי עקזיסטירט ניט מער ווי נאָר דער איצטיקער מאָמענט: דאָס לעבן און דער טויט גייען אַדורך דורך זיי אַזוי ווי דורך אַ זיפּ...

זי האָט גענומען קלעטערן איבער אַ משופּעדיקן אָנבייג, וואָס האָט געפירט אַרויף צו אַ פעלזיקן פּלאַטאָ, אַ שמאָלן און אַ לענגלעכן, אין דער פאָרם פון אַ זאָטל. מיט איין אָטעם האָט זי זיך אַהין אַרויפגעדראַפּעט. דער הימל דאָרט אין דער הייך איז געווען קלאָר און האַרט, ווי מאַדמואַזעל דע־ווינטערגרינס אויגן. אָבער דער פרילינג־ווינט, אַ פרישער און אַ שטאַרקער, האָט געקערט די באַרג־שפּיצן, האָט געריזלט איבער דעם אָנבייג, נייגנדיק צו דער ערד די שטענגלעך פון די הויכע גראָזן. ער האָט געשמיסן אַנעטען און איר באַלייטער אין פּנים אַריין. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַן אויסהייל פון אַרויסגעריסענער ערד, אונטערן שוץ פון קליינע, צונויפגעפּלאָנטערטע ביימלעך. גראָז־לאַנען זענען מיט אַ שנעל־לויפיקן באַרג־אַראָפּ געפאַלן פון דאָרט אַרונטער צו אַ שטראָמיקן וואַסער. אַרום זיי — דער צירקל פון ווייס־מעטאַלענעם הימל, אַרומגעזוימט ביי די ראַנדן מיט פרענז פון טונקעלע וואָלקנס, וועלכע האָבן, אָנגעהורבעטע, זיך געבראָכן, ווי פאַליעס, אָן די שפּיצן פון די פעלזן־בערג.

אַנעט איז געזעסן אויף דעם ווילד־גראָז, וואָס האָט זיך גע־וואַרעמט אין די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. אירע באַקן זיינען געווען רויט סיי פון דעם קאַלטן ווינט, וואָס האָט זיך געטראָגן אַרום, אַזוי אַייך דורך דעם שטורעם פון צאָרן, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן ביי איר אין האַרצן. מיט פראַנצן ביי דער זייט, האָט זי אָבער ניט געקוקט אויף אים. זי האָט געווענדט איר בליק פאָראויס, דער קאָפּ פאַריסן, מיט אַ גרימאַסע פון שמייכלענדיקער פאַראַכטונג. זי האָט איינגאַנצן געלויכטן מיט קראַפט און שטאָלץ. פראַנץ האָט זי באַטראַכט און איז אַנשווייגן געוואָרן: ער האָט זיך מער ניט באַרימט. עס איז געווען צווישן זיי אַ שטילקייט, וואָס האָט געברענט. פון איר פאַרעכטלעכער ווייטקייט, וואוהין זי האָט זיך צוריקגעצויגן, האָט זי געשפּירט אויף איר לייב דעם פייער פון בליק, וואָס האָט זיך געשלייכט

איבער איר. זי האָט אַלץ געשמייכלט. אָבער אַ לעצטער שטויס פון קיידנשאַפט האָט אַ הויך געטון אויף איר, אַזוי ווי דער ווינט, וועלכער האָט באַהויכט מיט זיין אָטעם די בקעטערקרויזנען פון די אַרומיקע ביימלעך. זי האָט געזאָגט צו אָט־די אויגן, וואָס זי האָט זיי, נים צו קוקן אין זייער זייט, געזען:

— ענגלעך, האָט איר מיך אַנטדעקט!...

און וועגנדיק זיך צו איר קאָנקורענטין, וועלכע האָט זיך געפונען דאָרט אונטן, אונטער אירע פיס, צו דער קאָנקורענטין, וועלכע וואָלט מיט אירע קראַנקע פיס ניט געקאָנט אַרויפקלעטערן אויף אָט־דעם משופּעדיקן באַרג, האָט זי צו איר אויסגעשריגן:

— ווען איך וויל, איז ער מיינער!... קום אָבער און נעם דיר אים צוריק!...

זי האָט עס אָבער ניט געוואָלט.

מיט דער שרפה פון דעם זון־פאַרגאַנג האָט זי דערזען רויט פאַר אירע אויגן. דערנאָך איז די שטומע משוגעת געזונקען, ווי עס איז געזונקען די זון הינטער די בערג. זי האָט אויפגעציטערט און זיך געגעבן אַ הויב אויף. שטייענדיק אויף דעם פּלאַטאָ, אויפן ווינט, האָט זי זיך געווענדט צו פראַנצן, וועלכער האָט איר נאָכ־געפאָלגט ווי אַ הינטל. זיינע אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אויף איר, זוכנדיק מיט געבעט איר בליק. ווען אָבער זיי האָבן זיך מיט אים צונויפגעטראָפן, האָבן זיי אין אים געפונען ניט מער ווי נאָר אַ ווייטע קאַלטקייט. אַנעט האָט מיט אַ שמייכל צוגעזען זיין פאַרווירונג, איז געוואָרן ווייכער און האָט געקוקט אויף אים מיט אַ רואיקער, מוטערלעכער מילדקייט.

— פראַנץ, דו ביסט גאָרנישט קיין שלעכטער, — האָט זי געזאָגט, — קאָנסט אָבער אָפּטון אַ סך שלעכטס... ווייסט עס באַטש?... עס איז שוין צייט, מיין אינגל, אַז דו זאָלסט עס וויסן!... יאָ, דו ביסט ניט דער איינציקער. איך בין אויך אַזוי... מיר אַלע ברענגען שלעכטס אויף דער וועלט, ווי דער עפּלבוים ברענגט עפּל. אָבער די דאָזיקע פרוכט פון אונזער בוים דאַרפן מיר אַליין עסן. לאָמיר עס ניט געבן קיין אַנדערן!...

פאַרלוירן אינגאַנצן דעם מוט, האָט ער געוואָלט אויסמיידן דעם זין פון אָט־די ווערטער און פון אָט־דעם אַדורכנעמענדיקן

בליק. אָבער דער בליק האָט לאַנג אויסגעהאַלטן און די ווערטער זענען אריינגעדרונגען טיף אין הארצן. זיין ווייכע נאַטור האָט נאָכגעגעבן דעם דרוק פון יעדער שטאַרקער האַנט. ווי לאַנג וועט אָט־דער אָפּדרוק געדויערן? אַנעט האָט זיך אין דעם ניט געגאַרט. זי האָט אים אָבער איצט געהאַלטן אין איר האַנט און האָט מיט אַ צאַרטער שטרענגקייט געקנאָטן דאָס דאַזיקע האַרץ. עס איז איר געווען אַנגענעם צו פילן אונטער אירע פינגער די ציטערדיקע שוואַכקייט פון אָט־דער לעבעדיקער ליים.

— עריקאַ האָט דיך ליב, — האָט זי אָנגעהויבן, — און דו האָסט זי ליב. דאָס איז פיין. אָבער געדענק, אַז דו פאַרמאָגסט אַ געפערלעכע פייאיקייט צו פאַרשאַפן לייד דעם, וועמען דו האָסט ליב, — גאָר אומשולדיקערהייט, פאַרשטייט זיך!... און דאָס איז דאָס ערגסטע דערפון... דו מוזט אָט־די פייאיקייט אָנווערן. דו ווייסט, אַז איך בין צו דיר שטאַרק צוגעבונדן, שוין אפילו צופיל... איך קאָן קיין ליגן ניט זאָגן. און צו וואָס זאָל איך זאָגן ליגן? דאָס, וואָס איך זאָג דיר איצט, ווייסטו דאָס אַליין... איך באַטראַכט דיך ווי מיינעם אַ זון — און אפשר נאָך מער... איך וויל, דו זאָלסט זיין גליקלעך. איך וואָלט אָבער גלייכער געוואָלט דיך זען אומגליקלעך אויפן גאַנצן לעבן, איידער דו זאָלסט זיך שפּילן מיט דער ליבע און מיט אַ גרינג האַרץ פאַרשאַפן לייד אָט־דעם קינד, וואָס ווערט איבערגעגעבן אין דיין רשות. זי ברענגט דיר אָן אָן ערך מער ווי דו וועסט איר געבן. אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט. זיך אינגאַנצן. דו, דו קאָנסט נאָר געבן אַ טייל פון זיך. איר, מענער, איר האַלט דעם בעסטן חלק, דעם לייבס חלק, פאַר אייער מאָנסטער אין שטייג, פאַר אייער מאַרך, אָט־דעם מענטשנפרעסער, פאַר אייערע פאַנטאַזיעס, פאַר אייערע אידייען, אייער קונסט, אייער אַמביציע, אייער טעטיקייט. איך האָב צו אייך דערפאַר ניט קיין טענות. איך אויף אייער פּלאַץ וואָלט אויך אַזוי געהאַנדלט... אָבער דער חלק, וואָס איר טיילט אונז צו, מוז זיין ריין! ער מוז זיין זיכער! נעמט אים ניט צוריק, ווען איר גיט אים אונז אַוועק! נאַרט ניט! מיר פאַרלאַנגען פון אייך ניט פיל. אָבער דאָס ביסל ווילן מיר האָבן. פילסטו זיך בכוח איר דאָס צו געבן? קוק אריין צו זיך אין האַרצן! ווילסטו זי אויף אַן אמתן האָבן, האָסטו זי ליב,

נעם זי! לאָז זיך אָבער אליין אויך נעמען! א גאַב פאר א גאָב! לערן זיך אוים צו נעמען, צו האלטן — און אָנצוהאלטן! וואקלדיקע נשמה! לופט-מענטש!...

דער קאָפּ געזונקען, איז ער געהאלטן געוואָרן געפאנגען פון די הארבע ווערטער און פון די אויגן, אין וועלכע עם האָט זיך איצט געוועקט א געלעכטער. דעמאָלט האָט זי נאָכגעלאָזן איר פעסטן אָנהאלט איבער אים, האָט זיך פריי פונאנדערגעלאכט און געזאָגט:

— לאָמיר גיין אהיים!

זיי האָבן זיך ארונטערגעלאָזן. שטילשווייגנדיק. זי איז גע־גאנגען פאראוים. ער האָט ניט ארונטערגענומען די אויגן פון איר גאָלדיק-ברוינעם נאקן. ער האָט געוואונטשן, אז דאָם נידערן פון בארג זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיקן.

איידער זיי זענען צוגעקומען צו די ערשטע הייזער, האָט אנעט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און האָט אים אויסגעשטרעקט די הענט. פונקט ווי אין דעם ערשטן אָוונט, אין דעם לאגער פון די געפאנגענע, האָט ער זיך אָנגעבויגן צו זיי און זיי באדעקט מיט קושן. אנעט האָט זיי פרייגעמאכט, האָט זיי ארויפגעלייגט פראנצן אויף די אקסלען, האָט אים אריינגעקוקט אין די אויגן און געזאָגט:

— זיי געזונט, מיין קינד!

זי איז אוועק אליין אהיים און האָט ניט געווארט ביז אויף מאָרגן אינדערפרי, ווי זי האָט עס געהאט צוגעזאָגט: זי איז אָפּגעפאָרן אין מיטן דער נאכט.

אויף מאָרגן, ווען עריקא און פראנץ זענען געקומען זיך גע־זעגענען מיט איר, האָבן זיי געפונען א ליידיקע שטייג. זיי האָבן עם באדויערט. און זיי האָבן זיך אויך דערפילט דערלייכטערט.

# פינפטער טייל.

אַנעט איז ניט געפאָרן קיין פּאַריז. זי איז אין מיטן וועג אַרונטער אויף עפּעס אַ פּאַרוואָרפענער סטאַנציע, וואו עס) וואָלט קיינעם גאָר ניט איינגעפאַלן צו קומען זי זוכן. זי האָט זיך געפילט אינגאַנצן פאַרלוירן. זי האָט געמוזט זיך אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש. זי האָט געמוזט צוריקגעפינען איר וועג.

די מידיקייט פון די לעצטע חדשים האָ טמיטאַמאָל זיך געלאָזט פילן אין איר גאַנצער קראַפט: אָט־די נאָכאַנאַנדיקע אָנשטרענגונג, אָט־דער לעצטער קלאַפּ, וואָס האָט אויפגעוועקט אין איר דאָס פיינלעכע געפיל פון דעם אומפאַרמיידלעכן אַלט־ווערן, און אָט־דאָס אומזיסטיקע שטרעבן צו ליבע, צו דער פולער ליבע, וואָס זי האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט. אַן אומבאַשטימטע מעלאַנכאָליע, וואָס האָט זי איבערגעלאָזט אָן כחות. אָט־דאָס גאַנצע אַוועקגעבן־זיך, — צו וואָס האָט עס גענוצט? איצט, ווען זי האָט געהאַט אַלץ אַוועקגעגעבן און אַלץ פאַרלאָזן, האָט זי זיך דערפילט שרעקלעך פריי. דער צובונד צו מענטשן איז איבערגעריסן. זי האָט מער ניט געהאַט אָן וואָס זיך אָנצובינדן... און דאָס ערגסטע פון אַלץ: זי האָט מער זיך אַליין ניט געהאַט; זי האָט מער ניט געגלויבט אין זיך, זי האָט מער ניט געגלויבט אין איר גלויבן אין דער מענטשהייט... דאָס איז געווען פאַר איר דאָס ערגסטע, אַ סך ערגער ווי דאָס ניט־גלויבן אין דער מענטשהייט! ווען אַ גלויבן גייט פאַרלוירן, וועט דער מענטש מיט אַ שטאַרקן גייסט זיך שאַפן אַן אַנדער גלויבן; ער וועט צוריקבויען זיין נעסט. ווי איז אָבער, ווען דער גייסט אַליין פאַרלאָזט אייך?... דער גייסט אירער איז געווען פון זאַמד און ער האָט זיך פונאַנדערגעשאָטן... אין ברען

פון אויפריכטיקייט האָט די רעבעלישע אָנעט זיך געשטעמפּלט דעם שטערן מיטן צייכן פון ליגן. די מענטשהייט איז שטענדיק געווען אויף אירע ליפּן, אָבער הינטער דעם פאַרהאַנג האָט דאָס שפּינגעוועב, דאָס גיריקע האַרץ, געלויערט אויפן קרבן. די מענטש־הייט האָט פאַר איר געהייסן דער מאַן... דער מאַן... אָט־דער ליבלעכער, אומבאַדייטלעכער פּנים־חדשות!... ווי קאָמיש!... האָט די גאַנצע באַגייסטערונג פון גלויבן און געטריישאַפט, האָט די גאַנצע ריזיקע, סיי איר אייגענע, אַזוי אויך פון די, וואָס זי האָט זיי מיטגעשלעפּט מיט זיך, זיך גאָר געלוינט נאָר צוליב דעם, אַז זי זאָל זיך לאָזן נעמען אויף דער ווענטקע? און אָט־דער ענטוזיאַזם פון מסירת־נפש פאַר דעם אינגל, וועלכער האָט זי אַזוי צוגעצויגן, — (ער אָדער אַן אַנדערער, — דאָס מזל האָט גראָד אים אויס־געקליבן!) זי האָט אים אויסגעצירט ווי אַ גאָץ, און כדי דאָס פאַרגעניגן זאָל זיין פולער, אויסגעפּוצט איר פאַרלאַנג מיט אָט־די גאָלד־פליטערלעך פון אידעאַליזם, מיט אָט־דעם הייליקן, מיט אָט־דעם פאַלשן נאָמען פון דער מענטשהייט!...

זי האָט געפלאַמט מיט צאָרן. זי האָט זיך אַליין פאַרלוימדט... איינגעקאָרטשעט אין דרייען, מיטן קין אָנגעשפּאַרט אויף די פויסטן, האָט זי, אַ דערשלאָגענע און אַ באַזיגטע, זיך איינגעגראָבן מיט די עלנבויגנס אין די זייטן...

זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קליינעם שטעטל, וואָס האָט זיך צעלייגט אין מיטן פעלד. זי האָט אַפילו ניט געוואוסט דעם נאָמען פון שטעטל. זי איז אַהין אַרונטער אין מיטן דער נאַכט, אויף גאָטס באַראָט, און איז אַריין אין דער ערשטער אכסניא. עס איז געווען איינע פון יענע גרויסע בערנעזער אכסניות מיט די ברייטע דעכער, וואָס הענגען אַריבער די קליינטשיקע פענצטערלעך מיט די פונאַנדערגעטיילטע טאַפּליעס, פאַרשטעלטע מיט געראַניום־וואַזאָנעס.

הינטער דעם רויטן פאַרהאַנג, אין שאָטן פון דעם גרויסן אַריבערהענגענדיקן דאַך, האָט די פאַרווירטע נשמה זיך ביסלעכווייז באַרואיקט און איז צוריק אַריין צווישן אירע ברעגעס, כאָטש זי האָט נאָך אַלץ ניט איינמאָל זיך אָנגעשלאָגן און זיך צעקלאַפּט אָן זיי. אומזיסט האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין:

— גענוג! איך וואַרף אַוועק מיין געווער, איך באַשיץ זיך מער ניט. איך בין באַזיגט, און איך נעם עס אָן פאַר ליב... האָסטו נאָך ניט געהאַט גענוג?...

זי האָט נאָך ניט געהאַט גענוג. די נאַטור דערמאָנט אונז דורך אומגעריכטע אַטאַקעס, אַז דער אָפּמאַך האָט ניט קיין ממשות, סיידן זי שטעלט אַוועק אונטער אים איר חתימה. ניט איינמאָל נאָך האָט אַנעט געמוזט ווידער אויפנעמען דעם קאַמף מיט דער דרייפאַכיגער קוועלעניש פון דער אומזיניקער ליידנשאַפט, פון דער אייביקער אונטעריאָכונג, פון דער פאַרגאַנגענער יוגנט, — דאָס אילוזאָרישע פייער, דער שפּאָטישער שייטערהויפן, דאָס אַש פון לעבן. דער פרימאָרגן האָט זי געטראָפן אַ מידע, אַ שטומע, אַ נידערגעשלאָגענע, נאָך דעם פיבער פון דער נאַכט... זי איז אין דעם ניט געווען די איינציקע. וויפיל זענען פאַראַן ה׳איקע פיגורן, וואָס בייטאָג זעען זיי אויס צו זיין פאַרגליווערט און ווייט, בעת הינטער דעם פאָרהאַנג גייט יעדער נאַכט אָן ביי זיי דער קאַמף מיט דער נשמה!

ענדלעך, איז זי דערגאַנגען צום סוף פון איר חשבון־הנפש. זי איז געווען באַנקראָט. זי האָט אונטערגעפירט דעם סך־הכל. — אַנקעגן אָט־דער מענטשהייט, וועלכע איז פול מיט שנאה, וועלכע פאַרצוקט זיך אַליין און בילט אויפן טויט, האָט זי געוואָלט אַנקעגנשטעלן איר נשמה פון אַ פרייער און איינזאַמער פרוי, וועלכע נעמט ניט אָן די שנאה און דעם טויט, וועלכע פאַרהייליקט דאָס לעבן און, ניט צו וועלן מאַכן קיין חילוק צווישן די ברידער־שונאים, עפנט אירע מוטערלעכע אָרעמס פאַר אַלע אירע קינדער... דאָס איז געווען ניט מער ווי פוסטע גאווה. זי האָט זיך איבערגעשאַצט. זי איז ניט געווען פריי. זי האָט ניט געהאַט דעם כוח צו פאַרבלייבן אַליין. זי איז ניט געווען די מוטער, וועלכע פאַרגעסט אָן זיך צוליב אירע קינדער. זי האָט פאַרגעסן אָן איר אייגן קינד, איר בלוט און פלייש. זי איז געווען די אייביקע פאַרשטעלטע שקלאַפין, וועלכע באַהאַלט זיך אויס און לויפט מיט גיריקייט נאָך, ווי אַ צויג, דעם פאַרלאַנג. אַ פיינער אידעאַליזם! איר גאַנצער אי־דעאַליזם איז געווען ניט מער ווי אַ רייץ־מיטל, מיט וועלכער די נאַטור האָט זיך באַנוצט, כדי זי צו פאַרנאַרן אין דער הינטישער

בודע אריין, אונטער דער בייטש. און זי איז ניט געווען גענוג שטארק צו קאָנען זיך פריימאַכן פון דעם היצעל...

— נו, זאָל שוין זיין אזוי! איך מוז זיך איצט אויסלערנען צו זיין הכנעהדיק... איך האָב געוואָלט... און ניט געקאָנט... אָבער דאָס וועלן אַליין איז אויך עפּעס!... איך האָב ניט געקאָנט... אַן אַנדערער, אַ בעסערער, אַ שטאַרקערער וועט אפשר אַמאָל יאָ קאָנען...

אַ באַזיגטע און אַן איבערגעבעטענע, — ניט אויסצושליסן פונדעסטוועגן די מעגלעכקייט פון רעוואָלט אין דער צוקונפט, — האָט זי באַשלאָסן זיך אומצוקערן צוריק קיין פּאַריז.

אין וואַגאָן פון צוג איז זי געווען איינע אַליין מיט צוויי מענער, צוויי פראַנצויזן: אַ יונגער לייטענאַנט, וואָס איז געווען פּאַרוואונ־דעט אין פּנים, מיט אַ שוואַרצן באַנד אויף די אויגן און מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ; און אַ שפּיטאָל־דינער, זיין באַלייטער. דער לעצטער איז געווען אַ געזונטער דאָרפס־יונג, אַ גלייכגילטיקער, אָן געפיל פאַר מענטשלעכן ליידן. (ער האָט זיך שוין דערמיט געהאַט אַזוי פיל אָנגעזען!) נאָכדעם ווי ער האָט אויף אַ גראָבן אופן פאַרשטעקט זיין חולה אין אַ ווינקל, האָט ער זיך אויף אים מער ניט אומגעקוקט. ער האָט אויפגעגעסן עטלעכע שטיקער פלייש און פאַרטרונקען מיט וויין פון אַ פלעשל. דערנאָך האָט ער ארונטערגעשלעפּט פון זיך די סאָלדאַטישע שטיוול, האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אויף דער קעגנאיבערדיקער באַנק און גענומען כראָפּן. דער פּאַרוואונדעטער איז געזעסן אויף דער־זעלביקער זייט, וואָס אַנעט. זי האָט געזען, ווי ער האָט ארומגע־טאַפּט ארום זיך מיט די הענט, ווי ער האָט מיט שוועריקייט זיך אויפגעהויבן, עפּעס געזוכט אין דער נעץ איבער זיין קאָפּ, און ניט צו קאָנען געפינען, וואָס ער האָט געוואָלט, זיך צוריק אוועקגעזעצט מיט אַ זיפץ. זי האָט אים אַ פרעג געטון:

— זוכט איר עפּעס? קאָן איך אייך העלפן?

ער האָט זי באַדאַנקט. ער האָט געוואָלט איינגעמען אַ פּראָשעק אויף איינצושטילן דעם שניידיקן ווייטיק אין קאָפּ. זי האָט עס אים איינגעגעבן אין אַ ביסל וואַסער. — דער שלאָף האָט געווייכט

פון זייביידן. זיי האָבן פאַרפירט אַ שמועס אין מיטן דער קלאַפּערייַ פון דעם טרייסלענדיקן צוג. זיצנדיק לעבן דעם חולה, האָט זי אים באַשיצט אַנקעגן דער טרייסלעניש. זי האָט אויס־געשפּרייט אַן איבערדעק איבער זיינע פרירנדיקע קני. ער האָט זיך דערפילט אויפגעלעבט פון אָט־דעם אָנווען פון אַ מיטליידנדיקן מענטשן. און ווי עס טוען כמעט אַלע עלנדע, ווען אַ פרוי בייגט זיך רחמנותדיק איבער איבער זיי, האָט ער אַיך ניט פאַרפעלט זיך איר צו פאַרטרויען, ווי אַ קליין קינד. ער האָט איר איבערגעגעבן דאָס, וואָס ער וואָלט ניט אַרויסגעזאָגט פאַר קיין שום מאַן, אפשר אויך ניט פאַר איר אַליין, ווען ער וואָלט זי נאָר געקאָנט זען.

אַ קויל איז אים אַדורך דורך די שלייפן. ער איז צוויי טעג איבערגעלאָזן געוואָרן, אַ בלינדער, אויפן שלאַכטפעלד. דאָס ליכט האָט ביסלעכוויז אויסגעזען צוריקצוקומען. דערנאָך האָט עס ווידער גענומען פאַרגיין. עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן אויף אייביק. אינ־איינעם מיטן ליכט פון די אויגן, האָט ער אַלץ פאַרלוירן. ער איז געווען אַ מאָלער. די מאָלעריי איז געווען זיין גאַנץ פאַרמעג און זיין פרנסה. ער האָט ניט געוואוסט, צי דער מאַרך גופא איז ביי אים ניט געווען אָנגעגריפן. דער ווייטיק האָט אים אויף קיין מינוט ניט אָפּגעלאָזן...

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע... די נשמה האָט געגוססט. באַשלאָגן מיט אנגסטן, האָט זי געוויינט אָן טרערן, אין דער פינצטער פון זיין נאַכט. זי האָט מער גאָרנישט ניט פאַרמאָגט. מען האָט פון איר אַלצדינג אַוועקגענומען. ער איז אַוועק אין דער מלחמה אָן שנאה, נאָר מחמת ליבע צו זיינע אייגענע, צו די מענטשן, צו דער וועלט, צו די הייליקע אידייען. ער איז געגאַנגען מאַכן אַ סוף צו דער מלחמה. ער איז געגאַנגען באַפרייען פון איר די מענטשהייט. אפילו די שונאים זיינע. ער האָט געחלומט צו ברענגען זיי פרייהייט. ער האָט אַלץ אַוועקגעגעבן. — ער האָט אַלץ פאַרלוירן. די וועלט האָט זיך געשפּילט מיט אים. ער האָט צו שפּעט דערזען די שווידערלעכע רשעות, די געמיינע אויסרעכענונגען פון די, וואָס שפּילן זיך אין פּאָליטיק, וואו ער איז געווען ניט מער ווי אַ פיגור אויפן שאַך־ברעט.

ער האָט מער אין קיין זאַך ניט געגלויבט. מען האָט אים אָפּגענאַרט. און ער איז געלעגן, אַ גוססנדיקער, ניט צו האָבן אַפּילו דעם פאַרלאַנג צו רעוואָלטירן... וואָס שנעלער פאַרזינקען אין דעם טיפן זומפּ, וואו מען וועט מער ניט זיין, וואו מען וועט מער ניט געדענקען, אַז מען איז אַמאָל געווען, — אין דער טיף פון קבר, וואָס דעקט צו די אייביקע פאַרגעסנקייט!

ער האָט געערדט אָן שטורעם, מיט אַ מידער און שוואַכער שטים, וועלכע האָט געוועקט אין אַנעטען אַ פּיינלעך געפיל... אַך, ווי ענלעך זיי זענען עס ביידע געווען אין זייערע פאַרשיידענע מזלות! אָט־דער יונגערמאַן, וועלכער האָט גאָרנישט ניט געזען אין דער מלחמה ווי נאָר ליבע, פּונקט ווי זי האָט דאָרט קיין זאַך ניט געזען ווי נאָר שנאה, — און ביידע זענען זיי געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן — צו וועמען? צו וואָס? די טראַגישע משוגעת פון אָט־די אַלע קרבנות!... אָין דאָך... און דאָך... ביי דער טיפסטער פאַרביטערונג — (פּנים־אל־פּנים מיט אַזאַ אומגליק האָט זי קוים זיך דערוועגט דאָס מודה צו זיין פאַר זיך אַליין) — סאַראַ בייזע פרייד דאָס! אַלץ האָט איר פאַרשאַפט!... ניין, ניט אומזיסט האָט מען אונז געריסן, געטראַמפּלט און צעדריקט, ווי אַ בינטל ווייג־טרויבן! און אויב אַפּילו עס איז געווען אומזיסט, איז עס דען גאָרנישט צו זיין דער ווייַן? אָט־די קראַפט, וועלכע זויפט אונז, וואָס וואָלט זי אָן אונז געווען? וואָס פאַר אַ מאַיעסטעטישע גרויסקייט עס איז פאַראַן אין דעם!

זי האָט זיך אָנגעבויגן צום בלינדן און אים איינגערוימט מיט אַ נידעריקער, ברענענדיקער שטים:

— יעדער ליבע איז אַ פאַרבלענדעניש, אַ נאַרעריי. אפשר... עס איז אָבער אַלץ בעסער צו ווערן גענאַרט איידער אָפּצונאַרן. איך בין אויך אָפּגענאַרט געוואָרן.

זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט.

— ווייניקסטנס, האָבן מיר ביידע גאָרנישט ניט געוואונען פון דער נאַרעריי. עס איז שיין צו זיין דער אָפּגענאַרטער.

דער צוג איז געבליבן שטיין. דיזשאָן. דער באַדינער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און איז אַרונטער אין בופעט אַריין באַנעצן די ליפּן.

---

מאַרק האָט אין פּרימאָרגן געקראָגן די טעלעגראַמע, וועלכע האָט אים געלאָזט וויסן וועגן זיין מוטערס קומען אַהיים. ער איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון פרייד. זינט זי האָט אים געהאַט פאַרלאָזן, האָט זי אים מער ניט געשריבן ווי נאָר אַ פּאָסטקאַרטל ביי איר אָנקומען אין דער שווייץ. ער האָט איר געשריבן יעדן טאָג. אָנעט האָט אָבער ניט געלייענט קיין איינעם פון זיינע בריוו. זיי זענען געבליבן ליגן אויף דער פּאָסט פון דעם קליינעם שווייצאַרישן שטעטל, וואָס אָנעט האָט עס געהאַט פאַרלאָזן גלייך אויפן צווייטן טאָג נאָך איר אָנקומען. אין איר צורודערטקייט האָט זי פאַרגעסן אָנצוגעבן אַן אַדרעס, אויף וועלכן מען זאָל איר איבערשיקן די בריוו. אָט־דאָס שטילשווייגן, וואָס זי האָט גערעכנט, אַז עס איז בכיוון, האָט זי אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלט.

ער האָט געוואוינט אין דער פאַרלאָזענער דירה. וויפיל סילוויע האָט זיך ביי אים ניט געבעטן, האָט ער זיך אָלץ אָפּגעזאָגט צו וואוינען ווידער מיט איר. ער האָט געטענהט, אַז ער איז שוין געוווּג גרויס צו וואוינען פאַר־זיך. ער איז דאָרט פאַרבליבן מיט דער מוטער, וועלכע ער האָט געפילט אַרום זיך, פונאַנדער־געווייט איבערן גאַנצן הויז; ער האָט געפּרוּווט און ניט געקאָנט צוזאַמענקלייבן אירע ניט־אָנזיכטיקע שטריכן פון אָט־די זאַכן, פון אָט־דעם מעבל, פון אָט־די ביכער און פון איר בעט. ער האָט געליטן פון דער גלייכגילטיקייט, וואָס די מוטער האָט אים אַרויס־געוויזן. ער איז אָבער אויף איר דערפאַר ניט געווען ברוגז. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער זיך ניט געבייזערט פאַר אַן אומרעכט, וואָס איז אָנקעגן אים באַגאַנגען געוואָרן. ער איז געווען אין כעס אויף זיך אַליין. ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן פאַר זיך, אַז זי איז אַמאָל געווען זיינע און ער האָט זי געלאָזט פאַרלוירן גיין. אַ קעלט האָט אים אַדורכגענומען, האָט ער, דער מאַמעס קינד, אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער מוטערס קישן, כדי צו קאָנען בעסער טראַכטן פון איר. און וואָס מער ער האָט

געטראַכט פון איר, אַלץ מער האָט ער געפילט דעם חילוק צווישן איר און די אַנדערע, וואָס ער האָט ליב געהאַט.

ער האָט געפּרואווט באַנייען זיינע אַמאָליקע פריינטשאַפטן. ער האָט זיך אויפסניי צוגעלאָזן צו פיטאַנען, וועלנדיק דערגיין דעם תוך פון זיין נשמה. אַך, ווי פלאַך דער מענטש איז עס געווען! אָט־דער גלויבן, אָט־די העלדישקייט, אָט־די געטריישאַפט פון אַ הונט, — ווי ווייניק פערזענלעכקייט עס איז אין דעם געווען! וויפיל שאַטנדיקייט, וויפיל אָפּשיין פון פרעמדן ליכט! האָט אימיצער אַמאָל אים געלאָזט פריי ריידן און נאָכגעפאָלגט פון דער נאָענט זיין פאַנטאַסטישן שטייגער דענקען, אַזוי האָט ער געקאָנט גלייך איינזען, ווי אָט־דער מענטש מיט דער נשמה פון אַ הונט איז עס פאַרכאַפּט געוואָרן פון שיינע ווערטער: מען האָט אים געמעגט אוועקליינגן אויפן אָרט, וועט ער אַלץ ניט אָפּקערן אָן אַ זייט זיינע גרויסע, אַרויסשטייענדיקע אויגן... (עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מאַרק איז געווען אומגערעכט! דאָס איז שוין געווען זיין טבע. גערעכטיקייט איז געווען זיין קלענסטע דאגה). מאַרק האָט ניט געהאַט קיין גוסט פאַר שקלאַפן פון ווערטער. אָט־דער קליינער דיאָגענעס האָט געזוכט אַ מענטשן, וואָס זאָל זיין אַ מענטש, וואָס זאָל אין יעדן מאָמענט פון זיין לעבן זיין געטריי זיך אַליין, — ניט קיין עכאָ. פון פרייען איז שוין אָפּגערעדט! זיי זענען די אייביקע „דינערינס צו זייער האר" און די גרעסטע פרייד פאַר זיי איז אַריינצושלעפן די מענער, וואָס זענען באַהעפט מיט זיי, אין דער קלעפּיקער נעץ פון דער ראַסע, פון אָט־דעם ליגן מיטן גרויסן בויך און אָן אויגן...

עס איז אָבער דאָך געווען איינע — (און אפשר האָט זיך עס אים נאָר אַזוי אָפּגעדאַכט?) — וואָס אויף ווי ווייט ער קאָן נאָר געדענקען, האָט זי זיך אָפּגעשלאָגן פון אָט־דער נעץ, זי געריסן אויף שטיקער, זיך געראַטעוועט פון איר, און ווידער געפאַנגען, אָנגע־הויבן דעם קאַמף פון דאָס ניי... זיין מוטער... אין אָט־די טעג פון זיין פאַרבלייבן מיט זיך אַליין, פאַרשלאָסן אין דער ליידיקער דירה, וואָס זיין מוטער האָט, דאַכט זיך, זי געהאַט פאַרלאָזן אויף אייביק, האָט ער מיט גרויס התמדה זיך אוועקגעלאָזט צוריק איבער דעם טייך פון זיין גערעכעניש און זיך געמיט אויפצושטעלן אין געדאַנק

דאָס לעבן פון אָט־דער פרווי פאַר די לעצטע יאָרן, אַלע אירע ליידן און פריידן, ליידנשאַפטן און קאַמפן, מיט וועלכע אָט־דאָס לעבן איז געווען איבערגעפילט. ער האָט איצט שוין געהאַט גאַנץ גוט געקענט די דאָזיקע נשמה צו וויסן, אַז זי איז אויף קיין איין מאָמענט ניט פאַרבליבן ליידיק. ער האָט זי געהאַט איבערגעלאָזט איינע אַליין, אויפן בראָט פון איר אינווייניקסטער וועלט: וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער איצט געהאַט אויף דער דאָזיקער וועלט? זי איז געווען געוווינט צו קעמפן איינע אַליין, צו זינגן, צו ווערן באַזיגט, צו גיין איינע אַליין איר וועג. וואוהין האָט אָט־דער וועג, אַ ווייטער פון אים, זי איצט געפירט?... ער האָט אַזוי פיל געטראַכט דערפון, ער האָט אַזוי פיל געטראַכט פון איר, אַז ער האָט גאָר מער ניט געטראַכט פון זיך אַליין. ער האָט נאָר געוואָלט מאַכן ווייכער פאַר איר אָט־דעם וועג, וואָס ער זאָל דאָרט ניט זיין...

אָט־דאָס איז געווען זיין גייסטיקער צושטאַנד, בעת די טעלעגראַמע איז צו אים אַרונטערגעפאַלן, ווי איינער פון יענע אַ.יפרייסן, וואָס האָבן געשפּרענקלט די טעג פון דער באַלאַגערטער שטאָט. ער האָט זי איבערגעלייענט עטלעכע מאָל, צו ווערן זיכער, אַז עס איז אַן אמת. אָט־דער צוריקקער, וואָס ער האָט גאָר דערויף מער ניט געהאָפט, האָט אים אָנגעפילט מיט אַ ציטערדיקער פרייד. וואָס אַזוינס קאָן זי צוריקברענגען? ער האָט זיך שטאַרק אויסגעהיט ניט צו טראַכטן, אַז דאָס קומט זי צוליב אים. די לעצטע אַנטוישונגען האָבן אים געמאַכט פאַר אַ באַשיידענעם מענטשן. אַן אָבערגלויביק געפיל האָט אים אונטערגעזאָגט צו גלויבן, אַז דאָס בעסטע מיטל צו קריגן דאָס, וואָס מען ווינטשט זיך, איז זיך דערויף גאָרנישט צו ריכטן.

אַנעט האָט ביים אָנקומען אויפן ליאָן־וואָקזאַל איר זון דאָרט ניט געטראָפן. דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט אויף אַכט שעה, אָנקומענדיק ווייט נאָך האַלבן טאָג. מאַרק האָט דאָרט לאַנג געוואַרט און איז אַוועק מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. ער איז אָבער לאַנג אין הויז ניט פאַרבליבן. ווען אַנעט איז, ענדלעך, געקומען אַהיים, איז ער נאָרוואָס געווען אַוועקגעלאָפן צוריק צום וואָקזאַל. זי איז אַרייַן צו זיך און האָט גענומען וואַרטן אויף אים. זי איז געווען גערירט

צו זען, אַז ער האָט אַוועקגעשטעלט בלומען ביי איר אין צימער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דעם אָנליין פון שטול. אַ זייער מידע, האָט זי זיך איינגעהערט צום גערויש פון גאַס און פון הויז. זי האָט איינגעדרימלט. דורך דעם פאַרנעפּילטן מוח האָט זי דערהערט טריט, לויפנדיק מיט האַסט אַרויף די שטיגן. מאַרק איז אַריינגעקומען. ער האָט אויסגעשריגן פון פרייד. אַנעט, נאָך אַלץ פאַרשלאָפן, האָט געשמייכלט. זי האָט אַ טראַכט געטון:

— האָט ער מיך טאַקע ליב?

זי האָט זיך אָנגעטון אַ כוח זיך אויפצוהויבן, אָבער אירע פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט איר צו דינען. זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים די אָרעמס. ער האָט זיך אין זיי אַריינגעוואָרפן:

— אַך, ווי איך האָב אויף דיר געוואַרט! ווי אַזוי ביסטו דאָס געקומען?

זי האָט ניט געענטפערט. זי האָט אים געגלעט די באַקן און די האָר. מיט איין אויגנבליק האָט ער דערזען די מידיקייט און דעם פּיין פון איר אָפּגעצערטן פּנים, און זיין אינסטינקט האָט אים געוואָרנט. ער האָט אָפּגעשטעלט די פראַגעס, די ווערטער, וואָס זענען אים געלעגן אויף די ליפּן. אַרומנעמענדיק זי, האָט ער זי אויפגעהויבן פון שטול... (ווי שטאַרק ער איז עס מיטאַמאָל געוואָרן!... אָבער זי, — ווי שוואַך זי איז געווען!..) זי האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. ער האָט זי אונטערגעהאַלטן און זיי זענען ביידע צוזאַמען צו צום פענצטער. דער געלער פאַרנאַכט האָט אָפּגעבליאַקירט איר געזיכט.

— מוזט גלייך גיין שלאָפן, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט פּראָטעסטירט. אָבער דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט, האָט זי זיך געלאָזט פירן, כמעט טראָגן צום בעט. ער האָט זי געצוואונגען זיך אַוועקצולייגן, האָט פון איר אַרונטערגענומען די שיך, האָט איר געהאָלפן זיך ווייטער אויסטון. זי האָט זיך מער ניט געוועהרט: עס איז געווען גוט זיך איבערצוגעבן צו איינעם, וואָס איז געווען גוט צו איר און האָט זי ליב געהאַט...

...האָט זי ליב געהאַט... האָט ער זי טאַקע ליב געהאַט?... זי איז געווען צו מיד צו טראַכטן... זי וועט עס אָפּלייגן אויף

מאָרגן... און ער, ווידער, איז אפשר געווען צופרידן צו האָבן א גרונד צו וואַרטן מיט זיין דערקלערונג. איין פראַגע איז אָבער געווען דרינגלעך. זי האָט זיך געדרייט ביי אים אויף דער צונג. ער האָט זי נאָך ניט געהאַט אַרויסגעזאָגט, ווען די מוטער, ליגנדיק אין בעט, האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי איז אַזוי מיד:

— עס איז אַ שאַנד צו קומען אַהיים און זיך לאָזן צוזען!... אַנטשולדיק מיך, מיין קינד!... איך, וואָס כ'פלעג זיין אַזוי שטאַרק!... איך קאָן זיך אָבער מער ניט האַלטן אויף די פיס. שוין עטלעכע נעכט ווי איך שלאָף ניט... זעץ זיך אַוועק לעבן מיר. דערציי̇ל מיר, וואָס דו האָסט היינט געטון, ווי דו האָסט געבענקט נאָך מיר פאַר מיין אָנקומען...

ער האָט איר דערציילט אָן אַ סדר, וואָס ער האָט געטון. זי האָט ניט נאָכגעפאָלגט דעם פאָדעם פון זיינע פראַזן; באַלד האָט זי אויך אויפגעהערט צו כאַפּן דעם זין פון די ווערטער; אָבער דער קלאַנג פון זיין שטים האָט זי געצערטלעט. אירע אויגן האָבן זיך פאַרמאַכט. ער איז אַנשוויגן געוואָרן, האָט זיך איינגעהויבן, זי באַטראַכט און איז אָן חשק אַפּ אָן אַ זייט. זיין פראַגע האָט אים נאָך אַלץ געברענט... ער איז, קווענקלענדיק, צוריקגעקומען און זיך איבערגעבויגן איבער איר. זי האָט צוריקגעעפנט די אויגן... ער האָט אומגעשיקט איר צורעכט געמאַכט די קישן און האָט איר אַ פרעג געטון:

— דאָסמאָל פאַרבלייבסטו?

זי האָט ניט פאַרשטאַנען און אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. מאַכנדיק אַ מינע פון גלייכגילטיקייט, האָט ער איבערגעפרעגט:

— דו פאַרבלייבסט?

זי האָט אַ שמייכל געטון:

— איך פאַרבלייב...

און איז איינגעשלאָפן.

ער האָט פאַרלאָזן דאָס צימער מיט אַ לייכטן געמיט.

---

ער האָט געלאָזט די טיר פון איר צימער האַלב אָפן. ער האָט געהערט זיין מוטערס רעגולמעסיקן אָטעמען און געזאָגט צו זיך אַליין:

— זי איז דאָרט... איך האָב זי... עס איז נאָך דאָ גענוג צייט...

אין יענער נאַכט איז געגעבן געוואָרן נאָך אַ וואָרנונג וועגן דעם שונאָס עראָפּלאַנען. מען האָט געהערט דאָס רעווען פון די טראָמבעס און דעם געוויינטלעכן גערודער פון די לאָקאָמאָרן, וועלכע זענען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ די שטיגן. מאַרק איז אויפגעשפּרונגען פון בעט און איז צו צו זיין מוטער. זי איז געשלאָפן אַזוי געשמאַק, אַז ער האָט ניט געקאָנט פועלן ביי זיך זי אויפצואוועקן. ער האָט געטראַכט:

— די באָמבע קאָן נאָך איצט פאַלן. מיר זענען צוזאַמען.

אין אַנדערע נעכט פון אַלאַרם, ווען ער איז געוועזן אַליין, האָט ער אומזיסט זיך געוואָלט מאַכן האַרץ; ער האָט זיך געשראָקן. איצט אָבער (פאַרוואָס?) איז עס געוועזן פאַר אים כמעט אַ פאַרגעניגן.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז סילוויע, אַן אומרואיקע, געקומען זען, וואָס ער מאַכט. זי האָט אים אויסגעזידלט, ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז אַנעט איז געקומען צופאָרן (ער האָט געהאַט אייפער־זיכטיק אויסבאַהאַלטן פון איר די טעלעגראַמע, כדי צו האָבן זיין מוטער דעם ערשטן טאָג אינגאַנצן פאַר זיך). אָבער אַנעט איז נאָך אַלץ געשלאָפן און מאַרק האָט, ווי אַ דראַקאָן, פאַרשטעלט פאַר סילוויען דעם אַריינגאַנג אין צימער. דער גערויש פון זייער קריגעריי האָט אויפגעוועקט אַנעטען און סילוויע איז אַריינגעקומען. זי האָט געהאַט אַ סך צו דערציילן, אָבער אויך זי האָט גלייך פון ערשטן בליק דערזען, אַז פיל רעגנס און ווינטן זענען געוועזן געפאַלן אויפן קאָפּ פון איר ריוויער, — און אַ קלוגע, ווי יעדן מאָל, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין דער רואיקייט פון די, וואָס זענען איר געוועזן ליב און טייער, האָט זי ניט אַרויפגעבראַכט אויפן מויל קיין שום זאַך, וואָס וואָלט אַנעטען געקאָנט באַלעסטיקן: איר דערפאַרנקייט פון לעבן האָט איר געלערנט, אַז די בעסטע זאַך פאַר אַ צעווייטיקטער נשמה איז צו לאָזן זי צורו, כדי דאָס זאַמד זאָל ביסלעכווייז, פון זיך אַליין, זיך אַראָפּזעצן אויפן דעק. זי האָט זיך געמאַכט לוסטיק איבער אַנעטען, וועלכע האָט פאַרשלאָפן די ביי־נאַכטיקע לופט־אַטאַקעס, און שאַרף אויסגערעדט מאַרקן, „אָט־דעם קליינעם פּרא־אדם“, וועלכער האָט, זינט אַנעטעס אָפּפאָרן, זיך

איינגעקשנט צו שלאָפֿן דווקא אין זיין מוטערס דירה, אַנשטאָט צו וואוינען ביי איר. זי האָט געמאַכט דעם אַנשטעל, אַז זי איז אים חושד אין יאָגן זיך נאָך ביינאַכטיקע אַוואַנטורעס. ער האָט איר מיט כעס אָפּגעענטפערט, אַז אַזוי ווי ער האָט איר געהאַט געגעבן דאָס וואָרט צו זיין אַ פיינער מענטש, וועט ער קיינעם ניט דערלויבן צו צווייפלען אין דעם, און זאָל ער, קעגן סילוויעס ווילן, וועלן זוכן פאַרוויילונג, איז ער שוין גענוג גרויס איר צו זאָגן עס גלייך אין פּנים אַריין. אַביסל שפּעטער האָט ער חרטה געקראָגן וואָס ער האָט אַזוי גערעדט פאַר זיין מוטער אין די אויגן און, אַ פאַרשעמטער, פאַרלאָזן דאָס צימער. נאָכדעם ווי ער איז געווען אַרויס, האָט סילוויע מיט שטאָלץ געזאָגט צו אַנעטען:

— סאַראַ קרומער מוח דאָס איז האָ! ווי שטאַרק ער איז עס גערעכטן אין אונז!

אַנעט האָט זיך אַליין געפרעגט:

— איז ער טאַקע גערעכטן אין מיר?

זי האָט געפּרואווט זיך נעמען ווידער צו דער באַלעבאַטישקייט, אָבער די גייסטיקע מידיקייט האָט נאָך אַ לאַנגע צייט זיך ניט אָפּגעטון פון איר. זי איז שנעל געבליבן אָן כוחות. מאַרק האָט אַזוי מאַנעווורירט, אַז ער זאָל איר פאַרלייכטערן די אַרבעט אין הויז. ער האָט איר ניט אַרויסגעוויזן, אַז ער זעט אַלץ, נאָר האָט זיך שטענדיק געפונען אויפן פּלאַץ ניט צו לאָזן איר זיך איינמידן, איבערשטעלנדיק אַליין דאָס מעבל אָדער אַרויפשלעפּנדיק אויפן לייטער, כדי אויפצוהענגען אַ פאַרהאַנג. די דאָזיקע אויפמערקזאַמקייט איז געווען אַ נייס סיי פאַר אים אַליין, סיי פאַר איר. ווי אַלע זייער אויפריכטיקע מענטשן, האָט ער מורא געהאַט, אַז מען זאָל דאָס ניט אויסטייטשן, ווי אַ מין איבערגעטריבענע געמער טרייטשאַפט, דיקטירט דורך דער צביעות פון דעם משפחה־געפיל; און ער האָט געזען אָפּצוטון זיין אַרבעט מיט אַ מינע פון גלייכגילטיקייט. אַנעט איז געוואָרן גערירט און, אַ צעמישטע, פאַרענדיקט איר דאַנק צו אים אין אַ קעלטערן טאָן, ווי זי האָט עס געהאַט אָנגעהויבן. זיי האָבן ביידע זיך פאַרהאַלטן צווישן זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן איינס פון צווייטן עפּעס ערוואַרט, מיט צאַרטקייט און איבערגעגעבנקייט, האָבן גערעדט ווייניק און זיך איינגעקוקט איינס

אין אַנדערן מיט קרומע זייטן־בליקן... וועט דער אַנדערער אָנהויבן ריידן?... יעדערער פון זיי האָט מורא געהאַט צו ווערן אַיפּסניי אַנטוישט, ווען ער וועט דער ערשטער אָנהויבן. מאַרק האָט אויס־געמיטן אויסצופרעגן זיין מוטער וועגן איר נסיעה און וועגן איר פּלוצלינגדיקן צוריקקומען. און איז זי אַריינגעפאַלן אין איינע פון אירע שטימונגען, אַזוי האָט ער אָפּגעווענדט פון איר די אויגן, גלייך ווי ער וואָלט, אַ שעמעוודיקער, מורא געהאַט צו לייענען אירע געדאַנקען; אָדער ער איז גאָר אַריין אין דעם דערבייאיקן צימער, כדי ער זאָל איר ניט שטערן. און אַז אַנעט האָט אים גענומען אויספרעגן, וואָס ער האָט געטון, בעת זי איז געווען אַוועק פון דער היים, האָט ער זיך דערפילט פיינלעך געטראָפן דורך אייניקע פון אירע פראַגעס, וואָס ער האָט געהאַט פאַראויס געענטפערט אויף זיי אין זיינע בריוו. האָט זי אים טאַקע אַזוי ווייניק ליב געהאַט, אַז זי זאָל זיי האָבן אַזוי שלעכט געלייענט?

זי וואָלט נאָך אַלץ ניט געוועז וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון אָט־די בריוו, ווען סילוויע וואָלט עס איר ניט געוועז זאָגן. סילוויע איז געקומען געוואויר ווערן, וואָס עס הערט זיך מיט דעם „קליינעם הויזגעזינט", ווי זי פלעג זיי אָנרופן. זי האָט זיך געהאַט געשוואוירן ניט אַריינצומישן זיך אין דער קעגנזייטיקער אַנטדעקונג פון אָט־די צוויי הערצער, וועלכע האָבן זיך אַזוי ווייניק געקענט, כדי איבערצולאָזן פאַר זיי אַליין דעם גאַנצן צער און די גאַנצע פרייד. זי האָט אָבער איינגעזען, אַז דאָס גייט ביי זיי צו שווערלעך, און איז זיי געקומען צו הילף. זי האָט גערעדט פון זיי, גלייך ווי זיי וואָלטן געוועז אַ פאַרליבט פּאָרל. מאַרק איז דערביי ניט געוועז. אַנעט האָט פּראָטעסטירט.

— איך רעד דאָ ניט וועגן דיר, די שלעכטער מענטש! — האָט סילוויע, לאַכנדיק, געזאָגט, — דו האָסט פאַרגעניגן צו פאַרשאַפן יענעם צרות. דאָס איז דיין ראָליע.

— אַך, ווי קאָנסטו אַזוי ריידן! — האָט אַנעט געזאָגט.

סילוויע האָט זי ניט אָפּגעלאָזן. זי האָט גערעדט ווייטער:

— איך רעד פון דיין קליינעם געליבטן, וועלכער פלעג, בעת דו ביסט געוועז אַוועק פון דער היים, דיר שרייבן יעדן טאָג...

אַנעט האָט שוין ווייטער ניט געהערט... ער האָט איר געשריבן

יעדן טאָג! עס איז איר גאָרנישט געווען איינגעפאַלן צו גיין זיך נאָכפרעגן אויף די בריוו, וועלכע זענען דאָרט פאַרבליבן!... יאָ, סילוויע האָט געזאָגט אמת, זי איז אַ שלעכטע... זי האָט זיך גלייך אוועקגעזעצט און אָוועקגעשריבן, אַז מען זאָל איר אָפּשיקן די פאַרלייגערטע בריוו. מאַרק האָט אָבער דערפון ניט געטאָרט וויסן. דאָס פּעקל זאָל נאָך פון דער פּאָסט ניט אַריינפאַלן צו אים אין די הענט אַריין! אַנעט האָט געהאַלטן אַן אויג אויפן בריווטרעגער, וועלכער האָט פאַרשפּעטיקט אויף היבשע עטלעכע טעג, און עס האָט איר גראָד אָפּגעגאָלטן צו פאַרלויפן מאַרקן דעם וועג און אַ כאַפּ טון די בריוו ביי דער הויז־אויפזעערין פון די הענט. זי האָט אָפּגעוואַרט מיטן לייענען, ביז מאַרק איז אַרויס פון הויז.

עס איז געווען אַ פּעקל פון אַכט בריוו. אַן אוצר!... פון די ערשטע שורות אָן זענען אירע אויגן געוואָרן פול מיט טרערן. זי האָט געוואָלט אַלץ איבערלייענען מיט איין אָטעם און זי האָט גאָרנישט געקאָנט לייענען. זי האָט זיך צוערשט געצוואונגען צוזאַמענצו־לייגן די בריוו מיט אַ סדר, איינס נאָך איינס, אַזוי ווי זיי זענען געשריבן געוואָרן. זי האָט אָבער ניט געקאָנט זיך האַלטן ביי אָט־דעם כּלל. זי האָט זיי געשלונגען. זי איז זיי געשווינד אַדורכ־געלאָפן, אָנכאַפּנדיק דאָ און דאָרט, איבערהיפּנדיק שורות, בלייַ־בענדיק שטיין און אומקערנדיק זיך מיט גיריקייט צוריק צו די צאַרטע שטעלן. שפּעטער, נאָכדעם ווי איר ערשטער הונגער איז געוואָרן אַביסל איינגעשטילט, האָט זי שוין געקאָנט זיי צוזאַמענ־לייגן מיט אַ סדר און ערשט ריכטיק פון זיי הנאה האָבן. זי האָט זיך געזעטיקט פון ליבע און אויפרעגונג... סאַראַ אומרעכט זי איז עס געווען באַגאַנגען אַנקעגן אים!...

---

זי האָט אַלץ געלייענט אין דער פינצטער און גאָרנישט באַ־מערקט, ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן... ער איז אַריינגעקומען. זי האָט זיי אַיף שנעל געגעבן אַ שאַר אַרונטער אונטערן טיש. זי האָט ניט געוואָלט, ער זאָל זי כאַפּן לייענענדיק. זי האָט ניט געוואָלט זיך מודה זיין פאַר אים, אַז זי האָט זיי פריער ניט געלייענט.

ער האָט זיך געוואונדערט צו טרעפן זי זיצן אין דער פינצטער און געוואָלט מאַכן ליכטיק. זי האָט אים ניט געלאָזט. זיי זענען

צוגעגאַנגען נאָענט צום פענצטער און האָבן, שטייענדיק דאָרט, פאַר־פירט אַ שמועס. זיי האָבן אַרויסגעקוקט אין גאַס. די פאַסאַדן פון די הייזער האָבן זיך געצונדן מיט ליכט, שאָטנס האָבן פאַרבייגעשוועבט. זיי האָבן זיך געפילט אומבאַקוועם. זי האָט געזוכט צו ברענגען אין אָרדענונג אָט־דעם אָנפאַלייץ פון געמישטע געפילן, בעת ער, אָן צוטרױ צו איר, איז געווען אויף איר אָנגעשטויסן, הלמאי זי האָט גאָר קיינמאָל קיין וואָרט ניט פאַרלוירן מכוח דעם, וואָס ער האָט איר פאַרטרויט אין זיינע בריוו. דער שמועס, וואָס זיי האָבן פאַרפירט, איז געווען אַ קאַלטער און האָט זיך ניט געקלעפּט. זיי זענען יעדער ווײַלע געבליבן שטיל. ער האָט איר דערציילט, וואָס ער האָט געהאַט געהערט אין לויף פון טאָג: נײַעס, די מלחמה, די שלאַכטן, טויט־פאַלן... גאָרנישט אינטערעסאַנט! זי האָט זיך ניט איינגעהערט...

און מיטאַמאָל האָט זי אין דער שטילקייט אים אַרומגענומען. אַ פאַרשטאַרטער פון איבעראַשונג, האָט ער זיך געלאָזן.

זי האָט אים געזאָגט:

— צינד אָן דאָס ליכט!

ער האָט אַ דריי געטון דאָס קנעפּל פון דעם עלעקטרישן לאָמפּ און דערזען די בריוו, צעוואָרפן איבערן דיל. זי האָט זיי אים געוויזן. זי האָט אים אַלצדינג איבערגעגעבן, אַלצדינג, וואָס זי האָט געהאַט פריער באַשלאָסן צו האַלטן עס פון אים בסוד. זי האָט בײַ אים געבעטן אַנטשולדיקונג. און זי האָט געזאָגט:

— מײַן פרײַנט...

ער איז שוין אָבער מער ניט געווען דער מאַן, — דער, וואָס אין זיינע בריוו האָט ער אַרויסגעשטעלט פאַר איר זיין פאַרוואָונדעטן שטאָלץ. ער איז איצט געווען אַ קליין אינגל, וואָס איז אַוועק־געלאָפן צו זיך אין צימער אַרײַן צו באַהאַלטן זיך מיט זיינע איבערפלייצנדיקע געפילן.

זי איז אים ניט נאָכגעגאַנגען. זי האָט געהאַט צו באַהערשן אירע אייגענע געפילן. פאַרבליבן אויפן זעלביקן פלאַץ, וואו ער האָט זי געהאַט איבערגעלאָזן, האָט זי געשוויגן, פּונקט ווי ער דאָרט בײַ זיך.

סילוויעס אַרײַנקומען האָט איבערגעריסן דעם צויבער, וואָס האָט זיי צוזאַמענגעבונדן. זיי האָבן אַלע דריי צוזאַמען געגעסן

מיטיק. און סילוויע, שטענדיק אויף דער וואך, האָט דאָסמאָל זיך ניט אָנגעשטויסן וועגן דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפן געדאַנק. זיי האָבן זיך געהאַלטן רואיק און ווייט איינס פון אַנדערן.

ווי אָבער זי איז נאָר געווען אַוועק, אַזוי האָבן זיי זיך אָנגענומען פאַר די הענט און, זיצנדיק אַלץ ביים טיש, עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד זיך שטיל אויסגערעדט דאָס האַרץ. דערנאָך זענען זיי געגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן, ביז זיי האָבן סוף־כל־סוף באַשלאָסן צו גיין שלאָפן. אָבער אין מיטן דער נאַכט האָט ער זיך אויפ־געהויבן און איז, אַ באָרוועסער, צוגעקומען צו אַנעטעס בעט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ נידעריק בענקל ביים צוקאָפּנס. זיי האָבן מער ניט גערעדט. זיי האָבן נאָר געהאַט אַ באַדערפעניש צו זיין נאָענט איינס צום אַנדערן.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט איז אויפגעקומען די געפייניקטע נשמה פון דעם הויז. דער טרויער און די ליידנשאַפט פון דעם הויז אין פלאַמען... מיט אַ גאַנץ נידעריקער, פון דער פאַמיליע בערנאַרדען, וועלכע איז פאַרשניטן געוואָרן פון אירע זין, האָט זיך געהויבן אַ יללה אַרויף צו דער אייביקער שטילקייט... מיט צוויי גאַנץ נידעריקער האָט מאָסיע זשירער, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין איין־און־איינציקן זון, זיך פאַרשטייפט, אַ פאַרצוקטער, אין דער פאַטריאָטישער געצנדינערייַ, וועלכע איז געווען זיין איינ־ציקע תרופה אַנקעגן דער פאַרצווייפלונג... מיט אַ גאַנץ העכער, ביי דעם יונגן פאַר פאָלק שאַרדאָנע, האָט דער ניט־אָפּטרעטנדיקער, שענדלעכער, ניט־אַרויסגעגעבענער סוד געברענט, ווי אַ רויט־אָנגעגליט אייזן, דעם גוף און די נשמה; ער האָט אויף אייביק אָפּגעפרעמדט אָט־די צוויי, וואָס האָבן זיך ליב געהאַט און וועלן אויף אייביק פאַרבלייבן צוגעבונדן איינס צום אַנדערן... אַפילו אין אַנעטעס דירה, אויף יענער זייט קאָרידאָר, איז אויך געווען אַ ליידיק צימער, וואו הינטער דער טיר, וואָס איז מחמת מורא געבליבן פאַרשלאָסן, האָט זיך נאָך אויפגעהאַלטן דער פייערדיקער אָטעם פון דער משוגענער פריי, וועלכע האָט זיך גענומען דאָס לעבן... דאָס הויז איז געווען אַ רויכערדיקער, אויף העלפט אויסגעברענטער שטורקאַץ. און פון די לעבעדיק־געבליבענע איז אין אָט־דער נאַכטיקער שעה קיין איינער

ניט געשלאָפן. זייער אומרו, זייער צער און זייער מרה־שחורה האָבן זיי פאַרצאָגט...

נאָר זיי אַליין, די מוטער און דער זון, זענען נאָך געשוואומען, זיך האַלטנדיק אויף דעם רוקן פון אַ כוואַליע, אין אָט־דעם ים פון פאַרשרפעטע נשמות. עטלעכע ווערטער, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געהאַט געטרייסט, האָבן זיי געוויזן, אַז זיי האָבן ביידע באַגלייך געטראַכט וועגן דעם. זיי האָבן אויסגעמיטן דערפון צו ריידן. זיי האָבן אָבער זיך אָנגענומען פאַר די הענט, גלייך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט איינס דאָס אַנדערע צו פאַרלירן. זיי האָבן צוזאַמען זיך געראַטעוועט אין דער שרפה פון ב אָ ר ג אָ...

זי האָט ווידער אָנגענומען די ראָליע פון אַ מוטער. זי האָט געזאָגט צו איר קליינעם ענעאַס:

— איצט גיי צוריק שלאָפן! עס איז ניט גוט אַזוי, מיין קינד, וועסט נאָך קראַנק ווערן.

ער האָט אָבער עקשנותדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— דו האָסט גענוג געוואַכט איבער מיר. איצט איז מיין ריי.

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. ער איז איינגעשלאָפן, זיצנדיק, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפן בעט. זי האָט זיך אויפגעהויבן און אים אַוועקגעלייגט אויף איר בעט. ער האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט. און אין דער געבעטער שטול ביים פענצטער האָט זי געוומען וואַרטן אויפן טאָג.

---

אין אָט־דעם שמועסן אין לויף פון אָוונט און פון דער נאַכט האָבן זיי כמעט פון קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט ווי נאָר פון דעם עיקר, — און דאָס איז, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעפונען און וועלן פון איצט אָן און ווייטער גיין צוזאַמען. אָבער דאָס, וואָס עס איז געווען טיף באַהאַלטן ביי זיי אין הארצן און אין מוח, האָבן זיי אויסגעמיטן דערפון צו ריידן סיי אין יענער נאַכט, אַזוי אויך אין די ווייטערדיקע טעג. אַנעט איז דאָך ביסלעכווייז, אין לויף פון אַ יאָר צייט, געוואָרן באַקענט מיט איר זונס אַנטוויקלטן בליק בנוגע צו דער מלחמה און צו דער געזעלשאַפט. און זי האָט מיט געפיל געלייענט צווישן די ווערטער — (מחמת ער איז געווען פונקט אַזוי שעמעוודיק איר צו זאָגן עס, ווי זי איז געווען שעמעוודיק

עס אויסצוהערן) — די אַנטדעקונג, וואָס ער האָט געמאַכט פון זיין מוטערס נשמה, און די פאַרערונג, וואָס ער האָט צו איר געפילט.

מאַרק האָט דאָך ניט געקאָנט פילען ביי זיך צו מאַכן פאַר איר די פיינלעכע דערקלערונג, וואָס האָט אַזוי שווער געדריקט אויף זיין האַרצן. אָבער האָט אויך ניט געוואָלט דאָס אַרויסצווינגען פון אים. זי האָט אָבער איינגעזען, אַז אָט־די דערקלערונג וועט אים אַזוי לאַנג האַלטן געפאַנגען, ביז ער וועט סוף־כל־סוף זיך פאָרט מוזן פון איר פריימאַכן; דעמאָלט איז זי געקומען דעם אומרואיקן גייסט צוהילף.

איינמאָל, אין אַ בין־השמשות, — אין דער שעה פון פאַר־טרויערקייט, ווען אַ מענטש קאָן קוים זיך אַליין זען, — איז זי געווען לעבן אים און האָט געזאָגט:

— דיין האַרץ איז דיר שווער. לאָמיך עס טראָגן פאַר דיר.

ער האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ און געענטפערט:

— איך וויל עס און קאָן ניט.

זי האָט אים צוגעצויגן צו זיך, האָט אים פאַרשטעלט די אויגן מיט אירע פינגער און געזאָגט:

— ביסט אַליין מיט זיך.

ער האָט גענומען דערציילן. מיט שווערקייט און זייער שטיל. ער האָט דערציילט פון זיינע איבערלעבענישן פון די לעצטע יאָרן, סיי דאָס גוטע, סיי דאָס שלעכטע. ער האָט זיך פירגענומען צו ריידן מיט פעסטקייט, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַן אַנדערן. אָבער אין די שווערע מינוטען האָט ער זיך פאַרהאַקט און ניט געוואוסט, צי וועט ער האָבן דעם מוט ווייטער צו ריידן. זי האָט געשוויגן. זי האָט געפילט אונטער אירע פינגער זיינע ברענענדיקע אויגנדעקלעך און זיין שאַנד. דער דרוק פון אירע פינגער האָט געזאָגט:

— רעד! איך נעם אויף זיך די שאַנד.

זי האָט זיך גאָרנישט געוואונדערט דערויף, וואָס זי האָט געהערט. דאָס, וואָס ער האָט איר דערציילט, דאָס, וואָס ער האָט פאַרשוויגן, האָט זי עס פון שטענדיק אָן געוואוסט. אָט־דאָס איז עס, — אָט־דאָס איז די וועלט, וואוהין זי האָט געהאַט אַריינגע־וואָרפן איר זון, וואוהין זי איז אַליין געווען אַריינגעוואָרפן געוואָרן

פֿון אַן אומבאַוואוסטער קראַפֿט... זי האָט אויף אים רחמנות געהאַט, זי האָט אויף זיך אַליין רחמנות געהאַט... מילא! לאָמיר זיך צוריקשטעלן אויף די פֿיס! אַזוי איז דאָס. לאָמיר עס אָננעמען פֿאַר ליב!...

נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געענדיקט, האָט ער מורא געהאַט פֿאַר דעם, וואָס זי וועט אים דערויף ענטפֿערן. זי האָט זיך אָנגעבויגן איבער איר זונס געבויגענעם קאָפּ און אים אַ קוש געטון.

ער האָט זיך איצט דערפֿילט זייער שטאַרק ביי זיך! אומזיסט האָט זי נאָך אַלץ געמאַכט דעם אָנשטעל צו באַהאַנדלען אים ווי אַ קינד. זי האָט אים מער ניט געקאָנט נאַרן! ער איז געווען זיכער אין זיין איבערמאַכט. זי האָט אים געלאָזט האָבן די גאַנצע דעה אין זייער געמיינשאַפֿטלעכן לעבן. און עס האָט איר אין דער שטיל פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגעניגן זיך אונטערצואוואַרפֿן אונטער זיין מאַכט.

---

ער האָט געהאַנדלט פּונקט ווי אַלע מענער. קוים האָט ער נאָר געקראָגן די מאַכט, אַזוי האָט ער גענומען זי אויסנוצן צום שלעכטן.

ער איז נאַרוואַס געווען אַריינגעקומען. זי איז געזעסן און האָט עפּעס געניייט. ער איז צו צו איר און זי אַ קוש געטון. זי איז געווען פֿאַרזאָרגט. ער האָט אַ קוק געטון אויף איר און איז גלייך אַפּגעטראָטן. ער האָט אויסגעזען צו זוכן אַ בוך אין ביכער־שראַנק. ער האָט אַ ווייַלע אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער, איז באַלד געקומען צוריק, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אַנקעגן איר, פֿונאַנדער־געעפֿנט דאָס בוך און עס גענומען בלעטערן, גלייך ווי ער וואָלט געלייענט. דערנאָך האָט ער אויסגעשטרעקט צו איר זיין אָרעם, האָט זי אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און מיט האַסט אַרויסגעזאָגט:

— איך האָב דיך עפּעס צו פֿרעגן...

שוין אַ לאַנגע צייט האָט ער עס איר געוואָלט זאָגן, נאָר ניט געוואַגט. אין דערפֿאַר האָט ער דאָסמאָל זיך אַזוי געאיילט צו ריידן. ווי נאָר ער איז געווען אַריינגעקומען, אַזוי האָט אַנעט גלייך דערפֿילט די פֿראַגע, וועלכע האָט אים געברענט די ליפּן, און זי האָט זיך פֿאַר איר געשראָקן. זי האָט געפּרואווט זי אויסצומיידן. זי האָט געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט זיך אויפֿגעהויבן צו גיין

עפּעס געמען, און אַ זאָג געטון מיט אַ לייכטן טאָן:

— נו, פרעג, מיין קינד!...

ער האָט זי פּעסט צוריקגעהאַלטן אויף איר פּלאַץ. זי האָט געמוזט זיך צוריק אַוועקזעצן. ער האָט זי ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט געקוקט אַרונטער, צו דער ערד. ער האָט זיך געצוואונגען אָנצונעמען אַ מינע פון זיכערקייט מיט זיך.

— מאַמע, — האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבן, — עס איז פאַראַן איין זאַך, פון וועלכער מיר האָבן קיינמאָל ניט געהאַט גערעדט... אַלע אַנדערע זאַכן האָבן אַ שייכות מיט דיר אַליין, און איך האָב קיין רעכט ניט דיר צו שטעלן פראַגעס... אָבער דאָס איז אויך מיך נוגע און איך האָב דערויף אַ רעכט... דערציייל מיר וועגן מיין פאָטער!...

ער איז געווען אין אַ זייער אויפגערעגטן צושטאַנד.

ניט פון יענעם טאָג אָן האָט ער געליטן צוליב דעם ניט־געזעצ־לעכן שטייגער פון זיין קומען אויף דער וועלט. עס האָט אים, אין זיין פאַרקערן אין דער געזעלשאַפט, שוין געהאַט געפירט צו אַ סך צוזאַמענשטויסן. ער האָט זיך געפילט דערפון שטאַרק גע־טראָפן, זיין שטאָלץ האָט אים אָבער ניט דערלאָזט דאָס מודה צו זיין.

שוין אין די ערשטע חדשים אין שול האָט ער, ניט צו בלייבן פונדעסטוועגן קיינעם שולדיק קיין חוב, באַקומען ניט איין וואונד. זיי זענען אָבער ניט געווען קיין טיפע. די שול־אינגלעך פון פּאַריז האָבן בילכערע זאַכן אויפן זינען, ווי זיך צו פאַרנעמען מיטן אויפפיר פון די פאָטערס און מוטערס, — בפרט נאָך אין דער צייט פון אַ מלחמה, וועלכע האָט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ די גאַנצע מאָראַל און די גאַנצע געזעלשאַפט. אין דער אומגע־צוימטער פאַראַכטונג, וואָס דאָס רוב פון אָט־די אינגלעך האָבן געפילט צו פרויען, האָבן זיי געהאַלטן, אַז זיי טויגן צו קיין זאַך ניט ווי נאָר צום בעט. זיי האָבן צו זיי ניט געהאַט קיין טענות פאַר זייער פרייקייט, מחמת זיי האָבן מורא געהאַט זיך דערמיט צו ווייזן פאַר אָפּגעשטאַנענע מענטשן. מאַרק האָט געהאַט ניט מער ווי אויסצושטיין עטלעכע גראָבע, כאָטש ניט קיין בייזוויליקע,

באמערקונגען פון דעם אָדער פון יענעם קליינעם ווייסער־חברהניק, וועלכער האָט אפשר גערעכנט, אז ער מאכט אים דערמיט א קאָמפּלימענט. ער אָבער האָט עס אזוי ניט אָנגענומען. ער האָט געציטערט ביי יעדער אָנצוהערעניש, וואָס האָט אפילו נאָר פון וויטנס געקאָנט צילן אין זיין מוטער. ער פלעג א סך גרינגער ווערן אויפגערייצט איבער אנעטעם כבוד, איידער זי אליין. דער ענטפער אין אזא פאל פלעג שטענדיק זיין א שטורעמדיקער, — מיט די פויסטן.

שפּעטער, בעת זיין צוויי־וואָכיקן וויזיט ביי זיין מוטער אויף דער פּראָווינץ, האָט ער ניט פארפעלט צו באמערקן די בליקן פון די ווייבער, וועלכע האָבן גענומען זיך סודן יעדן מאָל, ווען זיי האָבן זיי דערזען צוזאמען, און ווי אייניקע בורזשואזע דאמען האָבן, פארבייגייענדיק, זיך געמאכט, אז זיי זעען זיי גאָרנישט. ער האָט קיין איינעם פון אָט־די איינדריקן ניט געטיילט מיט זיין מוטער, זיי האָבן אָבער ניט ווייניק בייגעטראָגן צו זיין געפיל פון אָפּקער צו דער פּראָווינץ און צו זיין באשלוס מער אהין ניט צוריקצוקומען.

אָבער דאָס איז נאָך אלץ געווען גאָרנישט. ווען מען האָט פאר אימיצן קיין רעספּעקט ניט, קאָן מען זיך מאכן ניט־וויסנדיק איבער דעם, וואָס יענער טראכט. ער עקזיסטירט פאר אייך ניט מער ווי אָט־דער שטויב: מען ווערט פון אים באלד פּטור, ווען מען נעמט בערשטלען די שיך, און מען שפּייט אָן אויפן לעדער, כדי צו קאָנען אים בעסער פּוצן... די אָבער, וואָס מען איז צו זיי צוגעבונדן? די אָבער, וואָס דאָס הארץ איז אויסגעהונגערט נאָך זיי?...

מארק איז געווען אריינגעטראָטן אין דעם אכצענטן יאָר און זיינע טריט האָבן, זינט עטלעכע חדשים, אדורכגעקרייצט דעם גאָלדיקן שאָטן פון ליבע. א צארט געפיל האָט געפאנגען זיין יונג, אומרואיק, אומבארירט הארץ. ער האָט גערעכנט, אז ער איז פארליבט אין דער שוועסטער פון זיינעם א שול־חבר, וואָס ער האָט זי געהאט באגעגנט עטלעכע מאָל אין גאס מיט איר ברודער, דערנאָך אליין. זיי האָבן ביידע שוין געפירט דערצו, אז זייערע וועגן זאָלן זיך צוזאמענקומען. דער אינטערעס איז געווען א קעגנזייטיקער. מארק פלעג קומען צו זיין חבר אין הויז. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט באקומען פון אים קיין איינלאדונג. ער וואָלט אפשר ניט

געוועז געפילט אַזוי שאַרף די באַליידיקונג, ווען זיין חבר וואָלט ניט־באַרעכנטערהייט אים ניט געוועז איינמאָל לאָזן וויסן, אַז ער זאָל וואַרטן אויף אַן איינלאַדונג. זינט דעמאָלט האָט דעם ברודערס פאַרלוירנקייט, ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט מאַרקן, אַזוי אויך זיין אומגעשיקטקייט אין זוכן אים אויסצומיידן, געוויזן מאַרקן, אַז ער איז געווען אַ ניט־געוואונטשענער גאַסט אין דער פאַמיליע און אַז מען האָט דאָרט געוואָלט זיין מיט אים פון דער ווייטנס. די דאָזיקע ברענענדיקע וואונד האָט געלאָזט מאַרקן אַנטדעקן — און אפשר גאָר אויסטראַכטן — נאָך אַנדערע סמנים פון פאַראַכטונג, וואָס ער האָט פריער איבער דעם זיך גאָרנישט געהאַט געקימערט. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער איז קיינמאָל ניט צו־געלאָזן געוואָרן צו יענער בורזשואַזער סביבה, וואו זיינע פריינט האָבן זיך געמאַכט גאַנץ היימיש. כאָטש ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין ערנסטן וואונטש אהין אריינצוקומען, האָט ער אָבער איצט געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי מען וואָלט פאַרהאַקט פאַר אים די טיר. עס איז געווען ווי אַ פּאַטש אין פּנים. און ער האָט דערפילט אין זיך אַ קאָנוואולסיע פון רעוואָלט אַנקעגן אָט־דער גע־זעלשאַפט.

און ברענענדיק מיט צאָרן אַנקעגן דער געזעלשאַפט, האָט ער געהאַלטן מיט דער מוטער, כאָטש טיף אין האַרצן איז ער אויך גע־ווען אָנגעשטויסן אַנקעגן דער, וועלכע האָט געבראַכט אויף אים אָט־די אַלע באַליידיקונגען. זיין געדאַנק, אַ פאַרוואונדעטער, האָט זיך אַלע מאָל אומגעקערט צו דער פראַגע: „ווער איז געווען זיין פאָטער? פאַרוואָס האָט מען אים אַוועקגענומען פון אים?"... ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט וויי טון זיין מוטער, ווען ער וועט זי דאָס פרעגן. אָבער אים אַליין האָט דאָך אויך וויי געטון. יע־דערער מוז קריגן זיין חלק! ער האָט געוואָלט וויסן.

אַנעט האָט פאַראויסגעזען, וואָס מאַרק האָט זיך געקליבן צו זאָגן. און דאָך האָט זי געהאָפט, אַז ער וועט עס ניט זאָגן. אוודאי איז זי אים געווען שולדיק די דאָזיקע סודות פון דער פאַרגאַנגענ־הייט און זי האָט זיך אויך צוגעזאָגט זיי צו אַנטפּלעקן פאַר אים נאָך איידער ער וועט דאָס פון איר פאָדערן. זי האָט עס אָבער

אַלץ אָפּגעלייגט, זי האָט מורא געהאַט... און אָט האָט זי גאָר דערלאָזט, אַז ער זאָל איר פאַרלויפן דעם וועג...

— מיין קינד, — האָט זי, אַ צעטומלטע, געזאָגט, — ער האָט דיך קיינמאָל ניט געקענט, ווייל — (איך האָב דיר שוין געהאַט געזאָגט, אַז איך בין ניט אומזינדיק אין די אויגן פון דער וועלט) — ווייל איך האָב זיך געשיידט פון אים נאָך איידער דו ביסט געווען געבוירן געוואָרן...

— דאָס מאַכט ניט! — האָט מאַרק געזאָגט — איך מוז וויסן, ווער ער איז. איך האָב דערצו אַ רעכט...

זיין רעכט? ער אויך! וועט ער באַלד אויך זיין קעגן איר?... זי האָט געזאָגט:

— דו האָסט דאָס רעכט.

— לעבט ער נאָך?

— ער לעבט.

— ווי הייסט ער? ווער איז ער? וואָס איז ער?

— יאָ, איך וועל דיר אַלץ זאָגן. אָבער וואַרט אַ ווײַלע...

זי איז געווען דערשלאָגן. עס האָט אים שוין געהאַט באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק. ער האָט אָבער פּאָרט געוואָלט וויסן. ער האָט געזאָגט מיט אַ טרוקענעם טאָן:

— מאַמע, ס'איז ניטאָ וואָס זיך צו איילן. מירן ריידן וועגן דעם אַן אַנדערט מאָל.

זי איז ניט געווען געגאַרט אין זיין שלעכט־פאַרשטעלטער אומגעדולד. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די חיי־שעה, וואָס ער האָט איר אָנגעבאָטן. זי האָט זיך באַהערשט און געזאָגט:

— ניין. היינט אויפדערנאַכט. דו ווילסט עס וואָס שנעלער וויסן. און איך וויל אויך, אַז דו זאָלסט עס וואָס שנעלער וויסן. ווי דו האָסט נאָרוואָס געהאַט געזאָגט, עס איז דיין זאַך. און איך האַלט עס אָפּ פון דיר. איך בין שוין דיר פון לאַנג שולדיק אַ חשבון. און היינט אויפדערנאַכט האָסטו מיר דערמאָנט אָן מיין חוב.

ער האָט געוואָלט זיך אַנטשולדיקן.

— שווייג, — האָט זי געזאָגט, — היינט אויפנערנאַכט רעד איך.

איצט, ווען זי האָט געזאָלט אָנהויבן ריידן, האָט ער זיך כמעט געוואונטשן, אַז זי זאָל בעסער שווייגן.

— מאַך ליכטיק, — האָט זי געזאָגט, — און שליס צו די טיר, אַז קיינער זאָל אונז ניט שטערן!

קוים האָט זי אָנגעהויבן ריידן, אַזוי האָט מען טאַקע אָנגעקלאַפּט אין טיר. אוודאי סילוויע. די טיר איז פאַרבליבן צוגעשלאָסן.

לפּנים רואיק, האָט אַנעט גענומען מיט ברייטע שטריכן אָפּשילדערן איר פאַרגאַנגנהייט, די אָפּגעבראָכענע תנאים. זי האָט זיך אויסגעדריקט מיט שטאָלצער צניעות, וועלכע גיט ניט אַרויס קיין זאַך דערפון, וואָס איז נוגע איר אַליין, ניט צו באַהאַלטן אָבער אויך קיין זאַך דערפון, וואָס זי באַדאַרף און וויל דערציילן. זי האָט, ריידנדיק, זיך געמיט פונאַנדערצואווייען די פאַראורטיילן פון דעם צוהערער. ער האָט מיט קיין זאַך זיך ניט אַרויסגעגעבן. ער האָט זי אויסגעהערט מיט פאַרגליווערטער רואיקייט. עס האָט אויסגעזען, ווי די מוטער און דער זון זענען ביידע געווען אינגאַנצן פרעמד פון די ווייטע געשעענישן, וואָס זייער שאָטן האָט איצט אַדורכגעצויגן פאַר זיי אויפן עקראַן. אײן גאָט ווייס אָבער, מיט וויפיל אַנגסט זי האָט געהאַט אַרויסגעקוקט אויף אַן אָנפּלייץ פון סימפּאַטיע, כאָטש זי וואָלט באַין־אַזפן זיך ניט אַרונטערגעלאָזט צו בעטן זיך ביי אים. ער איז פאַרבליבן רואיק און ניט־דורכדרינגלעך ביז צום סאַמע סוף פון איר דערציילונג. און דעמאָלט, בעת זי האָט געוואַרט אויף דעם פּסק־דין, וואָס ער וועט באַלד אַרויסברענגען, האָט ער נאָר געמאַכט אָט־די איינציקע באַמערקונג:

— דו האָסט מיר ניט געזאָגט זיין נאָמען.

זי האָט געזאָגט:

— ראָזשעי בריסאָ.

(די קעלט פון איר זון האָט אַדורכגענומען איר האַרץ מיט פראָסט).

זיינע חושים זענען געווען וואַך ניט מער ווי נאָר פאַרן נאָמען, וואָס זי האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט. ער האָט אים גוט געקענט.

— דער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט! — האָט ער אויסגערופן.

זיין איבעראשונג האט שלעכט באהאלטן, האט אינגאנצן ניט באהאלטן זיין פרייד.

בריסא האט זיך געהאט געמאכט א גלענצנדיקן נאמען צווישן די רעדנער פון פארלאמענט. ער האט באגייסטערט די יוגנט. אנעט האט די דאזיקע באגייסטערונג ארויסגעלייענט פון איר זונס אויגן; און זי האט געציטערט. אבער א צו שטאלצע דאס ארויס־צואווייזן און א צו לאיאלע צו פארמינערן דעם ווערט פון איר קעגנער, האט זי געזאגט:

— יא, זיין נאמען איז בארימט. דארפסט זיך מיט אים ניט שעמען.

קוים האט זי דאס ארויסגעזאגט, אזוי האט זי ארונטערגע־לייענט פון איר זונס ליפן: „פארוואס האסטו אים אוועקגענומען פון מיר?"

ער האט עס אבער ניט געזאגט. ער האט זיך אויפגעהויבן. ניט אויסצורוידן קיין ווארט, האט ער גענומען שפאנען איבערן צימער. זי האט נאכגעפאלגט זיינע באוועגונגען. זי האט גע־לייענט זיינע געדאנקען. און זי האט פארלוירן דעם פארלאנג אפילו זיך צו פארטיידיקן. צו וואס וואלט דאס געטויגט, אויב ער אליין האט זי ניט פארטיידיקט?... זי איז געגאנגען דער געפאר אנקעגן ניט כדי זיך אפצוהאלטן פון איר, נאר כדי צו עפענען פאר איר ברייט די טיר. זי האט געפרעגט:

— וואלסט וועלן אים קענען?

— יא.

— דו קאנסט עס... איך האב דיר ניט אלץ געזאגט. ער ווייס פון דיין עקזיסטענץ. ער ווייס, אז דו ביסט זיין זון. און ער וועט אוודאי זיין גרייט דיך אויפצונעמען ווי א זון.

מארק, אן אנגעצונדענער, האט אויסגעשריגן:

— און דו האסט עס מיר גארנישט געזאגט!

אנעט איז געווארן בלייך און האט צוגעמאכט די אויגן. דער־נאך האט זי זיי צוריק געעפנט, זיי אנגעשטעלט אויף איר זון און געזאגט:

— איך האב אפגעווארט מיטן ריידן, ביז דו וועסט ווערן א מאן. איצט זע איך, אז דו ביסט עס געווארן.

מאַרק האָט ניט געפילט איר שטאָלצע פאַרביטערונג. ער האָט געפרעגט:

— וואו וואוינט ער?

— איך ווייס ניט. קאָנסט אָבער זייער גרינג אויסגעפינען זיין אדרעס.

ער האָט אַלץ געשפּאַנט מיט ברייטע שפּאַן איבערן צימער. ער האָט מער ניט געטראַכט פון איר. ער האָט געטראַכט נאָר פון זיך. ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אים אַן עוולה.

ער האָט אַרויסגעזאָגט גאָר אָן רחמנות:

— מאָרגן גיי איך אים זען.

---

פאַר וואָס איז די יוגנט אַזוי גרויזאַם? — קוים האָט מאַרק זיך געפונען אַליין ביי זיך אין צימער, אַזוי האָט ער קלאָר איינגעזען זיין גרויזאַמקייט. עס האָט אים אָבער פאַרשאַפט פאַרגעניגן. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט דערמיט ווי געטון אַ מענטשן, וואָס האָט אים ליב, — וואָס ער האָט ליב, — און זיין געוויסן איז ניט געווען אינגאַנצן רואיק. אָבער די שאַרפקייט פון די געוויסנביסן האָט נאָך צוגעגעבן צו דער הנאה. ער האָט גענומען נקמה. פאַר וואָס?... פאַר דעם, וואָס זי איז אַנקעגן אים באַגאַנגען אַן עוולה? אָדער פאַר דעם, וואָס זי האָט אים ליב געהאַט? וואָלט זי אים ווייניקער ליב געהאַט, וואָלט ער ווייניקער זיך נוקם געווען. ער וואָלט אינגאַנצן ניט גענומען קיין נקמה, ווען זי וואָלט אים גאָר ניט ליב געהאַט. אַן אומבאַשיצטע, איז זי איצט געווען אין זיין רשות. ער האָט דאָס אויסגענוצט צום שלעכטן און מיט באַהאַלטענער פרייד זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס ער האָט זיך געזאָגט, אַז עס איז אין זיין מאַכט אָפּצושטעלן דאָס שפּיל, ווען נאָר ער וועט וועלן. וויפיל האָבן אָבער, אַבי נאָר אָנגעהויבן, שוין מער ניט געקאָנט זיך אָפּשטעלן!

אַנעט האָט געליטן... זי האָט אים צופיל ליב געהאַט. יאָ. צו ענגאַאיסטיש... ווי קאָן מען דען ליב האָבן אָן ענגאַאיזם?

— אָט־דאָס באַשעפעניש, — איך האָב אים באַשאַפן פון זיך. ער איז איך. ווי קאָן איך אין מיין ליבע צו אים פאַר־

געסן אָן זיך!... איך וואָלט עס אָבער באַדאַרפט טון. איך האָב עס קיינמאָל ניט געקאָנט און קאָן עס אויך איצט ניט... און דאָ האָב איך מיין שטראָף...

זי האָט שוין פון לאַנג געוואוסט, אז דער דאָזיקער טאָג וועט קומען. און דער טאָג איז געקומען. זי האָט צופיל געוואַרט. זי האָט געציטערט צו פאַרלירן אָט־דעם זון, וואָס זי האָט אים אזוי איינפערזיכטיק מאָנאָפּאָליזירט. און זי האָט אים פאַרלוירן. עס איז געווען גענוג איין־איינציקע מינוט, אַז ער זאָל ווערן פון איר אָוועקגעריסן. זי איז געווען אין הוילן שרעק. אין די הערצער פון אָט־דעם יונגוואַרג ווערט אַ גאַנץ לעבן פון מוטערלעכער איבער־געגעבנקייט פאַרגעסן פאַר איין מינוט פון באַזיץ אָדער פון פלאַטער־דיקער האָפענונג. זי האָט דאָס מיט שרעק געהאַט פאָראויסגעזען. אָבער די וואָר האָט איבערגעטראָפן דאָס געפיל... ער האָט ניט גע־האַט פאַר איר קיין איין צאַרט וואָרט, קיין איין זשעסט פון רעס־פּעקט. מיט איין הויב האָט ער זי אַריבערגעוואָרפן איבער דער דעק פון שיף. קיין שום איינזען מיט דער פאַרגאַנגנהייט! ער האָט זיך נאָר גערעכנט מיטן מאָרגן... זי האָט פאַרבראַכט די נאַכט, פאָרשטעלנדיק זיך אָט־דעם מאָרגן און די צווייטע נאַכט, ווען אַלץ וועט זיין געענדיקט. זי איז שוין באַצייטנס געווען באַזיגט.

זי האָט מער ניט געפּרואווט צו קעמפן. זאָל ער האָבן זיין פרייען ווילן! וואָס ער זאָל ניט באַשליסן צו טון, וועט זי זיין גרייט אים צו דינען. אויב זי קאָן אים מער ניט האַלטן, וועט זי אים אָבער העלפן ביז דעם לעצטן מאָמענט.

אין פרימאָרגן, ווען זי האָט אים ווידער געזען פאַר זיך, האָט זי מער ניט אַרויפגעבראַכט, וואָס עס איז באַשלאָסן געוואָרן. זי האָט אים צוגעגרייט זיינע בעסטע קליידער, האָט אַכטונג געגעבן אויף זיין טואַלעט און איז אַרויס פאַרטיק צו מאַכן דעם אָנבייסן. און בעת זיי זענען ביידע געזעסן ביים טיש, — (זי, צווינגענדיק זיך צו עסן, כדי ער זאָל ניט מיינען, אַז זי זוכט זיין מיטלייד; ער, פאַרשלינגענדיק אויף שנעל דאָס עסן, ווייל ער האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס דאַרף באַלד קומען, און איז געווען אומגע־

דולדיק, עס זאָל שוין שנעלער קומען), — האָט זי אים געזאָגט, אַז זי האָט געקראָגן דעם אַדרעס, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. זי האָט אים געעצהט צו גיין זוכן בריסאָ ניט ביי אים אין דער היים, נאָר אין זיין ביוראָ. זי האָט גערעדט מיושבדיק און לאָגיש. ער האָט איר נאָכגעגעבן. ער איז געווען דאַנקבאַר זיין מוטער פאַר דער אָנשטערענגונג, וואס זי האָט געמוזט מאַכן. ער האָט עס איר אָבער ניט אַרויסגעוויזן. עס איז ניט געווען אין זיין פּלאַן צו לאָזן זיך איצט שטערן פון וואָסערע עס איז געפילן. ער האָט גע־וואָלט קודם־כל אַליין זען און משפּטן... און וואָס איז שייך דער, וואָס וועט, וואַרטנדיק אויף זיין משפּט, דערווייל ליידן, — נו, מילא, וועט זי ליידן... עטלעכע שעה מער אָדער ווייניקער! זי איז שוין געוויינט דערצו! דערנאָכדעם וועט ער זיין צאַרט צו איר. יאָ, ער האָט זיך דאָס צוגעזאָגט, וואָס אַזוינס ער זאָל ניט באַשליסן. און זי, ווידער, וועט צוליב איר איצטיקן ליידן מער הנאה האָבן פון דעם גליק, וואָס ער וועט זיין גרייט איר צו ברענ־גען... ער איז געווען צופיל זיכער אין זיין איצטיקער מאַכט איבער איר. זי האָט געקאָנט וואַרטן... ער האָט געהאַט צייט!...

---

ראָזשעי בריסאָ האָט, זינט 1900, געמאַכט פאַר זיך אַ גלענצנ־דיקע קאַריערע. די סענסאַציאָנעלע פּראָצעסן, וואָס ער האָט געהאַט געפירט, זיין דערפאָלג, צוערשט אין יוסטיץ־מיניסטעריום, דערנאָך אין פאַרלאַמענט, האָבן אים אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי. אין פאַרלאַמענט האָט ער זיך געהאַלטן אין די גרעניצן פון דער ראַדיקאַלער און פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטייען, האַלבנדיק שטענדיק אַן אויג אויפן שטראָם, גרייט צו יעדער צייט אַריבער־צוגיין פון איין שיף אין דער צווייטער. עטלעכע מאָל מיניסטער און פון אַלע פּאָרטפעלן: מיניסטער פון בילדונג, פון אַרבעט, פון יוסטיץ, און אפילו פון דער פלאָטע. פּונקט ווי זיינע קאָלעגן, האָט ער זיך אויך געפילט ניט ווייניקער באַקוועם אין דער שטול אָדער אין אַן אַנדערער: אַלע שטולן זענען געמאַכט פאַר אַלע זיצער. און איז דען, נאָך אַלעמען, סיי אין דער, סיי אין יענער ביוראָ ניט איין־און־דיזעלביקע מאַשין, מאַניפּולירט אויף איין־און־דעמזעלביקן שטייגער? וויים מען נאָר, ווי אַזוי אַרום איר אַרומצוגיין, איז

שוין דאָס איבעריקע, — די רעגירטע, — פון די קליינע זאַכן. די אַרמיניסטראַציע, — אָט־דאָס אַליין רעכנט זיך אין לעצטן סך־הכּל.

האָבנדיק אַזוי פיל עסקים אויפן קאָפּ, האָט ער באַרייכערט זיין רעזערוו פון אידייען, אָדער געגויער, זיין רעפּערטואַר פון ווער־טער; קיין סך האָט ער דערפון ניט געלערנט גרינדלעך, מחמת ער איז צופיל געווען פאַרנומען מיט ריידן, אַז ער זאָל האָבן צייט צו הערן. אָבער ריידן האָט ער דערפאַר גערעדט זייער פיין. אין איין פונקט זענען זיינע ידיעות פונדעסטוועגן געווען היבשלעך אויסגעברייט, — און דאָס איז, אין דעם פונקט פון אָיפּציען און פון עקספּלואַטירן די שטים־פּי. עס זענען געווען צווישן די שטאַטס־מענער פון דער דריטער רעפּובליק אַזוינע, וואָס האָבן געשמט פאַר מייסטער אין אָט־דעם פאַך; זיי האָבן געוואוסט קלאָר אויף די פינגער די קלאַוויאַטור פון די מאַסן, האָבן געוואוסט דעם סוד פון די קלאַווישן: שוואַכקייטן, ליידנשאַפטן, איינבילדונגען. קיינער איז אָבער ניט געווען אַזאַ פולקומער ווירטואָז, קיינער האָט ניט געקאָנט פּראַכטיקער און קלינגעוודיקער לאָזן וויברירן די געהויבענע טענער פון דער דעמאָקראַטיע, פון אָט־דער אידעאָלאָגיע מיטן גרויסן מויל, וואָס אי זי דעקט צו, אי זי רופט אַרויס סיי די גוטע מידות פון דער ראַסע, אַזוי אויך אירע פאַרבאָרגענע שלעכטע מידות, ווי דער ערנוועדיגער בריסאָ. ער איז געווען דער גרויסער פּיאַניסט פון פּאַרלאַמענט. זיין פּאַרטיי, ניין, זיינע פּאַרטייען — מחמת ער האָט זיך געלאָזט רעקלאַמירן פון מער ווי איין פּאַרטיי — האָבן ביי יעדער געלעגנהייט זיך געווענדט צו זיינע טאַלענטען צו געבן קאָנצערט אין פּאַרלאַמענט, — צו האַלטן זיינע הויך־קלינגענדיקע רעדעס, וואָס זייער מוזיק, פּובליקירט דערנאָך אויף די גרויסע ווייסע אַפישן (איינשטימיק אָנגענומען, אויפן חשבון פון דעם וויילער), האָט באַרייזט גאַנץ פראַנקרייך. ער האָט זיך דערפון קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט; ער איז שטענדיק געווען גרייט; ער איז געווען אַלצאיינס קאָמפּעטענט אין יעדן ענין, — מיט דער הילף, פאַרשטייט זיך, פון אַקטיווע און אינפאָרמירטע סעקרעטאַרן: ער האָט זיי געהאַט אַ גאַנצע כאָפּטע. זיין איבערגעגעבנקייט צו זיין פּאַרטיי, — צו זיינע פּאַרטייען, — און צו זיין באַרימטקייט

האָט זיך געקאָנט פאַרמעסטן נאָר מיט זיינע לונגען. קיין זאַך האָט זיי קיינמאָל ניט איינגעמידט.

אָט־די געוואַלטיקע ענערגיע זיינע און אָט־די פּראַכטפולע שטים זענען דער רעפּובליק שטאַרק צוניץ געקומען אין דער צייט פון דער גרויסער מלחמה. זי האָט זיי מאָביליזירט. זיין אַרבעט איז געווען צו איבערצייגן די וועלט און דאָס פאָלק פון פראַנקרייך אין די הויכע אמתן, פאַר וועלכע זיי האָבן ביז צום סוף געמוזט זיך פאַרטיליקן. מען האָט אים עקספּעדירט אויף ווייטע שליחותן. ביים אָנהויב פון דער מלחמה האָט ער אויף צו כלומרשטן אָנגענומען די בענדלעך פון אַ קאָמאַנדיר פון רעזערוו, אין דער קאַוואַלעריע; און אין אָט־דעם ראַנג איז ער אַפילו אַ געוויסע צייט געווען פאַרבונדען מיט דער הויפּט־קאָמאַנדע, סאָליד איינגעסטאַלירט אין „שטאַ דע־קאָנפּיען". מען האָט אים אָבער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער קאָן מיט מער פּעולה דינען דעם לאַנד אין די שוצגראָבנס פון אַמעריקע; און ער האָט דאָרט פאַרשווענדט זיין אָטעם, ניט אויסצושעפּן אים פונדעסטוועגן אינגאַנצן. אַגב, האָט ער, בעת די פילע נסיעות, וואָס ער האָט געהאַט געמאַכט קיין לאָנדאָן, ניו־יאָרק, טערקיי, רוסלאַנד און אין כמעט אַלע נייטראַלע אָדער אַליאירטע לענדער, זיך געטראָפן פּנים־אל־פּנים מיט עטלעכע ערנסטע געפאַרן. בריסאָס מוט איז געווען אויסער יעדער פראַגע; ער וואָלט פּונקט אַזוי גוט געווען געשאָסן אין אַרגאָן אָדער אין פלאַנדריע. ניט מער, ער האָט פאַרשטאַנען די פליכטן, וואָס זיין גאונות האָט אויף אים אַרױפגעלייגט, און כדי צו אויפצוהיטן פאַר זיין פאָלק, האָט ער זיך דערלויבט צו פאַרבלייבן געזיכערט אין זיין מקום־מקלט. אָבער אין די רעדעס זיינע האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט אַנקעגן יעדן פייער. זיין הויכע שטים האָט פול געמאַכט די אויערן פון דער וועלט. מען האָט אים געהערט אין לאָנדאָן, אין באָרדאָ, אין טשיקאַגאָ, אין זשענעווע, אין רוים, און אַפילו אין פּעטערבורג, פאַר דער רעוואָלוציע; אין אַלע שטעט פון פראַנקרייך, סיי אויפן פראָנט, אַזוי אויך הינטערן שלאַכטפעלד, אויף לוויות און אויף יובילייען. ער איז אין אויסלאַנד געווען די פאַרקערפּערונג פון דער פראַנצויזישער אָראַטאָרישער גאונות. ער האָט געהערט צום גרויסן מיניסטאָרן־קאַבינעט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום קלע־

מאנסא. זיי האָבן איינס סאַנדערע שרעקלעך פיינט געהאַט. בריסאָ האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די געוויסנלאָזיקייט און, באַזונדערס, די פּרינציפּנלאָזיקייט פון דעם מענטשן מיטן פּנים פון א מאָנגאָל. און קלעמענסאָ האָט בייז געחוזקט פון דעם „פראַזנשיסער"...

אָבער יעדער פיינטלעכקייט איז שטיל געוואָרן אין אָנגעזיכט פון דעם שונאס איבערפאַל. און די קעגנער פון נעכטן האָבן פאַראייניקט זייער חכמה, זיך איינגעטיילט מיטן קוכן און פאָרמירט — מילעראַן און בריאַן, בריסאָ און קלעמאַנסאָ — אַרום דעם פּיקס־שטערן פון ר ע ו ו א נ ש (נקמה), פּואַנקאַרע דעם קונצנמאַכער, א ליכטיקע קאָנסטעלאַציע. די אומפאַרגעסלעכע עפּאָכע פון דעם „הייליקן בונד" — ליידער צו שנעל פאַרביי! — ווען די פּאָליטישע פירער פון אַלע פּאַרטייען, און אפילו יענע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פּאַרטיי, ווי די ברידער איימאַן, האָבן געריטן אויפן זעלביקן ריקן פון דער אַלטער שקאַפּע פון אַרבעט און קאַמף, פראַנקרייך, — באַשלאָסן צו האַלטן זיך דאָרט, ביז די שטומע חיה וועט אָדער דערגיין אָדער קראַפּירן.

בריסאָס קאַריערע איז געווען אומפאַרוואָלקנט — אויב מען זאָל ניט רעכענען די וואָלקן, וועלכע זיינע קעגנער, די ניט־פאַרגינער, האָבן געפּרואווט אַרויפוואַרפן אויף זיין אָראַטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס ער אַליין האָט זי געהאַט פּאַרפעקט, אַוועקשוועבנדיק אין ברען פון באַגייסטערונג עטלעכע מאָל אין די הויכע ספערן פון אינטערנאַציאָנאַלן פּאַציפיזם. דאָס איז אוודאי געווען אַביסעלע ניט קלוג פון זיין זייט. אָבער ווער עס רעדט שטענדיק, מוז זיך פאַררעדן. און קאָן מען דען פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל זיין געבונדן צו יעדן פון זיינע ווערטער? עס וואָלט אים דערפאַר געקומען פערטלען מער ווי מיט פיר פערד. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז דער פּאַציפיזם, ווי זיין נאָמען באַווייזט, אַזא מין געטראַנק, וואָס נעמט איין דעם ווייטיק און איז דערלויבט אין די צייטן פון שלום; פאַרבאָטן איז ער נאָר, ווען די מלחמה האָט געקלונגען, מחמת דעמאָלט וואָלט ער שוין געהאַט א פּעולה. און דאָס איז דעם גרויסען אָראַטאָר ניט שווער געווען צו באַווייזן, — אחוץ נאָר פאַר זיינע אומגלויביקע שׂונאים, וואָס קיין זאַך האָט זיי ניט געקאָנט איבערצייגן, אפילו ניט דער ברען, מיט וועלכן בריסאָ

האָט פאַרדאַמט זיינע חברים פון נעכטן, ווי פאַרעקשנטע פּאַציפיסטן און פאַרשטעלטע דייטשן, וועלכע האָבן דווקא געוואָלט אָנגיין מיט זייער שפּיל אין דער צייט פון דער מלחמה, ריזיקירנדיק אַזוי אַרום צו דעגנערווירן אַ מיד פאָלק און אַוועקצורויבן פון אונז די פרוכט פון נצחון, וואָס מיר האָבן פאַר זיי אַזוי טייער באַצאָלט. גרויסע מענטשן זענען געווייינטלאַך אָפּן פאַר יעדן מין פאַרליימדונג, און בריסאָ איז געווען גענוג שטאַרק ניט צו לאָזן זיך פאַרטונקלען דורך דער אומגערעכטיקייט. ער האָט געלאַכט דערפון מיט דעם פולן געלעכטער פון אַ גאַליער, וואָס זיינע פאַרערער האָבן עס פאַרגליכן מיט דאַנטאָנס. (דער פאַרגלייך איז קיין פאַרגלייך ניט: בריסאָ האָט ניט געהאַט, אַזוי צו זאָגן, יענעמס מאַרק־סטיל און יענעמס צעכראַסטעטן טאָן). — אָבער נאָך אַלעמען האָט ער ניט געהאַט אין זיך קיין ביטערקייט און איז געווען גרייט צו ווערן מאָרגן גוט צו זיינע שונאים. דער עיקר איז געווען, אַז ער זאָל זיי האָבן געבראַכט צו זיינע פיס.

אַלץ ווערט אין אונזער וועלט געקויפט. בריסאָ האָט געצאָלט ביי זיך אין דער היים פאַר זיין גוטן מזל אין דער פּאָליטיק. ער איז ניט געווען גליקלעך אין זיין הויז. די פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט, רייך, בלייך, באַליבט און אַנעמיש, אַ פעטע הון, אויסגעשטאָפּט מיט גוטע באַנק־פּאַפּירן, האָט אַזאַ מענטשן, ווי בריסאָ, לכל־הדעות ניט געקאָנט באַפרידיקן. זי איז געווען אַ פרוי מיט ווייניק קאָפּ און ווייניק האַרץ. אָן אַן אייגענעם פּנים, און, צום אומגליק, אויך אָן דער פייאיקייט פון אַנדערע אַזוינע גאָרנישטן זיך, וויניקסטנס, צו פאַרטושן, האָט זי נאָך פאַרשטעלט מיט זיך דעם גאַנצן האַריזאָנט פון איר טויטן לעבן. זי האָט ניט אויפגעהערט צו באַקלאָגן זיך און איז פון גאָרנישט ניט נתפּעל געוואָרן, אַפילו ניט פון די טאַלענטן און פון דעם גרויסן נאָמען פון איר מאַן. זי האָט געהאַט יענע אומגליקלעכע, אָן ספק קרענקלעכע גאָב ניט צו קאָנען אַרויסקריגן פון אַ לעבן, וואָס איז רייך מיט גוטע מעגלעכקייטן, קיין זאַך ניט, ווי נאָר דאָס אומאַנגענעמע. זי האָט געהאַט טענות צו אַלץ און צו אַלעמען. דאָס איז כמעט געווען איר מיסיע אין לעבן. אחוץ דעם האָט זי גאָרנישט ניט געטון צו מאַכן עפּעס אַן ענדערונג. זי האָט אויסגעשפּרייט איבער

אלץ איר שווערן, קלעפּיקן נעפּיל, ווי אַ רעגן אין האַרבסט. יעדער איינער, וואָס איז צוגעקומען נאָענט צו איר, איז אַוועק אַ פאַר־קילטער. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז דער דאָזיקער קלימאַט איז גאָרנישט געווען צום האַרצן דעם קרעפטיקן ראָזשעי בריסאָ. ער האָט געזען צו פאַרבלייבן דאָרט אַזוי ווייניק, ווי דאָס האָט זיך נאָר געלאָזט, און איז געלאָפן פון דאָרט מיט אַ הילכיקער ניסעריי. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט זוכן בעסערע קלימאַטן און דער גערויש פון זיין דערפאָלג האָט נאָך ערגער געמאַכט די וויסטע חושכניש פון זיין הויז.

זיינע „עקסטרעס" האָבן פונדעסטוועגן ניט געשטערט דעם דאָזיקן מענטשן פון פליכט צו געבן פינקטלעך זיין פרוי, וואָס עס איז איר געקומען. און עס איז ניט געווען זיין שולד, אויב די קמצנטע האָט אים געשענקט ניט מער ווי איין טאָכטער. בריסאָ האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. דאָס מיידעלע, אַ ליב, לאַכנדיק, געזונט קינד מיט פולע בעקלעך און גליקלעכע אויגן, איז גע־שטאָרבן. גאָר פלוצלינג. פון אַן אָפּעראַציע, וועלכע איז ניט געווען געפערלעך, אָדער גיכער פון דער אַנעסטעזיע, פון וועלכער זי האָט זיך שוין מער ניט אויפגעכאַפּט. זי איז אַלט געווען דרייצן יאָר. די פאַמיליע בריסאָ האָט געקראָגן אַ טויטקלאַפּ. די פרוי האָט דאָסמאָל געהאַט אַ גרונד צו באַשולדיקן די וועלט. זי האָט געטראָגן איר געוויין אין די קירכן אַריין און עס פאָרגעבראַכט פאַר די גייסטלעכע. זי האָט זיך אַריינגעלאָזט אין פרומקייט. דאָס האָט אַ סך געשטערט בריסאָס פּאָליטיק: דער קלעריקאַליזם איז נאָך ניט געווען צוריק אַריין אין דער מאָדע! — דער אָרעמער מענטש האָט ניט געהאַט קיין גאָט אָדער גאָטס לייט, וואָס זאָלן אים טרייסטן. ער האָט זיך געפילט שווער געטראָפן; און איינער אַליין, אין אָנגעזיכט פון דעם קינדס פּאָרטרעט אויף זיין אַרבעט־טיש, האָט ער פאַרגאָסן ביטערע טרערן. די מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך פאַרוויילונג. די משונה־ווילדע טעטיקייט האָט אים געלאָזט אַנטרינען פון זיינע מחשבות. ער איז געלאָפן פון הויז, פון דער פרוי און פון דער טויטער טאָכטער. ער איז געלאָפן פון זיי אַזש אין די אָרעמס פון פאַרגעניגן, אַוועקגעבנדיק דאָרט זיינע פאַרבליבענע כוחות, וואָס זיינע פּאָליטישע אַרבעטן האָבן זיי ניט

געקאָנט איינגאַנצן פון אים אָוועקנעמען. זיינע שמייכלער האָבן אין דעם געפונען נאָך אַ שטריך פון ענלעכקייט מיט דאַנטאָנען און זיינע הוליאַנקעס. אָבער בריסאָן האָט דאָס ניט באַרואיקט. ווי כמעט אַלע פראַנצויזן, איז ער געווען אַ פאַמיליע־מאַן און האָט געפילט אַ באַדערפעניש אין היימישער צוגעבונדנקייט: קיין אַנדער זאַך קאָן דאָס זיי ניט פאַרבייטן; אַמביציע, באַרימטקייט, פאַר־געניגן, וואָס זיי זעען אויס צו זיין אַזוי לְהוט נאָך דעם, זענען אין תּוך ניט מער ווי אַן „ערזאַץ"*). בריסאָ האָט זיך ניט געקאָנט טרייסטן ניט צו האָבן קיין זון.

ער האָט געוואוסט, אַז אַנעטעס זון איז געווען זיינער. פאַר דעם טויט פון זיין טאָכטער פלעג ער אויסמיידן דערפון צו טראַכטן. דאָס דערמאָנען־זיך אָן אַנעטען איז אים ניט געווען אַנגענעם. ער פלעג טרייבן פון זיך דעם געדאַנק וועגן איר. אַ באַהאַלטענע פאַרביטערונג האָט אָט־דעם געדאַנק דאָך אויפגעהאַלטן אין אים: דער ראָץ פון אַ פאַרוואונדעטער זעלבסטליבע און אפשר גאָר פון אַ שלעכט־פאַרהיילטער ליבע. ער האָט פאַרלוירן פון איניג די דאָזיקע פרוי; דאָך האָט ער אַ צוויי־דריי מאָל זיך ניט געקאָנט אָפּזאָגן ניט צו הייסן אומדירעקט אויסגעפינען, וואָס עס איז פון איר געוואָרן. ניט צו ווינטשן איר קיין בייז, האָט אים אָבער ווינציק וואָס אויסגעמאַכט, ווען ער האָט זיך געהאַט דערוואוסט, אַז דאָס לעבן אירס איז ניט געווען איבעריק געלונגען. דאָס הייסט ניט, אַז ער וואָלט איר ניט געוועזן גערן העלפן, ווען זי וואָלט זיך נאָר געווענדט צו אים; ער האָט אָבער שוין צו גוט געוואוסט, אַז זי וועט אים קיינמאָל ניט באַוויליקן אָט־די שטילע נקמה.

אַ צוויי־דריי מאָל, אין פופצן יאָר, האָט ער זי געהאַט באַגעגנט אין גאַס מיטן זון. זי האָט ניט געפּרואווט אים אויסצומיידן. דאָס האָט ער גאָר זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט זי גאָרנישט געווען געזען. עס איז אים פאַרבליבן פון איר אַ פיינלעכער איינדרוק, וואָס ער

---

*) דאָס דייטשישע וואָרט „ערזאַץ" (ממלא־מקום, סוראָגאַט) ווערט דאָ גענוצט פון מחבר, — אַ וואָרט, וואָס דייטשנלאַנד האָט, ווי באַוואוסט, אין די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה עס געמאַכט שטאַרק פּאָפּולער איבער דער וועלט.—איבערזעצער.

האָט אים גלייכער געוואָלט ניט אַנאַליזירן... וואָס האָט אים אויסגעמאַכט אָט־די ווייטע געשיכטע, אָט־די פרוי, וועלכע איז געווען זיינע און איז אים געוואָרן אַ פרעמדע, אָט־די אומבאַוואוסטע פאַרבייגייערין, — וואָס האָט זי אויסגעמאַכט אים, דעם מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַלץ?... אָ, גאָט! אַ מענטש האָט אַלץ, גלויבט, אַז ער האָט אַלץ, און דאָך קאָן ער ניט פאַרמיידן, אַז פון דער טיפעניש פון דער פאַרגאַנגענהייט זאָל ניט אויפקומען אַ געפיל פון חרטה, דאָס לעבן־פאַראומערנדיקע באַדויערן איבער אַ גאָרנישט, וואָס ער האָט געהאַט פאַרלירן! און אָט־דער גאָרנישט ווערט אַלץ. עס איז אַזוי ווי אַ קאָרב, אַ ניט־אָנזיכטיק שפּעלטל אויף דער וואַזע פון לעבן; און אַלץ פאַלט פונאַנדער, אַלץ פאַרגייט...

צום גליק, זענען אָט־די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט געקומען זעלטן און ברייסאַ איז געווען גענוג צוגעוויינט צו אומאויפריכטיקייט צו קאָנען זיך אַליין איינשמועסן, אַז ער האָט זיי ניט געהערט. ווען אַ מענטש לאָזט איבער הינטער זיך אַ מיאוסע שעה, איז די בעסטע זאַך צו זאָגן זיך אַליין, אַז זי איז גאָר קיינמאָל ניט געווען. ברייסאַ וואָלט סוף־כל־סוף זי געווען אָפּווישן פון דער פּאַנאָראַמע פון זיין פאַרטרודטן לעבן, ווען עס וואָלט דאָרט געווען ניט מער ווי דער שטילער שאָטן פון אָט־דער פרוי, פאַרוועבט מיט זיין אייגענעם שאָטן. עס איז אָבער דאָרט אויך געווען אָט־דער אַנדערער, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזט פאַרווישן, — דער זון.

זינט דעם טויט פון זיין טעכטערל, האָט דאָס לעבעדיקע קינד אים פאַרפאָלגט. ער האָט אָן אויפהער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אים אויף דעם וועג פון זיין געדאַנק. ער האָט ניט געוואוסט, ווי ער זעט אויס. בעת די צוויי אָדער דריי באַגעגענישן מיט אַנעטען האָט ער ניט געקאָנט זיך גוט איינקוקן אין אים, און ער איז ניט געווען זיכער, צי די פאָרשטעלונג, וואָס ער האָט, פאַרבייגייענדיק, זיך געהאַט געשאַפן פון אים, איז געווען אַ ריכטיקע. איין־איינציק מאָל נאָר האָט ער גערעכנט, אַז ער האָט אויפן אָמניבוס, אויף עטלעכע פלעצער ווייטער פון אים, דערקענט דאָס יונגע בחורל, וואָס ער האָט געהאַט געזען גיין געאָרעמט מיט אַנעטען: דעם אינגלס אויגן האָבן זיך אָפּגעשלייכט פון אים און זיך אָפּגע־

שטעלט מיט אינטערעס אויף א יונג מיידל, וועלכע איז געזעסן לעבן אים. בריסאָ האָט אים נאָכגעקוקט מיט א צאַרטן בליק: אַזוי האָט באַדאַרפט אויסזען זיין זון... האָט ער אָבער געקאָנט זיין זיכער אין דעם?

ווי שטאַרק זיין זון האָט אים איצט אויסגעפעלט! פאַר זיך, פאַר זיין הויז, פאַר זיין בענקעניש נאָך ליבע, פאַר דער נאַטירלעכער פרייד איבערצוגעבן א מענטשן פון זיין אייגן בלוט זיין נאָמען, די באַרימטקייט, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן, זיין פאַרמעג און זיין מיסיע. כדי צו קאָנען געבן דאָס פאַסיר־וואָרט כאַראָנען*), וועלכער זאָגט זיך אָפּ איבערצופירן אויפן אַנדערן ברעג דעם מענטשן אָן א זון, די ראַסע אָן א צוקונפט, דעם, וואָס שטאַרבט איינמאָל אין וועט שוין מער קיינמאָל ניט געבוירן ווערן...

אָבער דאָס זענען אַלץ אַזוינע לייד, וואָס מען ווייזט זיי ניט אַרויס פאַר א צווייטן, און קיינער וואָלט דערפון גאָרנישט געוועז וויסן, ווען דער צופאַל וואָלט אים איינמאָל ניט געוועזן צוזאַמענ־ברענגען מיט סילוויען. דאָס האָט געטראָפן אין א נאַכט, אין 1915, ווען ער האָט פאַרבראַכט אין א פריילעכער געזעלשאַפט פון ליבנסווערדיקע פרויען, ערלעכע, נייגיריקע דאַמען, וואָס קיין איינע פון זיי האָט ניט געמאַכט קיין פּראָפעסיע פון אַט־דעם שפּיל. (דאָס איז געווען אין יענער קורצער, אָבער פול אויסגעלעבטער צייט, ווען סילוויע האָט געזוכט פאַר זיך לוסטיקע פאַרוויילונגען). זי איז געווען מיט איינעם, וואָס בריסאָ האָט געקענט. ביים זעצן זיך צום טיש האָבן די צוויי מענער זיך געטוישט מיט זייערע דאַמען. בריסאָ האָט סילוויען גאָרנישט דערקענט; אָבער סילוויע האָט זיך פירגענומען אָפּצופרישן זיין זכרון. ער האָט אַרויסגעוויזן אַן אומגעריכטע צופרידנקייט זי צו באַגעגענען, כאָטש אין די אַמאָליקע יאָרן האָט ער ניט איבעריק געהאַלטן פון דער שוועגערין דער שניידערקע, אויף וועלכער ער איז גאָרנישט שטאָלץ געווען. סילוויע האָט דערפון גאַנץ גוט געוואוסט, אָבער די אַוואַנטורע האָט זי געוויילט. איר קאַוואַליער איז געווען אין אַזאַ צושטאַנד, ווען

*) דער פּראָם־פירער, וועלכער פירט, לויט דער גריכישער לעגענדע, די נשמות פון די געשטאָרבענע אַריבער דעם טייך סטיקס.—איבערזעצער.

מען איז שוין מער ניט קיין באַלעבאָס איבער די אייגענע ווערטער. זי האָט אים געמאַכט צו ריידן. בריסאַ איז געוואָרן ווייך. ער האָט זי מיט גיריקייט איינגעפּרעגט וועגן אַנעטען און וועגן מאַרקן. ניט צו באַהאַלטן זיין פאַרביטערונג אַנקעגן אַנעטען, אַ געפיל, וואָס איז געווען צו לעבעדיק, אַז סילוויע מיט איר שאַרפער נייגיר פון אַ פרוי זאָל ניט קאָנען אין דעם איינזען דעם צומיש פון פאַר־דראָס און חרטה, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ הונגעריקן אינטערעס צום קינד. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן זיין געזונט, זיין אַרבעט, זיין פאָרטשריט און זיינע לעבנסמיטלען. סילוויע האָט געלויבט איר פלימעניק, וואָס זי איז געווען אַזוי שטאָלץ אויף אים. דאָס פאָטערלעכע געפיל אין בריסאָן איז נאָך מער אָנ־גערעגט געוואָרן. ער האָט פאַרגלויבט סילוויען די פרייד, וואָס עס וואָלט אים פאַרשאַפט צו זען זיין זון, צו האָבן אים לעבן זיך, מיט זיך, און ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין פאַרלאַנג צו פאַרזיכערן זיין זונס צוקונפט.

סילוויע האָט אויפן אַנדערן טאָג דאָס איבערגעגעבן אַנעטען. אַנעט איז געוואָרן בלייך. זי האָט גענומען זיך בעטן ביי סילוויען, אַז זי זאָל זיך ניט אַיסריידן מיט קיין וואָרט פאַר מאַרקן. סילוויע האָט ניט געהאַט דעם מינדסטן פאַרלאַנג צו ריידן וועגן דעם. זי איז געווען פונקט אַזוי אייפערזיכטיק אויף מאַרקן ווי זיין שוועסטער, זי האָט אים אויך ניט געוואָלט פאַרלירן. זי האָט זיך אָבער ניט גענאַרט אין אירע אמתדיקע געפילן. זי האָט געזאָגט:

— שטעל זיך נאָר פאָר, ווען איך זאָל עס אים דערציילן! ער וואָלט אונז געגעבן די ריכטיקע קלעפּ!...

אַנעט איז געוואָרן אויפגעבראַכט. זי האָט ניט געוואָלט צוגעבן, אַז זי האָט דאָס אינגל „באַשווינדלט". (סילוויע האָט, לאַכנדיק, גראָב אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט... „נו, איז וואָס? יעדערער פאַר זיך!"...) אויב זי האָט אים געוואָלט האַלטן פאַר זיך, האָט זי עס געטון נאָר כדי אים צו ראַטעווען. זי האָט אים געוואָלט באַשיצן פון יעדער זאַך, וועלכע וואָלט געקאָנט פאַרניכטן דעם אידעאַל, וואָס זי האָט אין אים געהאַט אויסגעפורעמט... זי האָט אָבער גוט געוואוסט, אַז זי האָט דערמיט אויך זיך באַשיצט! צו האָבן פופצן יאָר געוואַכט איבער אים מיט אַזוי פיל מי און פיין, וואָס זענען

איר געווען טייערער ווי די פריידן, צו האָבן געמאַכט פון אים אַ מענטשן, כדי צו זען, ווי אָט־דער אַנדערער, וואָס וועט אָן זאָרג אויפן קאָפּ קריגן בלויז דאָס געווינס, נעמט אים אַוועק פון איר, — אָט דער מענטש, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געקימערט וועגן זיינע פליכטן און וועט איצט קומען פאָדערן זיין רעכט, דאָס רעכט פון בלוט... דער שונא!... קיינמאָל ניט!

— בין איך אומגערעכט?... זאָל זיין אַזוי! אומגערעכט, אומגערעכט... יאָ, איך בין עס... דאָס איז אַלץ צוליב מיין זון, צוליב זיין גליק!...

---

דער יונגער מאַרק האָט זיך אָבער פירגענומען אַליין צו באַשליסן וואָס עס זאָל זיין זיין גליק! און ער וועט קיינעם ניט מוחל זיין, אַז מען זאָל עס באַשטימען פאַר אים.

ער איז ביי זיך אין האַרצן נאָך אַלץ געווען פאַרביטערט אַנקעגן זיין מוטער, ווען ער האָט זייער קאַלט זיך געשיידט פון איר צו לאָזן זיך אין וועג אַריין אויף אָט־דער מאָדנער אַוואַנטורע פון „זוכן" זיין פאָטער. ער איז געווען אַ סך אומרואיקער, ווי ער האָט אויסגעוויזן. וואָס אַזוינס וועט ער געפינען? ער איז גאָרנישט געווען זיכער אין דעם אויסגאַנג פון טאָג. מיט יעדן טראָט פאָראויס איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן זיין פאַרלאַנג זיך אומצוקערן צוריק. ער האָט איצט קלאָר איינגעזען די געוואַגטקייט פון דעם שריט, וואָס ער האָט זיך געקליבן צו מאַכן. ער האָט אָבער געזאָגט צו זיך אַליין:

— איך וועל גיין. אויב נויטיק, וועל איך וואַגן אַפילו ביז חוצפּה!... איך האָב ניט וואָס זיך צו שעמען!... איך וויל אים זען. איך מוז אים זען.

ער איז שוין געווען ניט זייער ווייט פון דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס, ערשט זיין בליק איז צוגעצויגן געוואָרן פון אַ נאָמען אויף אַן אַפישע... זיין נאָמען, דער נאָמען פון דעם מענטשן, וואָס ער האָט געזוכט! די מעלדונג פון אַ מיטינג פונקט יענעם טאָג; ראָזשעי בריסאָ וועט דאָרט ריידן.

ער איז אַוועק צו דעם אָנגעגעבענעם פּלאַץ. אַ גרויסער זאַל פון אַ מאַנעזש (רייט־שול). ער האָט געהאַט עטלעכע שעה צו

ווארטען. איידער צו גיין אהיים, האט ער זיך בעסער אוועקגעזעצט אויף א באנק אין מיטן גאס. מיטן רוקן אויסגעדרייט צו די פארבייגייער, האט ער גענומען פלאנען אויף אלערליי אופנים. ווי אזוי זאל ער צוקומען צו אים, וואס אט־באלד וועט ער הערן זיין שטים? אין וועלכן מאמענט? וואס זאל ער אים זאגן? ער וועט ניט מאכן קיין שום הקדמות. ער וועט אים גלייך זאגן:

— איך בין אייער זון.

איבערחזרנדיק פאר זיך די דאזיקע ווערטער, איז זיין צונג פאראליזירט געווארן פון שרעק... און — וועט מען זיך דאס גלויבן? — אין מיטן פון זיין גערירטקייט האט ער זיך פונאנדער־געלאכט... א שפיצל פון דעם אונטערגעדריקטן אינסטינקט, וואס זוכט פאר זיך פארוויילונג... די קאמישקייט פון דער סצענע האט זיך געקלאמערט מיט חוצפה אן זיין געפיל. אונטערפייפנדיק, איז ער אוועק טרינקען א שווארצע קאווע. אבער פון דעם ווינקל פון דער טעראסע, וואו ער איז געזעסן, האט ער ניט ארויסגעלאזן פון אויג די טיר פון מאנעזש. און ווי נאר זי האט זיך געעפנט, איז ער געווען פון די ערשטע אהין אריינצוקומען.

ער האט זיך צוגעשארט צו דער ערשטער ריי, לעבן דער עסטראדע. די פלעצער זענען געווען רעזערווירט. ער האט זיך געלאזט אוועקשטופן פון דארט איינמאל, צוויימאל, דריימאל, אזוי פיל מאל, וויפיל עס האט זיך געפאדערט, און איז יעדן מאל עקשנותדיק צוריקגעקומען: ער האט ארויפגעצויגן אויף זיך א הארטע הויט. ער איז געשטאנען, כדי צו קאנען בעסער זען, אנגעשפארט מיט דער פלייצע אן אן אייזערנעם סלופ, פונקט צו־פוסנס פון דער טריבונע, בעת בריסא איז אריינגעקומען. ער איז געווען אזוי צעמישט, ניט צו קוקן אויף זיין אנשטעל פון גלייכ־גילטיקייט, אז ער האט דערזען בריסא ערשט נאכדעם ווי יענער האט זיך שוין געהאט איינגעסטאלירט. ער האט דערפילט אין זיך דעם ציטער פון איבעראשונג, ווי עס טרעפט געוויינטלעך, ווען עפעס, וואס מען האט דעריף געהאט לאנג ארויסגעקוקט, ווערט פארווירקלעכט: עס איז גאר אנדערש, ווי מען האט זיך עס פארגעשטעלט, גארנישט קיין צוגלייך; אבער די וואר גיט דעם עניין צו אזא בולטע שארפקייט, אז אלץ, וואס מען האט זיך פריער

געהאַט פאַרגעשטעלט, ווערט צעפאַלן, פּלאַצט ווי אַ פּאַפּירענע רייף. עס איז מער ניט קיין פראַגע, צי א י ז ע ס אַזוי אָדער אַזוי... ע ס א י ז, עס איז פאַר דיינע אויגן, פון בלוט און פלייש אַזוי ווי דו אַליין, און דו קאָנסט עס מער ניט ענדערן...

— ער!... אָט־דער מענטש!... מיין פאָטער!...

סאַראַ קלאַפּ!... צוערשט האָט עפּעס אין אים רעוואָלטירט: „ניין!“ עס האָט זיך געפּאָדערט צייט אויף זיך צוצוגעוויינען... און מיטאַמאָל איז געקומען דער באַשלוס: ניטאָ מער וואָס זיך צו שפּאַרן; עס איז אַ פאַקט; איך נעם אָן! “Ecce Homo!”

— און אָט־דער מענטש, — דאָס בין איך... איך?...

די הונגעריקע נייגיר האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אָט־דעם געזיכט, אָפּגעטיילט פון אים איינציקע שטריכן, געזוכט צו געפינען זיך אין אים...

אָט־דער גרויסער, פעשער מאַן, מיטן פולן אָפּגעגאָלטן פּנים, מיט דעם שיינעם שטערן, מיט דער גלייכער, מאַסיווער נאָז, וועלכע האָט מיט דערזעלביקער גרייטקייט געקאָנט אַריינציען אין זיך סיי דעם ריח פון אַ מיסטבערגל, סיי דעם ריח פון רויזן, מיט אַ פיינעם שטעל, דער קאָפּ אָפּגעוואָרפן אויף צוריק און די ברייטע ברוסט אַרויסגעשטעלט פאָרויס, — אַ געמיש פון אַקטיאָר, אָפיציר, גייסטלעכער און גוטבאַזיצער...

ער האָט געדריקט הענט, רעכטס, לינקס, האָט באַגריסט מענטשן אין זאַל, וואָס זיינע אויגן, אויספאָרשנדיק זיין עולם, האָבן זיי דערקענט, בעת ער האָט גאָר, דאַכט זיך, זיך צוגעהערט צו די, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אים, האָט זיך געצויגן אויף אַלע זייטן, האָט געלאַכט, האָט פריילעך געענטפערט, ווי עס האָט זיך נאָר געמאַכט, יעדער גרופּע מענטשן, אַרויסווייזנדיק נאָכאַנאַנד און אַלץ מיט אַנאַנדער גוטמוטיקייט, ווארעמקייט און האַפערדיקייט...

דער טומל אין זאַל, אָט־דער געפילדער פון דערוואַקסענע קינדער, וואָס האָבן גערעדט אַלע אויפאַמאָל, האָט ניט געלאָזט הערן קיין וואָרט... עס האָט זיך געהערט בלויז דאָס קלינגען פון גלעקל... ער איז געווען אין זיין נאַטירלעכער ספערע...

— איך! איך!... אָט־דאָס־אָ!... אָט־די מאַסע פלייש! אָט־דער געלעכטער, אָט־דאָס האַנטדריקעניש!...

דער קליינער אויסגעדארטער מארק, א בלייבער און א שטאָל־צער, האָט געקוקט אויף אָט־דעם גרויסן מענטשן, א פּולבלוטיקן און פונאַנדערגעוואַקסענעם, מיט שטרענגע אויגן. ער איז דאָך געווען שיין! עס איז געווען אין אים עפּעס א רייץ. מארק האָט דאָס ניט פאַרפעלט איינצוזען. ער האָט אָבער ניט געהאַט צו אים קיין צוטרוי. ער האָט געפּרואווט שפּירן דעם ריח און אים ניט דערקענט. ער וועט אָפּוואַרטן ביז ער וועט אָנהויבן ריידן.

ברִיסאָ האָט אָנגעהויבן... און מארק האָט זיך אונטערגעגעבן.

בריסאָ פלעג מיט גרויס געניטשאַפט זיך אויסהיטן ניט פונאַנ־דערצולאָזן זיך גלייך פון אָנהויב. רואיק, פשוט, Sotto Voce*), פלעג ער צוערשט אָנשטעלן זיין אינסטרומענט. ער האָט געוואוסט, אַז פּאָר אמתדיקע ווירטואָזן איז דאָס שפּילן שטיל איינס פון די מיטלען אויף אריינצוברענגען שטילקייט אין א טומלדיקן זאַל. אַנדערע טרעטן גלייך ארוים מיט א באַפעלערישן שטעל, מיט הויך־קלינגענדיקע אַקאָרדן; זיי קאָנען אָבער ווייטער ניט גיין און די אויפמערקזאַמקייט ווערט באַלד אָפּגעשוואַכט: מענטשן ווערן איינ־געמידט פון כסדרדיקער באַפעלערישקייט. ער אָבער איז געקומען צו אייך, אַן אָפנהאַרציקער, א פשוטער, א מענטש ווי איר אַליין, א חבר. איר גיט אים אייער האַנט, און האָט ער אייך שוין אין זיין מאכט, דעמאָלט... דעמאָלט וועט איר עפּעס זען!...

מארק האָט גאָרנישט ניט געזען. ער האָט געטרונקען. תחילת האָט ער ניט געהערט קיין ווערטער. ער האָט נאָר געהערט די שטים. זי איז געווען וואַרעם און האַרצעדיק, אָטעמענדיק מיט דער ערד פון פראַנקרייך, אַרויסרופנדיק דעם וואָוילגערוך פון די היימישע פעלדער. מארק האָט דערקענט אין איר די ראָלנדיקע בורגונדישע „ר", וואָס זיין מוטער האָט זי מיט געוואַלט אַרויסגעריסן ביי אים פון דער צונג. דער צייכן פון דעם שבט, דער אינטימסטער צום אייגענעם לייב, דער צייכן, וואָס לאָזט זיך צום ווייניקסטן אָפּמעקן: דאָס לשון. אָט־דער דאָרפישער אַקצענט, וואָס איז אַזוי מעניש און אַזוי ווייך, האָט אים גענומען, ווי א פאָטער נעמט זיין קינד אויף די קני. ער איז אַדורכגענומען געוואָרן מיט א געפיל פון

*) אין א גידערדיקן טאָן.—איבערזעצער.

הארציקער דאַנקבאַרקייט. ער איז געווען גליקלעך. ער האָט גע־שמייכלט מיט פאַרגעניגן צום רעדנער...

און בריסאָ האָט גענומען באַמערקן דאָס אינגל, וואָס האָט אים געגעסן מיט די אויגן.

ער האָט בעתן ריידן געהאַט אַ טבע צו זוכן אין זאַל איינעם אָדער צוויי צוהערער, וואָס זאָלן אים דינען פאַר אַ גוטן רעפלעקטאָר פון זיין שיינרעדנעריי. ער פלעגט זיך הערן דורך זיי. ער האָט אָפּגעשעצט דעם עפעקט, דעם אָפּקלאַנג. און אַ פלינקער אויף אויפצוכאַפּן מיטן קוק די דאָזיקע צייכנס, האָט ער דורך זיי זיך אָריענטירט אין זיין רעדע, וועלכע ער האָט אימפּראָוויזירט נאָך אָט־דער מאָס, ליט אַ סצענאַריאָ... שטייענדיג אַנקעגן אים, איז מארק מיט זיינע ברענענדיקע און שמייכלענדיקע אויגן אויף דעם פאַרפלאַמטען פּנים געווען אַ גרויסאַרטיקער רעפלעקטאָר.

בריסאָ איז געווען מלא־שמחה צו זען זיך אין אָט־דעם שפּיגל...

און דער שפּיגל איז מיטאַמאָל באַטריבט געוואָרן...

מארק האָט זיך איינגעהערט אין די ווערטער.

בריסאָ האָט איבערגעבראָכן דעם צויבער. דאָס הויך־שוועבן פון זיין שיינרעדנעריי האָט נאָרוואָס געהאַט אַנטפּלעקט פאַר דעם בחורס שאַרפן בליק, אַז די פליגל זענען געווען אָנגעטשעפּעטע. די באַוואונדערונג פון עולם, וועלכער האָט אים אויסגעהערט מיט אָפענע מיילער, האָט גלייך געהאַט די ווירקונג אויף מארקן, אַז ער זאָל זיך אָוועקשטעלן אויף דער וואַך און רעאַגירן קעגן זיינע אייגענע געפילן. ער האָט געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס אינסטינקטיוו ווערן זיי זיך שטענדיק אַנקעגן דער אָנשטעקיקייט פון די מאַסן. עס איז אים ניט געווען צום האַרצן צו ווערן, אַזוי ווי זיי, באַצוואונגען פון אָט־דער שיינער שטים, און ער האָט זיך פאַרשטייפט. פון יענעם מאָמענט אָן האָט ער מער קיין זאַך ניט צוגעלאָזט צו זיך פון יענעמס מויל און פון יענעמס האַרץ, ניט אונטערצואוואַרפן עס אַפריער דער שטרענגסטער קריטיק.

בריסאָ האָט געלאָזט הערן פאַר דעם פאַרכאַפּטן עולם דעם טרומייט פון די א ו מ ש ט ע ר ב ל ע כ ע פּ ר י נ צ י פּ ן. ער האָט באַזונגען די העראָאישע מיסיע פון דער ערד פון פראַנק־רייך. זי איז געווען דער אייבּיקער אַמבּעס, אויף וועלכן עס האָבן

זיך געשמידט די וועלטן, דער מזבח, דער קרבן פון די פעלקער. די קאטאלאנער פעלדער, פּאעטיע, מארן און ווערדון, פּעטען, באיאר, מאנזשען, שארל מארטעל, זשאפר און זשאן ד'ארק... אן אומ־פארמאטערלעכע, איז זי מקריב פאר דער אויסלייזונג פון די מענטשן. צענדליקער מאל געבראכט פאר א קרבן, איז זי צענד־ליקער מאל אויפגעשטאנען תחיית־המתים. איינע אליין אין דער וועלט, באשיצנדיק זיך, באשיצט זי די וועלט...

בריסא האט גערעדט וועגן דעם גאלדענעם און וועגן דעם אייזערנעם צירקל פון די אליאירטע. זייער ליבע האט ארומגע־רינגלט פראנקרייך אזוי ווי די בראווע ריטער האבן ארומגערינגלט קארל דעם גרויסן. בריסא איז דארט אליין געווען. ער האט, ווי א לעבעדיקער עדות, געקאנט לויבן און רימען דעם דערהויבענעם אידעאליזם פון דער שוועסטער רעפּובליק, מיט דער אויסגע־שטערנטער פאן, וועלכע איז, ניט צו פארלאנגען קיין זאך דערפאר, געקומען באצאלן לאפאיעטן דעם חוב און נעמען נקמה פאר דעם געטראטענעם רעכט... דאס גרויסמוטיקע ענגלאנד... די ערלעכע איטאליע... זינט די טעג פון די קרייצצוגן איז נאך ניט געווען אזא ספעקטאקל!... אבער אנשטאט דעם, וואס די קרייצצוגן פון אמאל זענען געווען צוליב דעם קבר פון א יעזוס, זענען די היינטיקע קרייצצוגן, די גרעסטע פון אלע, צוליב דעם נייעם יעזוס, וועלכער וועט עפענען דעם קבר פון דער פארשקלאפטער מענטשהייט... א. א. וו... א. א. וו...

מארק האט זיך גערויטלט פון שאנד און זיין בליק איז געווארן אייז־קאלט... ווי ער נעמט זיי דאס, די אקסן!... די פוסטע ווערטער, די וואולגארע מיטלען, די געמיינע ליגנס!... מיט קאלטער פאראכטונג האט ער באטראכט דעם רעדנער, וועלכער האט זיך באגאסן מיט שווייס און מיט מליצה. — און בריסא, ניט צו פארשטיין, האט געפילט, אז עפעס שפילט זיך דא אפ א דראמע אין דעם געדאנק פון דעם צוהערער. ער האט אויסגעשפרייט אלע זיינע נעצן אויף אריינצוכאפן צוריק דעם פויגל. ער איז צעמישט געווארן פון אט־דעם בליק, וואס האט אים געמשפט, און ניט געוואגט מער צו קוקן אויף אים. אבער בעת ער האט אלץ געשריגן:

„פראַנקרייך... די איינשטימיקע פראַנקרייך"... און ווי אַ גוט־געאיב־טער ווירטואָז פונאַנדערגעוויקלט אַן שוועריקייט זיינע שנעל־לייפיקע אַקאָרדן, האָט ער, אָן אומרואיקער, אויפגעהיט אין אַ ווינקל פון זיין מוח דעם אינגלס געשטאַלט: ער האָט אים שוין געקענט; ער האָט געוואָלט זיך דערמאָנען, וואו ער האָט אים געזען; אָבער אין דעם האַסטיקן געלויף פון זיינע גוט־באַלאַנסירטע פראַזן האָט ער ניט געקאָנט זיך אָפּשטעלן אויף נאָכצוגיין די שפּורן פון זיין זכרון.

ער האָט געענדיקט מיט אַ מעכטיקן אַקאָרד, וואָס די געשרייען פון זאַל האָבן אים הונדערטפאַכיק צוריקגעוואָרפן. די מענטשן זענען געשטאַנען, האָבן געליאַרמט, געפּאַטשט, זיך געשפּאַרט צו דער עסטראַדע צו דריקן די הענט פון דעם גרויסן בירגער. זיי זענען געווען רויט פון אויפרעגונג, האָבן זיך איבערגערופן, געלאַכט. טרערן זענען זיי געשטאַנען אין די אויגן. ברִיסאָ, אַ גליקלעכער, אַ צוגעלאָזענער, האָט פון אַ זייט געוואָרפן אַ בליק אויף דעם ווידערשפּעניקן:

— גיט ער כאָטש איצט צו, אַז ער איז באַזיגט?

דער פּלאַץ איז געווען ליידיק. מאַרק איז נעלם געוואָרן.

ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן ביז צום סוף דעם עיפּוש פון אָט־דער מליצה. ער האָט ראַפּטאָם זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון פּלאַץ. ער איז אָבער נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער טיר פון זאַל, בעת עס האָט אויסגעבראָכן דער דונער פון די אַפּלאָדיסמענטן. ער האָט זיך אומגעקערט צוריק מיט אַן אויסדרוק פון פאַראַכטונג אויף די ליפּן. ער האָט אַ ווײַלע באַטראַכט דעם ווילד־געוואָרענעם זאַל און דעם טריאומפירנדיקן רעדנער. ער איז אַרויס אין גאַס און האָט אויסגעשפּיגן פון אַפּקער. ער האָט גערעדט הויך אויפן קול. ער האָט זיך געגעבן אַ שבועה:

— איך שווער, נידעריקער המון, קיינמאָל ניט צו פאַרדינען דיינע אַפּלאָדיסמענטן!

און אין דעם אייגענעם מאָמענט האָט בריסאָ, ריידנדיק אין זאַל זייער הויך און מיטלאַכנדיק מיט זיינע פאַרערער, צוריק אַריינגעשטעלט

אין זיין ריכטיק קעסטעלע די געשטאַלט, וועלכע האָט אים ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט נאָרוואָס געהאַט דערקענט דאָס בחורל פון דעם אָמניבוס.

---

מאַרק האָט געשפּאַנט מיט ברייטע טריט. ער איז געלאָפן. ער איז געלאָפן פון דעם פּלאַץ פון זיין אַנטוישונג. אָבער די אַנטוישונג האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים... גאָט, ווי די וועלט האָט זיך עס געענדערט, זינט ער איז אין פרימאָרגן געגאַנגען איבער דעמ־זעלביקן וועג! שוין אויפן וועג אַהין האָט ער זיך אויך צוריק־געהאַלטן פון צופיל האָפן, דאָך... ווי די האָפענונג האָט דאָס אים באַפליגלט! מיט וואָס פאַר אַ פרייד, מיט וואָס פאַר אַ פּלאַטערניש ער האָט דאָס אַרויסגעקוקט צו טרעפן דעם מענטשן, וואָס ער איז אים געגאַנגען זוכן! ווי גרויס עס איז געווען זיין וואונטש ליב צו האָבן און צו באַוואונדערן דעם דאָזיקן מענטשן! ווען ער האָט געהערט זיין שטים, האָט ער זיך געריסן פון אָרט צוצולויפן צו אים און אים פאַלן אויפן האַלז... אים פאַלן אויפן האַלז!... עקלדיק!... ער האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן, גלייך ווי זיי וואָלטן אים געווען אָנגערירט!...

— דער מיאוסער רעטאָריקער, דער צבועיאַק!... ליגנער, יגנער, ליגנער! נאַרט אָפּ פראַנקרייך און זיך... מילא, פראַנקרייך, — דאָס איז איר עסק, אויב זי האָט ליב ליגן, אויב זי וויל זיין גענאַרט!... אָבער זיך אַליין!... אומפאַרגעבלעך! אַזוי נידעריק צו זינקען... עס עקלט מיך פון אים, עס עקלט מיך אויך פון זיך!... ווייל איך, איך קום דאָך אַרויס פון אים, איך בין דאָך דער זון פון אָט־דעם ליגן, דער דאָזיקער ליגן איז דאָך אין מיר!

ער האָט געשפּאַנט ווי איינער, וואָס איז ניט ביים קלאָרן זינען. ער איז צוגעקומען צו דער סענע. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער גראַניט־וואַנט. ער האָט געוואָלט זיך וואַשן ביזן בלוט, ביזן ביין, כדי אַרונטערצורייבן פון זיך אָט־דעם אווירדיקן ברוד. ער האָט ניט נאָכגעקלערט איבער דעם גאַנצן ענין, האָט ניט געפילט קיין שום רחמנות, ווי דער שטייגער איז פון אַ זיבעצן־יעריקן בחורל אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד. ער האָט אויף קיין מינוט ניט

אַ טראַכט געטון, אַז דער דאָזיקער מענטש איז, ווי דאָס ריב מענטשן, אפשר געווען גוט, אפשר געווען שוואַך, אַז ווען ער וואָלט געווען קענען זיין זון, וואָלט ער אים געהאַלטן טייער: ווייל ווי דאָס רוב מענטשן, האָט ער אונטער דער הורבע שוואַכקייטן, ליגנס און אומריינקייטן אויפגעהיט אַ הייליק ווינקעלע פון ריינע געפילן, פון ניט־באַרירטן אמת. ער האָט אויך ניט אַ טראַכט געטון, אַז אָט־דער דור אַלטפרענקישע סכאָלאַסטיקער, רעטאָריקער, פּלאַפּלער איבער דער אַנטיקער צייט (די פאַלשע אַנטיקע צייט, די גאַלאָ־ראָמאַנישע טערכעריי!) זענען פון קינדוויז אָן געווען צוגעוווינט צו מאַכן זיך אַן אָפּגאָט פון ווערטער אָ:ן אַז זיי זענען באַגלייך אי די קרבנות, אי די קאָמיקער פון ווערטער... טראַגי־קאָמיקער... זיי זענען מער ניט בכוח, ווען זיי זאָלן עס אַפילו ווען, צוריקצוגעפינען דעם בונד מיט דער ווירקלעכקייט אונטער דעם באַרג ווערטער, וואָס האַלט זיי פאַרטושט...

אָבער גראָד דאָס האָט מאַרק צום ווינציקסטן געקאָנט מוחל זיין! אַ יונג בחורל פון פיינעם יחוס, וואָס האָט זיך ערשט געהאַט אַרויסגעלאָזט אין געיעג פון לעבן, האָט ער שוין גלייכער ליב געהאַט דאָס פאַרברעכן, איידער די געמיינע אימפּאָטענץ מיט איר פוסטער פּלאַפּלעריי! ווייל אויב דאָס פאַרברעך ברענגט טויט, איז די אַנדערע טויט־געבוירן...

„פון פיינעם יחום"... מאַרקס יחוס איז דער יחום פון אַ ליגנער...

— קיינמאָל ניט!...

ער האָט עס געוואוסט, ער האָט עס געפילט, ער האָט איצט דערקענט אין זיך יענעמס ליגנערישקייט, ער האָט זיך געכאַפּט איבערחזרנדיק די זשעסטן און די אינטאָנאַציעס, וואָס ער האָט זיי באַמערקט ביי יענעם, ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זיי געהאַט גענוצט אויף זיין אייגענעם חשבון, נאָך איידער ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון דעם מאָדעל, וועלכן ער האָט רעפּראָדוצירט... אומזיסט האָט ער געוואָלט צוריק־שליידערן די ירושה פון אָט־דעם מענטשן. ער האָט זי געטראָגן אין זיך...

— קיינמאָל ניט!... קיינמאָל ניט!... עס איז צווישן אונז גיטאַ קיין געמיינשאַפט! איך האָב קיין זאַך פון אים ניט אין זיך! אויב אָבער איך בין, קענגן מיין ווילן, פאָרט אַ קאָפּיע פון אים, אויב ער חזרט זיך איבער אין מיר, אויב דורך מיר הויבט ער זיך אויפסניי אָן, — וועל איך זיך גלייכער נעמען דאָס לעבן!

ער האָט אַזוי, אַ פאַרצאַנקטער, אָן עסן, זיך אַרומגעבלאָנקעט עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד. די נאַכט איז צוגעפאַלן. ער האָט גאָר־נישט געטראַכט פון גיין אהיים. ווי האָט ער געקאָנט זיך ווייזן?... זיך מודה זיין אין זיין אנטוישונג?...

אַ שווער־פאַרוואונדעטער איז פאַרבייגעגאַנגען. דאָס פּנים צעשעדיקט, מיט אָן אויסגערונען אויג, מיט אָן אויסגעריסענער באַק, גלייך ווי אויסגעגריזעט פון צעשמאָלצענעם בליי. אַ פרוי פון פאָלק מיט גרויע האָר האָט אים געהאַלטן פאַרן אָרעם, אים געצערטלט מיט איר בליק, פול מיט ליבע און ווייטיק. ער האָט זיך געטוליעט צו איר...

און ווידעראַמאָל איז זי אויפגעקומען אין מאַרקס אָנגעצונדענעם מוח: — די מוטער... איר שטאָלצע פיגור און איר שווייגן, איר לעבן פון שווערע נסיונות און ניט־פאַרשוועכטע געפילן, די גאַנצקייט פון איר נשמה, וועלכע ווייס ניט פון קיין ליגן, איר שנאה צו ווערטער, די טיפקייט פון איר איינזאַמקייט אָן אַ לעבנס־חבר, אַט־דער שטאַרקער ווילן אירער, וואָס ער האָט זיך געוועדט אַנקעגן אים, וואָס ער פלעג אים שילטן און וואָס היינט האָט ער אים געבענשט, און איר שטרענגער געזעץ פון אמת... זי איז אויסגעוואַקסן פאַר אים אין אָנגעזיכט פון דעם מענטשן, וואָס ער האָט אים נאָרוואָס געהאַט דערקענט און צוריקגעוויזן, דעם מענטשן פון דער מאַסע... איצט ערשט האָט ער פאַרשטאַנען און געשעצט איר אייפערזיכטיקע ליידנשאַפט צו האַלטן אים אָפּגעשיידט פון פאָטער, איר אומגערעכטיקייט...

— אומגערעכטע! אומגערעכטע!... זיי געבענטשט!...

און דאָס דערמאָנען־זיך אָן זיין גראָבן באַנעמען־זיך צו איר געכטן אויפדערנאַכט און היינט אינדערפרי האָט אים געשמיסן

איבערן פּנים... ער האָט זיך געלאָזט לויפן צו איר. ער האָט איר געהאַט פאַרשאַפט צרות. איז ער געגאַנגען זי איבערבעטן. גאָט צו דאַנקען, עס איז נאָך ניט געווען צו שפּעט...

---

ער איז צוגעקומען צום הויז. די הויז־אויפזעערין האָט אים אָפּגעשטעלט:

— עס האָט געפעלט אַ האָר!... אייער מוטער איז פאַרוואונדעט...

מער האָט ער ניט געהערט. ער האָט זיך געלאָזט לויפן אַרויף, צו פיר טרעפּ אויפאַמאָל. סילוויע האָט אים געעפנט די טיר. איר פּנים איז געווען שטרענג. ער האָט, ניט צו כאַפּן דעם אָטעם, אַרויסגעזאָגט:

— די מאַמע?...

זי האָט געענטפערט:

— ביסט קוים געקומען... אַ גאַנצן טאָג האָט מען אויף דיר געוואַרט.

ער האָט זי גראָב אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט און איז אַריין.

ער האָט געעפנט די טיר פון זיין מוטערס צימער. זי איז געלעגן מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַרשטיקטן געשריי. זי האָט געזען זיין געריהרטקייט און שנעל אַרויסגעזאָגט:

— דאָס איז נאַרנישט, מיין קינד... איך בין געווען נאַריש. איך בין געפאַלן...

אָבער מאַרק, אינגאַנצן דערשלאָגן, האָט זי אָנגערירט מיט זיינע ציטערנדיקע הענט. סילוויע האָט אים אַוועקגענומען אָן אַ זייט:

— קום! לאָז זי געמאַך! רעג זי ניט נאָך מער אויף!

און מיט אַ טאָן פון פאַרביטערונג האָט זי איהם דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט. מיטן בליק אָנגעשטעלט אויף איר זונס פּנים, האָט אַנעט איינגעבעסערט די געשיכטע, פאַרמילדערט דעם

אינצידרענט, זיך גענומט צו שפּאַסן און גענומען די גאַנצע שולד אויף זיך...

דאָס אָבער האָט זי ניט דערציילט:

נאָכדעם ווי איר זון איז געווען אַוועק, איז זי געבליבן אינגאַנצן פאַרלוירן. זי האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן פאַר זיך:

— ער וועט מיך פאַרלאָזן.

זי האָט מער ניט געהאַט קיין האָפענונג. כדי צו פאַרווײלן די צייט ביזן אָוונט, האָט זי זיך געצוואונגען צו אַרבעטן. זי האָט געזאָגט:

— צי וועט ער מיך פאַרלאָזן, צי ניט, איך וועל זיך ניט פאַרלאָזן.

אַ זייער מידע, האָט זי דאָך גענומען אויף זיך אַ שווערע אַרבעט. זי האָט געוועקסט דעם דיל, געשייערט דאָס מעש, געוואַשן די שויבן. אַרויפגעקלעטערט אויף אַ שטײַ־לייטער, האָט זי גענומען אויסווישן די שויבן פון אָפענעם פענצטער, וואָס גייט אַרויס אין גאַס; זי האָט זיך פאַרטראַכט, קוקנדיק אויף די פאַרהאַנגען... געקומען צו זיך, האָט זי זיך געזען ליגן אויפן דיל. זי וואָלט געווען אַרויסגעפאַלן אין גאַס אַרויס, ווען דער לייטער וואָלט ביים איבערקערן זיך ניט געווען זיך אַ דריי טון אויף אַ זייט און צומאַכן דאָס פענצטער, אויסברעכנדיק דערביי די שויבן. דער שטערן און די האַנט זענען ביי איר געווען צעבלוטיקט; און ווען זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבן, האָט דער ווייטיק אין פוס־געלענק איר געלאָזט וויסן, אַז דער רעכטער פוס איז ביי איר געווען אויסגעלונקען. אויפן געבראַזג פון די צעבראָכענע שויבן, וועלכע זענען געפלויגן אין גאַס אַרויס, איז אַרויף די הויז־אויפזעערין. מען האָט געשיקט נאָך סילוויען.

זי האָט זיך אָנגעטון דעם גרעסטן כוח צו האַלטן זיך אויף די פיס; אָבער דער ווייטיק איז געווען אַ ברענענדיקער, דאָס האַרץ איז איר איינגעפאַלן, האָט זי געמוזט זיך לאָזן אַריינלייגן אין בעט. זי האָט זיך געפילט דערנידעריקט און איבערגעחזרט פאַר זיך:

— וואָס וועט ער טראַכטן פון מיר, ווען ער וועט אַריינקומען?

סילוויע האָט געוואוסט, אַז מאַרק איז אַוועק אויסצוגעפינען

זיין פאָטער. זי האָט ניט געוואָלט געדענקען, אַז זי איז דאָס מאָקע געווען די פאַרמיטלערין. ניט וויניקער ווי אַנעט, איז זי איצט געווען דורכאויס זיכער, אַז מאַרק האָט זיי פאַרלאָזט. אַזוי ווי ער האָט זיך אַזוי לאַנג פאַרזאַמט צו קומען, איז עס דען ניט קלאָר, אַז ער איז פאַרבליבן ביי בריסאָן, אַז ער האָט מיט אים געגעסן מיטיק?

אַנעט האָט מיט גרויס הכנעה געטראַכט נאָר ווי צו געווינען זיין פאַרגעבונג. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז עס איז געווען איר שולד, וואָס זי איז געלעגן צום בעט. סילוויעס פיינטלעכער טאָן האָט איר מער ווייטאָן ווי מאַרקס. זי האָט איר געהייסן זיין שטיל:

— נו, גענוג שוין! — האָט זי געזאָגט, — גענוג שוין גערעדט פון מיר! עס איז ניט וויכטיק...

וואָס, איז יאָ געווען וויכטיק? מאַרק האָט עס געוואוסט. אַנעט אויך. דאָסגלייכן סילוויע. זי האָט זיך אָבער פאַרעקשנט צו פאַרבלייבן; און מאַרק האָט ניט געוואָלט ריידן, כל־זמן סילוויע איז דאָרט געווען. אַנעט האָט זיך געבעטן ביי איר מיט די אויגן. סילוויע האָט זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט ניט פאַרשטאַנען... און מיטאַמאָל האָט זי אַ וואָרף געטון דאָס טישטיכל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט, זיך אויפגעהויבן, ניט צו זאָגן קיין וואָרט, און איז אַרויס.

די מוטער און דער זון זענען געווען אַליין. זיי האָבן געוואַרט. ווי אַזוי, פון וואַנען אָנצוהויבן? מאַרק האָט געקוקט אויף אַנעטען. זי האָט אויסגעמיטן זיין בליק, זי האָט מורא געהאַט און ניט געוואָלט, אירע אויגן זאָלן זי אַרויסגעבן, זי האָט ניט געוואָלט דריקן אויף איר זונס באַשלוס.

מאַרק האָט געשפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער. ער האָט אַריינגעצויגן אין זיך דעם אָטעם, איידער ער האָט אָנגעהויבן דערציילן, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט אין לויף פון טאָג. ער האָט געוואָרפן נאָך אַ בליק אויף זיין מוטער, וועלכע האָט, אַן אומבאַוועגלעכע, געקוקט צום פענצטער קעגנאיבער איר בעט. ער איז געבליבן שטיל... ער איז גלייך צו צו איר, האָט זיך אַרונטער־געלאָזט אויף די קני, איז צוגעפאַלן מיטן מויל צו די לייַלעכער,

האָט איר געקושט די צוגעדעקטע קני און, מיט די אָרעמס אויסגע־צויגן איבער דער פרויס קערפּער, געזאָגט:

— די ביסט מיין פאָטער און מיין מוטער.

אנעט האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און געוויינט.

---

# עפּילאָג.

די שליוזן האָבן זיך ברייט געעפנט. די מענטשלעכע דאַמבן זענען אויפגעבראָכן געוואָרן. די צוואַנציק־יעריקע זענען געוועןאַוועק. די ניינצן־יעריקע זענען גערופן געוואָרן. די אַכצן־יעריקע וועלן גערופן ווערן מאָרגן. מאַרקס ריי איז געקומען.

די מוטער און דער זון האָבן ביידע געטראַכט דערפון. זיי האָבן אָבער וועגן דעם ניט גערעדט. אַנעט האָט מורא געהאַט ניט נאָר פאַר דער מלחמה, זי האָט אויך מורא געהאַט פאַר מאַרקס שווייגן. זי האָט מורא געהאַט צו וויסן, וואָס ער האָט געטראַכט. און נאָך מער האָט זי מורא געהאַט, ווייל זי האָט געוואוסט, וואָס ער האָט ביי זיך געטראַכט.

מאַרק האָט זיך פאַרשלאָסן מיט זיינע ביכער און מיט זיינע געדאַנקען. ניט צו קוקן אויף דער וואַרעמער אינטימקייט, וועלכע האָט איצט געהאַט פאַראייניקט די צוויי הערצער, האָט מאַרק, ניט אויסצורײדן קיין וואָרט, פאַרבראַכט גאַנצע טעג ביי זיך אין צימער; און אַנעט האָט רעספּעקטירט זיין צוריקגעצויגנקייט. זי האָט געוואַרט, אַז ער זאָל קומען צו איר. זי האָט געוואוסט פון דעם גרויסן פּראָצעס, וואָס האָט געיערט אין אים. דער פּראָצעס פון צייטיק־ווערן און לייטערונג. דער קריזיס פון פיר יאָר האָט געפונען זיין באַשייד.

ער האָט מיט גרויס חשק זיך אַ נעם געטון דורכצופירן ביז צום סוף דעם שטרענגען עקזאַמען איבער זיך; און ער האָט זיך, פונקט ווי אַנדערע, געמשפּט גאָר אָן רחמנות. כדי זיך פריי צו מאַכן פון די ברענענדיקע מאָנונגען פון זיין נאַטור, וועלכע האָט ניט

געוואָלט אזוי גרינג זיך לאָזן צוימען, האָט ער ארויסגעצוואונגען אויף זיך א שטרענגע דיסציפּלין: א שטרענג לעבן און א שטרענגן שטייגער דענקען. די לעצטע קאמפן זיינע מיט זיך אליין זענען ניט געווען פון די גרינגסטע. ער איז ארויס פון זיי א צעקיילטער, אָן אָפּגעברענטער, אזוי ווי מען קומט ארויס פון א באָד פון ברענענדיקער שאנד און פיינלעכע געוויסנביסן; אָבער דער קרן פון אונטער דעם אש האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין נאָך הארטער, קאָמ־פּאַקטער, אומפאַרדערבלעכער.

ער האָט געשטעלט אונטער דער פּראָבע אַלע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געשטויסן אין זיין פּריצייטיקן אינגלשן מוח: די געדאַנקען פון זיינע ביכער, פון זיינע פילאָזאָפן, די באַרמייסטער פון זיין דור. זייער ווייניק האָבן אויסגעהאלטן די פּראָבע, דערצו נאָך זייער שלעכט אויסגעהאלטן. עס איז קוים פון זיי עפּעס געבליבן. אַלץ ווערטער. קיין ממשות. קיין איינס פון אָט־די ווערטער האָט זיך ניט אָנגעקליידט אין בלוט און פלייש. אחוץ איינעם, וואָס איז פון געשמאָלצענעם און געהאמערטן אייזן, א פּראָדוקט פון דער מאשינען־צייט, וועלכע האָט געמאכט פון דער מענטשהייט אַן אנדער מאשין אָן פרייהייט, וואו איין קלאַס דריקט בלינדערהייט דעם צווייטן, גלייך ווי א שטאַמפּ. קיין פרייער אַקט. קיין אַקט פון דער נשמה. קיין פרייע נשמה, וואָס גייט אריבער צום אַקט. קיין ווילן, וואָס זאָל, ווי א בליץ, זיך אָפּטיילן פון דעם געדאַנ־קען־וואָלקן און פון דער אָנגעזאמעלטער מאסע באוועגלעכן חומר.

אָבער דאָס פייער ריזלט אונטער דעם וואָלקן און אונטער דער קאַלט־געוואָרענער קאָרע, אין דער לופט, אין דער ערד און אין וואסער...

---

טראָפּ נאָך טראָפּ האָט דאָס הויז פאַרלוירן זיין בלוט.

א פיבער פון גייציקייט האָט פיר יאָר צייט געהאַט באהערשט דעם שכן פון אונטערשטן גאָרן, גיומא ראַוואוסאַ, וועלכער האָט דאָרט געהאַט א געוועלבל פון וויין און האָליץ. דער פריילעכער פאַרשוין איז געווען ארומגעלייגט מיט א דרייפאכיקער שיכט פעטס. א רויטער, א שוויצנדיקער, א טומלדיקער און אין צעקאָדערטע קליידער, האָט ער געפּלאַצט פון גאָלד און פון געזונטקייט. איצט, ווען דער אוצר

איז שוין געווען אָנגעזאַמלט, האָט ער מער ניט געהאַט אויף וואָס צו וואַרטן, כדי צו קאָנען, ווי פילאָסאָפן, זיך צוריקציען אויף דעם לאַנד, וואָס ער האָט פאַר זיך געקויפט, ווי נאָר אויף דעם צוריקקער פון זיין זון. — אָבער דער זון איז ניט צוריקגעקומען. דער קערפּער פון זיין קלאָוויס איז איינמאָל פאַרבליבן אָנגעשטאָכן אויף די שטאַכל־דראָטן. אין דעם פרימאָרגן, ווען די נייס איז אָנגעקומען, האָט זיך פון אינטן געהערט אַ מין רעווען פון אַן אָקס, באַטויבט פון אַן אומגעשיקטן קצב... די גאַנצע מי און דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט געהאַט פאַרדינט, האָבן מער צו גאָרנישט ניט גע־נוצט!... דער בעל־גוף האָט געקראָגן דעם שלאָק. — דערנאָך איז ער געקומען אַביסל צו זיך, ער איז אָבער געבליבן ליגן אַ שווערער, אָן לשון און מיט אַ צעקרימט אויג. מער האָט מען אים ניט געהערט. די וויין־פאַס איז איינגעבראָכן געוואָרן.

נאָך דעם איז געקומען די נייס פון דער שטילער לידיאַ, וועלכע איז געשטאָרבן פון אינפלוענציע אין דעם שפּיטאָל פון אַרטיאַ, וואו אונטער דעם קרייץ־פייער פון די צוויי אַרמייען האָט זי געהאַט צוגעזען די קראַנקע. אַזאַ לאַנגע צייט אַרויסגעקוקט אויף אָט־דער שעה! זי איז אַוועק באַגעגענען איר חתן...

דערנאָך איז קאַיעס זון, העקטאָר, צוריקגעקומען, אַ גלאָררייך־פאַרוואונדעטער, אָן אַ נאָז און אָן אַ קינבאַק. (דער שטאַט האָט אים גרויסמוטיק געשענקט אַן אַנדער קינבאַק, פּאַטענטירט און גאַראַנטירט אויף צוויי און אפשר אויף דריי יאָר, בתנאי אַז ער וועט זיין פאָרזיכטיק דערמיט). די הענט האָבן אים געציטערט און די פיס האָבן זיך אים אונטערגעבראָכן אַזוי ווי ביי אַ קינד, וואָס לערנט זיך גיין. ער האָט אָבער געקראָגן אַ מעדאַל. זיין מוטער האָט אים געגלעט מיט איר גוטן, רחמנותדיקן, אַפילו גליקלעכן און שטאָלצן בליק. ער פלעג זיך אָנשפּאַרן אויף דער אַלטערס אָרעם, ווען זיי פלעגן, אונטערהינקענדיק, ווידער גיין אויף זייער געוויינטלעכן שפּאַציר. זיי האָבן קוים געהאַט צום לעבן. אָבער מיט אַביסל געדולד זענען זיי ווי־עס־איז אויסגעקומען, און סיי די מוטער, אַזוי אויך דער זון, האָבן גערעכנט, אַז זיי האָבן נאָך זייער גוט אָפּגעשניטן.

מאַרק האָט, אַ שווייגנדיקער, געקוקט אויף איר, זיצנדיק אויף אַ נידעריק פוסבענקעלע ביי אירע פיס, מיט די קני אויפגעהויבן און די הענט צוזאַמענגענומען אַרום זיי. ער האָט לאַנג געקוקט אויף איר מיט זיינע אויגן, פול מיט ווילן. און זי האָט אים געצערטלט מיט איר בליק... גאָט, ווי זי איז דאָס איצט אינגאַנצן געווען זיינע!... ער וועט זי אָבער מער ניט אויסנוצן צום שלעכטן. זי איז געווען זיין עשירות.

---

נאָך לאַנגע וואָכן פון וואַרטן און פון איינזאַמער קוועלינג — (זיי האָבן מער ניט באַרירט אָט־דעם ענין; אָבער יעדערער האָט פאַר זיך געטראַכט דערפון און פון אַ זייט זיך איינגעקוקט אין צווייטנס פנים; אַנעט האָט מיט אַנגסט זיך איינגעהערט אין די וויבראַציעס פון דער לופט, ערוואַרטנדיק די זשומעריי פון דעם עראָפּלאַן פון דער טויטלעכער שעה, וואָס וועט קומען אַוועקצונעמען פון איר איר קינד) — האָט איינמאָל, אין פרימאָרגן, זיך געהערט די שיסעריי פון דעם אַרמאַט ביים ראַטהויז און אַ ליאַרעם פון גאַס, וואָס איז אויפגעגאַנגען אַזוי ווי אַ פאַרפלייצונג. נאָך איידער זיי האָבן פון עפּעס געוואוסט, האָבן די צווייַ הערצער געגומען פלאַטערן. סילוויע איז אַריינגעקומען אָן אַן אָטעם און האָט אויסגעשריגן:

— וואַפנשטילשטאַנד איז אונטערגעשריבן!

זיי זענען אַרויפגעפאַלן איינע דער צווייטער אויפן האַלז.

אָבער אַנעט האָט זיך באַפרייט פון איר, זיך אָפּגעקערט און זיך פאַרשטעלט דאָס פנים מיט די הענט צו באַהאַלטן איר גערירטקייט.

די אַנדערע צוויי האָבן מיט דרך־ארץ זי געלאָזט אַזוי שטיין, ניט צו מאַכן קיין באַוועגונג אַוועקצונעמען די הענט פון איר פנים. זיי האָבן, שווייגנדיק, געוואַרט, ביז זי וועט זיך באַרואיקן. דערנאָך זענען זיי שטיל צוגעקומען נעענטער. מאַרק האָט זיך צוגעדריקט צו איר, האָט מיט לאַנגזאַמע טריט זי צוגעפירט צום הויכן פענצטער, זי אַוועקגעזעצט אויפן באַלקאָן און אַליין זיך אויך אַוועקגעזעצט לעבן איר. און סילוויע, אַוועקזעצנדיק זיך ביי זייערע פיס, מיט אירע פיס צונויפגענומען אונטער זיך, ווי אַ בודאַ, האָט געקוקט אויף זיי און געשמייכלט.

זיי זענען אַלע דריי געזעסן איבער אַ חרובער וועלט.

אַנעט האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, האָט געהערט די גלעקער, די געשרייען און דאָס זינגען פון גאַס, און געפילט איר זונס באַק אויף אירער... זי האָט געחלומט... דער קאַשמאַר איז געווען אַריבער. דער קאַשמאַר פון דער געפאַר, וועלכע איז געהאַנגען איבער אַט־דעם טייערן קאָפּ, און דער קאַשמאַר פון דעם מענטשלעכן ליידן, וואָס האָט אַזוי געדריקט אויף איר האַרץ: דער משונהדיקער נסיון, די מלחמה, איז געענדיקט... זי איז נאָך ניט געווען זיכער. מיט אַ ציטערדיק האַרץ האָט זי גענומען ווידער פילן דעם טעם פון דער לופט. זי האָט זי אַריינגעאָטעמט אין זיך...

מאַרק האָט אויך דערפילט אַ דערלייכטערונג. עס האָט אים געאַרנישט געפרייט צו זען דאָס אָנקומען פון דער געפאַר. מחמת שטאָלץ האָט ער קיין זאַך ניט געטון זי צו פאַרמיידן. ער איז אָבער ניט געווען זיכער אין זיינע כוחות און אין זיין גלויבן. ער האָט געהערט דעם געברום און דאָס לאַכן פון דער מאַסע. ער האָט גוט געוואוסט, אַז דער שווערער נסיון איז געווען בלויז אָפּגעלייגט אויף אַ צייט... אָבער עטלעכע געוואונענע יאָרן, אין זיין עלטער, איז אַ וועלט אַ גאַנצע! ער האָט הנאה געהאַט פון דער חיי־שעה. ער האָט הנאה געהאַט פון דעם לעבן אין דער צוקונפט. ער האָט אויך געחלומט...

סילוויע האָט זיי געזען חלומען. זי האָט ניט געטראַכט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַזוי אויך ניט פון דער צוקונפט. דער איצטיקער מאָמענט איז געווען זיס, די פרייד פול. זיי האָבן אַלע דריי געענדיקט די געפערלעכע נסיעה; די רודערס זענען לויז אַרונטערגעהאַנגען ביי די זייטן פון שיפל, וואָס איז געשלאָפן אויף אַן איינגעשטילטן ים. זי האָט געחלומט. דער שיינער אָוונט!...

אָבער דאָס הויז האָט געשוויגן אין זיין טרויער; און זיין טראַגישע שטילקייט איז געווען אַ קאָנטראַסט צו דער אויפגעראַמטער לוסטיקייט פון דער גאַס.

אויפן צווייטן גאָרן האָט דער פּראָפעסאָר זשירער, דער מענטש, וואָס האָט זיך פאַרשטייפט אין זיין טרויער, דער מענטש פון שטיין, געהאַט באַהאַנגען זיינע פענצטער מיט פאָנען. איצט, ווען דער אומרחמנותדיקער ציל איז דערגרייכט, איז ניט

געוועזן מער קיין ציל פאַר דער וויסטעניי פון זיין לעבן: ער האָט געקאָנט אַוועקפאַלן. — אויפן דריטן גאָרן האָבן די בערנאַרדענס פאַרמאַכט די לאָדן; דער פאָטער מיט די טעכטער זענען געווען אין קירך, אין דעם שאָטן פון אַ קאַפּליצע. אָבער די מוטער איז געלעגן אין בעט און איר לעבן האָט זיך לאַנגזאַם געלאָשן. די קראַנקהייט איז איר געקומען פון די צרות; און בערנאַרדען, וועלכער האָט גאָט געבעטן, האָט ניט געוואוסט, אַז ער האָט אין זיין קרענקלעכן קערפּער, וואָס האָט ניט געקאָנט זיך מער פאַרטיידיקן, געגנערט אַ ראַק. — אויפן אונטערשטן גאָרן איז געווען אַ פולער קעלער מיט וויין. אָבער ביים געוועלב־טיש האָט מען ניומאַן ניט געזען. דער באַלעבאָס האָט זיך פאַרשלאָסן אין דעם הינטערשטן קעמערל. איינער אַליין, האָט ער געטרונקען און געמישט דעם וויין מיט טרערן.

אַנעט האָט געהערט אויפגיין אין איין־און־דערזעלביקער האַר־מאָניע דעם טרויער און דעם ווייטיק פון די צעשטערטע לעבנס, אינאיינעם מיט דער בלינדער פרייד פון מענטשן־געווימל. זיי זענען אַלע, אינאיינעם מיט איר, געווען געפאַנגען אין דער נעץ פון דער אילוזיע. זיי אַלע האָבן געחלומט!...

זי האָט געפילט אויף איר באַק די וואַרעמקייט פון זיין באַק, — דאָס לייב, די פרוכט פון איר לייב, — דעם זון, וועלכער האָט זי געהאַלטן געפאַנגען דורך ליבע און פיין, דורך די שווערע נסיונות, וואָס דאַרפן ערשט קומען, דורך דעם גורל פון דער ליידנדיקער מוטער, וואָס האַלט זי געבונדן...

(„איך וויים, איך וויים!... איך אַנטלויף ניט. אָט בין איך ווידער געקומען!...)

און אירע אויגן האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אויף אים, איר זון, אויף דעם ליבן חלום. זי איז ווידער געפאַנגען געוואָרן דורך די אויגן פון די לעבעדיקע. זי האָט אַ שמייכל געטון און איז צוריק פאַרזונקען אין שלאָף...

„וואַרט נאָר אויס“...

באַלד וועלן מיר דערוואַכן.

סוף